## אַנאַטאָל פראַנס

# די רויטע ליליע

ראָמאַן



1918. ניו יאָרק. תרע"ט

## I.

זי האָט געוואָרפען א בליק אויף די פּאָטעלען, וואָס זיינען געוועזען אויסגעשטעלט ארום דעם קאמין, דערנאָך אויף'ן טיש וואָס איז געוועזען געדעקט פאר טעע און וועלכער האָט געגלאַנצט אין שאָטען. גרויסע בינדלאָך בלאַסע בלומען זיינען געשטאַנען אין כינעזישע וואַזעס. זי האָט אראָפּגעלאָזען איהר האנט אויף די בליהענדע צווייגלאָך פון די רויזען און געשפּיעלט זיך מיט זייערע זילבערנע קנאָספּען. דערנאָך האָט זי זיך איינגעקוקט אין שפּיגעל מיט אן ערנסטער אויפמערקזאַמקייט. זי האָט אויסגעבויגען איהר קערפּער אָן א זייט, דעם קאָפּ אויף'ן שולטער, כדי נאָכצופאָלגען די פאָרמע פון איהר צאַרטער פיגור, וואָס האָט זיך ארויסגעצייכענט אונטער דעם שוואַרצען אטלאַס קלייד, ארום וועלכען עס האָבען גע־שוועבט לייכטע טוך פאַלדען, אויסגעזעצט מיט פּערל אין וועל־כע עס האָבען געציטערט טונקעלע פייערלאָך. זי איז נאָך נעהנ־טער צוגעטראָטען, זיינענדיג נייגיריג צו וויסען ווי זי זעהט היינט אויס. דער שפּיגעל האָט איהר צוריקגעגעבען איהר בליק מיט רו־היגקייט, אָט פונקט ווי די דאָזיגע ליעבליכע פרוי, וואָס ער האָט באטראכט און וואָס איז איהם געפעלען געוואָרען, וואָלט געפיהרט א לעבען, וואָס האָט אין זיך ניט קיין צו שטאַרקע פרייד און ניט קיין צו טיפען טרויער.

אויף די ווענט פון דעם גרויסען, ליידיגען און שטומען זאַל זיינען די פיגורען אויף די טעפּיכער בלאַס געוואָרען מיט א שטאַר־בענדען חן. די גיפּסענע סטאַטועטקעס, אויף פּעדעסטאַלען, די מיניאַטור־גרופּען פון אַלט־זאַקסישען פּאָרצעלייַ און די מאָלערייען פון סעוור, וואָס זיינען געוועזען אויסגעשטעלט אין גלעזערנע קאַס־טענס, האָבען, פּונקט ווי די טעפּיכער, דערצעהלט פון פאַרגאַנגענע

ציטעו. אויף א שטענדער, באפוצט מיט טייערן בראנז, האט זיך ארויסגעזעהן די מארמארנע ביוסט פון עפעס א קעניגליכע פרינ־צעסין, וואס איז פארגעשטעלט געווארען אלס דיאנא. די געזיכט־צוגען זיינען געווען אומרעגעלמעסיגע און די ברוסט האט זיך דרייסט ארויסגעהויבען פון דעם געוואנט, אין וועלכען זי איז גע־ווען איינגעהילט. אויפ׳ן סופיט איז געווען אויסגעמאלט א „נאכט״־סצענע, וואס האט פארגעשטעלט א געפודערטע מארקיזע, ארומגערינגעלט מיט ליעבעס־מלאכים און פארווארפען מיט בלומען. אלץ האט געדרעמעלט און מען האט ניט געהערט מעהר ווי דאס קנאקען פון פייער און דעם לייכטען גערויש פון די פערל אויף דעם טול.

אומדרעהענדיג זיך פון שפיגעל האט זי אויפגעהויבען אן עק פון דער פארהאנג און ארויסגעקוקט אינ׳ם בלאסען בין־השמשות, הינטער די שווארצע בוימער פון דער האפען־גאס, און געזעהן ווי די סעין קייקעלט איהרע געלבליכע וואסערן. דער אומעט פונ׳ם הימעל און פונ׳ם וואסער האט זיך אפגעשפיגעלט אין איהרע אויגען מיט א פיינער גראהקייט. א שיף, די „שוואלב״, איז דורכגעגאנ־גען, ארויסקומענדיג פון אונטער א טויער פון דער אלמא בריק און טראגענדיג אויף זיך דערשלאגענע פאסאזשירען נאך גרענעל און ביאנקור. זי האט איהר נאכגעפאלגט מיט׳ן בליק, בעת די שיף האט זיך געטראגען אין בלאטיגען שטראם. דערנאך האט זי גע־לאזט אראפפאלען דעם פארהאנג און זיך אוועקגעזעצט, ווי גע־וועהנליך, אויפ׳ן שפיץ פון דער סאפע, אונטער די בלומען, און האט גענומען א בוך, וואס איז געלעגען אויפ׳ן טיש, נאהענט ביי איהר האנט. אויף דעם לייווענטענעם טאוועל, וואס האט אויסגעזעהן ווי שטרוי, האט ארויסגעגלאנצט אין גאלדענע אותיות פאלגענדער טיטעל: „די בלאנדע איזאלדע״ פון וויוויאן בעלל. דאס איז גע־געווען א זאמלונג פון פראנצויזישע פערזען, וואס זיינען פארפאסט געווארען פון אן ענגלענדערין און געדרוקט געווארען אין לאנדאן. זי האט געעפענט דאס בוך און צופעליג געלייענט:

און דאמאלט, ווען דער גלאָק האָט בעטענדיג געקלונגען
און צו דעם הימעל „איך גריס דיך, מאַרי״ געזונגען,
די יונג־פרוי ציטערען אין גאָרטען האָט גענומען,
דערזעהענדיג, אַז ס׳איז דער שליח אָנגעקומען
און צו איהר האַנד נעמט ער אַ רויטע ליליע שטרעקען,
פון וועמעס דופט ס׳איז בעסער שטאַרבען איידער שמעקען.

פערמאַכט איז דער גאָרטען און זאַנפט איז די נאַכט,
פערטרויערט געהט אום דאָרט די יונג־פרוי און טראַכט,
ווי גיך איהר דאָס לעבען דאָס יונגע פערשווינדט,
עס פליסט ווי די וועלען, עס איילט ווי דער ווינד.

זי האָט געלעזען גלייכגילטיג, מיט צושלאָגענע געדאנקען, וואַרטענדיג אויף איהרע באַזוכער און קלערענדיג ווייניגער וועגען דער פּאָעזיע ווי וועגען דער פּאָעטעסע, אָט די מיסס בעלל, וואָס איז אפשר געווען איהר איינגענעמסטע פריינדין, און וועמען זי האָט דאָך אַזוי זעלטען געזעהן. יעדעס מאָל בעת זייערע זעלטענע באַגעגענישען, האָט מיסס בעלל איהר ארומגענומען, רופענדיג איהר „דאַרלינג״, איהר געגעבען אַ קוש אויפ׳ן באַק און דאַן זיך אריינגעלאָזען אין אַ שמועס. מיס בעלל, וואָס האָט געלעבט אין פּיזעאָל, אַלס עסטעטיקע און פילאָזאָפקע, איז געווען מיאוס אָבער דאָך פאַרפּיהרעריש, זי איז געווען כמעט אַ־ביסעל לעכערליך, אָבער דאָך אינגאַנצען אַ וואַוילע. אין ענגלאַנד איז זי געווען באַרימט אַלס די באַליעבטע ענגלישע פּאָעטעסע. פּונקט ווי ווערנאָן לי און מערי ראָבינסאָן, האָט זי זיך פאַרליעבט אין טאָסקאַנער לעבען און קונסט; און ניט ענדיגענדיג זאָגאַר איהר „טריסטאַן״, וועמענס ערשטער טייל האָט אינספּירירט בוירן דזשאָנס צו מאָלען זיינע טרוימענדע אקוואַרעלען, האָט זי אָנגעהויבען שרייבען פּראָוואַנסאַלישע און פראַנצויזישע פערזען אויף איטאַליענישע מאָטיוועם. זי האָט געשיקט איהר „בלאָנדע איזאָלדע״ צו „דאַרלינג״ מיט אַ בריף, אין וועלכען זי האָט איהר איינגעלאַדען צו פאַרברענגען אַ מאָנאַט

ביי איהר אין פּיזעאַל. זי האָט געשריבען : „קומט, איהר וועט זעהן די שענסטע זאַכען אין דער וועלט און איהר וועט זיי נאָך פאַר־שענערן.“

און „דאַרלינג“ האָט זיך געטראַכט, אַז זי וועט ניט געהן, אַז זי מוז פאַרבלייבען אין פּאַריז. אָבער די אידעע ווידערצוזעהן מיס בעלל און איטאַליען איז פאַר איהר ניט געווען קיין גלייכגילטיגע. זי האָט געמישט דעם בוך און האָט זיך אָפּגעשטעלט צופעליג אויף פאָלגענדען פערז :

„ליעבע און גוטהערציגקייט זיינען איינס און דאָסזעלבע.“

און זי האָט זיך געוואונדערט, מיט אַ לייכטער און זעהר זאַנפ־טער איראָניע, אויב מיס בעלל האָט אַמאָל געליעבט און וואָסערע מין ליעבעס מיס בעלל האָט דאָס געקאָנט האָבען. די פּאָעטעסע האָט געהאַט אין פּיזעאַל אַ פּאַרעהרער, דעם פּרינץ אַלבערטינעלי. ער איז געווען זעהר שעהן, אָבער ער האָט אויסגעזעהן צו פּראָסט און אַ ל ט ע ג ל י ך אום געפעלען צו ווערען אַן עסטעטקע, וועל־כע האָט געזוכט אין ליעבע דעם מיסטיציזם פון אַ געטליכער אָנזאָ־גונג.

גוט׳נ־אָוועגד, טערעזאַ ! איך פאַל אַוועק פון מידקייט !

דאָס איז געווען די פּרינצעסין סעניאַווין, אַ גראַציעזע פּער־זאָן, אין אַ פוטערנעם מאַנטעל וואָס האָט אויסגעזעהן ווי איהר ברוינער און ווילדער הויט־קאָליר. זי האָט זיך שטורמיש אוועק־געזעצט און מיט איהר רויהע אָבער דאָך צערטליכע שטימע, וואו־עס האָט זיך געפּיהלט דער מאַן און דער פויגעל, האָט זי געזאָגט :

— היינט אין דער פריה האָב איך דורכגעשפּרייזט דעם גאַנ־צען וואַלד־גאָרטען צוזאַמען מיט גענעראַל לאַריוויער. איך האָב איהם באַגעגענט אין דער אַלעע „דע פּאָטען“ און האָב איהם געבראַכט ביז צום פּאָן ד׳ארזשאַנטוי, וואו ער האָט פאַר מיר אומבאַדינגט געוואָלט קויפען, ביים גערטנער, אַ סאָראָקע וועלכע מען האָט אויסגעלערנט זיך מושטירען מיט אַ קליינעם ביקסעל. איצט בין איך אויסגעמאַטערט.

— אָבער פאַרוואָס האָסטו אַוועקגעשלעפּט דעם גענעראַל אויש ביז דעם פּאָן ד׳ארזשאַנטוי ?

— ווייל ער האָט געהאַט קראַנקע פיס.

טערעזא האָט געצויגען מיט די אַקסלען, שמייכלענדיג:

— דו פאַרשטייסט צופיעל דיין שלעכטסקייט, ביזט אַן אויסברייגערין.

— און דו, מיין טייערע, ווילסט אַז איך זאָל איינשפּאָרען מיין גוטסקייט און שלעכטקייט אַלס אַן ערנסטען קאַפּיטאַל?

זי האָט געטרונקען טאָקיי־וויין.

מעלדענדיג זיין אָנקומען דורך זיין מעכטיגען אָטעמען, איז אַריינגעקומען מיט שווערע טריט גענעראַל לאַריוויער. ער האָט געקושט די הענט פון די צוויי דאַמען און האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישען זיי. ער האָט אויסגעזעהן הייטער און צופרידען, לאַכענדיג מיט יעדען קנייטש פון זיין פּנים.

— וואָס מאַכט הערר מאַרטען־בעלעם? נאָך אַלץ פאַרנומען?

טערעזא האָט געגלויבט, אַז ער איז אין פּאַרלאַמענט, האַל־טענדיג אפילו איצט דאָרט אַ רעדע.

די פּרינצעסין סעניאַווין, וואָס האָט געגעסען קאַוויאַר סענד־וויטשעס, האָט געפרעגט מאַדאַם מאַרטען, פאַרוואָס זי איז נעכטען ניט געקומען צו מאַדאַם מעיאַן. מען האָט דאָרט געשפּילט אַ קאָמעדיע.

— אַ סקאַנדינאַווישע פּיעסע. איז זי אַ געלונגענע?

— יאָ. אָבער דעם אמת געזאָגט ווייס איך נישט. איך בין געווען אין דעם קליינעם גרינעם זאַל, אונטער דעם פּאָרטרעט פון הערצאָג פון אָרלעאַנס. הערר לע־מעניל איז געקומען צו מיר און האָט מיר געטון איינע פון יענע טובות, וועלכע מען פאַרגעסט נים. ער האָט מיך געראַטעוועט פון הערר גאַרען.

— דער גענעראַל, וואָס האָט געהאַט אַ זכרון פון אַ לוח און וועלכער האָט אָנגעפּאַקט זיין פּעטען קאָפּ מיט אַלע מינים נוצליכע אויסקינפטען, האָט אָנגעשטעלט דעם אויער ביי דעם נאָמען.

— גאַרען? — האָט ער געפרעגט — דער מיניסטער וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון קאַבינעט בעת דער פאַרטרייבונג פון די פּרינצען?

— ער אַליין. איך בין איהם אויסער געוועהנליך געפעלען גע־וואָרען. ער האָט צו מיר גערעדט וועגען דער נויט פון זיין האַרץ און האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ שרעקליכער צערטליכקייט. פון

צייט צו צייט האָט ער געקוקט, מיט אַ זיפץ אויפ'ן פּאָרטרעט פון הערצאָג פון אָרלעאַנס. איך האָב איהם געזאָגט: „הערר גאַרען, איהר מאַכט אַ טעות, מיין שוועסטער איז גאָר די אָרלעאַניסטקע, בעת איך בין עס איבערהויפּט ניט.“ אין דעם מאָמענט איז הערר לע־מעניל געקומען מיך איינלאַדען צום בופעט. ער האָט מיר גע־מאַכט גרויסע קאָמפּלימענטען... פאַר מיינע פערד. ער האָט מיר אויך געזאָגט, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין שענערע זאַך ווי דער וואַלד אין ווינטער צייט. ער האָט מיר דערצעהלט וועגען וועלף און וועל־פעלאַך. דאָס האָט מיך אַ ביסעל דערפרישט.

דער גענעראַל, וואָס האָט ניט ליעב געהאַט קיין יונגע לייט, האָט געזאָגט, אַז ער האָט נעכטען אָוועקגעטראָפען לע־מעניל אין וואַלד, רייטענדיג אין אַ גאַלאָפּ, ביי וועלכען מען קען האַלז און נאַקען צוברעכען.

ער האָט דערקלערט, אַז בלויז די אַלטע רייטער האָבען אין זיך נאָך באַהאַלטען די גוטע טראַדיציע, בעת די היינט־וועלטיגע באַ־געהען זיך אומרעכט רייטענדיג ווי די "דזשאָקעים". — דאָס זעלבע איז אויך מיט דער פעכט־קונסט — האָט ער צוגעגעבען. — אַמאָל...

די פּרינצעסין סעניאַווין האָט איהם פּלוצלונג אונטערבראָכען:

— גענעראַל, זעהט נאָר ווי שעהן מאַדאַם מאַרטען איז. זי איז אימער רייצענד, אָבער אין איצטיגען מאָמענט איז זי עס מעהר ווי שטענדיג. דאָס איז ווייל זי לאַנגווייליגט זיך. קיין שום זאַך פּאַסט איהר ניט אַזוי שעהן ווי די לאַנגווייליגקייט. זינט מיר זיינען דאָ, האָבען מיר איהר שוין גוט געלאַנגווייליגט. אָט זעהט נאָר: דאָס געזיכט אַזוי באַלעסטיגט, דער בליק אַזוי בלאָנדזשענ־דיג, דאָס מויל אַזוי ליידענד. אַ קרבן!

זי איז אויפגעשפּרונגען, טומלענדיג געקושט טערעזאַ'ן און אַנטלאָפען, איבערלאָזענדיג דעם גענעראַל אַ פאַרוואונדערטען.

מאַדאַם מאַרטען־בעלעם האָט איהם געבעטען ניט צו מאַכען קיין וועזען פון דעם, וואָס יענע האָט געפּלוידערט.

ער האָט זיך באַרוהיגט און געזאָגט:

— און אייערע פּאָעטען, מאַדאַם?

ער האָט מאַדאַם מאַרטען ניט געקאָנט מוחל זיין וואָס זי האָט

זיך אָפּגעגעבען מיט יונגע לייט, וועלכע האָבען געשריבען און וואָס האָבען ניט געהערט צו זיין קרייז.

— נו, יאָ, אייערע פּאָעטען? וואָס איז געוואָרען מיט הערר שולעט, וואָס האָט אייך אַמאָל באַזוכט מיט אַ רויטען שאַל אַרום דער נאָז?

— מיינע פּאָעטען פערגעסען מיך, זיי האָבען מיך פערלאָזען. מען קען זיך אויף קייענם ניט פערטרויען, ניט אויף מענשען און ניט אויף וואָס עס איז אַנדערש — קיין זאַך איז ניט זיכער. דאָס לעבען איז אַן אומאויפהערליכער פערראַט. די איינציגע וואָס פערגעסט ניט אָן מיר איז די אָרימע מיסם בעלל. זי האָט מיר געשריבען פון פלאָרענץ און האָט מיר אויך געשיקט איהר בוך.

— איז ניט אַמאָל מיסם בעלל יענע דאַמע, וואָס האָט אויסגעקוקט מיט איהרע בלאָנדע געקרייזעלטע האָר ווי אַ קליינער שטובהינטעל?

ער האָט געמאַכט אַ רעכנונג אויפ'ן קאָפּ און געקומען צום באַשלוס, אַז זי דאַרף שוין איצט אַלט זיין אַרום דרייסיג יאָהר.

אָן אַלטע דאַמע, וואָס האָט געטראָגען מיט אַ באַשיידענער ווירדיגקייט איהר קרויז פון ווייסע האָר, און אַ קליין לעבעדיג מענשעל, מיט קלוגע אויגען, זיינען אריינגעקומען איינער נאָכ'ן אַנדערן. דאָס זיינען געווען מאַדאַם מאַרמע און הערר פּאָול וואַנס. נאָך זיי איז אריין הערר דאַניעל סאַלאָמאָן, זעהר שטייף, מיט אַ מאָנאָקל אויפ'ן אויג; ער איז געווען דער לעצטער פּוסק אין עלעגאַנץ. דער גענעראַל האָט זיך אָפּגעטראָגען.

מען האָט גערעדט וועגען דעם נייעסטען ראָמאַן פון דער וואָך. מאַדאַם מאַרמע האָט עטליכע מאָל געגעסען מיטאָג־מאָלצייטען מיט'ן אויטאָר, אַ יונגער און זעהר ליעבליכער מענש. פּאָול וואַנס האָט געפונען, אַז דאָס בוך איז לאַנגווייליג.

— אָה! — האָט מאַדאַם מאַרטען אָפּגעזיפצט — אַלע ביכער זיינען לאַנגווייליג. אָבער די מענער זיינען נאָך פיעל לאַנגווייליגער ווי די ביכער און דערצו שטעלען זיי נאָך גרעסערע פאָדערונגען.

מאַדאַם מאַרמע האָט דערצעהלט אַז איהר מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ גוטען ליטעראַרישען געשמאַק האָט ביז צום לעצטען טאָג פון זיין לעבען געהאַט אַן אָפּשוי פאַר'ן נאַטוראַליזם.

זייענדיג די אלמנה פון א מיטגליעד פון ארכעאלאגישען אינסטיטוט, האט זי דערמיט שטאלצירט אין די סאלאנען אלס א פרוי פון א באריהמטען מאן. זי איז איבריגענס געווען זיס און באשיידען, טראגענדיג איהר שווארצע קלייד און שעהנע ווייסע האר.

מאדאם מארטען האט זיך געווענדעט צו הערר דאניעל סאלאמאן, אז ער זאל איהר זאגען מבינות אויף א „קינדער־גרופע" פון פארצעליי.

— דאס איז אן ארבייט פון סען־קלו. איהר וועט מיר זאגען, אויב עס געפעלט אייך. אויך איהר, הערר וואנס, וועט מיר געבען אייער מיינונג, אויב איהר פאראכטעט ניט אזעלכע קלייניגקייטען.

הערר דאניעל סאלאמאן האט פאול וואנס'ן אנגעקוקט, דורך זיין מאנאקל פון אויבען אראפ.

פאול וואנס האט זיך ארומגעקוקט איבער'ן סאלאן:

— איהר האט דא גאנץ שעהנע זאכען, מאדאם. דאס אליין וואלט אפילו געווען ווייניג. אבער די אלע שעהנע זאכען קליידען זיך פאר אייך.

זי האט ניט באהאלטען איהר פארגעניגען, וואס זי האט געהערט רעדען אזעלכע ווערטער. זי האט געהאלטען פאול וואנס פאר דעם איינציגען דורכאויס אינטעליגענטען מאן, וואס זי האט געהאט צווישען איהרע באזוכער. זי האט דאס אנערקענט נאך איידער זיינע ביכער האבען איהם פארשאפט זיין גרויסען נאמען. זיין שוואכער געזונד, זיין מרה־שחורה און זיין אומאויפהערליכע ארבייט האבען איהם דערווייטערט פון דער געזעלשאפט. אט דאס פארביטערטע קליינע מענשעל איז ניט געווען קיין אנגענעמער און האך האט ער איהר צוגעצויגען. זי האט זעהר הויך געשעצט זיין טיפע איראניע, זיין ווילדען שטאלץ, זיין טאלאנט, וואס איז צייטיג געווארען אין איינזאמקייט, און זי האט מיט רעכט איהם באוואונדערט אלס אן אויסגעצייכענטען שריפטשטעלער, אלס פארפאסער פון שעהנע עסיים איבער קונסט און זיטען.

דער סאלאן איז ביסלעכוויז פול געווארען מיט א גלענצענדער געזעלשאפט. אין דעם גרויסען קרייז פאטעטען האבען זיך איצט געפונען מאדאם דע ווערסאן, וועגען וועמען מען האט דערצעהלט שרעקליכע געשיכטעס און וועלכע, נאך צוואנציג יאהר ווייט אין

ּאצען פארשטיקטע סקאנדאלען, האט נאך אלץ געהאט קינדערשע אויגען און יונגפרויליכע באקען; די אלטע מאדאם דע מארלען, וואס האט ארויסגעלאזען קוויטשיגע קולות ביים מאכען איהרע וויציגע באמערקונגען. זי איז געווען לעבהאפט, מיט צושלאגענע געדאנקען, און האט באוואויגען איהר שווערפעליגען קערפער ווי א שווימער אין א רעטונגס גארטעל. דארט זיינען אויך געזעסען מאדאם ריימאן, די פרוי פון דעם אקאדעמיקער; מאדאם גארען, די פרוי פון דעם געוועזענעם מיניסטער, און נאך דריי אנדערע דאמען. פאר'ן קאמין איז געשטאנען הערר בערטיע־ד'עיזעל, רע־דאקטאר פון „זשורנאל דע דעבא", און א דעפוטאט. ער האט זיך געגלעט דעם שפיציגען ווייסען בערדעל, בעת מאדאם דע מארלען האט צו איהם אויסגעשריען:

— אייער ארטיקעל וועגען בימעטאליזם איז א פערל, א ציר־רונג! איבערהויפט די ענדע! מען ווערט איינפאך פאר'שכור'ט דערפון.

אין הינטערגרונד פון סאלאן זיינען געשטאנען די יונגע לייט פון קלוב און האבען, מיט זעהר ערנסטע מינעס, געפלוידערט צוויי־שען זיך:

— וואס האט ער עס אזוינס געטאן כדי צו קריגען דעם פרינץ'ס יאגד הונד?

— ער — גארנים. זיין פרוי — אלץ.

זיי האבען זיך געהאט זייער פילאזאפיע. איינער פון זיי האט נים געגלויבט אין מענשליכע פארשפרעכונגען:

— און נאך אנדערע סארטען טיפען זיינען דא וואס איך קען נים איבערטראגען: דעם מאן מיט'ן האנד אויפ'ן הארצען און אויף די ליפען. „דו שטעלסט זיך פאר פאר'ן קלוב? נו, זאג איך דיר צו, אז כ'וועל פאר דיר אפגעבען א ווייסע גאלקע..." אויב זי וועט זיין ווייס? אזוי ווי אלבאסטער, אזוי ווי א שנעע קויל! דערנאך, ביים שטימען, ערשט נאדיר! עס איז נים געווען מעהר ווי א שפיצעל! דאס לעבען איז א שמוציגע זאך, ווען איך דענק וועגען דעם.

— דאן, דענק נים וועגען דעם — זאגט א דריטער.

דאניעל סאלאמאן, וואס האט זיך אנגעשלאסען אן דער יונגער

גרופּע, האָט זיי אַריינגעשושקעט אין אויער, מיט זיין פרומער שטימע, סקאַנדאַל־געשיכטען. און ביי יעדער זאַנדערבאַרער אויפ־דעקונג וועגען מאַדאַם ריימאַן, וועגען מאַדאַם בערטי־ד׳עיזעל אָדער וועגען דער פּרינצעסין סעניאַווין האָט ער נאָכלעסיג צוגעגעבען:

— יעדער איינער ווייס וועגען דעם.

דערנאָך, ביסלעכווייז, איז דער עולם צורונען געוואָרען. עס זיינען בלויז פאַרבליבען מאַדאַם מאַרמע און פּאָול וואַנס.

דער לעצטער איז צוגעגאַנגען צו גרעפין מאַרטען און איהר געפרעגט:

— ווען ווילט איהר, זאָל איך אייך פאַרשטעלען פאַר דע־שאַרט?

דאָס איז שוין געווען דאָס צווייטע מאָל וואָס ער האָט איהר דאָס געפרעגט. זי האָט ניט ליעב געהאַט צו זעהן נייע פּנים׳ער. זי האָט געענטפערט זעהר נאָכלעסיג:

— אייער סקולפּטאָר? ווען איהר ווילט. איך האָב געזעהן זיינע זאַכען אין דער קונסט־אויסשטעלונג פון שאַן דע מאַר, זיינע מעדאַליאָנען זיינען זעהר שעהן. אָבער ער שאַפט וועניג. ער איז א דילעטאַנט, ניט אמת?

— ער איז זעהר א דעליקאַטער. ער נויטיגט זיך ניט צו אַרבייטען אום צו פאַרדינען. ער צערטעלט זיינע פיגורען מיט א פאַרליעבטער לאַנגזאַמקייט. אָבער האָט קיין טעות ניט, מאַדאַם: ער פאַרשטעהט און פיהלט. ער וואָלט געווען א מייסטער ווען ער וואָלט ניט געלעבט אליין. איך קען איהם פון קינדווייז אָן. מען גלויבט, אז ער איז א בייזער און א מרה־שחורה׳ניק, אין דער אמת׳ן איז ער א ליידענשאַפטליכער און א שעמעוודיגער. דאָס וואָס איהם פעהלט, און דאָס וואָס איהם וועט שטענדיג פעהלען אום צו דערגרייכען דעם העכסטען שטאַפּעל פון זיין קונסט איז די איינ־פאַכקייט. ער באַאומרוהיגט זיך, זאָרגט זיך און מאַכט דערמיט קאַליע זיינע שענסטע איינדריקען. לויט מיין מיינונג וואָלט ער געווען פיעל מעהר אין פּלאַץ אין דער פּאָעזיע און אין פילאָזאָפיע ווי אין דער סקולפּטור. ער ווייס א סך, און איהר וועט שטוינען פון זיין גייסטיגער רייכקייט.

מאַדאַם מאַרמע האָט גוטמוטיג איינגעשטימט.

זי איז געפעלען געוואָרען דער געזעלשאַפט ווייל זי האָט אַרויסגעוויזען, אַז די געזעלשאַפט געפעלט איהר. זייענדיג גוטהערציג האָט זי דערצו צוגעגעבען אַ גרעסערען ווערט דערמיט וואָס זי האָט געלאָזען אַ ביסעל וואַרטען אויף איהר גוטהערציגקייט. צי זי האָט באמת געהאַלטען פון מאַדאַם מאַרטען, אָדער זי האָט בלויז געוואָלט ווייזען אין יעדען הויז וואו זי קומט באַהאַלטענע סמנים פון אַ פאַרצוג פאַר דער ווירטין, האָט זי אַרויסגעוויזען אַ צופרידענקייט און ווי אַן אַלטיטשקע זיך געוואָרעמט ביים קאַמין, וואָס איז געווען אין לואי דעם 16טען׳ס סטיל, וואָס דאָס האָט זיך זעהר געפּאַסט פאַר דער שעהנקייט פון דער אַלטער שטילער דאַמע. דאָס איינציגע וואָס איהר האָט געפעלט דאָרט איז געווען איהר שוים הינטעל.

— וואָס מאַכט עפּעס טאָבי? — האָט איהר געפרעגט מאַדאַם מאַרטען. — הערר וואַנס, קענט איהר טאָבי׳ן? ער האָט לאַנגע זיידענע האָר און אַ קליין שוואַרץ ליעבליך נעזעל.

מאַדאַם מאַרמע האָט געקוואָלען פון די לויב געזאַנגען וואָס טאָבי האָט געקראָגען. בעת מעשה איז אַריינגעקומען אַן אַלטער מאַן, מיט ראָזע באַקען און געקרייזעלטע האָר. ער איז געווען קורצזיכטיג, כמעט בלינד אונטער זיינע גאָלדענעברילען. געהענדיג האָט ער זיך אָנגעשטויסען אָן יעדען שטיק מעבעל, האָט זיך באַגריסט צו די לעדיגע פאַטעלען, איז שיעור ניט אַריינגעפאַלען אין די שפּיגלען, ער האָט געשטופּט זיין קרומע נאָז ביז נאָהענט צו מאַדאַם מאַרמע וואָס האָט איהם אָנגקוקט מיט ענטריסטונג.

דאָס איז געווען הערר שמאָל, פון דער אַרכעאָלאָגישער אקאַדעמיע. ער האָט געשמייכעלט, מאַכענדיג דערביי מאָדנע גרימאַסען און דעקלאַמירט גאַנצע לויב לידער צו דער עהרע פון גרעפין מאַרטען, מיט יענער רויהער, פעטער אידישער שטימע, מיט וועלכער זיינע עלטערען האָבען געוואַוכערט די פויערען פון עלזאַס, פוילען און קרים. ער האָט לאַנגזאַם געשלעפּט זיינע פראַזען. אָט דער גרויסער פילאָלאָג, אַ מיטגליד פון פראַנצויזישען אינסטיטוט האָט געקענט אַלע שפּראַכען, אַ חוץ פראַנצויזיש. מאַדאַם מאַרטען האָט זיך אַמוזירט פון זיינע גאַלאַנטע העפליכקייטען, וועלכע זיינען געווען אַזוי שווער און פאַרראָסטעט ווי אַלטע שטיקער אייזען, וואָס

ווערען פארקויפט פון אלטווארג הענדלער. די איינציגע באצירונג זיינען געווען עטליכע פארטריקענטע בלומען, וואס ער האט ארויס־גענומען פון דער אנטאלאגיע. הערר שמאל איז געווען א ליעב־האבער פון פאעטען און פרויען און איז געווען גייסטרייך.

מאדאם מארמע האט זיך געמאכט ווי זי קען איהם גארניט און איז ארויס ניט ענטפערענדיג אויף זיין באגריסונג.

ווען ביי איהם האבען זיך שוין אויסגעשעפט זיינע ליעב ליעדער איז הערר שמאל געווארען טרויעריג און אומצופרידען. ער האט געהאלטען אין איין זיפצען. ער האט זיך ביטער באקלאגט אויף זיין מזל; מען האט איהם ניט געגעבען גענוג אויסצייכנונגען, זיין שטעלע, אלס אקאדעמיקער, טראגט איין אזוי ווייניג געלד, און ער איז ניט גענוג פארזארגט געווארען, מיט זיין פרוי און פינף טעכטער, אויפ'ן חשבון פון שטאט. עס האט זיך געפיהלט א געוויסע גרויסקייט אין זיינע קלאגערייען. עפעס ווי א שטיק נשמה פון יחזקיאל און ירמיהו וואלט אין איהם געווען.

צום אומגליק, האט ער זוכענדיג דורך זיינע גאלדענע ברילען אויפ'ן טיש, ענטדעקט דעם בוך פון וויוויאן בעל.

— אה! „די בלאנדע איזאלדע" — האט ער מיט פארביטע־רונג אויסגעשריען: — איהר לעזט דאס אט דעם בוך, מאדאם? נו, גוט. טא זייט וויסען, אז פריילין וויוויאן בעל האט ביי מיר גע'גנב'ט אן אויפשריפט און א חוץ דעם האט זי איהם געענדערט און איהם גאר געמאכט אין פערזען! איהר וועט דאס געפינען אויף זייט 109 פונ'ם בוך.

— א, וויין ניט, דו — דו, וואס איך האב געליעבט אזוי,
וואס ס'איז ניטא אצינד שוין מעהר, איז קיינמאל ניט געווען.
— זאל פליסען, זאל פליסען מיין דונקעלער וועהטאג,
א שאטען קאן א שאטען באוויינען.

איהר הערט, מאדאם: א שאטען קען באוויינען א שאטען. נו, גוט! אט די ווערטער זיינען א בוכשטעבליכע איבערזעצונג פון אן אויפשריפט אויף אן אלטער מצבה, וואס איך האב צום

ערשטען מאָל איבערזעצט און בעלויכטעט. לעצטען יאָהר, ווען איך האָב געגעסען מיטאָג ביי אייך אין הויז, איז פריילין בעלל געזעסען ביים טיש לעבען מיר. איך האָב איהר ציטירט די דאָזיגע פראַזע, וואָס איז איהר שטארק געפעלען געוואָרען. אויף איהר פארלאַנג האָב איך גלייך אויף צו מאָרגענס איבערגעזעצט די גאַנצע אויפשריפט אין פראַנצויזיש און האָב עס איהר צוגעשיקט. און אַט געפין איך איהר איצט צו'מזיק'ט און צודרעהט אין איהר ליעדער זאמלונג, מיט דעם טיטעל: „אויף דעם הייליגען וועג!...“ דער הייליגער וועג — דאָס בין איך אליין.

און ער האָט ווידערהאָלט מיט א זאָנדערבארער ענטריסטונג:

— דאָס בין איך, מאַדאַם, דער הייליגער וועג.

עס האָט איהם פארדראָסען וואָס די פּאָעטעסע האָט איהם ניט דערמאָנט אין פערבינדונג מיט אָט דער אויפשריפט. ער וואָלט וועלען אַז זיין נאָמען זאָל זיך זעהן גלייך הינטער'ן טיטעל, אויך אין די פערזען גופא, און עס זאָל זיך גראַמען. ער האָט געוואָלט זעהן זיין נאָמען אומעטום. זיינע קעשענעס זיינען שטענדיג געווען געפאקט מיט צייטונגען, וואו ער האָט געהאַלטען אין איין זוכען אויב עס געפינט זיך ניט עפּעס וועגען איהם. אָבער ער האָט ניט געזוכט קיין נקמה. ער האָט מיסס בעלל קיין שלעכטס ניט געוואונשען. ער האָט צוגעגעבען אין גוטען מוט, אַז זי איז זעהר א וויכטיגע פערזענליכקייט און אַז די דיכטערין האָט ענגלאַנד פארשאַפט דעם גרעסטען כבוד.

ווען ער איז אוועק האָט גרעפין מארטען אומגעשטערט געפרעגט הערר פּאול וואַנס, פארוואָס די גוטע מאַדאַם מארמע, וועלכע איז שטענדיג אַזוי צוגעלאָזען, האָט אָנגעקוקט דעם הערר שמאָל מיט אַזוי פיעל צאָרן און ניט געענטפערט אויף דער באַגריסונג. ער איז געווען איבערראַשט וואָס זי האָט ניט געוואוסט די אורזאַך דערפון.

— איך וויים קיינמאָל גאָרניט.

— אָבער דער שטרייט צווישען זשאָזעף שמאָל און לואי מארמע וואָס האָט אַזא לאַנגע צייט אויפגערודערט דעם אינסטיטוט איז דאָך יעדען איינעם באַקאַנט געווען. די קריגעריי האָט זיך

געענדיגט ניט פריהער ווי נאָכ'ן טויט פון מארמע, וועמען זיין פארביסענער קאָלעגע האָט פארפאָלגט אפילו ביי דער לויה.

אין דעם טאָג, וואָס מען האָט דעם אָרימען מארמע מקבר גע־ווען איז געפאַלען א נאַסער, רעגענדיגער שנעע. מיר זיינען געווען דורכגענעצט און געפרוירען ביז צום ביין. ביים אָפענעם קבר, אין דעם נעבעל, אין ווינד און אין דער בלאָטע, האָט שמאָל, אונטער א רעגענשירם געלעזען זיין הספד, וואָס איז געווען פול מיט גע־הויבענער גרויזאמקייט און טריאומפירענדען מיטלייד. שפעטער האָט ער די רעדע אוועקגעטראָגען אין די צייטונגען, פאַהרענדיג אין א טרויער־קאַרעטע. ווען עפעס אַן אומבעשיידענער פריינד האָט די רעדע געוויזען דער גוטער מאַדאַם מארמע איז זי אוועקגעפאַלען אין חלשות. איז דאָס מעגליך, מאַדאַם, אז איהר זאָלט קיינמאָל ניט האָבען געהערט רעדען וועגען אָט דעם וויסענשאַפטליכען און ווילדען שטרייט?

די אורזאַך דערפון איז געווען די עטרוסקישע שפראַך. מאַר־מע האָט זיך איינגעגעבען געווידמעט צום שטודיום פון עטרוסקיש. מען פלעגט איהם רופען מיט א צו־נאָמען: „מארמע דער עט־רוסקער“. ניט ער און ניט קיין שום אנדער מענש האָט פארשטאַנען כאָטש איין וואָרט פון אָט דער פאַרשטענדיג פארלוירענער שפראַך. שמאָל פלעגט אָהן אויפהער איבער'חזר'ן צו מארמע די פאָלגענדע ווערטער: „איהר ווייסט אליין, מיין טייערער קאָלעגע, אז איהר קענט נישט קיין עטרוסקיש, און דערפאַר טאַקע ווערט איהר אנ־ערקענט אלס עהרענהאַפטער געלעהרטער און אלס א וויץ“. גע־שטאָכען פון אזעלכע גרויזאמע ליבגעזאַנגען האָט מארמע באַשלאָ־סען אויסצולערנען זיך א ביסעל עטרוסקיש. ער האָט פאַרגעלעזען צו זיינע קאָלעגען, די אַקאַדעמיקער, זיינס אַן אָפּהאַנדלונג וועגען דער ראָלע פון די וואָרט־בויגונגען אין דער אַלטער טאָסקאַנישער שפראַך.

מאַדאַם מארטען האָט געפרעגט, וואָס עס זיינען דאָס אזוינס די וואָרט־בויגונגען.

— אַ, מאַדאַם, ווען איך זאָל אייך דאָס וועלען דערקלערען, וואָלטען מיר־איינגאַנצען צוטומעלט געוואָרען. עס וועט גענוג זיין צו וויסען, אז אין דער אָפּהאַנדלונג האָט דער אָרימער מארמע

געבראַכט לאַטײנישע ציטאַטען און ער האָט זײ ציטירט פּונקט פאַרקערט. איז אָבער שמאָל אַ גרױסער לאַטײן קענער און איז, אַ חוץ מאַמסען, דער ערשטער עפּיגראַפיקער אין דער װעלט. שמאָל האָט פאַרגעװאָרפן זײן יונגען קאָלעגע (מאַרמע איז נאָך דאַמאָלט קײן פופציג יאָהר ניט אַלט געװען) אַז ער לײענט צו גוט עטרוסקיש און ניט גענוג גוט לאַטײן. זײט דאַמאָלט האָט מאַרמע שױן קײן רוה ניט געהאַט. בײ יעדער זיצונג האָט שמאָל פון איהם חוזק געמאַכט, און דאָס אַלץ מיט אַזאַ פרײדיגער װילד־קײט, אַז סוף כל סוף איז מאַרמע, ניט קוקענדיג אויף זײן גוטער נאַטור, אַרײן אין כעס. אָבער שמאָל איז ניט קײן בעל נקמה. דאָס איז אַן אײגענשאַפט פון זײן ראַסע. די אַלע, װעלכע ער פאַרפאָלגט װינשט ער גאָרניט קײן שלעכטס. אײנמאָל, אַרױפ־געהענדיג די שטיגען פון אינסטיטוט, בעגלײט פון רענאַן און אָפּער, האָט ער באַגעגענט מאַרמע׳ן און איהם אױסגעשטרעקט די האַנט. מאַרמע האָט די האַנט ניט גענומען און געזאָגט: „איך קען אײך ניט". — האַלט איהר מיך דען פאַר אַ לאַטײנישע אױפשריפט?" — האָט שמאָלל געענטפערט. אַט אומגעפעהר פון דעם װאָרט איז דער אָרימער מאַרמע געשטאָרבען און באַגראָבען געװאָרען. איהר פאַרשטעהט שױן איצט, פאַרװאָס זײן אַלמנה, װאָס היט אָפּ מיט עהרפורכט זײן אָנדענקען, שװערט אױף, װען זי דערזעהט זײן שונא.

— און איך האָב דאָס אײנגעלאַדען בײדע פאַר אַ מיטאָג, און זײ געזעצט אײנעם פונקט לעבען דעם אַנדערען!

— מאַדאַם, דאָס איז ניט געװען אוממאָראַליש, נײן, אָבער עס איז געװען גרױזאַם.

— טײערער הערר, איך גלױב, אַז איך װעל אײך אפשר איבער־ראַשען, אָבער װען איך װאָלט אומבאַדינגט געמוזט אױסקלײבען, װאָלט איך בעסער געטאָן אַן אוממאָראַלישע זאַך אײדער אַ גרױ־זאַמע זאַך.

אַ הױכער, דאַרער יונגערמאַן, מיט אַ ברױנעם געזיכט און לאַנגע װאָנצעס, איז אַרײנגעקומען און באַגריסט מאַדאַם מאַרטען, אין אַ לײכטען אָבער דאָך אום׳דרך־ארץ׳דיגען אופן.

— הערר װאַנס, איך דענק, אַז איהר קענט הערר לע־מעניל.

זיי האָבען זיךווירקליך שוין געהאַט געזעהן אין מאַדאַם מאַר־טענ׳ס הויז און זיך אויך געטראָפען אין דער פּעכט־שול, וואו לע־מעניל איז געווען אַ פֿעטער באַזוכער: ערשט נעכטען אָוועגד האָבען זיי זיך באַגעגענט ביי דער מאַדאַם מעיאָן.

— ביי דער מאַדאַם מעיאָן — אָט איז אַ הויז וואו מען לאַנג־ווייליגט זיך, האָט געזאָגט פּאול וואַנס.

— אָבער דאָך קומען אַהין אַריין אַקאַדעמיקער — האָט געזאָגט הערר לע־מעניל. איך וויל ניט איבערטרייבען דעם ווערט פון זיי, אָבער מען מוז דאָך צוגעבען, אַז זיי זיינען די אויסדער־וועהלטע.

מאַדאַם מאַרטען האָט געשמייכעלט:

— מיר ווייסען, הערר לע־מעניל, אַז ביי דער מאַדאַם מעיאָן האָט איהר זיך מעהר אָפּגעגעבען מיט די פרויען ווי מיט די אַקאַ־דעמיקער. איהר האָט איינגעלאַדען די פּרינצעסין סעניאַווין צום בופעט און האָט איהר דערצעהלט וועגען וועלף.

— וואָס? וועגען וועלף?

— פון וועלף, פון וועלפינס און פון קליינע וועלפעלאַך, און פון וועלדער, וואָס זיינען פאַרשוואַרצט פונ׳ם ווינטער. מיר האָבען געדענקט, אַז די טעמא פון אַזא געשפּרעך איז געווען אַ ביסעל צו ווילד, ווען מען געפינט זיך אין דער געזעלשאַפט פון אַזא שעה־נער פרוי.

פּאול וואַנס האָט זיך אויפגעהויבען.

— וועט איהר מיר אַלזאָ ערלויבען, אַז איך זאָל אהער ברייני־גען מיין פריינד דעשאַרט? ער האָט אַ שטאַרקען באַגעהר אייך צו קענען און איך האָף, אַז ער וועט אייך געפעלען ווערען. ער האָט אין זיין גייסט לעבען און באַוועגונג. ער איז פול מיט אידעען.

מאַדאַם מאַרטען האָט איהם אונטערבראָכען.

— אָ, אַזוי פיעל פאַרלאַנג איך גאָרניט. מענשען, וועלכע זיינען נאָר נאַטירליך און ווייזען זיך אַרויס פּונקט ווי זיי זיינען אין דער אמת׳ן, האָבען מיך זעלטען ווען עס איז געלאַנגווייליגט. און טיילמאָל אויך אַמוזירט.

ווען פּאול וואַנס איז אַרויס האָט לע־מעניל זיך איינגעהערט ווי יענעמס טריט אין פאָדערהויז ווערען פאַרקלונגען און די טירען

זיינען ווידער צוגעפאלען. דאן האט ער זיך דערנעהענטערט צו איהר:

— מארגען דריי א־זייגער ביי אונז, יא?

— הייסט עס, אז איהר האט מיך נאך אלץ ליעב?

ער האט געבעטען, אז זי זאל איהם שנעל ענטפערען כל זמן זיי זיינען געווען אליין. זי האט איהם געענטפערט, מיט א מין אנטטוישטער האפנונג, אז עס איז שוין שפעט, אז זי ערווארט שוין ניט מעהר קיין באזוכער און אז דער איינציגער מענש וואס קאן איצט אריינקומען איז — איהר מאן.

ער האט איהר שטארק געבעטען איהם צו געבען אן ענטפער. און זי, ניט לאזענדיג זיך פיעל בעטען, האט געענטפערט:

— דו ווילסט עס ווירקליך? דאן הער: איך וועל זיין מארגען פריי א גאנצען טאג. ארום דריי א־זייגערווארט אויף מיר אין די ספאנטיני. מיר וועלען דערנאך געהן שפאצירען.

— ער האט איהר געדאנקט מיט א בליק. דערנאך, צוריקקערענדיג זיך אויף זיין פלאץ פונקט אנטקעגען איהר, ביים קאמין, האט ער איהר געפרעגט, ווער איז דאס דער דערשארט, וואס זי האט עס געוואלט מען זאל איהר פארשטעלען.

— איך האב ניט געבעטען מען זאל איהם מיר פארשטעלען. הערר וואנס האט מיך געפרעגט, אויב ער מעג איהם אהער ברייגען. ער איז א סקולפטאר.

ער האט זיך באקלאגט דארויף, וואס איהר ווילט זיך כסדר זעהן נייע פנים'ער.

—א סקולפטאר? סקולפטארען זיינען אין אלגעמיין ניט קיין עדעל לייט.

— א, אבער ער סקולפטירט אזוי ווייניג! אבער אויב איהר זענט דאגעגען וועל איך איהם ניט אויפנעמען.

— איך וועל זיין דאגעגען אויב די געזעלשאפט וועט צונעמען א טייל פון דער צייט וואס איהר גיט מיר.

— מיין פריינד, איהר האט זיך ניט וואס צו באקלאגען, וואס איך בין צופיעל געזעלשאפטליך. איך בין אפילו נעכטען ניט געגאנגען צו מאדאם מעיאן.

— איהר האט רעכט וואס איהר ווייזט זיך דארט אזוי ווייניג ווי מעגליך: די הויז איז ניט פאר אייך.

ער האָט עס קלאָר געמאַכט. יעדע פרוי וואָס קומט דאָרט אַהין האָט שוין דורכגעמאַכט אַ וועלכע עס איז אַוואַנטיורע, וועגן וועלכער מען האָט געוואוסט און דערצעהלט. איבריגענס האָט מאַדאַם מעיאַן פּשוט ערמוטיגט אינטריגען. אום דאָס איבערצוציינען האָט ער געגעבן עטליכע ביישפּיעלען.

אָבער זי איז געזעסען מיט אַ זאַנפטער רוהיגקייט. די הענט אויסגעשפּרייט איבער דעם פּאָטעל, דעם קאָפּ אויסגעבויגען אָן אַ זייט און געקוקט אויף דעם אָפּשטאַרבענדען פייער. איהרע געדאַנקען זיינען אַוועקגעפלויגען פון איהר. עס איז פון זיי קיין סימן ניט געווען צו דערקענען אויף איהר אומעטיגען פּנים און שלאַפען קערפּער. זי איז געווען מעהר ווי אימער אַנגענעם אין איהר נשמה־דרעמעל. פאַר אַ געוויסער צייט איז זי געווען אינגאַנצען אַהן באַוועגונג אין פּאָטעל און דאָס האָט איהר צוגעגעבן אַן אויסזעהן פון אַ וועזען, וואָס איז באַשאַפען געוואָרען פון דער קונסט.

ער האָט איהר געפרעגט וועגן וואָס זי דענקט איצט. זי האָט זיך געפּרואווט באַפרייען פון דעם מעלאַנכאָלישען כישוף, און וועלכען דאָס אָפּשטאַרבענדע פייער האָט זי געהאַלטען געפאַנגען, און האָט געזאָגט:

— מיר וועלען אַוועקגעהן מאָרגען, אויב איהר ווערט וועלען, אין די וויטע שטאָדט טיילען, אין יענע זאָנדערבאַרע קוואַרטאַלען, וואו מען זעהט דעם לעבען פון די אָרימע לייט. איך האָב ליעב די אַלטע אָרימע גאַסען.

ער האָט איהר פאַרשפּראָכען נאָכצוקומען איהר געשמאַק, כאָטש ער האָט עס געהאַלטען פאַר אַן אַבסורד. אָט די שפּאַצירונגען, וואו זי פלעגט איהם טיילמאָל אַוועקשלעפּען, האָבען איהם געלאַנגווייליגט, און ער האָט זיי אויך אַנערקענט אַלס געפעהרליכע, וועיל מען האָט זיי געקאָנט באַמערקען.

— און אַזוי ווי ביז איצט איז אונז געלונגען, אַז מען זאָל וועגען אונז ניט רעדען...

זי האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— גלויבט איהר, אַז מען האָט טאַקע וועגען אונז קיינמאָל ניט גערעדט? צו מען וויים, אָדער מען וויים ניט — סיי ווי

רעדט מען. בלויז וויסען קאָן מען ניט אַלץ, אָבער רעדען קאָן מען אַלץ.

זי איז צוריק אַריינגעפאַלען אין איהרע חלומות. ער האָט געגלויבט, אַז זי איז אומצופרידען אָדער ברוגז צוליעב עפּעס וואָס זי וויל ניט דערצעהלען. ער האָט זיך אויסגעבויגען און אַריינגעקוקט אין איהרע שעהנע פאַר'חלום'טע אויגען, אין וועלכע עס האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט דער שיין פון קאַמין. אָבער זי האָט איהם באַרוהיגט.

— איך וויים איבערהויפּט ניט אויב מענשען רעדען וועגען מיר און וואָס קאָן דאָס מיך אַרען? קיין אונטערשיד.

ער האָט איהר פאַרלאָזען. ער איז אַוועק עסען אין קלוב, וואו זיין פריינד קומען וואָס איז דורגעפאָהרען פאַריז, האָט אויף איהם געוואַרט. מיט אַ שטילער איבערגעבענהייט האָט זי איהם נאָכגעפאָלגט מיט די אויגען. זי האָט ווידער געקוקט מיט שוואַכע בליקען אויף דעם האַלב אָפּגעשטאָרבענעם פייער, וואָס האָט געגלימערט דורכ'ן אַש.

זי האָט זיך דערמאָנט אָן די טעג פון איהר קינדהייט, אָן דעם שלאָס אין וועלכען זי האָט פאַרבראַכט די לאַנגע טרויעריגע זומערס, אָן דעם אַרומגעהאַקטען וואַלד, דעם פייכטען און אומעטיגען פּאַרק, אָן דער סאַזשעלקע וואו עס איז געשלאָפען די גרינע וואַסער, אָן די מאַרמאָרנע נימפען אונטער די קאַשטאַנען־בוימער און אָן דער באַנק, אויף וועלכער זי פלעגט זיצען און וויינען און בעטען, אַז זי זאָל שטאַרבען. אַפילו נאָך היינט קאָן זי זיך ניט דערקלערען פון וואַנען עס איז געקומען יענע יוגענדליכע פאַרצווייפלונג, ווען די צוטומעלטע דערוואַכונג פון איהר איינבילדונגס־קראַפט און די געהיימניספולע פיזישע עוואָלוציע, האָבען איהר אַריינגעוואָרפען אין אַן אויפרעגונג, אין וועלכער פערלאַנגען האָבען זיך אויסגעמישט מיט מורא. אַלס קינד האָט דאָס לעבען אין איהר אַרויסגערופען געלוסט און שרעק. און איצט האָט זי שוין געוואַוסט, אַז דאָס לעבען איז ניט ווערט אַז מען זאָל זיך אַזוי באַאומרוהיגען אָדער האָפען. אַז דאָס איז אַ גאַנץ איינפאַכע זאַך. זי האָט זיך געדאַרפט ריכטען דאַרויף. פאַר וואָס האָט זי דאָס ניט פאָראויסגעזעהן? זי האָט ווייטער גע'חלום'ט:

— איך פלעג קוקען אויף מיין מאמע'ן. זי איז געוועזן א גוטע פרוי, זעהר אן איינפאכע און ניט גליקליך. איך האב געטרוימט פון א לעבען וואס זאל זיין אינגאנצען אנדערש ווי איהרס. פארוואס? איך האב געפיהלט אז די אטמאספערע ארום מיר איז געוועזן אומערטרעגליך און איך האב געבענקט נאך דער אראמאטישער, געזאלצענער לופט פון דער צוקונפט. פארוואס? וואס האב איך ניט געוואלט, און וואס האב איך דערווארט? האב איך דען ניט געהאט קיין גענוגענדע ווארנונג, אז אלץ איז טרויעריג?

זי איז געבוירען געווארען רייך, ארומגערינגעלט מיט א שרייענדען גלאנץ פון א פריש־געמאכטען פארמעגען. זי איז געוועזן די טאכטער פון אט דעם מאנטעסי, וועלכער איז פריהער געוועזן א קליינער אנגעשטעלטער אין א פאריזער באנק און שפעטער געגרינדעט און אנגעפיהרט צוויי גרויסע באנקען. מיט זיין שטארקען ערפינדערישען גייסט און פעסטען כאראקטער, מיט זיין זעלטענער פאראייניגונג פון ביטערקייט און עהרליכקייט, איז דאס איהם געלונגען זיי ארויסצופיהרען פון א שווערען קריזיס און ער האט געפיהרט געשעפטען מיט דער רעגירונג, ווי איין מלוכה מיט דער אנדערער. זי איז אויפגעוואקסען אין דעם היסטארישען שלאס פון זשואנוויל, וואס דער פאטער האט אפגעקויפט, איבערגעבויט און גלענצענד אויסגעמעבעלט מיט דעם פארק און גרויסע טייכען ארום, אז דער שלאס האט געקאנט פערגליכען ווערען אין זיין פראכט מיט דעם ווא־לע־וויקאנט. מאנטעסי האט גענאסען פון לעבען אלץ וואס ער האט געקאנט געבען. זייענדיג אינסטיקטיוו א שטארקער אטעאיסט האט ער געזוכט הנאה צו האבען פון אלע קערפערליכע פארגעניגענס און פון אלע גוטע זאכען וואס די ערד גיט נאר ארויס. ער האט אנגעשטעלט אין דער גאלעריי און אין אויפנאמצימער פון זשואנוויל די בילדער פון די גרויסע מייסטער און טייערע מארמארען. צו פופציג יאהר האט ער געהאט די שענסטע אקטריסען און עטליכע געזעלשאפטס־דאמען, פאר וועמענס לוקסוס־ארטיקלען ער פלעגט באצאלען. מיט זיין ברוטאלען טעמפעראמענט און שארפקייט פון זיין גייסט האט ער גענאסען פון אלעם וואס איז נאר געוועזן טייער אין דער געזעלשאפט.

אבער די ארימע מאדאם מאנטעסי האט געשמאכט אין זשואנ־

ווײל. זײענדיג שפּאָרזאַם און פּאַרזאָרגט האָט זי אױסגעקוקט אַזױ אָרים און קלײן, געפינענדיג זיך צװישען די צװעלף ריזיגע זײלען אַרום איהר בעט מיט אַ גאָלדענער באַלוסטראַדע, װעלכע האָבען אונטערגעהאַלטען דעם סופיט, װאו עס איז געװען אַ בילד פון לעברען, װי אַזױ די טיטאַנען װערען פאַרפאָלגט מיט דונערן פון יופּיטער. אָט דאָרט איז זי, אין אַ קלײנער אײזערנער בעטעל, װאָס מען האָט אװעקגעשטעלט צופוסענס פון דעם פּאַראַדנעם בעט, געשטאָרבען אין אַ געװיסען אָװענט פון טרױער און שװאַכקײט. זי האָט אױף דער גאַנצער װעלט קײן שום זאַך ניט ליעב געהאַט, אַ חוץ איהר מאַן און איהר קלײנעם, רױטען דאַמאַסקענער סאַלאָן פון רי דע מאַבעזש.

זי איז קײנמאָל ניט געװען נאָהענט מיט איהר טאָכטער. זי האָט געפיהלט אינסטינקטיװ אַז טערעזאַ איז צו װײט פון איהר, צו פרײ אין גײסט און צו קרעפטיג. זי האָט אױסגעפונען, אַז כאָטש טערעזאַ איז גוט און צאַרט, האָט זי אָבער אין זיך דאָס שטאַרקע בלוט פון מאָנטעסי, אָט די גלוט פון קערפּער און נשמה װאָס האָט איהר אַזױ פיעל לײדען פאַרשאַפט און פאַרװאָס זי האָט שנעלער געקאָנט מוחל זײן איהר מאַן אײדער איהר טאָכטער.

אָבער מאָנטעסי האָט זיך דערקענט אין זײן טאָכטער און האָט איהר ליעב געהאַט. װי אַלע לעב־יונגען האָט ער געהאַט צײטען פון אַ מילדער פרעהליכקײט. כאָטש ער איז װײניג װאָס אין דער הײם געװען, האָט ער דאָך געזוכט װי װײט מעגליך כמעט יעדען טאָג צו עסען מיט איהר פרישטאָג און טײלמאָל נאָך איהר גענומען פאַר אַ שפּאַציר. ער איז געװען אַ מבין אין קלײדונג און אין צירונג. מיט אײן בליק האָט ער דערזעהן די פעלער אין דער טאָכטער׳ס טואַלעט, װאָס זײנען געמאַכט געװאָרען פון מאַדאַם מאָנטעסי, מיט איהר שלעכטען געשמאַק — און זײ פאַרריכט. ער האָט איהר ערצױגען און איהר געמאַכט פאַר זײן טערעזאַ. ער איז געװען װאולגאַר און לעבהאַפט און ער האָט איהר אַמוזירט און צו זיך צוגעצױגען. לעבען איהר איז זײן אינסטינקט, זײן אַפּעטיט פאַר עראָבערונגען נאָך מעהר פאַרשטאַרקט געװאָרען. ער, װעלכער האָט שטענדיג געװאָלט געװינען האָט אױך געװאונען זײן טאָכטער. ער האָט איהר צוגענומען פון איהר מוטער. טערעזאַ האָט איהם פאַרעהרט, זי האָט איהם פאַרגעטערט.

אין איהר טרוימעריי האָט זי איהם געזעהן אין הינטערגרונד פון איהר פאַרגאַנגענהייט, ווי די איינציגע פרייד פון איהר קינד־הייט. זי איז נאָך אַלץ געווען איבערצייגט, אַז עס איז ניטאָ אויף דער וועלט אַ מאַן וואָס זאָל זיין אַזוי ליעבעסווירדיג ווי איהר פאָטער.

ווען זי איז אַריין אין לעבען, האָט זי גלייך אויפגעגעבען די האָפנונג ערגעץ אַנדערשוואו צו געפינען אַ מאַן מיט אַזאַ נאַטירלי־כען רייכטום און אַזוי פיעל טעטיגע און דענקענדע כוחות. אָט די אַנטמוטיגונג האָט איהר נאָכגעפאָלגט ווען זי איז געגאַנגען אויס־קלייבען אַ מאַן און, אפשר שפּעטער, ביי איהר געהיימען און פרייע־רען אויסוואַל.

אין דער אמת׳ן האָט זי גאָר איהר מאַן אינגאַנצען ניט אויס־געקליבען. זי האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי. אָבער זי האָט געלאָ־זען אַז דער פאָטער זאָל איהר חתונה מאַכען. ער, זייענדיג אַן אַלמון, איז געווען זעהר באַזאָרגט און אין אַ פאַרלעגענהייט פון דער פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס ער דאַרף האָבען ביים העלי־קאַטען אַרומגאַנג מיט אַ יונגער טאָכטער. אין מיטען פון אַ פאַר־נומענעם און אויפגערעגטען לעבען, האָט ער געוואָלט האַנדלען שנעל און גוט. ער האָט זיך גערעכענט בלויז מיט די אויסערליכע מעלות, און קאָנווענציאָנען. ער האָט הויך געשעצט דעם אכציג יעהריגען קייזערליכען אַדעלשטאַנד וואָס גראַף מאַרטען האָט מיט זיך גע־טראָגען, און די גע׳ירש׳ענטע גלאָריע פון אַ פאַמיליע וואָס האָט פאַרזאָרגט מיט מיניסטאָרען די יולי רעגירונג און דעם ליבעראַלען קייזעררייך. דער געדאַנק, אַז די טאָכטער זאָל געפינען ליעבע אין דער הייראַט איז איהם ניט איינגעפאַלען.

ער האָט זיך געפרעהט, וואָס זי וועט געפינען אין דער היי־ראַט די צופרידענשטעלונג פון איהר פאַרלאַנג נאָך פּראַכט און גלאַנץ, וואָס זי האָט פון איהם גע׳ירש׳ענט. ער האָט געהאָפט, אַז זי וועט זיך פרעהען דערמיט, וואָס זי וועט זיין רייך און וועט זיך אַלס אַזעלכע קענען אַרויסווייזען; אַז דער וואָלגאַרער שטאָלץ, די לוסט פאַר מאַטעריעלע הערשאַפט, וואָס פאַר איהם איז דאָס גע־ווען די וויכטיגסטע זאַך אין לעבען, וועט אויך איהר באַפרידיגען. איבריגענס, האָט ער ניט געהאַט קיין קלאָרע פאַרשטעלונג וועגען

דעם גליק פון אַן עהרליכער פרוי אין אונזער וועלט, אָבער ער איז געווען פאַלשטענדיג זיכער אַז זיין טאָכטער וועט פארבלייבען אַן עהרליכע פרוי. דאָס איז געווען זיין טיפסטע איבערצייגונג, וועגען דעם איז ביי איהם קיין שום צווייפעל ניט געווען.

נאָכקלערענדיג וועגען דעם אבסורדען אָבער דאָך נאַטירליכען צוטרויען זיינעם, וואָס האָט זיך אַזוי ווייניג געפּאַסט פאַר מאַנ־טעסי׳ס ערפאַרונגען און אַנשויאונגען וועגען פרויען, האָט זי גע־שמייכעלט מיט אַ מעלאַנכאָלישער איראָניע. זי האָט נאָך מעהר באַוואונדערט איהר פּאָטער דערפאַר וואָס ער איז געווען צו קלוג, אַז ער זאָל ווערען אַן אומאויפהערליכער חכם.

נאָך אַלעם, ווען מען אורטיילט די הייראַט פון דעם שטאַנד־פּונקט פון לעדיגגעהער, האָט ער איהר גאָרניט אַזוי שלעכט פאַר־הייראַט. איהר מאַן איז געווען ניט ערגער ווי אירגענד אַן אַנדער מאַן. ער איז ביסלעכווייז געוואָרען הערטרעגליך. פון די אַלע זאַכען, וואָס זי האָט איצט געזעהן אין חלום פון ערינערונגען אין אַ האַלב־ליכט פון אַ לאָמפּ אונטער אַ שירם, איז אַם מערסטען גע־ווען אָפּגעמעקט זייער געמיינשאַפטליך לעבען. זי האָט זיך דער־מאָנט עטליכע פיינזאַמע איינצעלהייטען, עטליכע געצעהלטע שטרי־כען, עטליכע אַבסורדע בילדער, אַן אומדייטליכען און אומאַנגע־נעמען איינדריק. יענע צייט האָט לאַנג ניט געדויערט און האָט גאָרניט איבערגעלאָזען הינטער זיך. זעקס יאָהר זיינען פאַרביי. זי קאָן זיך אַפילו ניט דערמאָנען, ווי אַזוי זי האָט צוריקגעקראָגען איהר פרייהייט, אַזוי שנעל און לייכט האָט זי אָבגעהאַלטען איהר זיג געגען אָט דעם קאַלטען, קרענקליכען, עגאָאיסטישען און העפ־ליכען מאַן. אָט דער טרוקענער, ארבייטזאַמער, אַמביציעזער און מיטעלמעסיגער מאַן איז גרין און געל געוואָרען פון זיינע געשעפטען און פון די פּאָליטיק. פרויען האָט ער ליעב געהאַט בלויז אויס איינטעלקייט און זיין אייגענער פרוי האָט ער קיינמאָל ניט ליעב געהאַט. זייער צושיידונג איז געווען אַן אָפענע און פאַלשטענדיגע זאַך. און זייט דאַמאָלט, זייענדיג פרעמדע איינער דעם אַנדערען, האָבען זיי געוואוסט ווי זיך דאַנקבאַר צו זיין פאַר זייער געגענזייטיגער אויסלייזונג. זי וואָלט אַפילו געווען אַ פריינד צו איהם ווען זי וואָלט ניט געוואוסט אַז ער איז אַזוי כיטרע, שלוי און געשיקט

ביים ארויסקריגען איהר אונטערשריפט ווען ער האט זיך גענויטיגט אין געלט. און די געלט האט ער באנוצט פאר אונטערנעמונגען, וואס ער האט באשאפען ניט אזוי צוליעב גייציגקייט, ווי אויס פראלעריי. א חוץ דעם איז דער מאן, מיט וועלכען זי האט געגעסען, געוואוינט, געפאהרען און גערעדט יעדען טאג, מעהר פאר איהר גארניט געווען און קיין שום באדייטונג פאר איהר ניט געהאט.

פערזונקען אין זיך, זיצענדיג מיט דעם באק אנגעהאלטען אויף דער האנט פאר דעם פארלאשענעם קאמין, ווי א נייגעריגע, וואס פרעגט אויס א ווארזאגערין און זיך דערמאנענדיג יענע יאהרען פון איינזאמקייט, האט פאר איהר אויפגעלעבט די געשטאלט פון מארקיז דע רעי. זי האט איהם געזעהן אזוי פינקטליך און קלאר, אז זי איז דערשטוינט געווארען. מארקיז דע רעי, וועלכער האט פאר איהר אויסגעזעהן הויך און שעהן, נאך דרייסיג יאהר אינטימען און געזעלשאפטליכען טריומף, איז פאר איהר פארגעשטעלט געווארען פון איהר פאטער, וועלכער איז געווען שטאלץ אויף דער באקאנטשאפט. ער האט געהאט א גאנצע קייט פון אווענטורען. ער האט פארפיהרט דריי דורות פרויען און ביי יעדער איינער פון זיי האט ער געלאזט אן אומפארגעסליכען אנדענקען. זיין מענליכע גראציע, זיין ראפינירטע עלעגאנץ און אייגענשאפט געפעלען צו ווערען האט פארלענגערט זיין יוגענד ווייט אריבער די געוועהנליכע צייט עלטער. דער יונגער גרעפין מארטען האט ער געשאנקען א בעזונדערע אויפמערקזאמקייט. און זי האט זיך געפיהלט געשמייכעלט פון די קאמפלימענטען, וואס זיינען געקומען פון אזא מבין. נאך איצט האט זי זיך דערמאנט אן זיי מיט פארגעניגען. ער האט געהאט א וואונדערבארע פעהיגקייט אנצופיהרען געשפרעכען. זי האט איהם אמוזירט און זי האט עס איהם געלאזען זעהן. און זייט דאן האט דער לייכט־הארציגער העלד באשלאסען ווירדיג צו ענדיגען זיין גליקליכען לעבען, באזיצענדיג די שעהנע פרוי, וועמען ער האט פארערט מעהר פאר אלע און וועלכע האט ווי עס ווייזט אויס, אויך געהאט צו איהם א נייגונג. ער האט זיך באנוצט מיט די קלוגסטע איינפאלען איהר צו קריגען. אבער זי האט זיך פון איהם לייכט ארויסגעגליטשט.

מיט צוויי יאהר שפעטער האט זי זיך אונטערגעגעבען צו

ראבערט לע־מעניל, וואָס האָט איהר שטאַרק געליעבט, מיט דער גאַנצער היץ פון זיין יוגענד, מיט דער גאַנצער אויפריכטיגקייט פון זיין נשמה. זי האָט צו זיך געזאָגט: „איך האָב זיך איהם איבער־געגעבען, ווייל ער האָט מיך געליעבט". דאָס איז געווען דער אמת. עס איז אויך אמת געווען, אַז אַן אומבאַוואוסטזיניגער און מעכטיגער אינסטינקט האָט איהר געטריבען און אַז זי האָט זיך צוגעהערט צו די געהיימע כחות פון איהר וועזען. אָבער דאָס אַלץ איז געווען אומבאַוואוסטזיניג. וואָס זי האָט געטאָן באַוואוסטזיניגערהייט איז געווען צו גלויבען, איינשטימען און וועלען אַן אמת'ן געפיהל. זי האָט זיך איבערגעגעבען גלייך ווי זי האָט געזעהן, אַז ער ליעבט איהר ביז צום ליידען. זי האָט זיך איבערגעגעבען שנעל און איינפאַך. ער האָט געגלויבט אַז זי האָט זיך איהם לייכט איבערגעגעבען. ער האָט אַ טעות געהאַט. עס איז שווער געווען פאַר איהר צו מאַכען אַזאַ שריט, וועלכען זי האָט ניט געקאָנט פאַרריכטען; זי האָט זיך געשעמט מיט דעם געדאַנק, אַז זי וועט פּלוצלינג איצט עטוואָס מוזען האַלטען פאַר אַ סוד. אַלע שושקערייערן, וואָס זי האָט זיך אָנגעהערט וועגען פרויען, וואָס האָבען געליעבטע, האָבען איצט געדריקט אויף איהרע ברענעדע אויערן. אָבער זייענדיג שטאָלץ און צאַרט פיהלענד, מיט אַ פיינעם געשמאַק, איז זי געווען פאַר־זיכטיג, אַז ער זאָל גאָרניט מערקען, וואָס וואָלט אויף איהם געקענט אַרויפלעגען אַ גרעסערע פליכט ווי זיינע געפיהלען האָבען עס געטאָן. ער האָט קיינמאָל ניט באַמערקט אין איהר אָט די מאָראַלישע אומ־רוהיגקייט, וואָס האָט איבריגענס אָנגעהאַלטען ניט מעהר ווי אַ בלויז עטליכע טעג; דערנאָך איז זי געוואָרען פאָלשטענדיג רוהיג. נאָך דריי יאָהר צייט האָט זי צוגעשטימט, אַז איהר אויפפיהרונג איז גע־ווען אַן אומשולדיגע און אַ נאַטירליכע. זי האָט קיינמאָל קיין שלעכטעס ניט געטאָן און זי האָט ניט געהאַט וואָס צו באַדויערן. זי איז געווען צופרידען. די פאַראייניגונג איז געווען די גליקליכ־סטע זאַך אין איהר לעבען. זי האָט געליעבט און זי איז געליעבט גע־וואָרען. אמת, זי האָט ניט דערגרייכט אָט יענע ענטציקונג וועגען וועלכער זי האָט געטרוימט. אָבער צו איז דען איבערהויפּט דאָ אַזאַ מין ענטציקונג? זי איז געווען די געליעבטע פון אַ וואוילען און עהרליכען בחור, וועלכער האָט שטאַרק אויסגענומען ביי פרויען

און איז געווען שטארק אנגעלעגט אין דער געזעלשאפט, וואו מען האט איהם אנגעקענט פאר אן אפלאכער און פאר איינעם מיט וועל־כען מען האט געדארפט וויסען ווי אזוי אומצוגעהן. און ער האט איהר אויפריכטיג געליעבט. דעם פארגעניגען וואס זי האט איהם געגעבען און די פרייד וואס זי האט געהאט וואס זי איז איהם גע־פעלען, האט איהר צוגעצויגען צו איהם. ער האט איהר צוריקגעגע־בען איהר לעבען, ניט שטענדיג איז דאס געווען אנטציקענד שעהן, אבער עס איז געווען ערטרעגליך און, צייטענווייז, אנגענעם... ער האט איהר אויסגעלערענט זך אליין צו דערקענען, דאס וואס איהר אליין איז ניט געלונגען, ניט קוקענדיג אויף די סמנים, וואס זי האט גע־האט וועגען איהר נאטור, איהר אומדערקלערבארען טרויער און איהר אמת'ן בארוף אין לעבען. קענענדיג איהם האט זי זיך דער־קענט. דאס איז פאר איהר געווען א גליקליכע איבערראשונג. זי האט געהאט א פשוט'ע און באשטימטע נייגונג צו איהם, וואס האט זיך אזוי שנעל ניט אויסגעשעפט. ביי דעם מאמענט איז איהר געווען אנגענעם דער געדאנק, אז זי וועט איהם מארגען ווידער זעהן אין דער קליינער וואוינונג פון רי דע ספאנטיני, וואו זיי האבען זיך באגעגענט פאר די לעצטע דריי יאהר. מיט א פלוצלינגער קאפ באוועגונג און מיט א כמעט ברוטאלען הויב מיט די אקסלען, וואס מען וואלט קיינמאל ניט געקאנט דערווארטען פון אזא פיינער דאמע, וואס איז הא געזעסען אליין ביים פארלאשענעם קאמין, האט זי צו זיך אליין געזאגט: „איך מוז אימיצען ליעבען!“

## II.

דער טאג איז שוין געווען פארביי ווען זיי זיינען ארויס פון דעם קליינעם גארטען־שטיבעל פון רי דע ספאנטיני. ראבערט לע־מעניל האט צוגערופען א פארבייפאהרענדע דראזשקע און, וואר־פענדיג אן אומרוהיגען בליק אויף דעם פורמאן און זיין פערד, איז ער אריינגעשטיגען מיט טערעזא'ן אין דעם וואגען. איינער לעבען דעם אנדערן זיינען זיי געפארען איבער דער געשפענסטער שטאדט, צווישען ציטערדיגע שאטענס, פון וועלכע עס האט פון צייט צו צייט אויפגעפלאמט א שוואכער ליכט שטראל זייערע געפיהלען זיינע!

איצט געווען מילד און אָפּשטאַרבענד, ווי דאָס ליכט וואָס האָט זיך געשפּיגעלט אין די פייכטע פענסטער שויבען. פון דרויסן האָט אַלץ אויסגעזעהן פאַרווירט און פאַרגעהענד, און אין זייער נשמה האָבן זיי געפיהלט אַ זעהר זיסע פוסטקיים. די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבען דער „נייער בריק", וואָס אויף דעם קע דעז אויגוסטען. זיי האָבען אויסגעשטיגען. אַ טרוקענע קעלט האָט אויפגעלעבט דעם פינסטערען יאַנואַר אָוונד. טערעזאַ האָט פון הינטער איהר שלייער געאָטעמט מיט דערקוויקונג פון פרישע לופט. ווינטלאַך האָבען דורכגעשפּרייזט דעם וואַסער שטראָם, און האָבען אַ קער געטאָן איבער דער האַרטער ערד און אויפגעהויבען אַ שטויב, וואָס איז געווען בימער און ווייס ווי זאַלץ. זי איז געווען צופריי־דען וואָס זי וועט וואַנדערן אין אומבעקאַנטע געגענדען. זי האָט ליעב געהאַט צו זעהן די שטיינערנע לאַנדשאַפטען וואָס זיינען געווען איינגעהילט אין אַ שוואַכער און טיפער ליכט פון דער אַטמאָספערע און געהן שנעל און פעסט דורך דער גאַנצער לענג פון דעם וואַסער ברעג. די בוימער האָבען אָפּגעשפּיגעלט זייערע צווייגען ווי שוואַר־צע גאַזע אויפ'ן האָריזאָנט, וואָס איז באַרוימעלט געוואָרען פון שמאָרטישען רויך. זי האָט ליעב געהאַט צו זעהן, אָנלענענדיג זיך אויפ'ן פאַראַפּעט, דעם שמאָלען אָרעם פון דער סען, וואָס האָט גע־קייקעלט איהרע טראַגישע וואַסערן, און אַריינצוזאַפּען אין זיך דעם טרויער פונ'ם טייך, וואָס האָט פון ביידע זייטען ניט קיין לאַנקעס און ניט קיין גרינוואַרג. אויבען, אויפ'ן הימעל, האָבען שוין אָנ־געהויבען ציטערן די ערשטע שטערן.

— עס זעהט אויס, ווי דער ווינט וואָלט זיי וועלען אויסלעשען — האָט זי געזאָגט. ער האָט אויך באַמערקט אַז די שטערן צאַנ־קען צופיעל. אָבער ער האָט ניט געדענקט אַז דאָס זאָל זיין אַ סימן פון רעגען, ווי עס גלייבען די פּויערים. פאַרקערט, ער האָט באַ־אָבאַכטעט אַז די שטערן־צאַנקעריי ברייננגט פון צען מאָל — ניין מאָל אַ שענער וועטער. אָנקומענדיג לעבען דער פּטי פּאָן, האָבען זיי באַמערקט אויף דער רעכטער זייט קראָמען מיט אַלערליי אַלטע אייזענוואַרג, וואָס זיינען געווען באַלויכטען פון רויבענדיגע לאָמפּען. זי איז אַהין צוגעלאָפען און מיט'ן בליק דורכגעזוכט די אַלע פאַר־שטויבטע און פאַרזשאַווערטע זאַכען, וואָס זיינען דאָרט געווען

אויסגעשטעלט. דער אינסטינקט פון א קוריאָזיטעט־זוכער האָט אין איהר דערוואַרט. זי האָט זיך פאַרקירעוועט אַן א זייט פון גאַס און האָט זיך דערוועגט צו געהן ביז צו דעם הילצערנעם ביידעל, אין וועלכע טונקעלע שמאַטעס האָבען אַראָפּגעהאַנגען פון די פּייב־טע באַלקענס פון דער סטעליע. הינטער די שמוציגע פענסטער האָט א חלב'ן ליכט באַלויכטען אַלערליי קאַסטקעס, פאַרצעלייענע וואַזעס, א קלאַרנעט און א חופּה־קראַנץ. ער האָט ניט געקענט פאַרשטעהן דעם פאַרגעניגען וואָס זי האָט דערפון געהאַט:

— דו וועסט זיך אָננעמען מיט ווערים. וואָס קאָן דיר דאָ אינוועניג אינטערעסירען?

— אַלעס. איך טראַכט וועגען דער אָרימער כלה, וועמענס חופּה־קראַנץ עס ליגט דאָ איצט אונטער דער גלעזערנער קאָלבע. די חתונה האָט געמוזט זיין אין פּאָרט מאַיאָ. אין דער פּראָצע־סיאָן האָט מסתמא אַנטייל גענומען א רעפּובליקאַנער גאַרד. אַזעל־כען זעהסטו כמעט ביי אַלע חתונות וואָס קומען פאָר אין דעם קוואַרטאַל אום שבת. ריהרען זיי דיך גאַרניט, מיין פריינד? אָט די אַלע אָרימע, לעבערליכע און אומגליקליכע ברואים, וועלכע גע־הען ביסלעכווייז איבער צו דער גרויסקייט פון דער פאַרגאַנגענ־הייט?

צווישען די אָבגעבליאַקעוועטע, האַלב־צובראָכענע שאָלען, האָט זי געפונען א קליין מעסערל, מיט אַן עלפאַנט־ביינערנעם הענטעל, וואָס האָט פאַרגעשטעלט א לאַנגע גלאַטע פרויען פיגור, מיט די האָר פאַרקאַמט א לא מעטענאָן. זי האָט עס געקויפט פאַר עטליכע סו. וואָס איהר האָט שטאַרק געפרעהט איז דאָס וואָס זי האָט אין דער היים געהאַט אזא גאָפּעל. לע־מעניל האָט צוגעגעבען, אז ער פאַר־שטעהט זיך ניט אויף אַנטיקען. אָבער זיין מומע, דע לאַנוא, איז א גרויסער מבין אויף דעם. די סוחרים פון אַנטיק־זאַכען אין קאָן האָבען געהאַלטען אין איין רעדען וועגען איהר. זי האָט איבער־געבויט און אויסמעבלירט איהר הויז לויט דעם אַלטען סטיל. אַמאָל איז דאָס געווען די זומער וואוינונג פון זשאַן לע־מעניל, ראַטגעבער פון רוענער פאַרלאַמענט אין 1779. יענע הויז, וואָס איז גע־שטאַנען נאָך איידער ער האָט עס איבערגענומען, איז אַמאָל דער־מאָנט געוואָרען אין א האָקומענט פון יאָהר 1690 אַלס א יאַגד־

קוואַרטיר. אין אַ צימער פון דעם אונטערשטען עטאַזש, הינטער אַ ווייסע אַלמער, באַשיצט פון אַ דראָטענע נעץ זיינען געפונען געוואָרען ביכער פון אַ ביבליאָטעק, וואָס איז געזאַמעלט געוואָרען פון זשאַן לע־מעניל. זיין מומע, דע לאַנוא, האָט זיי געוואָלט ברינגען אין אָרדנונג. אָבער זי האָט דאָרט צווישען זיי געפונען אַזעלכע לייכטזיניגע ווערק מיט אַזעלכע אומאָרענטליכע גראַווירען, אַז זי האָט זיי געמוזט פאַרברענען.

— דאָס הייסט, אַז דיין מומע איז געווען אַזוי נאַריש?

די געשיכטען פון מאַדאַם דע לאַנוא האָבען איהר שוין לאַנג דערעסען. איהר פריינד האָט געהאַט אין דער פּראָווינץ אַ מאַמע, שוועסטער און מומעס, אַ גרויסע פאַמיליע וואָס זי האָט ניט געקענט און וועלכע האָבען איהר געמאַכט נערוועז. ער האָט גערעדט וועגען זיי מיט באַוואונדערונג און דאָס האָט איהר געלאַנגווייליגט. זי איז געוואָרען אומגעדולדיג פון זיינע אָפטע ווי־זיטען צו זיין פאַמיליע, פון וועמען, ווי עס האָט זיך איהר אויסגעדוכט, ער איז צוריקגעקומען אַ באַשרענקטער, מיט שמאָלע אידעען און מיט געפיהלען, וואָס האָבען איהר פאַרוואונדערט. ער, פון זיין זייט, האָט נאַאיוו געשטוינט און געליטען פון אָט דער אַנטיפּאַטיע צו זיינע קרובים.

ער האָט געשוויגען. דערזעהענדיג אַ קליינעם קאַבאַרעט, וועמענס פענסטער האָבען העל געלויכטען דורך די גראַטעס, האָט ער זיך פּלוצלינג ווידער דערמאָנט אָן דעם דיכטער שולעט, וועלכער האָט געהאַט אַ נאָמען אַלס שיכור. אַ ביסעל ברוגז׳לעך האָט ער טערעזאַ׳ן געפרעגט, אויב זי זעהט נאָך אַמאָל שולעט׳ן, וועלכער איז געוואוינט אָפּצושטאַטען וויזיטען, טראָגענדיג אַ רויטען שאַל, וואָס גרייכט איהם איבער די אויערן.

זי האָט זיך געערגערט וואָס ער האָט גערעדט וועגען דעם פּאָעט מיט דעמזעלבען לשון וואָס גענעראַל לאַריוויער. זי האָט ניט געוואָלט זיך מודה זיין, אַז זי האָט שולעט׳ן ניט געזעהן זייט לעצטען הערבסט און אַז ער האָט איהר פאַרנאַכלעסיגט מיט אַ גלייכגילטיגקייט פון אַ פאַרנומענעם מענשען וואָס האָט ניט געהערט צו איהר קרייז.

— ער איז גייסטרייך — האָט זי געזאָגט — ער האָט פאַנטאַזיע און אַן אָריגינעלע נאַטור. ער געפעלט מיר.

און ווען ער האָט איהר פאַרגעוואָרפען, אַז זי האָט אַ זאַנדער־בארען געשמאַק, האָט זי שאַרף געענטפערט:

— איך האָב ניט אײן געשמאַק. איך האָב פיעלע געשמאַקען און איך גלויב ניט, אַז איהר וועט זיי אַלע פאַראורטיילען.

ער האָט גאָרניט פאַראורטיילט. ער האָט נאָר מורא געהאַט אַז זי זאָל ניט אויפנעמען אַ פופציג יאָהריגען באַהעמער, וואָס האָט ניט געהאַט קײן פּלאַץ אין אַן אַנשטענדיגען הויז.

זי האָט פּראָטעסטירט:

— שולעט פּאַסט זיך ניט אריין אין אַן אַנשטענדיגער הויז? איהר ווייסט, אַלזאָ, ניט אַז יעדען יאָהר פאַרברענגט ער אַ גאַנ־צען חודש אין ווענדעי, ביי דער מאַרקיזע דע ריע... יאָ, ביי דער מאַרקיזע דע ריע, ביי דער קאַטוילין, ביי דער ראַיאַליסטין, אָט ביי דער אַלטער „שואַן“, ווי זי רופט זיך אַליין אָן. אָבער אַזוי ווי שולעט אינטערעסירט דיך שוין, טאָ לאָמיך דיר דערצעהלען זיין לעצטע אוואַנטיורע. איך וועל זי דיר איבערגעבען אָט פּונקט ווי פּאול וואַנס האָט זי מיר דערצעהלט. איך פאַרשטעה איהר אַ סך בעסער אָט אין דער גאַס וואו מען זעהט ברוסט־טיכלאַך און בלו־מען־טעפּ אין די פענסטער.

„היינטיגען ווינטער, אין אַ רעגענדיגען אָוונד, האָט שולעט, אין אַ שענק פון אַ גאַס וועמענס נאָמען איך האָב פאַרגעסען, אָבער וואָס דאַרף אויסזעהן אַזוי קלעגליך אָט ווי די דאָ, געטראָפען אַן אומגליקליכע מיידעל, וועמען די קעלנערס האָבען געוואָלט ארויס־וואַרפען און וועמען ער, אין זיין עניוות, האָט ליעב געהאַט. מען האָט איהר גערופען מאַריאַ. אָבער אפילו דער נאָמען איז ניט גע־ווען איהר אייגענער; זי האָט דעם נאָמען געפונען אויסגעמאָלען אויף דער טיר, אויפ׳ן אויבערשטען עטאַזש פון אַ מעבלירטען צי־מער, וואָס זי האָט געדונגען. שולעט איז געריהרט געוואָרען פון אַזאַ פאָלשטענדיגער אָרימקייט און שאַנדע. ער האָט איהר גערופען „שוועסטער“ און איהר געקושט די הענט. זייט דאַמאָלט האָט ער איהר שוין מעהר ניט פאַרלאָזען. ער פיהרט איהר ארום, געהענדיג אָהן אַ הוט און מיט אַ שאַל איבער איהרע אַקסלען, אין די קאַפעען פון לאַטייניש קוואַרטאַל, וואו רייכע סטודענטען לעזען זשורנאַ־לען. ער רעדט צו איהר זיסע ווערטער. ער ווײנט — ווײנט זי.

זיי טרינקען, און ווען זיי האָבען זיך שוין אָנגעטרונקען — שלאָגען זיי זיך. ער ליעבט איהר. ער רופט איהר די גרויסע צנועה. ער זאָגט אז זי איז זיין קרייץ, זיין דערלייזונג. זי איז געגאַנגען באַר־וועס, האָט ער איהר געגעבען אַ שפּולקע גראָבע וואָל און שטריק נאָדעל אז זי זאָל פאר זיך אויפשטריקען אַ פּאָר זאָקען. און ער אליין פארריכט דער אומגליקליכער מיידעל׳ס שיך מיט רייזיגע טשוועקעס. ער לערנט איהר אויס געדיכטען, וואָס זיינען זעהר לייכט צו פארשטעהן. ער האָט מורא צו פארדאַרבען איהר מאָ־ראַלישע שעהנקייט, אַרויסנעמענדיג איהר פון דער שאַנד אין וועל־כער זי לעבט מיט פאַלשטענדיגער פשוט׳קייט און וואונדערבארען עלענד.״

לע־מעניל האָט געהויבען מיט די אקסלען.

— אָבער אַט דער שולעט מוז דאָך זיין אַ משוגע׳נער; און אַט דאָס זיינען עס די שעהנע געשיכטען וואָס הערר פּאָל וואַנס דערצעהלט אייך! איך בין זיכער ניט קיין צו שטרענגער, אָבער עס זיינען דאָ אוממאָראַלישקייטען וואָס עקלען מיך.

זיי זיינען געגאַנגען ווי אין דער וועלט אריין. זי איז געוואָרען פארקלערט.

— יאָ, איך ווייס, די מאָראַל, די פליכט... אָבער מען דאַרף דאָך זיין אַ טייוועל אויסצוגעפינען וואָס עס איז אזוינס פליכט. איך פארזיכער אייך, אַז פאַר דריי פערטעל פון מיין צייט ווייס איך ניט וואו עס ליגט די פליכט. עס איז פונקט ווי מיט׳ן שטאַ־בעל־ טיער, וואָס האָט געהערט צו אונזער ענגלישער גוּבערנאַנטקע אין זשואַנוויל. מיר פלעגען פארבריינגען אַ גאַנצען אָווענד ארומ־זוכענדיג עס אונטער די מעבעל און ווען מיר האָבען עס שוין געהאַט געפונען איז שוין געווען צייט צו געהן שלאָפען.

ער האָט געגלויבט, אַז אין דעם וואָס זי האָט געזאָגט, איז געלעגען אַ גרויסער אמת, אפשר נאָך אַ גרעסערער ווי זי האָט געדענקט. ער פלעגט וועגען דעם נאָכקלערען ווען ער איז געווען אליין.

— אַט צוליעב דעם טאַקע פלעג איך טיילמאָל באַדויערען וואָס איך בין ניט געבליבען אין דער אָרמעט. איך ווייס וואָס איהר וועט מיר איצט וועלען זאָגען. אין דער פּראָפעסיע פיהרט מען

אַ לעבען פון אַ פּוילענצער. אָהן ספק. אָבער יעדער איינער ווייס דאָרט וואָס ער האָט צו טאָן, און דאָס מיינט זעהר פיעל אין לעבען. מיר דוכט זיך, אז האָס לעבען וואָס מיין אָנקעל, גענעראַל בריש, פיהרט, איז אַ שעהנער לעבען פול מיט כבוד און אָנגענעמליכקייט. אָבער איצט, ווען די גאַנצע נאַציאָן איז פּאַרקאָכט אין דער אַרמעע, איז שוין דאָרט ניטאָ קיין אָפיצירען און ניט קיין סאָלדאַטען. עס זעהט אויס ווי אַן אייזענבאַן סטאַנציע אום זונטאָג, ווען די באַן־באַדינטע שטופען אריין די צוטומעלטע רייזענדע אין די וואַגאָנען. מיין אָנקעל דע לאַ בריש האָט פּערזענליך געקענט אַלע אָפיצערען און אַלע סאָלדאַטען פון זיין בריגאַדע. ער האָט נאָך איצט זייערע נעמען אויף אַ גרויסען טאָוועל וואָס הענגט אין שפּייז־צימער. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיי איבערלעזען צוליעב צושטרייאונג. ווי וואָלט עס היינטיגע צייט מעגליך געווען, אַז אַן אָפיצער זאָל קענען אַלע זיינע סאָלדאַטען?

זי האָט זיך צו איהם ניט מעהר איינגעהערט. זי האָט גע־קוקט אויפ׳ן ווינקעל גאַס פון די גאַלאַנד, וואו אַ הענדלערקע האָט פאַרקויפט געפּרעגעלטע קאַרטאָפעל. זי איז געזעסען הינטער אַ שויב, מיט אַ באַלויכטענעם פּנים פון דעם גליהענדען פייער און ארום איהר — גרויסע שאָטענס. זי האָט געמישט מיט׳ן קאָך־לעפעל אין דער „זינגענדער" געפּרעגלעכץ פון וואַנען זי האָט ארויס־גענומען גאָלדענע „האַלבע־לבנה׳לאַך", אָנפילענדיג דערמיט אַ גע־לען שקאַרמעצעל. אַ העל־ברוינע מיידעל האָט מיט אויפמערקזאַמ־קייט געוואַרט און געהאַלטען גרייט אַ צוויי־סו שטיקעל אין איהר רויטער האַנט.

ווען דאָס מיידעל האָט אוועקגעטראָגען דאָס שקאַרמעצעל איז טערעזאַ געוואָרען אייפערזיכטיג און זיך ארומגעזעהן, אז זי איז הונגעריג און אז זי וויל אומבאַדינגט געניסען פון די געפּרעגעלטע קאַרטאָפעל.

ער איז קודם כל געווען דאַגעגען:

— מען קען ניט וויסען מיט וואָס זיי זיינען געפּרעגעלט גע־וואָרען.

אָבער ענדליך האָט ער געמוזט בעטען ביי דער הענדלערקע

אַ שקאַרמעצעל פאַר צוויי־סו און ער האָט אויפגעפּאַסט, אַז זי זאָל דאָרט אַריינשיטען זאַלץ.

בעת זי האָט, מיט דער וואואל אַרויפגערוקט אויף דער נאָז, געגעסען די גאָלדענע „האַלבע־לבנה׳לאַך", האָט ער איהר אַוועק־געפיהרט אין די איינזאַמע געסלאַך, ווייט פון די גאז לאַמפּען, און אַזוי אַרום האָבען זיי זיך שפּעטער ווידער געפונען אויף דער האַפען גאַס און האָבען געזעהן די שוואַרצע מאַסע פון דער קאַטעדראַל זיך אויפהויבען איבער׳ן שמאָלען אָרעם פון טייך. די לבנה האָט באַ־זילבערט דעם משופּה׳דיגען דאַך.

— די קאַטעדראַל פון אונזער יונגפרוי! — האָט זי געזאָגט — זעהט נאָר: זי איז שווער ווי אַן עלעפאַנט און דאָך אַזוי צאַרט ווי אַן איַנזעקט. די לבנה קלעטערט אויף איהר און קוקט איהר אָן מיט דער בייזוויליגקייט פון אַ אַף. זי האָט ניט אַזא אויסזעהן ווי אונזער דאָרפישע לבנה אין זשואַנוויל. אין זשואַנוויל האָב איך זיך מיין איינגענעם אַ וועג, אַ גלייכען שטעגעלע מיט דער לבנה צום סוף. זי איז דאָרט ניטאָ יעדען אָבענד, אָבער זי קומט צוריק די געטרייע, אַ פולע, אַ רויטע, אַן אַלטע באַקאַנטע. זי איז אַ דאָרפּס שכן, אַ דאַמע פון דער געגענד. מיט ערנסטקייט פלעג איך איהר דאָרט באַגעגענען, סיי צוליעב העפליכקייט און סיי צוליעב פריינד־שאַפט. אָבער אָט די לבנה אין פּאַריז וואָלט איך ניט וועלען אָפּ־שטאַטען קיין וויזיט. זי איז דאָ ניט אַזא פּערזאָן וואָס קען זיך גע־פינען אין גוטער געזעלשאַפט. שטעלט אייך נאָר פאָר וואָס זי האָט זיך אַלץ געקאָנט אָנזעהן זייט זי קריכט דאָ אויף די דעכער!

ער האָט געשמייכעלט מיט אַ צערטליכען שמייכעל.

— אָ, דיין קליין שטעגעלע, וואו דו פלעגסט שפּאַצירען אַליין און וואָס דו האָסט ליעב געהאַט ווייל דער הימעל איז געווען ביי דער ענדע דערפון, ניט זעהר הויך און ניט זעהר ווייט! איך זעה דאָס, אָט פונקט ווי איך וואָלט געשטאַנען דערביי!

ער האָט איהר געזעהן צום ערשטען מאָל אין שלאָס פון זשו־אַנוויל, וואו מאַנטעסי האָט איהם איינגעלאַדען אויף אַ יאַגד. ער האָט איהר גלייך ליעב געקראָגען און איהר באַגעהרט. דאָרטען, אין אַן אָוונט, ביים ברעג פון אַ קליינעם וועלדעל, האָט ער איהר

געזאָגט, אַז ער ליעבט זי, און זי האָט איהם אויסגעהערט, שוויי־גענדיג, מיט אַ טרויעריגען שמייכעל און בלאַנדזשענדע אויגען.

די זכרונות פון קליינעם שטעגעלע, וואו זי האָט שפּאַצירט אַליין, אין די הערבסט נעכט, האָט איהם געריהרט און באאומרו־היגט; אין איהם האָבען אויפגעלעבט די ענטציקענדע שטונדען פון די ערשטע פאַרלאַנגען און שרעקעדיגע האָפנונגען. ער האָט געזוכט איהר האַנט אין דער מוף און געדריקט איהר האַנט־געלענק אונטער'ן פוטער.

אַ מיידעל, וואָס האָט געטראָגען פיאָלעטלאַך אין אַ פלאַכען קוישעל, וואָס איז געווען אויסגעפלאָכטען פון סאָסנאָווע צווייגלאַך, האָט אָן זיי דערקענט, אַז זיי זיינען פאַרליעבטע, און איז צוגעגאַנ־גען און זיי פאָרגעלעגט די בלומען. ער האָט פון איהר געקויפט אַ בוקעט פאַר צוויי סו און עס איבערגעגעבען צו טערעזאַ'ן.

זי האָט שפּאַצירט אין דער ריכטונג פון דער קאַטעדראַל און האָט נאָכגעדענקט: „דאָס איז אַ ריזיגע חיה, אַ חיה פון די אַפּאָ־קאַליפּסען..."

אויף דער אַנדערער זייט פון דער בריק איז געווען נאָך אַ בלומען־פאַרקויפערין. זי איז שוין געווען אַ צונויפגעקנייטשטע, מיט אַ באָרד, גראָה פון יאָהרען און שטויב. זי האָט זיי נאָכגע־פאָלגט מיט איהר קוישעקל, וואָס איז געווען פול מיט מימאָזען און ניצאַ־ראָזען. טערעזאַ, וואָס האָט אין דער מינוט געהאַלטען די פיאָלעטקעס אין דער האַנט, און וועלענדיג זיי צוטשעפּען צו איהר מאַנטעל, האָט לוסטיג געענטפערט אויף דעם פאָרשלאַג פון דער אַלטער:

— איך דאַנק אייך, איך האָב שוין אַלץ וואָס איך האָב באַ־דאַרפט.

— עס איז לייכט צו זעהן, אַז איהר זענט יונג! — האָט די אַלטע, אָפּגעהענדיג, איהר נאָכגעשריען מיט אַ גראָבער שטימע.

טערעזאַ האָט כמעט גלייך פאַרשטאַנען און אַ קליינער שמיי־כעל האָט זיך באַוויזען אויף איהרע ליפּען און אין איהרע אויגען. זיי זיינען דורכגעגאַנגען אין שאָטען פון דער קאַטעדראַל, אין פראָנט פון די שטיינערנע פיגורען, מיט זייערע קרוינען און סצעפּ־טערס.

— לאָמיר אַריינגעהן — האָט זי געזאָגט.

ער האָט קיין חשק ניט געהאַט. ער האָט זיך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט, כמעט אין אַ מורא אַריינצוגעהן מיט איהר אין אַ קירך. ער האָט געדענקט, אַז זי איז געשלאָסען. אַזוי האָט ער געגלויבט, אַזוי האָט ער געוואָלט. זי האָט אויפגעמאַכט די טיר און האָט זיך אַריינגעשלייכט אין ריזיגען היכל, וואו די אומבאַוועגליכע בוימער פון זיילען האָבען אַרויפגעשטיגען צו דער הויכער פינסטערניש. ביי דער ענדע האָבען ליכט זיך באַוויזען אַרום געהיימניספולע פּריסטער אונטער די לעצטע קרעבצען פון אָרגעל, וואָס האָט געהאַלטען ביים אַנטשוויגען ווערען. זי האָט געציטערט אין דער שטילקייט און געזאָגט:

— דער טרויער פון קירכען ביינאַכט ריהרט מיך; איך פיהל די גרויסקייט פון דער פאַרניכטונג.

ער האָט געענטפערט:

— מיר דאַרפען פונדעסטוועגען דאָך גלויבען אין וואָס עס איז. עס וואָלט געווען צו טרויעריג ווען עס וואָלט ניט געווען זיין אַ גאָט, און ווען אונזער נשמה וואָלט ניט געווען אומשטערבליך.

פאַר אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען אומבעוועגליך אונטער דעם שאָטען־פאָרהאַנג, וואָס האָט אַראָפּגעהאַנגען פון אויבען. און דאַן האָט זי געזאָגט:

— מיין אָרימער פריינד, מיר ווייסען ניט וואָס צו טאָן מיט אָט דעם לעבען, וואָס איז אַזוי קורץ און איהר ווילט נאָך אַן אַנדער לעבען, וואָס זאָל זיך קיינמאָל ניט ענדיגען!

---

אין דער קאַרעטע, וואָס האָט זיי געפיהרט אַהיים, האָט ער פרעהליך איהר געזאָגט, אַז ער האָט פאַרבראַכט אַ גוטען טאָג. ער האָט איהר געקושט, זייענדיג צופרידען פון איהר און פון זיך. אָבער זי האָט זיך ניט אָנגענומען מיט זיין גוטער שטימונג. אַזאַ זאַך איז כמעט שטענדיג פאַרגעקומען צווישען זיי. די לעצטע מינוטען, וואָס זיי האָבען פאַרבראַכט צוזאַמען זיינען פאַר איהר שטענדיג קאַליע געוואָרען צוליעב דעם פאַרגעפיהל, וואָס זי האָט געהאַט, אַז אַוועקגעהענדיג, וועט ער ניט זאָגען אָט דאָס וואָרט, וואָס דאַרף געזאָגט ווערען. געוועהנליך פלעגט ער זיך מיט איהר

שיידען שנעל, אַט פּונקט ווי פאַר איהם וואָלט שוין אַלץ געווען פאַרביי. ביי יעדער פון די שיידונגען האָט זי געהאַט אַ מין אומ־זיכערען געפיהל, אַז דאָס געזעגענען זיי זיך שוין צום לעצטען מאָל. זי האָט דערפון געליטען פּאַראויס און איז געוואָרען נערוועז.

אונטער די בוימער פון קור־לאַ־רען האָט ער גענומען איהר האַנט און געקושט מיט לייכטע קושען.

— איז עס ניט אַ זעלטענהייט זיך אַזוי ליעב צו האָבען ווי מירביידע ליעבען זיך, טערעזאַ?

— זעלטען? איך ווייס ניט. אָבער איך גלויב אַז דו האָסט מיך ליעב.

— און דו?

— איך האָב דיך אויך ליעב.

— און דו וועסט מיך שטענדיג ליעב האָבען?

— ווי קען מען דאָס וויסען?

און זעהענדיג ווי דער פּנים פון איהר פריינד ווערט פאַרטונ־קעלט, האָט זי געזאָגט:

— וואָלסטו דען געווען רוהיגער מיט אַ פרוי, וואָס וואָלט דיך געשוואוירען, אַז זי וועט קיינעם, אַ חוץ דיר ניט ליעבען איהר גאַנץ לעבען?

ער איז געבליבען אומרוהיג, מיט אַן אויסדרוק פון אַן אומגליק־ליכען. זי האָט געהאַט איינזעהעניש און האָט איהם פאַלשטענדיג פאַרזיכערט:

— דו ווייסט גאַנץ גוט, מיין פריינד. איך בין ניט קיין לייכטזיניגע. איך בין ערנסט, ניט ווי פרינצעסין סעניאַווין.

כמעט ביי דער ענדע פון קור־לאַ־רען האָבען זיי זיך אונטער די בוימער געזאָגט זיי־געזונט. ער האָט פאַרהאַלטען די קאַרעטע, אַז זי זאָל איהם נעמען צו רי ראַיאַל. ער האָט געדאַרפט האָבען זיין אָוונד מאָלצייט אין קלוב און דאַן געהן אין טעאַטער. ער האָט ניט געקענט פאַרלירען קיין צייט.

טערעזאַ איז אַוועק אַהיים צופוס. ווען זי האָט דערזעהן דעם טראָקאַדעראָ מאָנומענט, וואָס האָט געגלאַנצט ווי אַ געשטעל פון דימענטען, האָט זי זיך דערמאָנט אָן דער בלומען פאַרקויפערען פון פּטי פּאַן. „עס איז לייכט צו זעהן אַז איהר זיינט יונג!“ אַט

די ווערטער, וואָס זיינען אַרויסגעוואָרפען געוואָרען אויפ'ן ווינט, אין דער פינסטערניש, זיינען צו איהר צוריקגעקומען און שוין ניט מעהר געווירקט ווי אַ גראָבע אויפפיהרונג, נאָר ווי אַ באאומרוהיגענדע און טרויעריגע שליחות. יאָ, זי איז געווען יונג, זי איז געווען געליעבט און זי האָט זיך געלאַנגווייליגט.

III.

אין דער מיט פון טיש זיינען געשטאַנען בלומען אין אַ קוישעקל פון גאָלדענעם בראָנז, פון וואַנען עס האָבען אַרויסגעשטאַרט פליגלען צווישען שטערען און בינען, וואָס זיינען געווען אונטערגעשטעלט מיט דעוטלאַך, געמאַכט פון אויסגעבויגענע הערנער. פוןביידע זייטען קוישעקל האָבען צוויי געפליגעלטע סטאַטוען, וואָס האָבען פאָרגעשטעלט „זיעג", אונטערגעהאַלטען די ברענענדע צווייגען פון דער קאַנדעלאַברע. דאָס לעצטע, וואָס איז געווען אין קייזעררייך סטיל, האָט גראַף מאַרטען דע לען, דער זיידע פון איצטיגען גראַף מאַרטען בעלעם, געקראָגען אין יאָהר 1812 פון נאַפּאָלעאָנען. מאַרטען דע לען, דעפּוטאַט פון געזעצגעבענדען קאָרפּוס אין 1890, איז אויף דעם אַנדערען יאָהר באַשטימט געוואָרען אַלס מיטגליד פון דער פינאַנץ קאָמיסיע, וועמענס אומאויפהערליכע און געהיימע אַרבייט האָבען זיך גוט צוגעפּאַסט צו זיין אַרבייטזאַמער און באַשיידענער נאַטור. חאָטש לויט זיין געבורט און זיינע טענדענצען איז ער געווען אַ ליבעראַל, איז ער אָבער דאָך דעם אימפּעראַטאָר געפעלען געוואָרען צוליעב זיין התמדה און עהרליכקייט, וואָס איז געווען פּינקטליך, אָבער ניט באַלעסטיגענד. צוויי יאָהר צייט איז ער געשטאַנען אונטער אַ רעגען פון כיבודים. אין 1813 איז ער געווען אַ מיטגליד פון אָט דער מעסיגער מאַיאָריטעט, וואָס האָט זיך אויסגעשפּראָכען גינסטיג פאַר דעם באַריכט, אין וועלכען הערר לענע, ווען עס איז שוין געווען צו שפּעט, האָט געלערנט דאָס וואַקלענדע לאַנד אַ לעקציע און געטאַדעלט אין דער זעלבער צייט אַי די מאַכט אַי דעם אומגליק. דעם 1טען יאַנואַר, 1814, האָט ער באַגלייט זיינע קאָלעגען צום טיערי פּאַלאַץ. דער אימפּעראַטאָר האָט זיי געגעבען אַ שוידערהאַפטע אויפנאַמע. זייענדיג שטורמיש

און מעלאַנכאָליש, פיהלענדיג אונטער זיך זיין איצטיגע מאַכט און זיין נאָהענטען אונטערגאַנג, האָט ער זיי פאַרמאַטערט מיט זיין צאָרן און פעראַכטונג.

שפּרייזענדיג אַרויף און אַראָפּ צווישען זיינע צוטומעלטע מי־ניסטאָרען, האָט ער פּלוצלינג אָנגעכאַפּט דעם גראַף מאַרטען ביי די פּלייצעס, געשלעפּט איהם איבער׳ן זאַל און אויסגעשריען: „וואָס מיינסטו איז אַ טראָן? פיער שטיקלאַך ברעטער באַדעקט מיט סאַמעט? ניין! אַ טראָן — דאָס איז דער מאַן, און אָט דער מאַן — בין איך. איהר האָט געוואָלט וואַרפען שמוץ אויף מיר. איז דאָס איצט אַ צייט מיר מוסר צו זאָגען, בעת צוויי הונדערט טויזענד קאָזאַקען רייסען זיך דורך אונזערע גרענעצען? אייער הערר לענע איז אַ בייזוויליגער פּאַרשוין. מען וויל דאָ וואַשען די שמוציגע וועש אין דער עפענטליכקייט.“ און בעת זיין צאָרן האָט זיך צופלאַקערט, אין אַ טאָן וואו עס האָט זיך געפיהלט דערהוי־בענקייט און נידריגקייט, האָט ער געשלעפּט דעם דעפּוטאַט פון דער עז פאַר׳ן אויסגעשטיקטען קאָלנער און געזאָגט: „דאָס פאָלק קען מ י ך, א י י ך קען עס ניט. איך בין דער אויסדערוועל־טער פון דער נאַציאָן, בעת איהר זיינט אומבעקאַנטע דעלעגאַטען פון דער פּראָווינץ.“ ער האָט זיי פאָראויסגעזאָגט, אַז זיי וועלען האָבען דעם זעלבען גורל וואָס די זשיראָנדיסטען. דער גערויש פון זיינע שפּאָרען האָט באַגלייט זיין דונערענדער שטימע. גראַף מאַרטען איז פאַרבליבען אַ ציטערענדיגער און אַ שטאַמלענדיגער פאַר זיין גאַנצען לעבען. און זייענדיג באַהאַלטען אין זיין הויז, אין לאַאָן, האָט ער אַלץ מיט ציטערניש דאָרט אַהינגערופען די בורבאָנען נאָך דעם אימפּעראַטאָר׳ס נידערלאַגע. עס האָט ניט גע־האָלפען וואָס די צוויי שפּעטערדיגע רעגירונגס־אָרדנונגען, די יולי רעגירונג און דאָס צווייטע קייזערלייך האָבען באַשאָטען מיט מעדאַלען און אויסצייכנונגען זיין דערדריקענדע ברוסט. ווערענ־דיג דערהויבען צו די העכסטע עמטער, זייענדיג באַלאָדען מיט כיבודים פון דריי קעניגען און איין קייזער, האָט ער אָבער אויף שטענדיג געפיהלט אויף זיינע פּלייצעס די האַנט פון דעם קאָרסאַ־נער. ער איז געשטאָרבען אַלס סענאַטאָר פון נאַפּאָלעאָנען דעם

דריטען, איבערלאָזענדיג אַ זוהן, וואָס האָט פון פאָטער גע'ירש'נט זיין אויפרעגונג און ציטערניש.

דער זוהן האָט געהייראַט מיט פריילין בעלעם, אַ טאָכטער פון דעם ערשטען פרעזידענט פון בורזשער געריכט. מיט איהר האָט ער אויך איבערגענומען די פּאָליטישע גלאָריע פון אַ פאַמיליע, וואָס האָט געגעבען צו דער באַגרענצטער מאָנאַרכיע דריי מיניס־טאָרען. די בעלעמ'ער, וואָס זיינען געווען אדוואָקאַטען אונטער לואי דעם 15טען, האָבען אַ ביסעל פאַררוכט די פאַרגאַנגענהייט פון די מאַרטענ'ער, וואָס זיינען געווען יאַקאָבינער. דער צווייטער גראַף מאַרטען איז געזעסען אין יעדער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג ביז צו זיין טויט, אין 1881. שאַרל מאַרטען־בעלעם, זיין זוהן, האָט אָהן שוועריגקייטען פאַרנומען דעם פאָטער'ס פלאַץ אין פאַר־לאַמענט. חתונה האָבענדיג מיט פריילין טערעזאַ מאָנטעסי, וועמענס נדן האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט אויפצוהאַלטען זיין פּאָליטישע שטעלונג. שטילערהייט האָט ער פאַרנומען זיין פלאַץ צווישען יענע פיער אָדער פינף באַטיטעלטע און רייכע בורזשויען, וועלכע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער דעמאָקראַטיע און אָן דער רעפּובליק. זיי האָבען געקראָגען ניט קיין שלעכטע אויפנאַמע פון די אָנגעזעהענע רעפּובליקאַנער פיהרער, וואָס האָבען זיך געפונען געשמייכעלט פון זייערע אַריסטאָקראַטישע נעמען, און פיהלענדיג זיך זיכער צוליעב זייער גייסטיגער מיטעלמעסיגקייט.

איבער די טירען פון עס־צימער האָבען דאָ און דאָרטען, אין שאָטען, זיך אַרויסגעזעהן די געפלעקטע פעל פון אודרי הונד. אנטקעגען איבער דעם פלאַטאָ, מיט איהרע גאָלדענע בינען און שטערן, צווישען די צוויי סטאַטוען, וואָס האָבען פאָרגעשטעלט מיט זיך ז י ע ג, און וועלכע האָבען אויף זיך געטראָגען די ליכט, האָט גראַף מאַרטען־בעלעם געפיהרט דעם טיש מיט אַ מין באַטריב־טען חן, מיט אָט יענער מעלאַנכאָלישער העפליכקייט, וואָס ער האָט אַמאָל אַרויסגעצייגט אין עליזעאום פאַלאַץ, בעת ער האָט דאָרט פאַרטראָטען אין נאָמען פון אַ גרויסען הויף דאָס איזאָלירטע און צוזאַמענגעדריקטע פראַנקרייך. פון צייט צו צייט האָט ער געמאַכט אינטערעסאַנטע באַמערקונגען אויף רעכטס: צו מאַדאַם גאַרען, די פרוי פון געוועזענעם „וועכטער פון די מלוכה זיגלען“, און אויף

לינקס: צו דער פּרינצעסין סעניאַווין, וואָס איז געווען אינגאַנצען באַדעקט מיט דימענטען און האָט זיך געלאַנגווייליגט ביז טרערען. אַנטקעגען איבער איהם, אויף דער אַנדערער זייט פון דעם בלומען קאָרב, איז געזעסען די גרעפין מאַרטען; רעכטס און לינקס פון איהר זיינען געזעסען גענעראַל לאַריוויער און הערר שמאַל, פון אַרבעלאָגישען אינסטיטוט. זי האָט צאַרט געוועהעט מיט דעם פאָכער איבער איהרע שעהנע און ווייסע שולטערן. ביי די צוויי האַלב־רונדע קרייזען פון טיש זיינען געזעסען: דער קרעפּטינגער און פולפּאַרביגער הערר מאָנטעסי, אַ יונגע קוזינע, מאַדאַם בעלעם דע סען־נאָן, וועלכע האָט זיך געפיהלט ווי אין אַ פּאַרלעגענהייט מיט איהר לאַנגע מאָגערע הענט; דער מאָלער דיואַוויקע, הערר דאַניעל סאַלאָמאָן, פּאָול וואַנס, דער דעפּוטאַט גאַרען, הערר בעלעם דע סען־נאָן, אַן אומבעקאַנטער סענאַטאָר און דעשאַרט, וואָס האָט צום ערשטען מאָל געגעסען מאָלצייט אין דיזען הויז. דער גע־שפּרעך, וואָס איז פריהער געווען לייכט און קורץ, איז בּיסלאַכווייז געוואָרען לעבהאַפט, ביז עס איז געוואָרען אַן אַלגעמיינער גערויש, פון וועלכען עס האָט זיך אַרויסגעהערט גאַרען׳ס שטימע:

— יעדע פאַלשע אידעע איז אויך אַ געפערליכע. די וואָס גלויבען, אַז טרוימער קאָנען קיין שלעכטס ניט טאָן, האָבען אַ טעות. זיי טוען אַ גרויסען שאָדען. אוטאָפּיען, וואָס ווייזען אוים צו זיין אַמוויינינגסטען אָנגרייפענד, זיינען אָבער אין דער אמת׳ן זעהר שעד־ליך. זיי זיינען פעהיג אַרויסצורופען אַן עקעל צו דער ווירקליכ־קייט.

— דאָס איז אפשר דערפאַר וואָס די ווירקליכקייט איז ניט שעהן — האָט געזאָגט פּאָול וואַנס.

דער געוועזענער „זיגעל־וועכטער“ האָט פּראָטעסטירט, זאָ־גענדיג, אַז ער איז צום גונסטען פון אירגענד וועלכער מעגליכער רעפאָרם. און, ניט דערמאָנענדיג אַז אונטער׳ן קייזעררייך האָט ער געפאָדערט, אַז שטענדיגע אַרמעען זאָלען אָפּגעשאַפען ווערען און אין 1880, אַז די מלוכה זאָל אָפּגעטיילט ווערען פון דער קירך, האָט ער דערקלערט, אַז געטריי צו זיינע פּרינציפּען, איז ער פאַרבליבען דער איבערגעבענער דינער פון דער דעמאָקראַטיע. זיין לאָזונג,

האָט ער געזאָגט, איז געווען : אָרדנונג און פּראָגרעס. און ער האָט באמת געגלויבט, אז ער איז געווען דער ערשטער דאָס צו אַנטדעקן.

מאָנטעסי האָט געענטפערט מיט זיין רויהער גוטמוטיגקייט :

— נו שוין, גארען, זייט דאָך אויפריכטיג. זייט זיך מודה, אז עס זיינען ניט מעהר פארבליבען קיין שום רעפאָרמען צו מאכען, סיידען צו ענדערן די פארב פון די פאָסט־מארקען. גוט צו שלעכט, זיינען די זאכען אזוי ווי זיי האָבען געדאַרפט זיין. יאָ, האָט ער צוגעגעבען, די זאכען זיינען אזוי ווי זיי האָבען געדאַרפט זיין. זייט 1870 האָט דער אינדוסטריעלער און פינאנציעלער צושטאנד פון לאנד דורכגעמאכט פינף רעוואָלוציעס, וועלכע די עקאָנאָמיסטען האָבען ניט פאָראויסגעזעהן, און וואָס זיי פארשטעהען נאָך ביז צום היינטיגען טאָג ניט. אין דער געזעלשאפט, פונקט ווי אין דער נאַטור קומען די ענדערונגען פאָר פון א י נ ו ו י י נ י ג.

וואָס עס איז שייך דער רעגירונג האָט ער זיינע אַנזיכטען אויסגעדריקט קורץ און שאַרף. זייענדיג שטארק צוגעבונדען צו דער געגענוואַרט, און זאָרגענדיג זעהר ווייניג פאר דער צוקונפט, האָבען איהם די סאָציאַליסטען ווייניג וואָס געקימערט. אזוי ווי עס האָט איהם ניט געאַרט, אויב די זון און דער קאַפּיטאל וועלען אמאל פארשוואונדען ווערען, האָט ער דערווייל פון זיי גענאָסען וויפיעל ער האָט געקאָנט. זיין מיינונג איז געווען, אז מען דאַרף זיך לאָזען טראָגען פון שטראָם. בלויז אידיאָטען שטעלען זיך אַנטקעגען איהם און משוגעים לויפען איהם פאָראויס.

אָבער דער גראף מאַרטען, וועלכער איז געווען מעלאנכאָליש פון דער נאַטור, האָט געהאַט באַטריבטע פאָרגעפיהלען. אין פאַרשטעלטע ווערטער האָט ער אָנגעזאָגט, אז עס דערנעהענטערען זיך אויף אונז קאַטאַסטראָפען.

זיינע באאומרוהיגענדע ווערטער האָבען דערגרייכט אויף דער אנדערער זייט פון בלומען קאָרב און שטארק געריהרט דער הערר שמאָל, וועלכער האָט אָנגעהויבען זיפצען און זאָגען נביאות. ער האָט דערקלערט, אז די קריסטליכע פעלקער גופא קאָנען ניט בלויז מיט זייער אייגענער הילף, איינגאנצען זיך באפרייען פון בארבעריי און אז אָהן די אידען און אראבער וואָלט אייראָפּא נאָך היינט געווען

פונקט ווי אין דער צייט פון די קרייץ־צוגען, פארזונקען אין אומ־וויסענהייט, עלענדקייט און גרויזאמקייט.

— דער מיטעלאלטער — האט ער געזאגט — איז א פארגאנ־גענע זאך, בלויז אין די האנטביכער פון געשיכטע, מיט וועלכע מען לערנט די שול קינדער, כדי צו פארטומלען זייערע מוחות. אין דער אמת'ן בלייבען בארבארען שטענדיג בארבארען. ישראל'ס מי־סיע איז צו לערנען די נאציאנען. ישראל האט אין מיטעלאלטער געבראכט נאך אייראפא די חכמת אזיען. דער סאציאליזם דער־שרעקט אייך. אבער דאס איז א קריסטליכע קראנקהייט פונקט ווי דער מאנארכיזם. און דער אנארכיזם? דערקענט איהר דען ניט אין זיי די אלע צרעת פון די אלביגענזיער און וואדואנער. די אידען, וועלכע האבען אייראפא ציוויליזירט און דערצויגען, זיינען היינט די איינציגע, וועלכע קאנען איהר ראטעווען פון דער עוואנ־געלישער חולאת פון וועלכע זי ווערט צופרעסען. אבער די אידען האבען ניט געטאן זייער פליכט. צווישען די קריסטען זיינען זיי אויך געווארען קריסטען. און נאט באשטראפט זיי דערפאר. ער ערלויבט אז מען זאל זיי פארטרייבען און פלינדערן. דער אנטי־סעמיטיזם מאכט אומעטום א שרעקליכען פארטשריט. אין רוס־לאנד ווערען מיינע גלויבענס־גענאסען געטריבען ווי ווילדע חיות. אין פראנקרייך זיינען ציווילע און מיליטערישע עמטער פארבאטען פאר אידען. מען לאזט זיי ניט מעהר אריין אין די אריסטאקרא־טישע קרייזען. מיין יונגער פלימעניק, יצחק קאבלענטץ, האט זיך געמוזט אפזאגען פון זיין דיפלאמאטישער קאריערע נאכדעם ווי ער האט גלענצענד אויסגעהאלטען זיין עקזאמען. ווען מאדאם שמאל באזוכט אמאל די פרויען פון פיעלע מיינע קאלעגען, ליי־גען זיי איהר אוים, גלייך פאר איהרע אויגען, אנטיסעמיטישע צייטונגען. און וועט איהר זיך גלויבען, אז דער בילדונגס־מיניסטער האט זיך אנטזאגט מיר צו געבען דעם קרייץ פון עהרען־לעגיאן, נאכדעם ווי איך האב איהם געבעטען? אט דאס הייסט אומדאנק־בארקייט! אט דאס הייסט וואנזיניגקייט. דער אנטיסעמיטיזם, הערט איהר, איז דער טויט פון דער אייראפאישער ציוויליזאציע.

אט דער קליינינקער מענשעל האט געהאט אין זיך אזוי פיעל נאטירליכעס, וואס האט איבערגעשטיגען אירגענד וועלכע קונסט

אין דער וועלט. זייענדיג גראטעסק און מורא'דיג האט ער געבראכט אין פארשעגנהייט אלע געסט ארום טיש מיט זיין אפענהארציגקייט. מאדאם מארטען, וואס האט זיך דערפון אמוזירט, האט איהם געמאכט א קאמפלימענט:

— איהר, וויניגסטענס — האט זי געזאגט — פארטיידיגט כאטש אייערע גלויבענס־גענאסען. איהר, העדר שמאל, זיינט ניט ווי א געוויסע זעהר שעהנע אידישע דאמע, וועלכע איך קען; יענע האט אמאל געלעזען אין א צייטונג, אז צו איהר קומען די אנגעזעהענסטע מיטגלידער פון דער אידישער געזעלשאפט, איז זי אוועק אומעטום שרייען, אז מען באליידיגט איהר.

— איך בין זיכער, מאדאם, אז איהר ווייסט ניט, ווי פיעל שענער און העכער אידישע מאראל איז אין פארגלייך צו אלע אנדערע מאראלען. קענט איהר דעם משל פון די דריי רינגען?

די פראגע האט זיך פארלוירען אין דעם גערויש פון געשפרעכען און דיסקוסיעס וועגען דער אויסלענדישער פאליטיק, וועגען קונסט אויסשטעלונגען, וועגען סקאנדאלען פון דער עלעגאנטער וועלט און וועגען אקאדעמישע רעדעס. מען האט גערעדט וועגען נייעסטען ראמאן און פון דער פיעסע וואס מען דארף איצט אויפפיהרען. עס איז געווען א קאמעדיע. נאפאלעאן האט דארט געשפיעלט אן עפיזאדישע ראלע.

דער געשפרעך האט זיך קאנצענטרירט אויף נאפאלעאנען. ער איז שוין אפט פארגעשטעלט געווארען אויף דער בינע. אין די לעצטע ווערק, וואס מען האט וועגען איהם געשריבען, און וואס ווערען פיעל געלעזען, איז ער געשילדערט געווארען אלס א מערקווירדיגע, אלס א היינטוועלטיגע פערזאן, און ניט מעהר אלס א פאפולערער העלד, אדער אלס מיליטערישער האלב־גאט פון פאטערלאנד, ווי מען האט באשאפען זיין לעגענדע אין די צייטען פון נארווען און בעראנזשע, שארלע און ראפע. איצט ווערט ער באטראכט אלס א מערקווירדיגע פערזאן, אן אמוזירענדער טיפ לויט אלע אינטימסטע איינצעלהייטען — אט פונקט אזא פיגור, וועמענס סטיל זאל געפעלען ווערען די קינסטלער און פאראינטערעסירען די נייגעריגע לידינגעהער.

גארען, וועלכער האט צו פארדאנקען זיין פאליטישע גרויס־

קיים צום האס וואס ער האט געטראָגען געגען קייזעררייך, האט אויפריכטיג געגלויבט, אז אט די רעאקציע אין נאציאָנאַלען גע־שמאק איז ניט מעהר ווי אן אבסורדע פארבלענדעניש. ער האט אבער דערין ניט געזעהן קיין שום געפאר און ער האט זיך ניט גע־שראָקען. ער איז איינער פון די, ביי וועמען די שרעק ברעכט אויס פלוצלינג און מיט שטורם. דערווייל איז ער געווען גאנץ רוהיג, ווייל ער האט ניט געדענקט ניט וועגען פארוערען צו שפיעלען די פארשטעלונגען, ניט וועגען קאָנפיסקירען די ביכער און איינזעצען די פארפאסער און אויך ניט וועגען אונטערדריקען אירגענד וועלכע אנדערע זאך. ער האט אויסגעזעהן רוהיג און שטרענג און ער האט באטראכט נאפאָלעאָנען ניט מעהר ווי פאר טעיג'ס סאָלדאטען־אָנפיהרער, וועלכער האט וואָלני'ן געגעבען א שטויס מיט'ן פוס אין בויך אריין.

יעדער איינער האט געוואָלט געבען זיין אייגענע אָפּשאצונג וועגען דעם אמת'ן נאפּאָלעאָן. גראף מארטען, אנטקעגען איבער דער קייזערליכער פלאטאָ מיט די געפליגעלטע זיעגעס־סטאטוען, האט אין פאסיגע ווערטער געשילדערט נאפּאָלעאָנ'ען דעם אָרגאַ־ניזאטאָר און האט איהם זעהר הויך געשאצט אלס פרעזידענט פון שטאטס ראט, וואו זיין ווארט האט געווארפען א ליכט אויף פונק־טען וואס זיינען געווען ניט קלאָר.

גארען האט דערקלערט, אז בעת יענע זיצונגען, וואס זיינען שוין צופיעל בארימט, פלעגט נאפּאָלעאָן, אונטער'ן אויסרייד, אז ער וויל נעמען א שמעק טאבאק, צונעמען ביי זיינע ראטגעבער זייערע גאָלדענע פושקעלאך, וואס זיינען געווען אויסגעפּלאסטערט מיט דימענטען — און זיי האבען שוין דאס קיינמאָל צוריק ניט געזעהן. דאס האט זיך געענדיגט דערמיט, וואס די מלוכה לייט פלעגען שוין קיינמאָל ניט ברייגגען צו די זיצונגען קיין אנדער זאך ווי לעדערנע שמעק־טאבאק פושקעס. דעם אנעקדאָט האט ער גע־הערט פון מוניע'ס זוהן גופא.

מאָנטעסי האט פארעהרט נאפּאָלעאָנ'ען פאר זיין אָרדנונגס־ליעבענדען גייסט.

— ער האט ליעב געהאט — זאָגט ער — אז א זאך זאָל גע־

טאָן ווערען גוט און געשיקט. דאָס איז אַ געשמאַק וואָס איז שוין היינט ניט מעהר בנמצא.

דער מאָלער דיואַוויקע, וואָס האָט געהאַט אידעען פון אַ מאָ־לער, איז געווען אין אַ פאַרלעגענהייט. אויף דער טויטען־מאַסקע, וואָס מען האָט געבראַכט פון סאַנט העלענאַ, האָט ער ניט געקענט געפינען די שטריכען פון יענעם שעהנעם און מעכטיגען פנים, וואָס איז אויסגעקריצט אויף מעדאַלען און ביוסטען. יעדער איינער האָט זיך וועגען דעם געקענט איבערצייגען, נאָכדעם ווי עס זיינען געמאַכט געוואָרען בראָנזענע רעפּראָדוקציעס פון דער מאַסקע, וואָס איז אַראָפּגענומען געוואָרען פון אַ בוידעם־שטיבעל. מען האָט זיי איצט געזעהן ביי יעדען קרעמער, צווישען פאַרגילדעטע האָלצערנע אָדלערס און ספינקסען. זיין מיינונג איז געווען, אַז אַזוי ווי דער אמת'ער פנים פון נאַפּאָלעאָנ'ען איז ניט געווען קיין נאַפּאָלעאָנישער, איז מסתמא די נשמה פון נאַפּאָלעאָנ'ען אויך ניט געווען קיין נאַ־פּאָלעאָנישע: עס איז אפשר געווען די נשמה פון אַ גוטען בורזשוי. מען האָט דאָס שוין אפילו געזאָגט, און ער איז געווען גענייגט צו גלויבען דערין. איבריגענס האָט דיואַוויקע, וועלכער האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט געמאַכט פּאָרטרעטען פון איצטיגען יאָהר־הונדערט, געוואוסט אַז די באַרימטע מענשען זעהען גאָרניט אַזוי אויס ווי מען שטעלט זיי פאָר.

הערר דאַניעל סאַלאָמאָן האָט באַמערקט, אַז די מאַסקע, וועגען וועלכער דיואַוויקע האָט גערעדט, און וואָס איז אַראָפּגענומען געוואָרען פון דעם אימפּעראַטאָר'ס טויטען פנים, איז געבראַכט געוואָרען קיין אייראָפּאַ פון דעם דאָקטאָר אַנטאָמאַרשי. מען האָט איהר צום ערשטען מאָל אויסגעגאָסען אין בראָנז און אַרויסגעגעבען דורך אַבאָנענטען אונטער דער רעגירונג פון לואי פיליפּ, אין 1833. דאַמאָלט האָט די מאַסקע אַרויסגערופען אַן איבעררֵאַשונג און אַן אומגלויבען. מען האָט דעם איטאַליענער, וואָס איז געווען אַ כלומר'שטער אַפּטייקער און פלאַפּלער, וואָס האָט געזוכט באַרימט צו ווערען, באַשולדיגט אַז ער האָט געמאַכט לצנות פון דער וועלט. די נאָכפאָלגער פון דאָקטאָר גאַל, וועמענס סיסטעם איז דאַמאָלט געווען אָנגענומען, האָבען געהאַלטען די מאַסקע פאַר פאַרדעכטיג. זיי האָבען אין איהר ניט געקענט געפינען קיין שום זאַך וואָס זאָל

אָנצייגען די סמנים פון אַ זשעניע. דער שמערע, וואָס איז עקזאַ־מינירט געוואָרען לויט דעם לערער׳ס טעאָריען, האָט ניט געהאַט אין זיך קיין שום אויסערגעווענליכעס.

— ריכטיג — האָט געזאָגט פּרינצעסין סעניאַווין — אַלץ וואָס אין נאַפּאָלעאָנ׳ען איז דאָ אויסערגעווענליכעס, איז דאָס וואָס ער האָט וואָלני׳ן אַ שטויס געטאָן מיט׳ן פוס אין בויך אַריין און גע׳־גנב׳עט טאַבאַק־פּושקעלאַך, וואָס זיינען געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט דימענטען. הערר גאַרען האָט עס דאָ פריהער דערצעהלט.

— און נאָך אַלעמען — האָט געזאָגט מאַדאַם מאַרטען — איז מען עס דען אַזוי זיכער, אַז ער האָט איהם געגעבען אַ שטויס מיט׳ן פוס?

— אַלץ אין דער וועלט איז צווייפעלהאַפט — האָט פרעהליך געענטפערט די פּרינצעסין. נאַפּאָלעאָן האָט גאָרניט געטאָן: ער האָט אפילו וואָלני׳ן קיין שטויס מיט׳ן פוס ניט געגעבען, און געהאַט האָט ער אַ קאָפּ פון אַן אידיאָט.

גענעראַל לאַריוויער האָט געפיהלט, אַז ער דאַרף איצט אַרויס־שיסען. און ער איז אַרויס מיט דער פאָלגענדער פראַזע:

— נאַפּאָלעאָנ׳ס מלחמה פעהיגקייטען פון 1813 איז פיעל קריטיקירט געוואָרען.

דער גענעראַל האָט געהאַט אַ געדאַנק געפעלען צו ווערען גאַ־רענ׳ען, אָבער קיין שום אַנדערע געדאַנקען האָט ער ניט געהאַט. יעדענפאַלס איז עס איהם געלונגען, מיט אַ ביסעל אַנשטרענגונג, צו פאָרמולירען פאָלגענדע מיינונג:

— נאַפּאָלעאָן איז באַגאַנגען פעלערען, און אַזאַ שטעלונג וואָס ער האָט פאַרנומען האָט ער זיי ניט געדאַרפט באַגעהן.

דערנאָך האָט ער זיך באַרוהיגט, ווערענדיג זעהר רויט.

מאַדאַם מאַרטען האָט געפרעגט:

—און איהר, הערר וואַנס, וואָס דענקט איהר וועגען נאַפּאָלעאָן?

—מאַדאַם, די אויפגעבלאָזענע סאָלדאַטען זיינען ניט לויט מיין געשמאַק און די עראָבערער שיינען פאַר מיר צו זיין געפעהרליכע משוגעים. ווי עס זאָל אָבער ניט זיין, אינטערעסירט מיך דער אימ־פּעראַטאָר פונקט אַזוי ווי ער אינטערעסירט דעם פּובליקום. איך געפין אין איהם כאַראַקטער און לעבען. עס איז ניטאָ אַזאַ פּאָעמאַ

אָדער אַזאַ אַוואַנטוריסטישער ראָמאַן, וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייַ־כען מיט׳ן „מעמאָריאַל״, וועלכער איז דאָך פונדעסטוועגן געשרי־בען געוואָרען אויף אַ לעבערליכען אופן. וואָס איך דענק וועגען נאַפּאָלעאָנ׳ען — אַזוי ווי איהר ווילט עס שוין וויסען — איז, אַזוי ווי ער איז באַשאַפען געוואָרען פאַר גלאָריע, ווייזט ער זיך דאָרט אַרויס אין אַ גלענצענדער איינפאַכקייט, ווי אַן עפּישער העלד. אַ העלד דאַרף זיין מענשליך. נאַפּאָלעאָן איז געוועזן מענשליך.

די באַמערקונגען זיינען אויפגענומען געוואָרען מיט אַ שטאַרקע בעגייסטערונג.

אָבער פּאָול וואַנס האָט פאָרטגעזעצט:

— ער איז געוועזן גוואַלדיג און קליינליך אין דער זעלבער צייט; און דערפאַר איז ער געוועזן טיף מענשליך. איך מיין דערמיט, אַז ער איז געוועזן ענליך צו אַלע אַנדערע מענשען. מיט אַ זאָנדער־באַרער מאַכט האָט ער געוואָלט אַלץ וואָס דער געוועהנליכער מענש זוכט און פאַרלאַנגט. ער גופא האָט באַזעסען אַזעלכע אילוזיעס מיט וועלכע ער האָט אינספּירירט די פעלקער. דאָס איז געוועזן זיין קראַפט און זיין שוואַכקייט, דאָס איז געוועזן זיין שעהנקייט. ער האָט געגלויבט אין גלאָריע. ער האָט געדיינקט וועגען לעבען און וועגען דער וועלט כמעט אַזוי ווי עס האָט וועגען דעם געדיינקט איינער פון זיינע גרענאַדירען. ער האָט שטענדיג אין זיך געהאַט די קינדישע ערנסטקייט וואָס האָט איהם פאַרשאַפט אַזוי פיעל פרייד, שפּיעלענדיג זיך מיט שווערדען און פויקען, און אַט יענעם סאָרט אונשולדיגקייט, אַ דאַנק וועלכער מען איז אַ גוטער סאָלדאַט. ער האָט געהאַט אַן אויפריכטיגע אַכטונג פאַר מאַכט. ער איז גע־ווען דער מאַן פון די מענער, פלייש פון זייער פלייש. ער האָט גאָרניט געהאַט אַזאַ געדאַנק וואָס זאָל ביי איהם ניט זיין קיין טאַט, און אַלע זיינע טאַטען זיינען געווען גראַנדיעזע און דאָך געוועהנליכע. אַט די וואולגאַרע גרויסקייט באַשאַפט דאָס די העלדען. און נאַ־פּאָלעאָן איז געווען אַ פאָלשטענדיגער העלד. זיין מאַרך האָט קיינ־מאָל ניט איבערגעשטיגען זיין האַנט, אָט די קליינע און שעהנע האַנט, וואָס האָט איינגעלייגט אַ וועלט. ער האָט קיינמאָל פאַר קיין איין מאָמענט ניט געהאַט דעם פאַרלאַנג נאָך אַ זאַך וואָס ער האָט ניט געקענט דערגרייכען.

— הייסט עס — זאָגט גאַרען — אַז לויט אייער מיינונג איז ער ניט געווען קיין אינטעליגענטער זשעניע. איך בין מיט אייך איינשטימיג.

— געווים — האָט פאַרטגעזעצט פאָול וואַנס — ער האָט געהאַט די זשעניע וואָס איז נויטיג אַרויסצוברייינגען אַ גלענצענדע פיגור אויף דער ציווילער און מיליטערישער צירק פון דער וועלט. אָבער ער האָט ניט באַזעסען דעם ספּעקולאַטיווען זשעניע. אַט דער מין זשעניע איז „אַן אַנדער פּאָר הענדשקעס“, ווי בופאָן פלעגט זאָגען. מיר האָבען דאָך די זאַמלונג פון זיינע שריפטען און זיינע רעדען. דער סטיל איז בילדליך און האָט אין זיך באַוועגונג. און אַט אין דער מאַסע געדאַנקען געפינען זיך ניט קיין איין פילאָזאָ־פישע קוריאָזיטעט, ניטאָ דאָרט קיין באַגער צו וויסען דאָס וואָס מען קען ניט וויסען, ניטאָ דאָרט די מיסטעריעזע אומרוהיגקייט פון שיקזאַל. אין סאַנט העלענא, ווען ער רעדט וועגען גאָט און דער נשמה, האָט ער אַ פּנים, פון אַ גוטען קליינעם פערצען יעהריגען שול־אינגעל. ווען זיין נשמה איז אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין דער וועלט האָט זי זיך פאַרמאָסטען מיט איהר און זי האָט אַלץ אַרומגענומען. קיין איין שטיקעל פון זיין נשמה איז ניט פאַרלוירען געגאַנגען אין דער אומענדליכקייט. זייענדיג אַ פּאָעט, האָט ער ניט געוואוסט קיין אַנדער זאַך ווי די פּאָעזיע פון טעטיגקייט. זיין מעכטיגער חלום פון לעבען האָט זיך באַגרעניצט מיט דער ערד. זייענדיג אינגליש אויף אַ שרעקליכען און פּאַטעטישען אופן, האָט ער געגלויבט אַז אַ מאַן קען זיין גרויס, די צייט און די אומגליקען האָבען איהם פון די קינדישע איינרעדענישען ניט געקענט באַרויבען. זיין יוגענד, אָדער, בעסער געזאָגט, זיין דערהויבענע יוגענד, האָט גע־דויערט ביז זיין טויט, ווייל אין פאַרלויף פון זיין גאַנצען לעבען איז ער געווען אוממעכטיג צו פאַרמירען פאַר זיך אַ באַוואוסטזיניגע רייפקייט. דאָס איז דער אומנאָרמאַלער צושטאַנד פון אַלע טאַט־קרעפטיגע מענער. זיי געפינען זיך מיט לייב און נשמה אין דעם מאָמענט אין וועלכען זיי לעבען און זייער זשעניע זאַמעלט זיך אָן אויף איין פּונקט. זיי האַלטען זיך אין איין באַנייען, אָבער זיי וואַק־סען ניט. די שטונדען פון זייער לעבען זיינען ניט צוזאַמענגעבונדען צווישען זיך מיט אַ קייט פון ערנסטע, אומאייגענוציגע נאָכקלע־

רונגען. זייער לעבען באשטעהט ניט פון פארטזעצונגען ; עס איז ניט מעהר ווי איין צושטאנד פארנעמט דעם פלאץ פון אן אנדערער אין א רייהע טאטען. דערפאר פעהלט זיי דאס אינערליכע לעבען. אט דעם חסרון קאן מען באזונדערס שטארק באמערקען ביי נאפאלעאנ׳ען, וועלכער האט זיך קיינמאל אין זיך ניט ארייגעלעבט. דערפון נעמט זיך צו איהם יענע לייכטהערציגקייט וואס האט איהם מעגליך געמאכט לייכט אריבערצוטראגען דעם גרויסען בארג פון זיינע ליידען און פון זיינע פעלערען. זיין אייביג נייע נשמה איז ווידער געבוירען געווארען יעדען פריהמארגען. ער איז געווען דער פעהיגסטער מענש זיך אליין אונטערצוהאלטען. דעם ערשטען טאג וואס ער האט געזעהן די זון אויפשיינען איבער זיין טרויעריגען פעלז פון סאנט העלענא, איז ער ארויפגעשפרינגען פון בעט און געפייפט א ניגן פון א ראמאנס. דאס איז געווען די פרידליכקייט פון א נשמה וואס איז העכער פון גליק, און הויפטזעכליך איז דאס געווען די לייכטקייט פון א גייסט, וואס קאן שנעל צוריק געבוירען ווערען. ער האט געלעבט פון אויסווייניג.

גארען, ווען עס איז ניט געפעלען אט די גייסטיגע שאפינגע ווענדונג פון דער דיסקוסיע און פון דער שפראך, האט זיך געוואלט צואיילען מיט א מין רעזומע.

— מיט איין ווארט — זאגט ער — עפעס א פארזעהעניש איז געלעגען אין דעם מענש.

— קיין פארזעהענישען עקזיסטירען ניט. — האט פאול וואנס געענטפערט — און מענער, וועלכע מען נעמט אן פאר פארזעהענישען, דערוועקען אין אונז א שווידער. אבער נאפאלעאן איז באליעבט געווען ביי א גאנצען פאלק. ער האט געהאט די מאכט ארויסצורופען ליעבע צו זיך אויף יעדען טריט און שריט. עס איז געווען א פרייד פאר די סאלדאטען ווען זיי האבען געקענט אפגעבען זייער לעבען פאר איהם.

גרעפין מארטען האט געוואלט אז דעשארט זאל אויך געבען זיין מיינונג. אבער עס האט אויסגעזעהן ווי ער וואלט זיך געשראקען צו רעדען.

— קענט איהר — האט געזאגט שמאל — דעם משל מיט

די דריי רינגען, אָט די הויכע אינספּיראַציע פון אַ פּאָרטוגעזישען אידען?

גארען, כאָטש גראַטולירענדיג פּאול וואגס'ען פאַר זיין גלענ־צענדען פּאַראַדאָקס, האָט אָבער באַדויערט וואָס דער אינטעלעקט זאָל האָבען זיין איינפלוס אויפ'ן חשבון פון מאָראַל און גערעכטיג־קייט.

— עס איז פאַרהאַן — זאָגט ער — אַ פּרינציפּ און דאָס איז, אַז די מענער דאַרפען געאורטיילט ווערען לויט זייערע טאַטען.

— און די פרויען? — האָט פלוצלינג געפרעגט פּרינצעסין סעניאַווין — אורטיילט איהר זיי אויך לויט זייערע טאַטען? און ווי אזוי ווייסט איהר דען וואָס זיי טוען?

די קולות פון זייערע געשפּרעכען האָבען זיך אויסגעמישט מיט די קלאַנגען פון זילבערוואַרג. די לופט אין צימער איז געווען אָנ־געהייצט און נאָך שווערער געוואָרען פון דער פּאַרע. בלעטלאָך פון פּאַרוועלקטע רויזען זיינען אַראָפּגעפאַלען אויפ'ן טישטוך. אין די מוחות פון די אַנוועזענדע האָבען זיך די געדאַנקען פאַרמעהרט און פאַרשטאַרקט.

גענעראַל לאַריוויער איז אַריינגעפאַלען אין טרוימערייען:

— ווען איך וועל פריי ווערען — האָט ער געזאָגט צו זיין שכנ'טע — וועל איך זיך אַריבערציהען נאָך טור און איך וועל דאָרט קולטיווירען בלומען.

ער האָט זיך באַריהמט, אַז ער איז אַ גוטער גערטנער; אַ רויז האָט מען אַ נאָמען געגעבען נאָך איהם און ער איז געווען שטאָלץ דערמיט.

שמאָל האָט נאָך אַמאָל געפרעגט, אויב מען האָט געהערט וועגען דעם משל פון די דריי רינגען.

דערווייל האָט די פּרינצעסין זיך געוויצעלט מיט דעם דעפּו־טאַט.

— הייסט עס, אַז איהר ווייסט ניט, הערר גארען, אַז מען קאָן טאָן די זעלבע זאַכען צוליעב דורכאויס פאַרשיעדענע אורזאַכען.

מאָנטעסי האָט צוגעגעבען אַז זי האָט רעכט.

— מאַדאַם, עס איז אמת, ווי איהר זאָגט, אַז טאַטען באַווייזען נאָך גאָרניט. אָט דער געדאַנק ווייזט זיך באַזונדערס אַרויס אין

אַן עפּיזאָד וועגען דעם לעבען פון דאָן זשואַן. ניט מאָליער און ניט מאָצאַרט האָבען וועגען דעם געוואוסט. אָבער עס ווערט דער־צעהלט אין אַן ענגלישער לעגענדע, וואָס מיר האָט איבערגעגעבען מיין פריינד דזשיימס לאָועל פון לאָנדאָן. עס ווערט אין איהר דער־צעהלט, אַז דער גרויסער פאַרפיהרער האָט אַרויסגעוואָרפען זיין צייט מיט גאָרניט פאַר דריי פרויען. איינע איז געווען אַ בור־זשויקע: זי האָט ליעב געהאַט איהר מאַן; די אַנדערע איז געווען אַ נאָנע: זי האָט זיך ענטזאַגט צו ברעכען איהר נדר. די דריטע, וואָס האָט לאַנג געפיהרט אַן אויסגעלאַסענעם לעבען, איז, ווערענדיג מיאוס, געוואָרען אַ דיענסט אין אַ נידריגען נאַכט־הויז; נאָך אַ לעבען ווי זי האָט געפיהרט, נאָכדעם אַלעם וואָס זי האָט זיך אָנגע־זעהן, האָט ליעבע פאַר איהר ניט געהאַט קיין שום באַדייטונג. אָט די דריי פרויען האָבען זיך אויפגעפיהרט אויפ'ן זעלבען אופן פאַר זעהר פאַרשידענאַרטיגע אורזאַכען. אַ טאַט באַווייזט נאָך גאָרניט. בלויז די אַלגעמיינע טאַטען, זייערע געוויכט, זייער סך הכל באַ־שטימען ערשט דעם ווערט פון אַ מענשליכען וועזען.

— אַ טייל פון אונזערע טאַטען — האָט געזאָגט מאַדאַם מאַר־טען — האָבען אונזער אויסזעהן, אונזער פּנים: דאָס זיינען אונ־זערע טעכטער. די אַנדערע האָבען גאָר קיין שום עהנליכקייט ניט צו אונז.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנגענומען דעם אָרעם פון גע־נעראַל.

דורכגעהענדיג געאָרעמט מיט גאַרען צום זאַל, האָט די פּרינ־צעסין געזאָגט:

— זי האָט רעכט, טערעזאַ... די אַנדערע האָבען גאָר קיין שום ענליכקייט ניט צו אונז. דאָס זיינען קליינע ניגערקעלאַך, וואָס מען האָט געהאַט שלאָפענדיג.

די נימפען אויף די טעפּיכער, אין זייער פאַרגאַנגענער שעהנ־קייט, האָבען אומזיסט געשמייכעלט צו די געסט, וועלכע זיינען פאַר זיי דורכגעגאַנגען אומבאַמערקט.

מאַדאַם מאַרטען האָט צוזאַמען מיט איהר יונגער קוזינע, מאַ־דאַם בעלעם דע סען־נאַן, דערלאַנגט קאָפע. זי האָט פאָול וואַנס'ען געמאַכט קאָמפּלימענטען פאַר דעם וואָס ער האָט געזאָגט ביים טיש.

— איהר האָט גערעדט וועגען נאַפּאָלעאָנ'ען מיט אַזאַ פריִיען גייסט, וואָס איז זעהר זעלטען צווישען די געשפּרעכען וואָס איך הער זיך צו. איך האָב באַמערקט אַז קליינע קינדער, אויב זיי זיינען זעהר שעהן, קוקען אויס ווען זיי זיינען אין כעס פּונקט ווי נאַפּאָלעאָן אין דער נאַכט ביי וואַטערלאָא. און איהר האָט מיר אָנגעגעבען זעהר טיפע אורזאַכען פאַר דיזער ענליכקייט.

און דאַן, זיך ווענדענדיג צו דעשאַרט, האָט זי געזאָגט:

— און איהר, האָט איהר ליעב נאַפּאָלעאָנ'ען?

— מאַדאַם, איך האָב פיינט די רעוואָלוציע, און נאַפּאָלעאָן איז די רעוואָלוציע אין אַ מיליטערישען מאַנטעל.

— פאַרוואָס, הערר דעשאַרט, האָט איהר עס ניט געזאָגט בעת'ן מאָלצייט? נאָר איך פאַרשטעה שוין: איהר ווילט ניט אַרויסווייזען אייער שאַרפזין סיידען איהר זיינט אויג־אויף־אויג.

דער גראַף מאַרטען־בעלעם האָט געפיהרט די מענער אין רויכער־צימער. בלויז פּאָול וואַנס איז געבליבען מיט די דאַמען. די פּרינצעסין סעניאַווין האָט איהם געפרעגט, אויב ער האָט געענדיגט זיין ראָמאַן און וועגען וואָס דער סוזשעט איז. עס איז געווען אַ שטודיום אין וועלכער ער האָט זיך באַמיהט צו דערגרייכען צום אמת דורך לאָגישע פאָלגען פון וואַרשיינליכקייטען וועלכע, ווען זיי זיינען פאַראייניגט, ווערען אויגענשיינליכקייטען.

— ביי אַזאַ מעטאָדע — האָט ער געזאָגט — באַקומט דער ראָמאַן אַ מאָראַלישע קראַפט, וואָס די טעמפּע איינצעלהייטען פון דער געשיכטע קאָנען קיינמאָל ניט באַזיצען.

זי האָט געוואָלט וויסען, אויב דעם בוך וועלען אויך פרויען קאָנען לעזען. ער האָט געזאָגט — אַז ניט.

— איהר באַגעהט אַ פעלער, הערר וואַנס, וואָס איהר שרייבט ניט פאַר פרויען. דאָס איז די איינציגע זאַך וואָס אַ העכערער מענש קאָן טאָן פאַר זיי.

און אַזוי ווי ער האָט געוואָלט וויסען פון וואַנען עס קומט צו איהר אַזאַ איינפאַל, האָט זי געזאָגט:

— דערפאַר וואָס איך זעה, אַז אַלע אינטעליגענטע פרויען האָבען חתונה מיט נאַראָנים.

— וועלכע לאַנגווייליגען זיי.

— געווים! אבער די העכערע מענער וואלטען זיי נאך מעהר געלאנגוויילינגט. זיי וואלטען געהאט מעהר מיטלען אום דאס זאל זיי געלינגען... אבער דערצעהלט מיר דעם סיוזשעט פון אייער ראמאן.

— איהר באשטעהט דארויף?

— איך באשטעה אויף גארניט.

— נו מילא, אט איז ער: דאס איז א שטודיום פון זיטען פון דעם פראסטען פאלק. די געשיכטע פון אן ערנסטען און אנשטענדי־גען ארבייטער; ער איז שעהן ווי א מיידעל, מיט אן אומשולדיגער און צוריקגעהאלטענער נשמה. ער איז א גראווירער, און א גוטער ארבייטער. אין אוונד זיצט ער אין דערהיים, לעבען זיין מוטער, וועלכע ער האט ליעב, און שטודירט. ער לעזט ביכער. אין זיין איינפאכען און נאקעטען מוח באזעצען זיך די אידעען אזוי פעסט, ווי קוילען וואס ווערען אריינגעשאסען אין וואנט. ער האט זיך געגנויטיגט אין זעהר ווייניג. ער האט ניט קיין ליידענשאפטען און ניט קיין זינד, וואס בינדען אונז צו צום לעבען. ער איז איינזאם און ריין. זייענדיג באשאנקען מיט שטארקע טוגענדען, איז ער געווארען שטאלץ אויף זיי. ער לעבט צווישען עלענדע און ברו־טאלע. ער זעהט ווי זיי ליידען. ער האט איבערגעגעבענהייט, אבער ניט קיין הומאניטעט; ער באזיצט יענע קאלטע פילאנטראָ־פיע, וואס מען רופט אלטרואיזם. ער איז ניט מענשליך, ווייל ער איז ניט געפיהלפול.

— אה! מען דארף זיין געפיהלפול אום צו זיין מענשליך?

— געווים, מאדאם. די בארמהערציגקייט געפינט זיך איינ־ווייניג, אין אונז, פונקט ווי די צערטליכקייט איז אויבען אויף, אויף דער הויט. ער איז ניט גענוג אינטעליגענט אום צו צווייפלען. ער איז א גלויבינגער. ער גלויבט אין דעם וואס ער האט געלעזען. און ער האט געלעזען, אז אום צו שאפען גליק פאר דער גאנצער וועלט, איז גענוג צו פארניכטען די געזעלשאפט. די דורשט צו זיין א מארטירער עסט איהם פשוט אויף. א געוויסען פריהמארגען, קו־שענדיג זיין מוטער, איז ער ארויס פון שטוב. ער האט זיך אוועק־געשטעלט אפווארטען דעם סאציאליסטישען דעפוטאט פון זיין באצירק. ער דערזעהט איהם, ערווארפט זיך אויף איהם ארויף

און שטעכט איהם אריין אין בויך זיין גראווער אייזען אויסשרייענ־דיג: „לעבען זאָל די אנארכיע!" מען ארעסטירט איהם, מען מעסט איהם, מען פאָטאָגראַפירט איהם, מען פרעגט איהם אויס, מען משפט איהם, מען פאראורטיילט איהם צום טויט, און מען גילאָ־טינירט איהם. אָט דאָס איז דער ראָמאָן.

— ער וועט ניט זיין זעהר אינטערעסאנט — האָט געזאָגט די פּרינצעווין — אָבער דאָס איז ניט אייער שולד: אייערע אנאר־כיסטען זיינען פונקט אזוי באשיידען און מעסיג ווי די אנדערע פראנצויזען. ווען די רוסען ווערען אנארכיסטען זיינען זיי א סך געוואגטער און האָבען מעהר פאנטאזיע.

די גרעפין מארטען איז צוגעגאנגען פרעגען מאדאם מארטען אויב זי קען דעם זעהר זיסען הערר, וועלכער האָט ניט גערעדט קיין וואָרט און וואָס האָט ארומגעוואָרפען בליקען ארום זיך ווי א פאר־לוירענער הונט. איהר מאן האָט איהם האָס אהער איינגעלאדען. זי האָט איהם ניט געקענט און ניט געוואוסט זיין נאָמען און אויך קיין שום אנדער זאך וועגען איהם.

פּאול וואנס האָט איהר בלויז געקאָנט זאגען, אז ער איז א סע־נאטאָר. ער האָט איהם אמאָל צופעליג געטראָפען אין לוקסעמ־בורגער מוזעאום, אין דער גאַלעריע, וואָס דינט אלס ביבליאָטעק.

— איך בין דאָרט געקומען זעהן די קופּאָלאָ וואָס דעלאקרוא האָט געמאָלען; עס האָט פארגעשטעלט העלדען און חכמים פון אַלטערטום אין א וואלד פון בלויז גרינע מירטען. ער האָט אויך דאָרט געהאט אזא אָרימען און רחמנות־פּנים אויסזעהן. ער האָט זיך געווארימט; פון זיינע קליידער האָט זיך געפּיהלט א פייכט־קייט. ער האָט געשמועסט מיט אלטע קאָלעגען און, זיך רייבענ־דיג די הענט, האָט ער געזאָגט: „איך גלויב אז דער גרעסטער באווייז אז די בעסטע רעגירונגס־פאָרמע איז די רעפּובליקאנישע, איז דאָס וואָס אין 1871 האָט זי געקאָנט דערשיסען אין איין וואָך זעכציג טויזענט רעבעלען, און דאָך ניט פארלירען איהר פּאָפּולאָ־ריטעט. נאָך אזעלכע רעפּרעסיעס וואָלט קיין שום אנדער רעגירונג ניט געקאָנט זיך מעהר האַלטען."

— אויב אזוי איז ער דאָך א בייזוויליגער מענש — האָט גע־

זאָגט מאַדאַם מאַרטען. — און איך האָב אַזאַ רחמנות געהאַט אויף איהם, מיינענדיג אַז ער איז אַזוי שעמעוודיג און צוריקגעהאַלטען!

מאַדאַם גאַרען, האַלטענדיג איהר גאַמבע רוהיג אויף איהר ברוסט, האָט פרידליך געדרעמעלט. איהר באַלעבאַטישע נשמה האָט געטרוימט וועגען דעם קיך־גאָרטען לעבען דעם לואַר, וואו עס פלעגען קומען כאָר־פּאַראַיינען, איהר צו באַגריסען און כבוד אָפּ־געבען.

זשאָזעף שמאָל און גענעראַל לאַריוויער זיינען אַרוים פון רויך־צימער. די אויגען האָבען נאָך געשמייכעלט פון די אומאַנשטענ־דיגע געשפּרעכען וואָס זיי האָבען דאָרט געפיהרט. דער גענעראַל האָט זיך געזעצט צווישען דער פּרינצעסין סעניאַווין און מאַדאַם מאַרטען.

— היינט אין דער פריה האָב איך געטראָפען אין בולאָן־וואַלד די באַראָנעסע וואַרבורג רייטענדיג אויף אַ פיינעם פערד. זי האָט צו מיר געזאָגט: „גענעראַל, וואָס אַזוינס טוט איהר עס, וואָס איהר האָט שטענדיג אַזעלכע אויסגעצייכענטע פערד?“ איך האָב איהר געענטפערט: „מאַדאַם, אום צו האָבען שעהנע פערד דאַרף מען זיין אָדער זעהר רייך, אָדער זעהר כיטרע“.

ער איז געוועזען אַזוי צופרידען מיט דעם ענטפער, אַז ער האָט איהם ווידערהאָלט צוויי מאָל, דערביי ווינקענדיג מיט אַן אויג.

פּאול וואַנס איז צוגעגאַנגען צו מאַדאַם מאַרטען:

— איך ווייס שוין דעם סענאַטאָר'ס נאָמען. ער הייסט לואַיע, ער איז וויצע־פּרעזידענט פון אַ גרופּע און איז דער פאַרפאַ־סער פון אַ פּראָפּאַגאַנדאַ בוך מיט'ן נאָמען: „דאָס פאַרברעכען פון 2טען דעצעמבער.“

דער גענעראַל האָט פאָרטגעזעצט:

— עס איז געוועזען אַ היגטישער וועטער. איך בין אַריין אונ־טער אַ דאַך. דאָרט איז געוועזען לע מעניל. איך בין געוועזען אין אַ שלעכטער שטימונג. איך האָב גוט געזעהן, אַז ער האָט אינערליך חוזק געמאַכט פון מיר. ער האָט זיך געטראַכט, אַז דערפאַר ווייל איך בין אַ גענעראַל, דאַרף איך ליעב האָבען דעם ווינט, דעם האָגעל און דעם נאַסען שנעע. דאָס איז אַן אומזין! ער האָט מיר דער־צעהלט, אַז אַ שלעכטער וועטער איז פאַר איהם ניט אומאַנגענעם

און אז קומענדע וואך געהט ער מיט זיינע פריינד אויף א יאגד נאך פוקסען.

עס איז געווארען שטיל; דער גענעראל האט פארטגעזעצט:

— איך ווינש איהם דעם בעסטען פארגעניגען, אבער איך בין איהם ניט מקנא, די יאגד אויף פוקסען איז ניט קיין אנגענעמע זאך.

— אבער עס איז דאך א נויטווענדיגע זאך — האט געזאגט מאנטעסי.

דער גענעראל האט געהויבען מיט די פלייצעס.

— א פוקס וועט קיינמאל ניט טשעפען דעם הינער־הויף, סיידען אין פריהלינג, בעת ער דארף שפייזען זיין פאמיליע.

—דער פוקס — האט געענטפערט מאנטעסי — וויל בעסער עסען קראליקען איידער הינער. האס איז אן ערלער גנב, וועלכער טוט ווייניגער שאדען דעם ארענדאר איידער דעם יעגער. איך ווייס אביסעל וועגען דעם אלעם.

טערעזא האט אויסגעזעהן ווי צוטראגען אין איהרע געדאנקען און זי האט ניט געהערט ווי די פרינצעסין האט צו איהר גערעדט. זי האט ווי נע׳חלום׳ט.

— ער האט מיר אפילו ניט דערצעהלט אז ער געהט אוועק!

— וועגען וואס דענקסטו, טייערע?

— וועגען קיין שום אינטערעסאנטע זאך.

## IV.

אין דעם קליינעם צימער איז געוועזן פינסטער און שטיל. די פארהאנגען, בערען פעלען, קישענס און אריענטאלישע דיוואנען האבען איינגעוויגט יעדען איינציגען קלאנג. אויף דער וואנט זיי־נען געהאנגען שווערדען און אנדערע געווער, וואס האבען געבליצט אין שיין פון צאנקענדען פייער און צווישען זיי זיינען געהאנגען די בלאס געווארענע קאטילאן־מעדאלען פון די דריי פארגאנגענע ווינטערן. אויף א קליינעם טישעל פון רויזען האלץ איז געשטאנען א זילבערנער בעכער — א מתנה פאר אן אויסצייכנונג פון א ספארט געזעלשאפט. אויף דעם טישעל מיט דעם געמאלענעם פארצעלייענעם דעק איז געשטאנען א הארן־פארמיגע קריסטאלענע וואזע, וואס איז

געווען דורכגעארבייט מיט גאָלדערנע אָדערן, זי איז געווען אָנגעפילט מיט ווייסע בעז־צווייגלאַך. אומעטום האָבען געבלאַנדזשעט ליכט שטראַלען אויף די וואַרימע שאָטענס. טערעזא און ראָבערט זיינען צוגעוואוינט צו דער טונקעלהייט און האָבען זיך פריי באַוועגט אין צימער. ער האָט פאַררויכערט א סיגאַרעט, בעת זי האָט זיך פאַרקעמט די האָר, שטעהענדיג הינטער'ן קאַמין און לעבען שפּיגעל, אין וועלכען זי האָט זיך קוים געקענט דערזעהן. אָבער זי האָט ניט געוואָלט אָנצינדען ניט קיין לאָמפּ און ניט קיין ליכט. זי האָט ארויסגענומען די האָר נאָדלען פון א שאָל, וואָס איז געמאכט פון בעהמישען גלאָז, און וואָס איז געשטאַנען לעבען איהר אויפ'ן טיש. אזוי איז זי שוין געוואוינט צו טאָן פאַר די לעצטע דריי יאָהר. ער האָט זיך צוגעקוקט ווי זי האָט פלינק באוועגט מיט איהרע ליכטיגע פינגער דורך איהרע האָר, וואָס זיינען אַראָפּגעהאנגען ווי א גאָלדענער שטראָם. אָבער איהר פּנים, וואָס איז געווען ווי פאַרשטאַרט און האָט אין שאָטען געהאט א בראָנז קאָליר, האָט געהאט א געהיימניספולען, כמעט באַאומרוהיגענדען אויסדרוק. זי האָט ניט גערעדט.

ער האָט געזאָגט צו איהר:

— ביזט שוין ניט מעהר געערגערט, מיין געליעבטע?

און ווען ער איז צוגעשטאַנען זי זאָל איהם ענטפערען, עפּעס צוזאָגען:

— וואָס ווילסטו, זאָל איך זאָגען, טייערער? איך קאָן ניט מעהר ווי ווידערהאָלען דאָס וואָס איך האָב שוין געזאָגט פאָראויס. איך האַלט עס פאַר זאָנדערבאַר, אַז איך זאָל דאַרפען געוואָר ווערען וועגען דיינע פּראָיעקטען דורך גענעראַל לאַריוויער.

ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אז זי האָט נאָך צו איהם טענות; אז זי איז נאָך פאַרבליבען שטייף און צוריקגעהאלטען, אָהן יענער איבערגעבענהייט, וואָס פלעגט איהם, געוועהנליך, אַנטציקען. אָבער ער האָט זיך געמאכט ווי ער וואָלט געגלויבט, אז עס איז ניט מעהר ווי א פאַראיבערגעהענדע שטימונג.

— מיין טייערע, איך האָב דאָך דיר שוין ערקלערט. איך האָב דיר געזאָגט און איך ווידערהאָל עס, אז ווען איך האָב געטראָפען לאַריוויער'ן האָב איך פונקט געהאַט געקראָגען א בריעף פון

קאמאן, וועלכער דערמאנט מיר אין מיין פארשפרעכען, אז איך וועל קומען אויף דער יאגד אין זיינע וועלדער. מיט דער קומענדער פאסט האב איך איהם געענטפערט און האב עס דיר היינט געוואלט דערצעהלען. איך באדויער, וואס גענעראל לאריוויער האט מיך איבערגעיאגט, אבער דאס איז ניט פון גרויסער וויכטיגקייט.

זי האט פארוואָרפען די אָרעמס איבער'ן קאפ און האט איהם צוגעוואָרפען א רוהיגען בליק, וועלכען ער האט ניט פארשטאנען.

— הייסט עס, אז דו געהסט ?

— קומענדע וואך, דיענסטאג אדער מיטוואך. איך וועל זיך פארזוימען דארט העכסטענס א צעהן טעג.

זי האט אנגעטאן איהר פעלץ היטעל, וואס איז געווען באפוצט מיט א מירטעל צווייג, און געפרעגט:

— איז דאס אזא זאך, וואס מען קאן ניט אפלייגען אויף שפע־טער ?

— א, ניין ! די פוקסענע פעל וועט ניט האבען קיין שום ווערט אין א מאנאט ארום. א חוץ דעם האט קומאן איינגעלאדען עטליכע קאמעראדען, ועמען עס וואלט שטארק פארדראסען ווען איך זאל דארט ניט זיין.

בעת זי האט באפעסטיגט דאס היטעל מיט א לאנגער שטעק־נאדעל, האט זי אויפגעהויבען די ברעמען :

— אזא יאגד מוז זיין זעהר אינטערעסאנט — ניט אמת ?

— יא, זעהר אינטערעסאנט ; ווייל דער פוקס טוט אפ אזעל־כע שפיצלאך אויף וועלכע מען דארף זיך קענען. די אינטעליגענץ פון אט די חיות איז ווירקליך צום באוואונדערן. איך האב אמאל ביינאכט געזעהן ווי אזוי א פאר פוקסען האבען פארפאלגט א קראַ־ליק. זיי האבען געמאכט א ריכטיגע העץ יאגד, און האבען צווישען זיך געהאט אמת'ע טויטען שלעגער. איך פארזיכער דיר, אז עס איז ניט קיין לייכטע זאך ארויסצונארען א פוקס פון זיין באהעלטעניש. אט די יאגדען זיינען אימער זעהר לוסטיגע. א חוץ דעם האט קאַ־מאן אן אויסגעצייכענטען וויין קעלער. איך ווער ניט שטארק צו־געצויגען דערפון, אבער זיינע סארטען וויין ווערען אומעטום זעהר הויך געשאצט. וואלסטו געגלויבט, אז ניט לאנג צוריק האט איהם איינער פון זיינע ארענדארען דערצעהלט, אז ער האט זיך אויסגעלע־

רענט פון א כישוף־מאַכער דעם סוד, ווי אַזוי צו צוימען אַ פוקס מיט דער הילף פון אַ צויבער־וואָרט? נאַטירליך וועל איך ניט באַנוצען אָט דעם וואָפען, אָבער איך פאַרשפּרעך דיר צו ברענגען אַ האַלבען טוץ טייערע פעלכעלאַך.

—וואָס וועל איך דען טאָן מיט זיי?

— מען קאָן דערפון מאַכען זעהר שעהנע פוס־טעפּיכער.

— אָה!... און דו וועסט עס זיין אויף דער יאַגד אַכט טאָג?

— ניט קיין גאַנצע. אַזוי ווי איך וועל זיך געפינען נאָהענט פון סעמאַנוויל, וועל איך פאַרברענגען אַ צוויי טאָג ביי מיין טאַנטע דע־לאַנוא. זי ריכט זיך אויף מיר. לעצטען יאָהר, אין דער זעלבער צייט איז דאָרט געווען אַ גאַנץ פיינע געזעלשאַפט. עס זיינען געווען ביי איהרביידע טעכטער און זייערע דריי פּלימעניצעס, מיט זייערע מענער; זיי זיינען אַלע שעהנע, לוסטיגע און הויך־אַנשטענדיגע פרויען. איך וועל זיי דאָרט וואַרשיינליך ווידער טרעפען ביים אָנהויב פון היינטיגען מאָנאַט, ווען זיי וועלען אַלע קומען צום געבורטס־טאָג פון מיין טאַנטע און איך וועל פאַרבלייבען צוויי טאָג אין סעמאַנוויל.

— אָבער, טייערער, בלייב דאָרט וויפיעל דיין האַרץ טראַגט דיר אויס. איך וואָלט זיך געפיהלט זעהר שלעכט ווען דו וואָלסט צוליעב מיר געדאַרפט פאַרקירצען דיין אַנגענעמען באַזוך.

— אָבער דו, טערעזאַ!

— איך, מיין פריינד, וועל שוין ווי עס איז דורכקומען.

דאָס פייער איז שוין כמעט פאַרלאָשען געווען און צווישען זיי איז געוואָרען אַלץ טונקעלער. אין אַ האַלב טרוימערישען ער־וואַרטונגספולען טאָן האָט זי געזאָגט:

— עס איז אמת, אַז עס איז קיינמאָל ניט קיין קלוגע זאַך צו לאָזען אַ פרוי אַליין.

ער האָט זיך דערנעהענטערט צו איהר, זוכענדיג איהר בליק אין דער פינסטער. ער האָט איהר גענומען ביים האַנט.

— ליעבסטו מיך?

— אָ! איך פאַרזיכער דיך, אַז איך האָב קיין אַנדערען ניט ליעב... נאָר...

— וואָס ווילסטו זאָגען?

— גאָרניט. איך קלער... איך קלער, אַז מיר זיינען צושיידט אַ גאַנצען זומער, און אַז ווינטער לעבסטו מיט דיין פאַמיליע און מיט דיינע פריינד די העלפט פון דער צייט, און אַז אויב מען דאַרף זיך זעהן אַזוי ווייניג, איז שוין באַלד גלייכער, אַז מען זאָל זיך אינ־גאַנצען ניט זעהן.

ער האָט אָנגעצונדען די ליכט. דער שיין איז געפאַלען אויף איהר האַרטען און אָפענעם פּנים. ער האָט איהר אָנגעקוקט מיט פאַרטרויען, ניט מיט יענעם זעלבסט־באַטריגערישען פאַרטרויען, וואָס איז אַזוי געוועהנליך ביי פאַרליעבטע, נאָר וואָס קומט פון אַ טיף איינגעוואָרצעלטע באַדערפעניש. ער האָט געגלויבט אין איהר צוליעב דעם פאַראורטייל וואָס קומט פון זיין שטאַרקע ערציהונג און איינפאַכער אינטעליגענץ.

— טערעזאַ, איך ליעב דיך און דו ליעבסט מיך, איך ווייס עס! טאָ פאַרוואָס מאַטערסטו מיך? טיילמאָל האָסטו אַזאַ האַרטע און קאַלטע באַציהונג וואָס מאַכט מיך שטאַרק ליידען.

זי האָט געשאָקעלט מיט איהר קליינעם שעהנעם קאָפּ.

— וואָס זאָל איך טאָן? איך בין ביטער און אייגענזיניג. דאָס איז שוין איז מיין בלוט. איך האָב עס גע׳ירשן׳ט פון מיין פאָטער. דו קענסט דאָך זשואַנוויל; דו האָסט געזעהן דעם שלאָס, די אַלטע מאַרמאָר שניצערייען און געשפּענסטער פיגורען, האָסט געזעהן די טעפּיכער וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין מענסי פאַר פּאַקע, דו האָסט געזעהן די גאָרטענס וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען לויט די פּלענער פון לע נאָטר, דעם פּאַרק און יאָגד פעלדער — דו האָסט דאַמאָלט געזאָגט, אַז עס זיינען ניטאָ קיין שענערע זאַכען אין פראַנקרייך — אָבער דו האָסט ניט געזעהן מיין פאָטערס ארבייטס־קאַבינעט: אַ טיש פון ווייסע האָלץ און אַ ביכער־שראַנק פון מאַ־האַגאָני. פון דאָרט איז דאָס אַלץ אַרויס, מיין פריינד. אויף יענעם טיש, לעבען דעם ביכער־שראַנק איז מיין פאָטער געזעסען און גע־אַרבייט ביי ציפערען פאַר פערציג יאָהר. צוערשט אין אַ קליינעם צימערעל, אויף דעם באַסטילע פּלאַץ, דערנאָך אין אַ וואוינונג פון רי דע מאָבעזש, וואו איך בין געבוירען געוואָרען, אין יענער צייט זיינען מיר נאָך ניט געוועזען זעהר רייך. איך דערמאָן זיך נאָך גוט אָן דעם קליינעם סאַלאָן, מיט דעם רויטען פּלוש־מעביל, אין וועלכען

מיינע עלטערן האָבען אָנגעפּאַנגען זייער הויז־ווירטשאַפט, און וואָס מיין מוטער האָט אַזוי ליעב געהאַט. איך בין אַ קינד פון אַן אויפ־געקומענעם אָדער עראָבערענדען, רופט עס ווי איהר ווילט. מיר זיינען מענשען וואָס האָבען זיך געדאַרפט דורכשלאָגען אַ וועג. מיין פאָטער האָט געוואָלט האָבען וואָס מעהר געלט, צו האָבען אַלץ פאַר וואָס מען דאַרף נאָר באַצאָהלען, דאָס הייסט — אַלץ. און איך האָב איך באַשלאָסען צו געווינען און עס אויפצוהאַלטען!... אָבער וואָס? איך ווייס ניט... אויב עס איז דאָס גליק וואָס איך האָב... אָדער וואָס איך האָב ניט. איך פאַרלאַנג זעהר פיעל אויף מיין אייגענעם שטייגער, איך מוז האָבען טרוימען, אילוזיעס. אָ! איך ווייס גאַנץ גוט, אַז עס לוינט זיך ניט די מיה וואָס מען פאַרשווענדעט דערויף; אָבער די מיה אַליין איז שוין עפּעס ווערט, ווייל די מיה— דאָס בין איך, דאָס איז מיין לעבען. איך וויל דורכאויס געניסען פון דעם וואָס איך האָב ליעב, אָדער וואָס איך האָב געדיינקט אַז איך האָב ליעב. איך וויל גאָרניט פאַרלירען. איך בין פונקט ווי מיין פאָטער. איך פאָדער דאָס וואָס מיר קומט. און דאַן...

דאָ האָט זי איהר שטימע פאַרקלענערט:

— און אַ חוץ דעם האָב איך דאָך אויך געפּיהלען... יאָ! מיין טייערער... איך לאַנגווייליג דיך. אָבער איך קאָן מיר ניט העלפען. האָסט ניט געדאַרפט מיך נעמען.

ער איז געוואוינט געווען איהר מאַנכעס מאָל צו הערען רעדען אַזוי לײדענשאַפטליך, וואָס דאָס האָט איהם צושטערט זיין פאַרגע־ניגען. אָבער ער האָט זיך ניט באַאומרוהיגט. זייענדיג געפּיהלפול צו אַלץ וואָס זי האָט געטאָן, איז ער עס אָבער גאָרניט געווען צו איהרע רייד; איבערהויפּט האָט ער ווייניג געוויכט געלייגט אויף ווערטער, באַזונדערס ווען זיי זיינען געקומען פון פרויען. ער אַליין האָט גערעדט זעהר ווייניג און עס איז איהם ניט איינגעפאַלען, אַז ווערטער זיינען אויך טאַטען.

כאָטש ער האָט איהר ליעב געהאַט, און אפשר דערפאַר ווייל ער האָט איהר ליעב געהאַט, האָט ער געגלויבט, אַז עס איז זיין פליכט זיך אַנטקעגען איהר געגענצושטעלען און איינצוהאַלטען איהרע פאַנטאַזיען, וועלכע ער האָט באַטראַכט פאַר נאַרישע. בעת ער האָט איהר ניט געערגערט איז איהם געלונגען אָנצונעמען אַ טאָן פון

דעם בעל הבית, אָבער ער, אין זיין נאַאיוויטעט, האָט געגלויבט, אַז ער קאָן דאָס שטענדיג טאָן.

— דו ווייסט גאַנץ גוט, טערעזאַ, אַז מיין איינציגער געדאַנק איז נאָר פאַר דיר צו זיין אָנגענעם אין יעדער זאַך. טאָ זיי־זשע ניט קאַפּריזנע מיט מיר.

— און פאַרוואָס זאָל איך דען ניט זיין קאַפּריזנע מיט דיר? אויב איך האָב זיך דיר איבערגעגעבען, האָב איך דאָך דאָס ניט געטאָן מיט מיין קלאָרען פאַרשטאַנד, אָדער אַלס אַ פליכט. דאָס איז דאָך אויך געוועזן דורך... אַ קאַפּריז.

ער האָט איהר אָנגעקוקט איבערראַשט און פאַרטרויערט.

אָט דאָס וואָרט באַליידיגט דיך, מיין פריינד? לאָמיר זאָגען, אַז דאָס איז געוועזן אויס ליעבע. און ווירקליך איז דער אימפּולס גקומען פון מיין גאַנצען הארצען, ווייל איך האָב געפיהלט, אַז דו ליעבסט מיך. אָבער די ליעבע דאַרף זיין אַ פאַרגעניגען און אויב איך געפין אין איהר ניט די צופרידענשטעלונג פון דעם וואָס דו רופסט אָן „קאַפּריז", און דאָס איז דאָך מיין פאַרלאַנג, מיין לעבען, מיין ליעבע אַליין — דאַן דאַרף איך דאָס ניט; וויל איך בעסער לעבען אַליין. דו האָסט מיך איבערראַשט! מיינע קאַפּריזען! איז דען דאָ אויף דער וועלט עפּעס אַנדערש אַ־חוץ קאַפּריזען? איז דען דיין יאַגד אויף פוקסען ניט קיין קאַפּריז?

ער האָט געענטפערט זעהר אויפריכטיג:

— ווען איך וואָלט ניט געווען פאַרשפּראָכען, שווער איך דיר, טערעזאַ, אַז איך וואָלט אויפגעאָפּפערט מיט דעם גרעסטען פרייד אָט דעם קליינעם פאַרגעניגען.

זי האָט געפיהלט אַז ער האָט געזאָגט דעם אמת. זי האָט געוואוסט, אַז ער האָט געהאַט אַ נאַטור צו האַלטען זיין וואָרט, אַפילו ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דער קלענסטער זאַך, זיין פּינקטליכקייט האָט איהם כמעט ווי צוגעבונדען אין זיינע געזעלשאַפטליכע באַציהונגען. זי האָט געוואוסט, אַז ווען זי וועט צושטעהן צו איהם וואָלט ער ניט געווען פאַהרען אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט: זי האָט שוין מעהר ניט געוואָלט אויספיהרען. פון איצט אָן האָט זי בלויז געזוכט דעם ווילדען פאַרגעניגען פון פאַרלירען. כאָטש

זי האָט אָנגענומען זיין אויסרייד פאַר אַ לעבערליכען, האָט זי דאָך געמאַכט ווי זי וואָלט איהם גענומען אין ערנסט.

— אָה! דו האָסט פאַרשפּראָכען!

און זי האָט איהם ווי נאָכגעגעבען.

אין אָנהויב איז ער געווען אביסעל איבערראַשט, דאַן האָט ער זיך אין געדאַנק גראַטולירט, וואָס איהם איז ענדליך געלונגען זי צו ברייננגען צום פאַרשטאַנד. ער איז איהר דאַנקבאַר געווען, וואָס זי האָט זיך ניט איינגע׳עקשן׳ט. ער האָט זי אַרומגענומען אַרום דער טאַליע און ווי אַלס אַ באַלוינונג, האָט ער זי אָרענטליך געקושט אויף דעם נאַקען און אויף די אויגען. ער האָט אַרויסגעוויזען אַ גרויסען פאַרלאַנג אינגאַנצען אַוועקצוגעבען איהר די לעצטע פאַר טעג וואָס ער וועט זיין אין פאַריז.

— מיר קענען, מיין טייערע טערעזאַ, זיך נאָך זעהן דריי אָדער פיער מאָל איידער איך וועל אַוועקפאָהרען, און אפשר נאָך מעהר, אויב דו ווילסט. איך וועל אויף דיר וואַרטען ביי אונז אזוי אַפט ווי דו וועסט נאָר וועלען קומען. ווילסטו מאָרגען?

זי האָט געפיהלט אַ צופרידענשטעלונג וואָס זי האָט געקאָנט זאָגען, אַז ניט מאָרגען און ניט די איבריגע טעג. מיט אַ לאַנגזאַמער זיסקייט האָט זי ערקלערט פאַרוואָס זי קאָן ניט קומען. די שטערונג האָט זיך פריהער אויסגעוויזען צו זיין אַ לייכטע: זי האָט אָפּצושטאַטען וויזיטען, זי דאַרף אָנפּאַסען אַ קלייד, אַ צדקה־אויספאַרקויף; קונסט אויסשטעלונגען — זי דאַרף דאָרט זעהן טעפּיכער און אפשר זיי קויפען. אָבער ווען ער האָט זי גענומען אויספרע־גען, האָבען די שוועריגקייטען נאָך אויף פיעל זיך פאַרגרעסערט: די וויזיטען טאָרען ניט אָפּגעלייגט ווערען; עס איז ניט איין צדקה־אויספאַרקויף, נאָר גאַנצע דריי, וואו זי מוז געהן; די אויס־שטעלונגען האַלטען זיך שוין אין פאַרמאַכען; די טעפּיכער ווערען אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקאַ. קורץ, עס איז געווען אוממעגליך, אַז זי זאָל איהם זעהן איידער ער פאָהרט אַוועק.

אזוי ווי ער האָט ניט געהאַט קיין נאַטור זיך צופרידען צו שטעלען מיט אַזעלכע קליינינקע אויסריידען, האָט ער זיך גאָרניט געכאַפּט, אַז אויך טערעזאַ האָט קיינמאָל ניט געהאַט די נאַטור אַזעלכע אורזאַכען אָנצוגעבען. אָט די דערדריקענדע מאַסע פון

געזעלשאפטליכע פליכטען וואס זי האט געהאט צו ערפילען האבען איהם אינגאנצען צוטומעלט. ער האט איהר ניט אנטקעגען גערעדט; ער איז געבליבען שטיל און — אומגליקליך.

מיט איהר לינקען ארעם איבער איהר קאפ, האט זי אויפגע־מאכט דאס פענסטערל. איהר רעכטע האנט האט זי אנגעשפארט אן דעם הענטעל פון טיר. און דארט, אין די סאפיר און רובינען פאלדען פון די אריענטאלישע פארהאנגען האט זי איהם געזאגט אין א ביסעל א לצנות'דיגען און כמעט טראגישען טאן:

— זיי געזונט, ראבערט, און אמוזיר דיך גוט. מיינע וויזיטען, מיינע זאכען וואס איך האב איינצוקויפען און אויך דיין קליינע ריי־זע — דאס זיינען אלץ קלייניגקייטען. דער אמת אבער איז, אז דער שיקזאל הענגט בלויז אפ אויף אזעלכע קלייניגקייטען. זיי געזונט!

זי איז ארויס. ער האט איהר געוואלט באגלייטען, אבער ער האט געוואלט זיין פארזיכטיג, אז מען זאל איהם ניט זעהן מיט איהר אויפ'ן גאס, ווען זי האט עס דורכאויס ניט פארלאנגט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען טערעזא איז געווען אין דרויסען האט זי זיך פלוצלונג דער־פיהלט אליין, איינע אליין אויף דער וועלט, אהן פרייד און אהן ליידען. ווי געוועהנליך, איז זי געגאנגען אהיים צופוס. עס איז שוין געווען נאכט, די לופט איז געווען א קאלטע, א קלארע און א רוהיגע. אבער די גאסען וואס זי האט נאכגעפאלגט אין שטאדט, וואס איז געווען באזעצט מיט ליכט, האבען איהר איינגעהילט אין יענער ליעבליכער ווארימקייט, וואס איז אזוי אנגענעם פאר די שטאדטישע איינוואוינער און וואס מען פלעגט עס אפילו פיהלען אין דעם קאלטען ווינטער. זי איז דורכגעגאנגען אויף א וועג, וואו עס זיינען געווען שטאלען, קלייניקע הייזלאך און בודקעלאך, דאס זיינען נאך איבערבלייבענישען פון די דארפישע צייטען פון אמוי; דא און דארט האבען זיך ארויסגעוויזען, מיט א מין לאנגווייליגקייט, הויכע הייזער מיט שטיינערנע געזימסען. אט די קרעמלאך מיט די מאר־נאטאנע פענסטער האבען פאר איהר ניט געהאט קיין באדייטונג. אבער ניט קוקענדיג דארויף האט די סביבה, דורך א געהיימניספולען אופן אויסגעקוקט פאר איהר פריינדליך; די שטיינער פון די גאסען,

די טירען פון די הייזער, די ליכט אויבען, אין די הויכע שויבען, האָבען איהר אויסגעקוקט היימליך. זי איז געווען אליין און זי האָט געוואָלט זיין אליין.

אָט דעם וועג, וואָס זי פלעגט דורכגעהן צווישען די צוויי וואוינונגען, וואָס זיינען כמעט ביידע געווען גלייך פאַר איהר אלס היימען, אָט דעם וועג, וועלכען זי איז דורכגעגאַנגען אזוי פיעל מאָל, זעהט פאַר איהר אויס, ווי זי וואָלט איהם איצט געגאַנגען צום לעצטען מאָל. פאַרוואָס? וואָס האָט דען דער היינטיגער טאָג איהר געבראַכט? קוים אַן ערגערנעיש, ניט אַפילו קיין צאַנקעריי. און פונדעסטוועגען האָט דער טאָג ארויסגערופען אַן אומבאַמערקבאַרען, זעלטענעם און דאָך איינגעשפּאַרטען געפיהל, אַן אומבאַקאַנטען וואָס קאָן ניט מעהר פאַרשווינדען. וואָס איז דען געשעהן? גאָרניט. און אָט דער „גאָרניט" האָט אלץ אָבגעווישט. זי האָט געהאַט א מין אומבאַוואוסטזיניגע זיכערהייט, אַז זי וועט שוין קיינמאָל מעהר אין דעם צימער ניט צוריקקערען, אין יענעם צימער וואו עס איז ביז איצט געווען באַהאַלטען דאָס געהיימסטע און טייערסטע אין איהר לעבען. די פאַרהעלטניס צווישען זיי איז געווען אַן ערנסטע. זי האָט זיך איהם איבערגעגעבען מיט אַן ערנסטקייט, אום צו דערפיהלען די לוסט אין וואָס זי האָט זיך גענויטיגט. זייענדיג באַשאַפען פאַר ליעבע און דערצו זעהר אויסגערעכענט, האָט זי ניט פאַרלוירען, ווען זי האָט זיך איבערגעגעבען יענעם אינסטינקט פון איבערלייגונג און געפיהל פאַר אייגענער זיכערהייט, וואָס איז ביי איהר שטאַרק אַנטוויקעלט. זי האָט ניט אויסגעקליבען: אַזעלכע זאַכען קלייבט מען ניט. זי האָט זיך אויך ניט געלאָזט נעמען ביי א געלעגענהייט אָדער דורך איבערראַשונג. זי האָט געטאָן דאָס וואָס זי האָט געוואָלט, אויף ווי ווייט מען קאָן עס טאָן וואָס מען וויל אין אַזעלכע אַנגעלעגענהייטען. זי האָט ניט געהאַט וואָס צו באַדויערן. מען איז געווען צו איהר דאָס וואָס מען האָט געדאַרפט זיין: כדי גערעכט צו זיין צו איהם האָט זי דאָס געמוזט מודה זיין. ער איז א מאַן נאָך וועלכען מען האָט זיך שטאַרק געיאָגט אין דער געזעלשאַפט; ער וואָלט געקאָנט האָבען אַלע פרויען וועלכע ער וואָלט נאָר ווילען. אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעם האָט זי געפיהלט, אַז עס האָט זיך געענדיגט, און אויף א נאַטירליכען אופן.

מיט אַ טרוקענער מעלאַנכאָליע האָט זי געטראַכט: „דריי יאָהר פון מיין לעבען, אַ גוטער מאַן וואָס ליעבט מיך און וועמען איך האָב געליעבט. ווארים איך האָב דאָך איהם געמוזט ליעב האָבען, אַז ניט וואָלט איך מיך דאָך ניט איבערגעבען צו איהם. איך בין ניט קיין געפאַלענע פרוי." אָבער זי האָט ניט געקענט צוריקגע־פינען די געפיהלען פון יענע צייטען, די אימפּולסען פון איהר נשמה און איהר קערפּער. זי האָט זיך דערמאָנט אין קליינע, אומבעדייטענדע איינצעלהייטען. די בלומען אויף דעם וואַנט פּאַפּיר, און די בילדער אין צימער. דאָס איז געווען אַ צימער אין אַ האָטעל. זי דערמאָנט זיך אָן די ווערטער וואָס ער האָט איהר דאַמאָלט געזאָגט; זיי זיינען געווען אַ ביסעל לעבערליך, אָבער כמעט ריהרענד. אָבער איצט האָט זיך איהר אויסגערוכט אַז דאָס אַלץ האָט גאָר פּאַסירט מיט אַן אַנדער פרוי, עפּעס אַ פרעמדע, וואָס זי האָט ניט שטאַרק ליעב און וועמען זי קאָן איבערהויפּט ניט פאַרשטעהן.

און דאָס האָט פּונקט איצט פּאַסירט, די צערטליכקייטען וואָס זי האָט איצט געקראָגען — דאָס אַלץ איז געווען ווייט אַוועק פון איהר. דאָס בעט, די בעט אין דער קריסטאַלענער וואַזע, דאָס קליי־נע שאָלכעל פון בעהמישען גלאָז, וואו זי פלעגט האַלטען איהרע האָר נאָדלען — זי האָט דאָס אַלץ געזעהן ווי דורך אַ פענסטער, ווען מען געהט דורכ'ן גאַס. זי האָט ניט געפיהלט קיין שום בי־טערקייט און אפילו ניט קיין טרויער. זי האָט ניט געהאַט וואָס מוחל צו זיין, ליידער! צו זיין אָפּוועזענד אַ וואָך צייט איז ניט קיין פערראַט, ער איז געגען איהר דערמיט ניט באַגאַנגען קיין עולה; עס איז געווען נאַרניט און עס איז געווען אַלץ. עס איז געווען די ענד. זי האָט דאָס געוואוסט. זי האָט געוואָלט אַז עס זאָל נעמען אַ סוף. זי האָט עס געוואָלט פּונקט אַזוי ווי דער פאַלענדער שטיין וויל אַראָפּפאַלען. זי האָט זיך צוגעהערט צו אַלע געהיימע כחות פון איהר וועזען. זי האָט צו זיך געזאָגט: „עס איז ניטאָ קיין שום אורזאַך פאַרוואָס איך זאָל איהם וויניגער ליעב האָבען. האָב איך דען איהם מעהר ניט ליעב? האָב איך איהם דען ווען עס איז געליעבט?" זי האָט עס ניט געוואוסט, און עס איז איהר געווען גלייכגילטיג דאָס צו וויסען.

אין פאַרלויף פון דריי יאָהר צייט האָט זי זיך איהם איבערגע־

געבען צוויי מאָל און טיילמאָל פיער מאָל אַ וואָך. עס זיינען גע־וועז מאָנאַטען ווען זיי פלעגען זיך זעהן יעדען טאָג. איז דאָס אַלע גאָרניט? אָבער דאָס לעבען איז ניט פון קיין גרויסער באַדייטונג, און ווי ווייניג מען קאָן דאָס נאָך אויספילען!

נאָך אַלעם האָט זי זיך ניט געקאָנט באַקלאָגען. אָבער עס איז געוועזן בעסער צו מאַכען אַ סוף דערצו. אַלע איהרע געדאַנקען האָבען איהר געפיהרט דערצו. דאָס איז ניט געוועזן קיין באַשלוס; באַשלוסען קאָנען געענדערט ווערען. דאָס איז געוועזן אַ סך ערנס־טער: עס איז געוועזן אַ קערפערליכער און גייסטיגער צושטאַנד.

אָנקומענדיג צום מארק־פלאַץ, וואו אין דער מיט איז געשטאַ־נען אַ פאַנטאַן און אויף איין זייט אַ גאָטישע קירך, מיט אַ גלאָק אין אַ טורם, וואָס איז געוועזן אָפען צום הימעל, האָט זי זיך דער־מאָנט אָן דעם בוקעט פיאָלעטלאַך פאַר צוויי סו, וואָס ער האָט איהר געקויפט אין אַ געוויסען אָוונד, אויף דעם פּטי פאָן, לעבען דער קאַטעדראַל. אין יענעם טאָג האָבען זיי זיך געליעבט שטאַרקער און ליידענשאַפטליכער ווי שטענדיג. איהר האַרץ איז ווייכער געוואָרען ביי אַזעלכע ערינערונגען. זי האָט עפּעס געזוכט, אָבער האָט גאָרניט געפונען. דער קליינער בוקעט, דער אָרימער בלומען־סקעלעט איז געבליבען די איינציגע זאַך אין איהר זכרון.

בעת זי האָט אַזוי טרוימעריש שפּאַצירט, האָבען פאַרבייגעהער איהר נאָכגעפאָלגט. זיי האָבען אַ טעות געהאַט צוליעב דער איינ־פאַכקייט פון איהר קליידונג. איינער האָט איהר איינגעלאַדען אין אַ רעסטאָראַן צו האָבען דעם מאָלצייט אין אַ פּריוואַטען צימער, דערנאָך געהן אין טעאַטער. זי איז ניט אַריינגעפאַלען אין אַ פאַר־לעגענהייט פון אַזעלכע פאָרשלעגע: פאַרקערט, עס האָט איהר אַמוזירט; דאָס איז ניט געוועזן קיין קריזיס. זי האָט זיך געפרעגט: „וואָס טוען די אַנדערע פרויען? און איך האָב זיך דאָס גראַטולירט וואָס איך פאַרשווענד ניט מיין לעבען. אַ שעהנעם ווערט האָט עס, דאָס לעבען!"

זי איז געקומען נאָהענט פון דעם ניי־גריכישען לאַנטערנע־טורם פון דעם מוזעאום פאַר רעליגיאָנען. איין טייל פון דער גאַס איז געוועזן אויפגעבראָכען, ווייל מען האָט דאָרט געטאָן אונטער־ערדישע אַרבייט. אויף ביידע זייטען פון גרובען זיינען געוועזן אָנ־

געוואָרפען הויפענס ערד, אַרום און ארום זיינען געלעגען פלאַסטער שטיינער און אייזערנע רערען. ווען זי האָט זיך געפונען אויף דעם שמאָלען ברעט, וואָס האָט געדינט אַלס בריקעל צום אריי־בערגאַנג, האָט זי דערזעהן אויף דער אַנדערער זייט אַ אַ מאַן, וואָס האָט געוואַרט ביז וואַנען זי וועט אריבערגעהן. ער האָט איהר דער־קענט און איהר באַגריסט. עס איז געווען דעשאַרט. דערנעהענטע־רענדיג זיך צו איהם האָט זי געמיינט, אַז ער איז זעהר צופרידען איהר צו טרעפען, און זי האָט איהם געדאַנקט מיט אַ שמייכעל. ער האָט ביי איהר געבעטען ערלויבניש צו שפּאַצירען מיט איהר עטליכע שריט. און צוזאַמען זיינען זיי אריין אויף דער ברייטער גאַס וואו די לופט איז געווען אַ שטאַרקערע. אויף דעם פּלאַץ זיינען די היי־זער שיטערער, צעוואָרפען איינס פון דאָס אַנדערע און מען קאָן דאָרט זעהן אַ שטיקעל פון דעם הימעל.

ער האָט איהר געזאָגט, אַז ער האָט זי דערקענט פון דער ווייטענס אָן איהר אייגענטימליכען ריטמישען גאַנג:

—שעהנע באַוועגונגען—האָט ער צוגעגעבען—זיינען די מוזיק פון די אויגען.

זי האָט געענטפערט, אַז זי האָט זעהר ליעב צו שפּאַצירען; עס גיט איהר פאַרגעניגען און געזונט.

ער האָט אויך ליעב געהאַט צו מאַכען ווייטע וואַנדערונגען, צופוס, אויף שעהנע פעלדער און באַלעבטע גאַסען. עס ציהט איהם צו די געהיימניספולע לאַנגע וועגען. ער האָט אויך ליעב צו רייזען: כאָטש דאָס איז שוין איצט געוואָרען אַ געוועהנליכע און לייכטע זאַך, האָט ער דערצו געפיהלט אַ מעכטיגען רייץ. אין גריכענלאַנד, עגיפּטען און אויף דעם באָספּאָר האָט ער שוין געזעהן גאָלדענע טעג און דורכזיכטיגע נעכט. אָבער ציהען פלעגט עס איהם אַלץ נאָך איטאַליען, דאָס פאָטערלאַנד פון זיין נשמה.

— איך פאָהר דאָרט אַהין קומענדע וואָך — האָט ער געזאָגט.

— איך וויל נאָך אַמאָל זעהן ראַווענאַ, די איינגעשלאָפענע שטאָדט צווישען שווארצע סאָסנעס און אומפּרוכטבאַרען ים־ברעג. זיינט איהר אַמאָל געווען אין ראַווענאַ, מאַדאַם? דאָס איז אַ פאַרצווי־בערטע מתים־שטאָדט, וואו עס וואוינען שימערירענדע געשפּענ־סטער. דאָרט איז דאָ דער כישוף פון טויט. די מאָזאאיקען פון

סאַן־ווימאַליס און די צוויי סאַן־אַפּאָלינאַרים׳ן, מיט זייערע באַר־בארישע מלאכים און באַקרוינטע קעניגינס דערמאָנען אָן דעם אומ־געלומפּערטען לוסט פון אָריענט. דער קבר פון גאַללאַ פּלאַצידאַ, פון וואַנען מען האָט אַוועקגערויבט די זילבער פּלאַטען, זעהט איצט אויס שוידערליך אונטער דער פינסטערער און דאָך באַלויכטענער אַלטער הייל. ווען מען קוקט דורך אַ שפּאַלט אין דער טרונע, דוכט זיך, אַז מע זעהט די טאָכטער פון טעאָדאָזיוס אויף אַ גאָלדענעם שטול, אָנגעטאָן אין קליידער וואָס זיינען באַדעקט מיט עדעלשטיי־נער און אויף וואָס עס זיינען אויסגעשטיקט סצענעס פון אַלטען טעסטאַמענט. דאָס שעהנע גרויזאַמע געזיכט איז פון איינבאַלזאַ־מירען געוואָרען שוואַרץ און האַרט; איהרע הענט וואָס זעהן אויס ווי פון עבענהאָלץ, האַלט זי אומבאַוועגליך אויף איהרע קניה דרייצעהן יאָהרהונדערטער איז זי פאַרבליבען אין אַזאַ שטערבליכער פּראַכט, אָבער אַ קינד וואָס איז דורכגעגאַנגען מיט אַ ליכט לעבען דער עפענונג פון איהר קבר, האָט פאַרברענט דעם קערפּער פון דער דאַלמאַטינערין.

מאַדאַם מאַרטען־בעלעם האָט געפרעגט וואָסער סאָרט לעבען אָט די שטאָלצע טויטע האָט עס געפיהרט.

— זי איז צוויי מאָל געווען אַ שקלאַף — האָט דעשאַרט גע־זאָגט — און צוויי מאָל איז זי ווידער געוואָרען קייזערין.

— זי איז אָהן צווייפעל געווען אַ שעהנע — האָט געזאָגט מאַדאַם מאַרטען. אָבער איהר האָט מיך געלאָזען צו טיף אריינקו־קען אין איהר קבר, און איך שרעק זיך פאַר איהר. וועט איהר ניט פאָהרען קיין וועגעדיג, הערר דעשאַרט? אָדער האָבען איך שוין דערעסען די גאָנדאָלען און די קאַנאַלען, וואָס זיינען אַרומגעזעצט מיט פּאַלאַצען, און די טויבען פון דעם סען־מאַרק פּלאַץ? איך בין זיך מודה, אַז נאָכדעם ווי איך האָב באַזוכט וועגעדיג דריי מאָל, האָב איך איהר אַלץ נאָך ליעב.

ער האָט איינגעשטימט מיט איהר. ער האָט אויך ליעב געהאַט וועגעדיג. יעדעס מאָל וואָס ער איז דאָרט געווען איז ער פון אַ סקולפּטאָר געוואָרען אַ מאַלער און אָנגעהויבען מאַכען שטודיען. ער האָט געוואָלט מאָלען די דאָרטיגע לופט.

— אומעטום — האָט ער געזאָגט — אפילו אין פלאָרענץ, איז

דער הימעל אזוי ווייט, אין דער הויך, אינגאנצען אין הינטערגרונט. אין ווענעדיג איז ער אומעטום; ער צערטעלט די ערד און דאס וואסער; ער רינגעלט ארום מיט ליעבע די בלייערנע קירכען און מארמארנע פאסאדען און ער גיסט אין דעם פורפורנעם רוים מיט פערל און קריסטאלען. די שעהנקייט פון ווענעדיג — דאס איז איהר הימעל און איהרע פרויען. וואסערע שעהנע באשעפענישען אט די ווענעציאנערינס זיינען עס! פון אזא קלארען און אזא ריינעם שטאם! מען דערפילט זייערע זאנפטע בויגזאמע קערפערס אונטער די שווארצע שאלען. ווען פון די פרויען וואלט ניט מעהר געבליבען ווי איין ביין, וואלט מען פון דעם ביין געקאנט דערזעהן דעם צויבער פון זייער שעהן־געוואקסענעם קערפער. זונטאג שטעהען זיי פאר דער קירך אין לאבענדיגע, טומעלדיגע גרופען, מיט זייערע שעהן־געפארמטע העלזער, בלומיגע געלעכטערס און פלאמענדיגע אויגען. מיט דער געשיקטקייט פון א יונגער סטאדע קניהען זיי אנידער, ווען דער פריסטער, וואס זעהט אויס ווי וויטעליוס, געהט פארביי, מיט אן אראפהענגענדע מארדע, דעם כוס אין האנט און באגלייט פון צוויי כאר־אינגלאך.

ער איז געגאנגען אין ניט קיין רעגעלמעסיגע שריט, צום טאקט פון זיינע געדאנקען, דא שנעל און דא פאמעליך. זי איז געגאנגען רעגעלמעסיגער און איז געווען א ביסעל פאראויס פון איהם. ער האט זי אנגעקוקט פון א זייט און באוואונדערט איהר ענטשלאסענעם און גראציעזען גאנג.

ניט זייענדיג אליין קלאר דאריבער, האט ער פונדעסטוועגען גענאסען דעם רייץ פון אט דער כמעט אינטימער באגעגעניש מיט א יונגער פרוי, וואס איז איהם געווען כמעט ווי אומבאקאנט.

זיי זיינען צוגעקומען צו א געגענד, וואו דער בולוואר האט נעהאט פיער רייהען פלאטאנען. זיי האבען נאכגעפאלגט דעם שטיינערנעם פאראפעט, וואס איז געווען באדעקט מיט קוסטעס, וואס דאס האט, גליקליכערווייז, באדעקט די מיאוס׳קייט פון די מיליטערישע געביידען אויף דער אנדערער זייט פון וואסער־ברעג. די לופט איבער׳ן טייך איז געווען אומבאוועגליך און האט אויסגעזעהן ווי מילך. דער הימעל איז געווען קלאר. די ליכט פון דער שטאדט האט זיך אויסגעמישט מיט דעם ליכט פון די שטערן.

— פאר א־יאָהרען אין ווענעדיג האָב איך יעדען פריהמאָרגען, ארויסגעהענדיג פון מיין הויז, געזעהן א יונגע מיידעל, זיצענדיג לעבען איהר טיר, וועמעס טרעפּ האָבען געפיהרט צום קאנאל. זי איז דאָרט געזעסען, אינמיטען פון א בארג מיט שמוץ, וואָס איז געוועזן באַגאָסען מיט זונען־ליכט. וואָס פאר א פּרעכטיגען קאָפּ זי האָט געהאַט! די רייכסטע פּערל אין דעם העלסטען ליכט! זי האָט געשמייכעלט. וואָסער מויל דאָס האָט געהאַט! איך האָב זיך אָבער באַצייטענס געכאַפּט אז דער שמייכעל איז געווען געציעלט צו א קצב־יונג, וואָס האָט זיך געפונען הינטער מיר מיט א קויש אויפ'ן קאָפּ.

ביי דעם ווינקעל פון דער קורצער גאַס וואָס ציהט זיך פון וואַסער־וועג, צווישען צוויי רייהען גערטענדלאַך, האָט מאַדאַם מאַרטען פאַרקלענערט איהרע טריט.

— איז עס אמת — זאָגט זי — אז אין ווענעדיג זיינען די פרויען שעהנע?

— זיי זיינען כמעט אַלע שעהן, מאַדאַם. איך רייד פון די מיידלאַך פון פּראָסטען פאָלק, די ציגאַר ארבייטערינס, די גלאָז־פאַבריק מיידלאַך. די איבעריגע פרויען זיינען ווי אומעטום.

— מיט די אנדערע מיינט איהר דאָך צו זאָגען די דאַמען פון דער געזעלשאַפט; האָט איהר זיי ניט ליעב, וואָס?

— די דאַמען פון דער געזעלשאַפט? אַ! פאַראַן צווישען זיי רייצענדע. אָבער וואָס עס איז שייך זיי ליעב האָבען — דאָס איז שוין גאָר אַן ערנסטע זאַך.

— דענקט איהר אזוי?

זי האָט איהם דערלאַנגט די האַנט און האָט זיך שנעל אריינ־געדרעהט אין דער זייטיגער גאַס.

## V.

דעמזעלבען אָוענד האָט זי געגעסען איהר מאָלצייט אַליין מיט איהר מאַן. אויפ'ן פאַרקלענערטען טיש זיינען שוין ניט גע־שטאַנען ניט דאָס בלומען־קוישעל מיט די גאָלדענע פליגעל און ניט די זיעג־סטאַטועז. די אודרי הינט זיינען שוין ניט מעהר אילומי־

נירט געוועז מיט אראפהענגענדע ליכט איבער די טירען. בעת ער האט גערעדט וועגן די טעגליכע פאסירונגען, איז זי געווען ווייט אוועק אין אומעטיגע חלומות. עס האט זיך איהר אויסגעדוכט ווי זי וואלט פארלארען געווארען אין א טומאן און אז זי איז דער־ווייטערט געווארען פון אלץ אין דער וועלט. דאס איז געווען א פרידליכער און כמעט זאנפטער צער. טונקעל, ווי דורך א נעבעל, האט זי דערזעהן ווי דאס קליינע צימערל פון די ספאנטיני ווערט אוועקגעטראגען פון שווארצע מלאכים אויף א שפיץ פון די הימא־לאיען בערג. און ער איז אין אן ערד־ציטערניש, אין וועלכער עס האט אויסגעזעהן אז די וועלט ענדיגט זיך, איז פארשוואונדען געווארען, אנטוענדיג בעת מעשה זיינע האנט־שוה. זי האט זיך געטאפט דעם פולס צו זעהן, אויב זי האט ניט קיין פיבער. א פלוצלונגער קלאנג פון זילבערוואַרג אויפ׳ן עס־טיש האט איהר אויפגעוועקט. זי האט געהערט די שטימע פון איהר מאן, וועלכער האט איהר געזאגט:

— מיין טייערע, אין פארלאמענט האט גאוואַ היינט געהאל־טען א גלענצענדע רעדע וועגן דער פראגע פון פענסיעס. עס איז צום שטוינען, וואסערע געזונטע אידעען ער האט די לעצטע צייט אנטוויקעלט און ווי ער ווייס דאס איצט שטענדיג צו טרעפען אין פונקט. א! ער האט זיך שטארק אויסגעארבייט.

זי האט זיך ניט געקאנט איינהאלטען פון שמייכלען.

— אבער, מיין טייערער, גאוואַ איז דאך אן ארימער טייוועל, וואס האט ניט מעהר אין זין ווי דורכצורייסען זיך א וועג און אנטלויפען פון די הונגעריגע. גאוואַ׳ס אידעען זיינען אויבער־פלעכליכע. איז דען מעגליך אז מען זאל איהם נעמען ערנסט אין דער פאליטישער וועלט? גלויב מיר, אז ער האט נאך ביי קיין שום פרוי ניט אויסגענומען, אפילו ניט ביי זיין אייגענער ווייב. און כדי ארויסצורופען אן אילוזיע ביי אן אייגענער ווייב דארף מען דאך פיעל ניט קענען, איך פארזיכער דיר.

און פלוצלונג האט זי צוגעגעבען אומערווארטעט:

— דו ווייסט, מיסס בעל האט מיך איינגעלאדען צו קומען צו איהר אין פיזעאל. איך האב די איינלאדונג אנגענומען און איך פאהר.

זייענדיג ווענינער איבערראשט ווי אומצופרידען, האָט ער זי געפרעגט, מיט וועמען זי פאָהרט.

זי האָט גלייך געהאַט פאַרטיג אַן ענטפער און האָט געזאָגט:

— מיט מאַדאַם מארמע.

עס איז ווענען דעם ניט געווען וואָס צו ענטפערן. מאַדאַם מארמע איז געווען זעהר אַ בכבוד׳יגע באַגלייטערין; זי האָט זיך באַזונדערס געפּאַסט פאַר איטאַליען, וואו איהר מאַן, מארמע דער עטרוסקאָנער, האָט געמאַכט אויספאָרשונגען פון איטאַליענישע קברים. ער האָט בלויז געפרעגט:

— האָסטו עס איהר געזאָגט? און ווען רעכענסטו צו פאָה־רען?

די קומענדיגע וואָך.

ער איז געווען פאַרזיכטיג דערוויילּ, פאַר דעם מאָמענט, זיך ניט קעגענצושטעלען; ער האָט געדענקט, אַז ווען ער וועט עס טאָן, וועט עס נאָך פאַרשטאַרקען איהר ווילדען קאַפּריז. ער האָט באַ־מערקט ליעבליך:

— ארומפאָהרען איז ווירקליך זעהר אַן אַנגענעמער צייט־פאַר־טרייב. איך האָב געטראַכט, אַז מיר וואָלטען געקאָנט, אין פריה־לינג, מאַכען אַ רייזע איבער קאַווקאַז, טורקעסטאַן און אריבער די קאַספּישע בערג. דאָס איז אַן אינטערעסאַנטע און ווענינ באַ־קאַנטע געגענד. גענעראַל אַנענקאָוו וואָלט אונז דאָרט באַזאָרגט מיט קאַרעטען און אַ ספּעציעלען צוג, אויף דער אייזענבאַן וואָס ער האָט געבויט. ער איז מיינער אַ פריינד; דו ביסט איהם זעהר שטאַרק געפעלען געוואָרען. ער וועט שיקען קאָזאַקען וואָס זאָלען אונז באַגלייטען. אַזאַ רייזע וואָלט געמאַכט אַן איינדרוק.

ער האָט זיך איינגעשפּאַרט איהר איבערצורעדען, אַפּעלירענדיג צו איהר אייטעלקייט; ער האָט זיך ניט געקאָנט גלויבען, אַז זי זאָל דאָס ניט באַזיצען און אַז, פונקט ווי ער, זאָל זי ניט געפיהרט ווערען פון אייגען־ליעבע. זי האָט גלייכגילטיג געענטפערט, אַז עס קאָן זיין, אַז דאָס איז אַ שעהנע רייזע. דערנאָך האָט ער אָנ־געהויבען לויבען די קאַווקאַזישע בערג, די אַלטע שטעדט, די באַזאַ־רען, די קאָסטומען און די וואַפען. און ער האָט צוגעגעבען:

— מיר וועלן מיטנעמען מיט זיך עטליכע פריינד; די פרינ־צעסין סעניאווין, דעם גענעראל לאריוויער, און אפשר וואנס'ן אָדער לע מעניל'ן.

זי האָט געענטפערט מיט אַ קליינעם טרוקענעם געלעכטערל, אַז עס איז נאָך דאָ גענוג צייט אויסצוקלייבן באַגלייטער.

ער איז צו איהר געוואָרען אויפמערקזאַם און העפליך.

— דו עסט דאָך גאָר ניט. דארפסט זעהן אויפפאַסען אויף דיין געזונט.

באַטש ער האָט ניט געגלויבט, אַז זי זאָל אָוועקפאָהרען אַזוי שנעל, פונדעסטוועגען האָט ער זיך באַאומרוהיגט. זיי האָבען זיך אפילו ביידע געגעבען פרייהייט, אָבער ער האָט ניט ליעב גע־האַט צו בלייבען אליין. ער האָט זיך געפיהלט גוט נאָר ווען זיין פרוי איז געווען אין דערהיים און דאָס באַלעבאַטישקייט איז געווען אין אָרדנונג. אַ־חוץ דעם האָט ער געהאַט באַשלאָסען צו געבען אַ צוויי־דריי גרויסע פּאָליטישע מאָלצייטען אין פארלויף פון דער סעסיע. זיין פּארטיי האָט זיך צוואוואַקסען. עס איז איצט געווען דער מאָמענט צו פארשטאַרקען זיין אייגענעם איינפלוס און ארויס־צואווייזען זיך פאַר'ן פּובליקום אין פולען גלאַנץ. ער האָט געזאָגט אין אַ געהיימניספולען טאָן:

— עס קאָנען איצט איינטרעטען אַזעלכע אומשטענדען ביי וועלכע מיר זאָלען זיך נויטיגען אין דער שטיצע פון אַלע אונזערע פריינד. האָסטו די לעצטע צייט נאָכגעפאָלגט די פּאָליטישע פּאַסי־רונגען, טערעזאַ?

— ניין, מיין פריינד.

— דאָס טוט מיר לייד. דו האָסט אַ שאַרפען אורטייל און אַ טיפען פארשטאַנד. ווען דו וואָלסט געווען נאָכגעפאָלגט דעם גאַנג פון די פּאַסירונגען, וואָלסטו באַמערקט, אַז די באַפעלקערונג ווערט וואָס אַמאָל אַלץ מעהר גענייגט צו מעסיגערע אנזיכטען. דאָס לאַנד איז שוין מיעד פון עקסטרעמען. עס וועט אראָפּוואַרפען אַזעלכע מענער, וואָס האָבען שלום געמאַכט מיט דער ראַדיקאַלער פּאָליטיק און מיט רעליגיעזע פארפאָלגונגען. עס וועט קומען אַ טאָג, ווען מען וועט נאָך צונויפשטעלען אַ מיניסטעריום לויט דעם מוסטער פון קאַזימיר־פּעריע, און דעמאָלט...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט זיך ווירקליך צו־ווייניק צו איהם צוגעהערט.

טרוימענדיג און אנטטוישט איז זי אריינגעפאַלען אין חלומות. עס האָט זיך איהר געדוכט, אַז זי איז ניט די שעהנע פרוי וואָס איז, ניט לאַנג צוריק, אין דער ווארימקייט פון אַ באַשאָטענטען טונקעלען צימער, געשטאַנען באָרוועס אויף אַ ברוינער בערן־פעל, בעת איהר געליעבטער האָט איהר געקושט אויפ׳ן נאַקען און זי האָט פארקעמט איהרע האָר פאַר׳ן שפּיגעל. דאָס איז אַפילו ניט אַזאַ פרוי וואָס זי האָט געקענט אָדער וועמען זי האָט געוואָלט קענען. דאָס איז עפּעס אַ דאַמע, וועמענס געשעפטען אינטערעסירען איהר ניט.

אַ האָר־נאָדעל, איינע פון די האָר־נאָדלען פון בעהמישען גלאָז־שאָלכעל, איז אַראָפּגעפאַלען פון איהרע האָר אויף איהר נאַקען. זי האָט אַ ציטער געטאָן.

מיר ווען אָבער פונדעסטוועגען מוזען געבען אַ דריי אָדער פיער מאַלצייטען צו אונזערע פּאָליטישע פריינד — האָט הערר מארטען־בעלעם געזאָגט. — מיר וועלען איינלאַדען די געוועזענע ראדיקאַלען און אויך די מיטגלידער פון אונזער אייגענעם קרייז. מען וועט אויך דאַרפען האָבען עטליכע שעהנע פרויען. מען וואָלט גאַנץ גוט געקאָנט איינלאַדען מאַדאַם בערער דע־לאַ־מאַל: שוין, דוכט זיך, באַלד צוויי יאָהר ווי מען האָט קענען איהר גאָר ניט גערעדט. וואָס דענקסטו וועגען דעם?

— אָבער, טייערער, איך פאָהר דאָך אַוועק קומענדע וואָך.
ער איז געבליבען געפּלעפט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פינסטער און שווייגענדיג זיינען זיי ביידע אריין אין קליינעם זאַל, וואו פאול וואַנס איז געזעסען און געוואַרט. ער פלעגט אָפט, אין אָווענד, קומען אהער אָהן צערעמאָניעס.

זי האָט איהם דערלאַנגט די האַנט.

איך בין זעהר צופרידען אייך צו זעהן. איך וועל אייך זאָגען אַ „זיי־געזונט" פאַר אַ קורצער צייט. פּאַריז איז קאַלט און שוואַרץ. אַט דער וועטער מאַטערט מיך אויס און מאַכט מיך

טרויעריג. איך וועל פארברענגען זעקס וואכען אין פלאָרענץ, צו־זאמען מיט מיסס בעל.

הערר מארטען־בעלעם האָט אויפגעהויבען די אויגען צום הי־מעל.

וואָנס האָט איהר געפרעגט, אויב זי איז שוין ניט געווען עטלי־כע מאָל אין איטאַליען.

— דריי מאָל, אָבער איך האָב גאָרניט געזעהן. דאָס מאָל האָב איך אָבער באשלאָסען צו זעהן, זיך פשוט באָדען אין דעם לעבען פון לאנד. פון פלאָרענץ וועל איך מאכען עקסקורסיעס נאָך טאָסקאַנען און אומבריען. און צום שלום וועל איך זיין אין ווע־נעדיג.

— איהר טוט זעהר גלייך. ווענעדיג איז די שבת־רוה נאָך דער גרויסער באשאפונגס־וואָך פון געטליכען איטאַליען.

— אייער פריינד דעשאַרט האָט מיר דערצעהלט זעהר פיעל שעהנע זאכען וועגען ווענעדיג און וועגען דער ווענעציאַנישער לופט וואָס איז ווי פארזעעט מיט פערל.

— יאָ, דער הימעל אין ווענעדיג איז א מאָלער. אין פלאָרענץ איז ער א גייסט. אַן אַלטער פּראָפעסער שרייבט: „דער לייכטער, קלאָרער הימעל פון פלאָרענץ רופט ארוים ביי דעם מענשען שעהנע געדאַנקען“. איך האָב פארבראַכט הערליכע טעג אין טאָסקאַן און איך וואָלט זעהר געוואָלט דאָרט זיין נאָכאמאָל.

— נו, טאָ קומט דאָרט צו־פאָהרען מיך זעהן.

ער האָט אָפּגעזיפצט:

— די צייטונגען, די רעצענזיעס, די טעגליכע ארבייט!...

הערר מארטען־בעלעם האָט געזאָגט, אז דאָס זיינען זעהר וויכ־טיגע אורזאכען, און אז די לעזער פון הערר פּאָול וואָנס'עס ביכער און ארטיקלען האָבען דערפון צופיעל פארגעניגען, אז זיי זאָלען איהם ווינשען זיך צו שיידען פון זיין ארבייט.

— אָ! וואָס ס'איז שייך מיינע ביכער!... אין א בוך זאָגט מען גאָר ניט דאָס, וואָס מען וואָלט וועלען זאָגען. עס איז איינ־פּאַך אוממעגליך אויסצודריקען דאָס וואָס מען וויל!... נו! יאָ, איך קען ריידען מיט מיין פעדער פונקט ווי אימיצער אנדערש. אָבער דאָס ריידען, דאָס שרייבען, ווי קלעגליך!... ס'איז פשוט אַן

עלענדקייט, ווען מען באטראכט ווי באדייטונגסלאז עס זיינען די אלע קליינע סמנים, די זילבען, ווערטער און פראזען. וואס קאן ווערען פון אידעען, פון שעהנע אידעען ווען זיי זיינען אפהענגיג אן די בייזוויליגע, זאנדערבארע היראגליפען? וואס מאכט דען דער לעזער פון דעם בלאט פאפיר וואס איך האב אנגעשריבען? פאר איהם איז דאס בלויז א רייהע פארזעצונגען פון מיספארשטענדניסען, פאלשע אויסטייטשונגען און אונזין. לעזען און הערען הייסט — איבערזעצען. עס זיינען אפשר פאראן גוטע איבערזעצונגען, אבער קיינמאל ניט קיין פינקטליכע. וואס האב איך דערפון וואס זיי באוואונדערן מיינע ביכער, אזוי־לאנג ווי זיי באוואונדערן דארט בלויז דאס, וואס זיי לייגען דארט אריין? יעדער לעזער שרייבט אונז צו זיינע אייגענע געדאנקען. מיר גיבען איהם בלויז מאטעריאל צו קיצלען זיין פאנטאזיע. און עס איז שרעקליך צוצושטעלען מאטעריאל פאר אזא ארבייט. דאס איז א נידערטרעכטיגע פראפעסיע.

— איהר שפאסט, — האט געזאגט העררר מארטען.

— איך גלויב ניט אז העררר וואנס שפאסט, — האט געזאגט טערעזא. ער פיהלט אז איין נשמה קאן ניט אריינדרינגען אין דער אנדערער, און דאס טוט איהם וועה. ער פיהלט זיך איינזאם ווען ער דענקט און איינזאם ווען ער שרייבט. וואס מען זאל ניט טאן, איז מען שטענדיג איינזאם אויף דער וועלט. אט דאס האט ער געוואלט זאגען. ער האט רעכט. מען קאן זיך שטענדיג אויסרעדען, אבער מען קאן זיך קיינמאל ניט פארשטעהן.

— מען קאן זיך נאך פארשטעהן דורך מינעס, — האט געזאגט פאול וואנס.

— דענקט איהר ניט אז דאס איז אן אנדער סארט היראגליפען? דערצעהלט מיר וועגען העררר שולעט, איך האב איהם שוין לאנג ניט געזעהן.

וואנס האט געענטפערט, אז שולעט איז איצט זעהר פארנומען מיט רעפארמירען דעם דריטען פראנציסקאנער ארדען.

— די אידעע וועגען אט דער ארבייט, מאדאם, איז איהם געקומען אויף א וואונדערבארען אופן. אמאל איז ער געגאנגען באזוכען מאריא'ן, וועלכע וואוינט הינטער דעם גאטעס־הויז, א גאס וואס

האָט אויסגעבויגענע הייזער און איז שטענדיג פייכט. איהר ווייסט דאָך, אז מאַריאַ איז די הייליגע און מארטירערין, וואָס פארגיטיגט די זינד פון פאָלק. ער האָט געצוויגען דעם גלאָקען־שטריק וואָס איז שוין אויסגעריבען געוואָרען פון באַזובער פאר צוויי יאָהרהונדערטער. צי די מארטירערין איז פונקט געווען אין שענק, וואו זי פלעגט זיין זעהר היימיש, צי זי איז געווען פארנומען אין צימער, — ווי עס זאָל ניט זיין, האָט זי ניט געעפענט. שולעט האָט לאַנג געקלונגען, ער האָט אזוי געריסען דעם גלאָק, אז דאָס הענטעל צוזאמען מיט'ן שטריק איז איהם געבליבען אין האַנט. זייענדיג געשיקט אין אויפפאַסען סימבאָלען און אריינדרינגען אין די באהאַלטענע מיינונגען פון געגענשטאנדען, האָט ער גלייך פארשטאנען, אז אַט דער שטריק האָט זיך ניט אָפגעריסען אָהן דער ערלויבניש פון דער איבערנאטירליכער מאכט. ער האָט וועגען דעם נאָכגעקלערט. דער פלאַקס איז געווען שווארץ און קלעפיג פון שמוץ. ער האָט דערפון געמאכט א גארטעל און עס איז פאר איהם אנטפּלעקט געוואָרען, אז ער איז אויסדערוועהלט צוריק צו ברענגען דעם דריטען אָרדען פון די פראַנציסקאַנער צו זיין אמאָליגער ריינליכקייט. ער האָט זיך ענטזאגט פון דער פרויען־שעהנקייט, פון דעם פארגעניגען פון פּאָעזיע, פון דעם גלאַנץ פון באריהמטקייט, און זיך נאָר אָפּגעגעבען מיט שטודירען דעם לעבען און די לעהרען פון דעם געבענשטען הייליגען. דערווייל האָט ער פארקויפט זיין פארלעגער א בוך מיט'ן נאָמען „די בלאַנדיסען", וואָס, ווי ער זאָגט, ענטהאלט א באשרייבונג פון אלע סאָרטען ליעבעס. ער איז שטאָלץ, וואָס ער ווייזט זיך דאָרט ארויס אלס א פארברעכער, מיט א טאָן פון אויסצייכענונג. אָבער אַט דאָס בוך וועט בשום אופן ניט זיין קיין שטערונג צו זיינע מיסטישע אונטערנעמונגען. פארקערט, עס וועט נאָך שטייגען און ווערען א מוסטער, צוליב דעם ווערק וואָס וועט איהם נאָכפאָלגען; און א־חוץ דעם וואָלט ער די געלט, אָדער ווי ער רופט עס, די „גאָלד־שטיקלאך" ניט געקאָנט קריגען פאר א בוך, וואָס זאָל זיין צניעות'דיגער אָנגעשריבען. ער וועט דאָס באַנוצען עולה־רגל צו זיין נאָך אסיסי.

מאדאם מארטען, וואָס האָט זיך דערפון שטארק אמוזירט, האָט געפרעגט וויפיעל אמת עס געפינט זיך אין דער געשיכטע.

וואָס האָט געזאָגט, אַז זי דאַרף ניט צו שטאַרק פרעגען וועגן דעם.

ער האָט האַלב צוגעגעבן, אַז ער האָט אידעאַליזירט דעם דיכטער׳ס געשיכטע און אַז מען דאַרף ניט אָננעמען די אוואַנטורען, וואָס ער דערצעהלט, אין דעם בוכשטעבליכען און העברעאישען זין.

אָבער ער האָט באַשטעטיגט, אַז שולעט גיט איצט אַרויס זיינע „בלאַנדיסען״ און אַז ער וויל באַזוכען דעם אוהל און קבר פון הייליגען פּראַנצים.

— אויב אַזוי, — האָט אויסגעשריען מאַדאַם מאַרטען, — וועל איך איהם מיטנעמען אין איטאַליען. געפינט איהם אויס און ברייננט איהם מיר אַהער. איך פאָהר אַוועק קומענדע וואָך.

הערר מאַרטען האָט זיך אַנטשולדיגט, וואָס ער קאָן ניט לענגער פאַרבלייבען. ער דאַרף נאָך ענדיגען אַ באַריכט, וואָס מוז אָפּגעגעבען ווערען מאָרגען.

מאַדאַם מאַרטען האָט געזאָגט, אַז עס איז נאָך ניטאָ איינער אין וועמען זי זאָל זיך אַזוי־פיעל אינטערעסירען ווי אין שולעט׳ן. פאָול וואָס האָט איהם אויך געהאַלטען פאַר אַ זעלטענעם מענשליכען טיפּ.

— ער איז ניט פיעל אַנדערש ווי די הייליגע, וועגען וועמענס אויסערגעוועהנליכען לעבען מיר לעזען. ער איז אויפריכטיג פּונקט ווי זיי. ער באַזיצט דיזעלבע וואונדערבאַרע צאַרטקייט פון עמפּפינדונגען און דיזעלבע שרעקליכע שטורמישע נשמה. אויב אַ סך פון זיינע האַנדלונגען ענטריסטען אונז, איז דאָס אפשר ווייל ער איז שוואַכער, קאָן זיך וועניגער באַהערשען אָדער אפילו בלויז ווייל מיר זעהען איהם צו־פיעל פון דער נאָהענט. און אַ־חוץ דעם זיינען אויך דאָ געפאַלענע הייליגע, פּונקט ווי עס זיינען דאָ געפאַלענע מלאכים: שולעט איז אַ געפאַלענער הייליגער,און דאָס אַלץ! אָבער זיינע פאָעמען זיינען אמת גייסטרייכע און אַ סך שעהנער פון אַלץ, וואָס די דראַמאַטישע און קירכען־פּאָעזיע פון זיבצעהנטען יאָהרהונדערט האָט אַרויסגעבראַכט אויף דעם געביט.

זי האָט איהם אונטערבראָכען:

— איידער איך פאַרגעס, וויל איך אייך מאַכען אַ קאָמפּלי־

מענט איבער אייער פריינד דעשארט. דאָס איז אַ פיינער גייסט.
און דאַן האָט זי צוגעגעבן:
— מעגליך, אַז ער איז אַ ביסעל צו־פיעל באהאַלטען אין זיך.
וואָנס האָט איהר דערמאָנט, אַז ער האָט איהר געהאַס געזאָגט, אַז דעשארט וועט איהר פאַראינטערעסירען.
— איך קען איהם דורך און דורך. מיר זיינען נאָך געווען פריינד אַלס קינדער.
— האָט איהר געקענט זיין פאַמיליע?
— יאָ, ער איז דער איין און איינציגער זוהן פון פיליפ דעשארט.
— דער ארכיטעקט?
—דער ארכיטעקט, וועלכער האָט אונטער נאַפּאָלעאָן דעם דריטען צוריק אויפגעבוים אַזוי־פיעל שלעסער און קירכען אין טורען און אָרלעאַנס. ער האָט באַזעסען געשמאַק און קענטנים. כאָטש ער איז געווען פון דער נאַטור זעהר אַ צוריקגעהאַלטענער און אַ זאַנפטער, איז ער דאָך געווען אַזוי ניט פאַרזיכטיג און אַטאַקירט וויאָלעט־לע־דיק, וואָס איז דעמאָלט געווען אַלמעכטיג. פיליפ דעשארט האָט איהם פאַרגעוואָרפען, אַז ער האָט געוואָלט צוריק אויפשטעלען די אַלטע געביידען לויט זייער אורשפּרינגליכען פּלאַן, אַזוי ווי זיי זיינען אַמאָל געווען, אָדער ווי זיי האָבען געדאַרפט אַמאָל זיין. דעשארט האָט אָבער געוואָלט, אַז מען זאָל דרך־ארץ האָבען פאַר אַלעם דעם וואָס די יאָהרהונדערטער האָבען ביסלעכווייז צוגעגעבען צו דעם אויסקוק פון די קירכען, פון די קלויסטערס און פון די שלעסער. צו פאַרטרייבען די אַנאַכראָניזמען און צוריקברייננגען די געביידע צו איהר אורשפּרינגליכער איינהייט, האָט פאַר איהם אויסגעקוקט צו זיין אַ וויסענשאַפטליכע באַרבאַריי, וואָס איז פּונקט אַזוי געפעהרליך ווי די אומוויסענדע באַרבאַריי. ער פלעגט זאָגען, ער פלעגט האַלטען אין איין איבער׳חזר׳ן: „עס איז אַ פאַרברעכען אָפּצואווישען די סמנים, וואָס זיינען איינגעקריצט געוואָרען אין שטיין דורך די הענט און דער נשמה פון אונזערע אור־עלטערן. נייע שטיינער, וואָס זיינען געשניטען אין אַן אַלטען סטיל זיינען פאַלשע עדות". ער האָט געוואָלט, אַז די ארבייט פון דעם ארכיטעקט־ארכעאָלאָג זאָל זיך באַגרענעצען מיט פאַרפעסטיגען און אונ־

טערהאַלטען די געבײדע. ער האָט געהאַט רעכט. אָבער אַלע האָ־
בען איהם געגעבען אומגערעכט. ער האָט געענדיגט זײַן קינסט־
לערישע נידערלאַגע דערמיט, וואָס ער איז יונג געשטאָרבען, איבער־
לאָזענדיג זײַן געגנער אין פולען טריאומף. ער האָט אָבער איבער־
געלאָזען זײַן אַלמנה און זײַן זוהן אַ שעהנעם פאַרמעגען. זשאַק
דעשאַרט איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרען פון זײַן מוטער, וועלכע
האָט איהם פאַרגעטערט. איך גלויב ניט, אַז נאָך אַ מוטער זאָל
אַזוי לײַדענשאַפטליך האָבען ליעב געהאַט איהר קינד. זשאַק איז
אַ פײַנער בחור, אָבער אַ צובאַלעוועטער.

— ער קוקט אָבער אויס צו זײַן אַזוי גלײַכגילטיג, ער נעמט
אַלץ אַזוי לײַכט, עפּעס אַזוי ווײַט פון יעדער זאַך!

— לאָזט זיך נאָר ניט אָפּנאַרען דערפון. דאָס איז זײַן גע־
פּלאָגטע פאַנטאַזיע, מיט וועלכער ער פּלאָגט אויך אַנדערע.

— האָט ער ליעב פרויען?

— פאַרוואָס פרעגט איהר מיך דאָס?

— אָ, ניט ווײַל איך וויל איהם ריידען אַ שידוך.

— איך האָב אײַך געזאָגט, אַז ער איז אַן עגאָאיסט. בלויז
עגאָאיסטען קאָנען אמת׳דיג ליעב האָבען פרויען. נאָך דעם טויט
פון זײַן מוטער האָט ער אַ לאַנגע צײַט געהאַט פאַרבינדונגען מיט
אַ באַקאַנטער אַקטריסע, זשאַן טאַנקרעד.

מאַדאַם מאַרטען האָט זיך אַביסעל דערמאָנט אָן זשאַן טאַנ־
קרעד; זי איז ניט געווען קײן איבעריג שעהנע, אָבער זעהר פײַן
געבויט און אין איהרע ליעבעס־ראָליען האָט זי געהאַט אַ מין נאַכ־
לעסיגע גראַציע.

— זי איז דאָס טאַקי — האָט געענטפערט פּאָול וואַנס. —
זיי האָבען געלעבט כמעט צוזאַמען אין אַ קלײנעם הײַזעל אין אַטוי.
איך פלעג אָפט קומען זיי זעהן. איך פלעג איהם טרעפען ווי פאַר־
לאָרען אין חלומות, פאַרגעסענדיג צו מאָדעלירען אַ פיגור, וואָס
האָט געטריקענט אונטער איהרע ליניען. ער איז געווען אַזוי פאַר־
טראַכט אַז ער האָט ניט געהערט וואָס מען רעדט צו איהם. אין
דערזעלבער צײַט האָט זי געמאַכט פּראָבען אין איהרע ראָליען. די
פאַרב פון איהרע באַקען איז געווען רואינירט פון איהר שמינקע,
אָבער זי האָט געהאַט שעהנע, צאַרטע און געפיהל־פולע אויגען. זי

פלעגט זיך פאר מיר באקלאגען, אז עס איז איהר שווער מיט איהם אויסצוקומען, אז ער איז אפטמאל א צורודערטער און אן אויפגע־רעגטער. זי האט איהם זעהר ליעב געהאט און זי האט איהם בא־טראגען בלויז דעמאלט ווען עס האט זיך געהאנדעלט אין קריגען א וויכטיגע ראלע. און ווען זי האט איהם אמאל גענארט, איז דאס שנעל אריבער, און זי האט מעהר וועגען דעם ניט געדענקט. זי איז געווען אן ערנסטע פרוי. זי פלעגט זיך ערלויבען צו זעהן זיך מיט זשאזעף שפרינגער, פארברייגנגען מיט איהם, מיט דער האפנונג אז דורך איהם וועט זי קאנען אנקומען אין דער קאמעדי פראנסעז. דעשארט איז געווארען ברוגז און האט זיך מיט איהר צושיידט. איצט געפינט זי פאר צוועקמעסיגער צו לעבען מיט איהרע דירעקטארען, און זשאק, ווידער, האט פארגעניגען פון ארומרייזען.

— בענקט ער נאך איהר?

— ווי קאן מען וויסען, וואס עס געהט פאר אין אט דעם אומ־רוהיגען און באוועגליכען גייסט? ער איז אן עגאאיסט און א ליידענשאפטליכער, ער וואלט וועלען איינער זיך אינגאנצען איבער־געבען, און ווען עס טרעפט זיך אזא — ציהט ער זיך שנעל צוריק. פון אלעם שעהנעם וואס ער געפינט נאר אויף דער וועלט ליעבט ער אימער נאר זיך אליין, און אויף א גרויס־הארציגען אופן.

זי האט פלוצלונג געענדערט די טעמא:

— און וואס איז מכח אייער ראמאן, הערר וואנס?

— איך האלט שוין ביים לעצטען קאפיטעל, מאדאם. מיין קליינער גראווירער איז שוין גילאטינירט געווארען. ער איז גע־שטארבען מיט דער גלייכגילטיגקייט פון א יונגפרוי, וואס האט קיין פארלאנגען ניט און וואס האט קיינמאל אויף איהרע ליפען ניט געפיהלט דעם הייסען אטעם פון לעבען. די צייטונגען און דאס פובליקום האבען איינגעשטימט, ווי געוועהנליך, צום גערעכטען משפט וואס איז איצט אויסגעפיהרט געווארען. אבער אויף א בוידעם־שטיבעל זיצט אן אנדער ארבייטער, ער איז ערנסט, טרויעריג און א כעמיסט, און ער שווערט צו באגעהן אן אנדער מארד — אלס נקמה.

ער האט זיך אויפגעהויבען און זיך געזעגענט.

זי האָט איהם דערמאָנט:

— הערר וואַנס, איהר דאַרפט וויסען, אַז איך מיין עס ערנסט. ברייגנט מיר אהער שולעט'ן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען זי האָט זיך געלאָזען אַרויפגעהן צו איהר צימער, האָט זי געטראָפען איהר מאַן, שטעהענדיג אויף די טרעפ און וואַרטענדיג אויף איהר. ער האָט געטראָגען אַ רויטליך־ברוינליכען שלאָף־ראָק און אַ מיצעל וואָס האָט אַרומגעראַמט זיין בלאַסען, מאָגערען געזיכט. ער האָט אויסגעקוקט ערנסט. הינטער איהם, דורך דער אָפענער טיר פון זיין אַרבייטס־קאַבינעט, האָט מען געזעהן, אונטער'ן שיין פון לאָמפּ, אַ גאַנצען הויפען דאָקומעטען און די אָפענע בלויע ביכער פון יעהרליכען ביודזשעט. איידער זי איז אַריין אין איהר צימער, האָט ער איהר געגעבען אַ סימן, אַז ער וויל צו איהר ריידען.

— מיין טייערע, איך קאָן דיך ניט פאַרשטעהן. דאָס וואָס דו ביסט אַזוי ניט־קאָנסעקווענט, וועט דיר נאָך אָנמאַכען גרויסע צרות. דו פאַרלאָזט דיין הויז אָהן אַן אורזאַך, און אפילו אָהן אַן אויסרייד, אום אַרומצופאָהרען איבער איירָאָפּאַ — און מיט וועמען? עפּעס אַ באָהעם, אַ שיכור, אָט דער שולעט.

זי האָט געענטפערט, אַז זי וועט פאָהרען מיט מאַדאַם מאַרמע און אַז עס ליגט דעריין ניט קיין שום פאַרברעכען קעגען דער אָנגענומענער זיטליכקייט.

— אָבער דו דערצעהלסט דאָך וועגען דיין אָפּרייזען פאַר דער גאַנצער וועלט און דו ווייסט נאָך אפילו ניט אויב מאַדאַם מאַרמע וועט דיך קאָנען באַגלייטען.

— אָ, די גוטע מאַדאַם מאַרמע וועט שוין באַלד האָבען איינגעפּאַקט איהרע זאַכען. די איינציגע זאַך וואָס פאַרהאַלט איהר אין פּאַריז איז איהר הונט. זי וועט איהם דיר איבערלאָזען, און דו וועסט אויף איהם אכטונג געבען.

— און וויים דיין פאָטער וועגען דיינע פּלענער?

דאָס איז אַלע מאָל געוועזען זיין לעצטער רעטונגס־מיטעל זיך צו פאַרלאָזען אויף דער אויטאָריטעט פון איהר פאָטער, ווען זיין איינענע האָט ניט געגאָלטען. ער האָט געוואוסט, אַז זיין פרוי האָט

שטאַרק מורא געהאַט אַרויסצורופֿען אומצופֿרידענהייט ביי איהר פֿאָטער אָדער צו געבען איהם אַ שלעכטע מיינונג וועגען איהר. ער האָט פֿאָרטגעזעצט:

— דיין פֿאָטער איז פֿול מיט פֿאַרנונפֿט און טאַקט. ביי פֿיעלע געלעגענהייטען האָב איך געהאַט דאָס פֿאַרגעניגען צו זעהן, אַז ער איז איינשטימיג מיט מיר דאָרטען, וואו עס האַנדעלט זיך צו געבען דיר אַן עצה. ער האָט, צום ביישפּיעל, איינגעשטימט מיט מיר, אַז מאַדאַם מעיאַן איז ניט קיין פּאַסענדע חבר'טע פֿאַר אַזאַ פֿרוי ווי דו. דער קרייז וואָס פֿאַרקערט אין איהר הויז איז זעהר אַ געמישטער און זי גיט אַלע געלעגענהייטען פֿאַר אינטריגען. איך מוז דיר זאָגען אָפֿען, אַז דו באַגעהסט אַ גרויסען אומרעכט דערמיט, וואָס דו רעכענסט זיך ניט מיט דער עפֿענטליכער מיינונג. איך וואָלט שוין געמוזט האָבען אַ גרויסען טעות צו דענקען, אַז דיין פֿאָטער זאָל עס ניט אָננעמען פֿאַר זאָנדערבאַר וואָס דו ווילסט אוועק פֿון דאַנען אויף אַזאַ... לייכטזיניגען אופֿן. און ערלויב מיר דיך צו דערמאָנען, מיין טייערע, אַז דיין אַבוועזענהייט איצט וועט זיין פֿיעל מעהר אויפֿפֿאַלענד צוליב דעם, וואָס ביי דער איצ־טיגער סעסיע פֿון פֿאַרלאַמענט האָבען די אומשטאַנדען מיך אַרויס־געבראַכט פֿאַר די אויגען פֿון דער עפֿענטליכקייט. געוויס, מיינע פֿאַרדינסטען אין אָט דער לאַגע זיינען גאַרנישט ווערט. אָבער ווען דו וואָלסט געוואָלט מיך אויסהערען בעת דעם אָוועגט־מאָלצייט, וואָלט איך דיר באַוויזען, אַז די גרופּע פּאָליטישע פֿיהרער, צו וועל־כע איך געהער, געפֿינען זיך איצט אויף דער שוועל צו זייער מאַכט. ניט אין אַזאַ מאָמענט דאַרפֿסטו זיך אָפּזאָגען פֿון דיינע פֿליכטען אַלס ווירטין פֿון הויז. דו פֿאַרשטעהסט דאָס אַליין.

זי האָט איהם געענטפֿערט:

— דו לאַנגווייליגסט מיך.

דאַן האָט זי זיך אויסגעדרעהט צו איהם מיט'ן רוקען און האָט זיך פֿאַרמאַכט אין איהר צימער.

יענעם אָוונט, ליגענדיג אין בעט, האָט זי ווי געוועהנליך גע־נומען אַ בוך איידער זי האָט איינגעשלאָפֿען. זי האָט געמישט די בלעטער צופֿעליג און האָט אָנגעטראָפֿען די פֿאָלגענדע שורות:

„מיט דער ליעבע איז פונקט ווי מיט דער פרומקייט; זי קומט שפעט. מען איז ניט פארליעבט און מען איז ניט פרום צו צוואנציג יאָהר, סיידען מען האָט אַן אויסערגע־וועהנליכען גייסט אָדער אַ מין איינגעבוירענע הייליגקייט. אפילו די אויסדערוועהלטע וועהרען זיך לאנג מיט אַט דער גראציע פון ליעבע, וואָס איז שרעקליכער ווי דער בליץ אויפ'ן וועג פון דמשק. מעהרסטענטיילס גיט זיך די פרוי ניט איבער צו דער ליידענשאפט פון ליעבע, סיידען דעמאָלט ווען די יאָהרען אָדער די איינזאמקייט דערשרעקען זי ניט מעהר. ווארים אין דער אמת'ן איז ליידענשאפט א טרוקענער מדבר, א ברענענדער טהעבאאיד. די ליידענשאפט איז א פארשוועכטער אסקעטיזם, וואָס איז פונקט אזוי גרויזאם ווי דער רעליגיעזער אסקעטיזם.

און דערפאר זעהט מען, אז די גרויסע פארליעבטע זיינען פונקט אזוי זעלטען ווי די גרויסע פרויען בעלי תשובות. די וואָס קענען גוט דאָס לעבען און די וועלט ווייסען, אז זיי לייגען ניט ארויף גערן אויף זייערע צארטע שולטערן די מאסע פון אמת'ער ליעבע. זיי ווייסען, אז קיין זאך איז ניט זעלטענער ווי א לאנגע אויפאָפפערונג. און שטעלט אייך נאָר פאָר וויפיעל א פרוי פון דער געזעלשאפט דארף אויפאָפפערען ווען זי ליעבט. פרייהייט, רוה, רייצענדע שפיעלערייען פון א פרייער נשמה, קאַ־קעטעריי, פארגעניגענס, אונטערהאלטונגען — זי פארלירט אלץ.

פלירטען איז איהר ערלויבט. דאָס איז אין איינקלאנג מיט די אלע פאָדערונגען פון עלעגאנטען לעבען. אָבער ליע־בען — ניט. ליעבע איז צום וועניגסטען וועלטליך ווי אלץ, דאָס איז די אנטי־סאָציאלע, די דערווידערסטע, די בארבאריש־סטע זאך. און די וועלט פאראורטיילט די ליעבע שטרענגער ווי די גאלאנטעריע און קליינע זיטען־פעהלער. אין א גע־וויסען זין האָט זי רעכט. א פארליעבטע פאריזערין פארזינדיגט זיך קעגען איהר נאטור און קעגען איהר אויפגאבע אין לעבען, זי דארף געהערען אלעמען, פונקט ווי א קונסט־ווערק. זי איז א קונסט־ווערק — און די וואונדערבארסטע וואָס די אינדוסטריע פון מאן האָט ווען עס איז פראָדוצירט. זי איז א באַצויבערענדע ארבייט, וואָס איז אנשטאנען פון א פארבינדונג פון אלע מעכא־

נישע און פרייע קונסטען. זי איז זייער געמיינשאפטליכע אר־
בייט, דאָס געמיינשאפטליכע גוטס. איהר פליכט איז צו לאָזען
זיך זעהן".

טערעזא האָט פארמאכט דעם בוך און האָט געדענקט, אז דאָס
זיינען טרוימערייען פון ראָמאַנטיקער וואָס קענען ניט דאָס לעבען.
זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אז אין דער אמת'ן איז ניטאָ קיין כרמל־
בארג־ליעבע און אויך ניט קיין קרייץ־ליעבע; אז ליעבע איז גאָר
ניט אזא שעהנער בארוף און אויך ניט אזוי שרעקליך, אז דער אויס־
דערוועהלטער זאָל דארפען קענען איהר אומזיסט קעמפען. זי האָט
געוואוסט, אז ליעבע איז ניט מעהר ווי אַ קליינע קורצע שיכרות,
פון וועלכער מען געהט ארויס אַ ביסעל טרויעריג... אויב אָבער
זי האָט ניט געוואוסט אלץ, אויב עס זיינען נאָך פאראַן ליעבעס
אין וועלכע מען קאָן זיך טרינקען אין לוסט... זי האָט אויסגעלאָ־
שען דעם לאָמפּ. די חלומות פון איהרע ערשטע יוגענד־יאָהרען
זיינען צו איהר צוריקגעקומען פון דעם טונקעלען הינטערגרונט פון
איהר פארגאַנגענהייט.

## VI.

עס האָט גערעגענט. דורך די פארעגענטע שויבען פון איהר
קארעטע האָט מאדאם מארטען־בעלעם אין דער טונקעלהייט גע־
זעהן אַ מאַסע רעגען־שירעמס דורכגעהן ווי שווארצע שילדקארטען.
זי האָט געטרוימט. איהרע געדאַנקען זיינען געוועזן אזוי גראָה
און אומבאַשטימט פונקט ווי דאָס אויסזעהן פון די גאַסען און די
פלעצער, וואָס דער רעגען האָט געמאַכט אומדייטליך.

זי האָט זיך ניט געקאָנט דערמאָנען פון וואַנען עס האָט זיך
צו איהר גענומען דער איינפאַל צו פארברענגען אַ מאָנאַט ביי מיסס
בעלל. און זי האָט ווירקליך ניט געקאָנט וויסען פון וואַנען עס
קומט צו איהר אזא באַשלוס. עס איז געוועזן ווי אַ קוואל וואָס
איז געוועזן פון אָנהויב פארבאָרגען פון עטליכע צווייגלאַך פון גן־
עדן־בלעטער, און איצט איז דאָס געוואָרען אַ טיפער און שנעלער
שטראָם. זי דערמאָנט זיך גוט, אז דינסטאַג, ביים אָוונד־
מאָלצייט, האָט זי פּלוצלונג געזאָגט, אז זי וויל אָוועקפאָהרען, אָבער

זי האָט ניט געקאָנט געפינען די שפּורען פון איהר אורשפּרינגליכען געדאנק. דאָס איז ניט געווען קיין פארלאנג צו האנדלען קעגען ראָבערט דע־מעניל פּונקט ווי ער האָט געהאנדעלט קעגען איהר. אָהן ספק איז עס פאר איהר געווען אַן אויסגעצייכענטע זאַך אַז זי זאָל ארומשפּאצירען אין דער „קאסינאָ" בעת ער פארברענגט אויף דער יאגד. עס איז געווען אנגענעם און פּאסיג. ראָבערט, וואָס איז שטענדיג געווען אַזוי צופרידען איהר צו זעהן ווען ער פלעגט צוריקקומען, וועט איהר איצט שוין ניט געפינען ווען ער וועט זיך אומקערען. זי האָט עס געפונען פאר ריכטיג איהם אַזוי צו אנטטוישען. אָבער אין אָנהויב האָט זי וועגען דעם ניט געקלערט. און אַזוי ווי זי האָט וועגען דעם ניט געדענקט איז זי ווירקליך ניט אוועקגעפאָהרען צוליב דעם פארגעניגען צו פארשאַפען איהם לײדען, אָדער אויס אַ קליינער קנאה־טאַט. איהרע געפיהלען צו איהם זיינען ניט געווען אַזעלכע בייסענדע, נאָר פיעל שטארקערע און ערנסטערע. איבערהויפּט האָט זי ניט געוואָלט איהם אַזוי שנעל צוריקזעהן. כאָטש עס איז ניט געקומען צו קיין צושיידונג, איז ער אָבער פאר איהר געוואָרען איינגאנצען אַ פרעמדער. ער האָט פאר איהר אויסגעזעהן ווי אַ מאַן פּונקט ווי אַלע אַנדערע, אַ ביסעל בעסער ווי די מעהרסטע פון די אַנדערע, מיט אַ שעהנעם אויסזעהן, פיינע מאַניערען, און זיין שאַצענדען כאַראַקטער, וואָס איז איהר געפעלען געוואָרען; אָבער ער האָט איהר ניט אינטערעסירט. גאָר מיט אַמאָל איז ער ארויס פון איהר לעבען. זי האָט זיך אפילו ניט געוואָלט דערמאָנען ווי ווייט אינטים ער איז מיט איהר געווען. דער געדאַנק, אַז זי געהערט צו איהם האָט איהר גענערגערט, און זי האָט דאָס באַטראַכט פאר אומאָנשטענדיג. דער געדאַנק, אַז זי וועט זיך נאָך אַמאָל קענען טרעפען מיט איהם אין דעם קליינעם צימערל פון די ספּאָנטיני איז איהר געווען אַזוי פיינליך, אַז זי האָט איהם גלייך פאַרטריבען. זי האָט בעסער געוואָלט גלויבען, אַז אַן אומפּאַראויסגעזעהענע דרינגענדע געשעהעניש וועט זיך אריינמישען און שטערען זייער צוזאַמענקונפט: אַז עס זאָל קומען אַן עק פון דער וועלט, למשל. לאַגראַנזש, פון דער וויסענשאַפטליכער אַקאַדעמיע, האָט נעכטען, זייענדיג ביי מאַדאַם דע־מאַרלען, גערעדט וועגען אַ קאָמעט. אין אַ געוויסען טאָג, האָט ער געזאָגט, וועט קו־

מען אַ קאַמעט פון דעם אָבגרונט פון הימעל און וועט זיך באַגעגע־
נען מיט דער ערד; ער וועט איהר אַרומרינגלען מיט זיין פלאַמענ־
צאָפּ און וועט איהר פארברענען מיט זיין אָטעם; ער וועט אריינ־
הויכען אין די חיות און פלאַנצען אומבאַקאַנטע גיפטען און וועט
דער׳הרג׳ענען די מענשען, וואָס וועלען שטאַרבען מיט אַ וואַהנזי־
ניגען געלעכטער אָדער מיט אַ דערדריקענדע באַטויבונג. עפּעס
אַזאַ זאַך אָדער אומגעפעהר עהנליכעס דערצו האָט זי שטאַרק נוי־
טיג געהאַט פאַר׳ן קומענדען מאַנאַט. עס איז דערפאַר געווען קלאָר
פאַרוואָס זי האָט געוואָלט אַוועקפאָהרען. אָבער פאַרוואָס זי זאָל
עמפּינדען אַן אומבאַשטימטע פרייד מיט דעם פאַרלאַנג אַפּצורייי־
זען, פאַרוואָס זי געפינט זיך שוין אונטער דעם רייץ דערפון וואָס
זי וועט ערשט דאָרט זעהן — וועגען דעם האָט זיך ניט געקאָנט
אָפּגעבען קיין ערקלערונג.

די קאַרעטע האָט איהר צוגעפיהרט צו דער קליינער געסעל,
רי דע לאַ שעז.

דאָרט האָט מאַדאַם מאַרמע, זינט איהר מאַנ׳ס טויט, געוואוינט
אין אַ קליינער אָבער ריינער דירה, אין דעם העכסטען שטאָק פון אַ
הויכער הויז. איהרע פינף פענסטער האָבען אַרויסגעקוקט אויף אַ
באַלקאָן און האָבען געלויכטען אין דער פריהמאָרגען־זון. האָס איז
געווען אַ טאָג ווען זי האָט אויפגענומען וויזיטען, און ווען גרעפין
מאַרטען איז דאָרט געקומען האָט זי שוין געטראָפען, אין דעם באַ־
שיידענעם, פּאָלירטען סאַלאָן, הער לאַגראַנזש׳ן, וואָס האָט גערדרע־
מעלט אין אַ פאָטעל, אַנטקעגען איבער דער העפליכער דאַמע, וואָס
האָט זיס און רוהיג אַרויסגעקוקט פון אונטער איהר קרוין פון ווייי־
סע האָר.

אַט דער אַלטער געלעהרטער און געזעלשאַפטס־מענש איז איהר
געבליבען געטריי. דאָס האָט ער עס, אויף צו־מאָרגענס נאָך מאַר־
מע׳ס לויה, געבראַכט דער אומגליקליכער אַלמנה שמאָל׳ס פארגיפ־
טעטע רעדע. ער האָט געגלויבט, אַז ער וועט איהר דערמיט טרייס־
טען, צום סוף איז זי שיעור דערשטיקט געוואָרען פון צאָרן און
וועהטאָג. זי איז דעמאָלט געפאַלען אין חלשות אין זיינע אָרעמס.
מאַדאַם מאַרמע האָט איהם דעמאָלט געהאַלטען פאַר אַ מענש מיט

ווענִיג אורטיילס־קראפט. ער איז געווען איהר בעסטער פריינד. זיי פלעגען אָפט האָבען מאָלצייטען צוזאַמען, ביי רייכע טישען.

מאַדאַם מאַרטען, שלאַנק און שעהן, אין איהר פוטערנער וועסט, וואָס איז געווען באַפּוצט מיט שפּיצען, האָט אויפגעוועקט, מיט דעם פינקלענדען רייץ פון איהרע גראָהע אויגען, דעם גוטען מאַן, וואָס איז געווען זעהר געפיהלפול צו דער ווייבליכער גראַציע. נעכטען האָט ער איהר דערצעהלט, זייענדיג ביי מאַדאַם דע־מאַרלען, ווי אַזוי די וועלט וועט אונטערגעהן. ער האָט איהר געפרעגט אויב זי האָט ניט מורא געהאַט ביינאַכט, זעהענדיג די שרעקענס־בילדער פון דער ערד, וואָס ווערט אויפגעפרעסען פון פלאַמען, אָדער טויט פון קעלט, ווערענדיג אַזוי ווייס ווי די לבנה. בעת ער האָט צו איהר גערעדט מיט אַ געריהרטער גאַלאַנטקייט, האָט זי אַנגעקוקט די מאַהאַגאָני ביבליאָטעק וואָס האָט פאַרנומען די גאַנצע וואַנט פון סאַלאָן, אַנטקעגען־איבער די פענסטער. קיין ביכער זיינען דאָרט כמעט ניט געווען מעהר פאַרבליבען, אָבער אויף דער אונטער־שטער פּאָליצע איז געלעגען אַ סקעלעט מיט זיינע וואָפען. עס האָט אויסגעקוקט מאָדנע צו טרעפען ביי דער גוטער דאַמע אָט דעם עט־רוסקאַנער קריגער, אויף וועמענס שיידעל עס איז געווען אַ געפּאַנ־צערטער היטעל פון גרינליכען בראָנז, און אויף זיין צונומענער ברוסט — די פאַרזשאַווערטע פּלאַטען פון זיין ברוסט־שילד. ניט פאַרקאַמט און ווילד איז ער געשלאָפען צווישען באַנבאַן שאַכטלעך, פאַרגאָלדעטע פאַרצעלייענע וואַזען, הייליגע גיפּסענע יונגפרויען און אַנדערנקונגס־געשאַנקען פון געקאַרבטע האָלץ פון לוצערן און ריגהי. זייענדיג אַן אָרימע אלמנה, האָט מאַדאַם מאַרטע פאַרקויפט די ביכער מיט וועלכע איהר מאַן האָט געאַרבייט און פון די אַלע אַנ־טיקען וואָס דער אַרכעאָלאָגיסט האָט געהאַט אָנגעזאַמעלט האָט זי זיך בלויז געלאָזען דעם עטרוסקאַנער. איהרע פריינד האָבען איהר געוואָלט איינרעדען, אַז זי זאָל פּטור ווערען דערפון. מאַר־מע'ס אַמאָליגע קאָלעגען האָבען שוין געהאַט געפונען אַ קונה. פּאָול וואַנס האָט איינגערעדט די דירעקטאָרען פון לאָוור מוזעאום אַז זיי זאָלען איהר פאָרשלאָגען דאָס זיי צו פאַרקויפען. אָבער די גוטע אלמנה האָט עס ניט געוואָלט פאַרקויפען. זי האָט געדענקט, אַז ווען זי זאָל זיך צושיידען מיט אָט דעם קריגער, מיט דעם געפּאַנצער־

טען היטעל פון גרינעם בראָנז, באַקרוינט מיט אַ קראַנץ פון פאַר־נאָלדעטע בלעטער, וועט זי דערמיט פאַרלירען דעם נאָמען וואָס זי האָט מיט ווירדע געטראָגען און אויפהערען זיין די אַלמנה פון לואי מאַרמע, פון ארכעאָלאָגישען אינסטיטוט.

— זייט זיכער, מאַדאַם, קיין קאָמעט וועט אַזוי שנעל ניט קו־מען זיך אָנשטויסען אָן דער ערד. אַזעלכע צוזאַמענשטויסונגען זיינען אויסערסט אומוואַרשיינליך.

מאַדאַם מאַרטען האָט געענטפערט, אַז זי זעהט ניט קיין שום ערנסטע אומבאַקוועמליכקייט אין דעם, אַז די ערד און די מענשהייט זאָלען גלייך פאַרניכטעט ווערען.

דער אַלטער לאַגראַנזש האָט פּראָטעסטירט מיט אַן ערנסטער אויפריכטיגקייט. עס איז איהם שטאַרק געלעגען דעריין, אַז די קאַטאַסטראָפע זאָל אָפּגעלעגט ווערען.

זי האָט איהם אָנגעקוקט. אויף זיין פליכעוואַטען קאָפּ האָ־בען זיך קוים געפונען עטליכע האָר, וואָס זיינען געווען געפאַרבט אויף שוואַרץ. זיינע אויגען־לעדעלאך זיינען אריבערגעפאַלען אי־בער די אויגען, וואָס האָבען נאָך געשמייכעלט; לאַנגע קנייטשען זיינען אראָפּגעהאַנגען איבער זיין געלען פנים, און מען האָט גע־קאָנט דערקענען הינטער זיינע קליידער זיין איינגעשרומפּענעם קערפּער.

זי האָט זיך געטראַכט: „ער האָט ליעב דאָס לעבען“.

מאַדאַם מאַרמע האָט אויך ניט געוואָלט, אַז דער סוף פון דער וועלט זאָל זיין אַזוי נאָהענט.

— הערר לאַגראַנזש, — האָט געזאָגט מאַדאַם מאַרטען, — וואוינט איהר ניט אין אַ קליינער, שעהנער הייזעל, וועמענס פענס־טער עס קוקען ארויס צום באָטאַנישען גאָרטען? מיר דוכט זיך, אַז עס דאַרף זיין אַ מחיה צו לעבען אין אַזאַ גאָרטען, וואָס דער־מאָנט מיך שטענדיג אָן נח׳ס קאַסטען און אָן דעם ערדישען גן־עדן פון דער אַלטער בילדער־ביבעל, וואָס איך האָב געזעהן אין מיין יוגענד.

אָבער ער איז ניט געווען באַגייסטערט דערפאַר. דאָס הייזעל איז געווען קליין, שלעכט געבויט און פול מיט ראַטען.

זי האָט צוגעגעבען, אַז עס איז אין ערגעץ ניט גוט, אַז אומע־

טום זיינען דאָ ראַטען, אמת׳ע אָדער סימבאָלישע, גאַנצע מחנות פון קליינע ברואים׳לאַך, וואָס פאַרפייניגען אייך. אָבער דאָך האָט זי ליעב געהאַט דעם באָטאַנישען גאָרטען; זי האָט שטענדיג גע־וואָלט געהן אַהין און איז קיינמאָל ניט געגאַנגען. דאָרט איז אויך געווען דער מוזעאום, וואו זי איז נאָך קיינמאָל ניט אַריינגעגאַנגען און וואָס זי איז געווען נייגיריג צו באַזוכען.

שמייכלענדיג און אַנטציקט האָט זי איהם פאָרגעשלאָגען, אַז ער זאָל איהר באַעהרען מיט נעמען איהר אויף אַ באַזוך. עס איז דאָך געווען זיין היים. ער וואָלט איהר געוויזען די באַלידען, עס זיינען דאָרט דאָ עטליכע פיינע מינים דערפון.

זי האָט איבערהויפט ניט געוואוסט, וואָס עס איז אַזוינס אַ באַליד. אָבער זי האָט זיך דערמאָנט אַז מען האָט איהר דער־צעהלט, דאָס אין מוזעאום געפינען זיך ביינער פון רענטירען, וואָס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען פון די פּרימיטיווע מענשען, אויך שטיקלאַך העלפאַנט־ביין, אויף וואָס עס זיינען אויסגעקריצט ביל־דער פון חיות, וואָס זיינען שוין לאַנג פאַרשוואונדען פון דער וועלט. זי האָט געפרעגט, אויב דאָס אַלץ איז אמת. לאַגראַנזש האָט שוין מעהר ניט געשמייכעלט. ער האָט געענטפערט מיט אַ בייזער גלייכ־גילטיגקייט, אַז אַט די אַלע זאַכען זיינען נוגע איינעם פון זיינע קאָ־לעגען.

— אַה! — האָט געזאָגט מאַדאַם מאַרטען — דאָס איז ניט אייער געביט.

זי האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז געלעהרטע ווייסען ניט פון קיין נייגיריגקייט און אַז עס איז ניט פּאַסיג זיי צו פרעגען וועגען זאַ־כען, וואָס געהערען ניט צו זייער אָפּטיילונג. עס איז אמת, אַז לאַגראַנזש האָט געמאַכט זיין וויסענשאַפטליכען פאַרמעגען פון שטיינער וואָס זיינען געפאַלען פון הימעל. און דאָס האָט איהם געבראַכט צום שטודיום פון קאָמעטען. אָבער ער איז געווען פאָר־זיכטיג. פאַר די לעצטע צוואַנציג יאָהר האָט ער זיך בלויז באַ־שעפטיגט מיט עסען זיינע מאָלצייטען אין שטאָדט.

ווען ער איז אַוועק, האָט גרעפין מאַרטען דערצעהלט מאַדאַם מאַרמע׳ן נאָך וואָס זי איז געקומען.

— איך פֿאָהר קומענדע וואָך נאָך פּיזעאַל, צו מיסס בעל, און איהר מוזט מיטפֿאָהרען מיט מיר.

די גוטע מאַדאַם מאַרטע, מיט שאַרפֿע אויגען אונטער איהרע רוהיגע ברעמען, האָט אַ ווײַלע געשוויגען, דערנאָך האָט זי איהר ווייך אַנטזאַגט, דאַן האָט זי זיך געלאָזט בעטען און ענדליך האָט זי איינגעשטימט.

## VII.

דער שנעלצוג קיין מאַרסעל איז שוין געשטאַנען גרייט אויפ'ן פּלאַטפֿאָרמע אָפּצופֿאָהרען. טרעגער האָבען זיך געאײַלט אַהין און צוריק, שטופּענדיג זייערע וועגעלאָך אין דעם רויך און טומעל; פֿון דעם גלעזערנעם וואָקזאַל־דאָך איז אַרײַנגעפֿאַלען אַ בלאַסע ליכטיג־קייט. לעבען די געעפֿענטע טירען פֿון די קאַרעטען זײַנען אַרומ־געגאַנגען, אַהין און צוריק, רײַזענדע מיט לאַנגע מאַנטלען. גאַר בײַ דער ענדע פֿון וואָקזאַל, וואָס איז געווען פֿאַרבלענדט פֿון רויך און שטויב, האָט זיך אַרויסגעזעהן, ווי פֿון דעם שפּיץ פֿון אַ טעלעס־קאָפּ, אַ קליין שטיקעל הימעל. עס איז געווען גרויס ווי אַ מענש־ליכע האַנט, אָבער עס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט די אומענדליכ־קייט פֿון דער רײַזע. די גרעפֿין מאַרטען און די וואוילע מאַדאַם מאַרטע זײַנען שוין געזעסען אין זייער קופּע. איבער זיי איז גע־ווען אַ דראָטענע פּאָליצע, וואָס איז געווען אָנגעלאָדען מיט זייער געפּעק; די צייטונגען זײַנען געלעגען לעבען איהר קישען. שולעט איז נאָך אַלץ ניט געקומען און מאַדאַם מאַרטען האָט זיך שוין ניט געריכט אויף איהם. ער האָט אָבער פֿונדעסטוועגען פֿאַרשפּראָ־כען צו זיין אויפ'ן באַהן. ער האָט שוין געהאַט געמאַכט אַלע פֿאָר־בערייטונגען פֿאַר זיין אָפּפֿאָהרען און ער האָט דערהאַלטען פֿון זיין אַרויסגעבער דאָס געלט פֿאַר די „בלאַנדיסען“. פּאָול וואַנס האָט איהם איינמאָל אין אָווענד געבראַכט אין האָטעל „קע־דע־בילי“. ער האָט זיך דעמאָלט אַרויסגעוויזען פֿאַר זאַנפֿט, העפֿליך, פֿול מיט נייסטרייכער לוסטיגקייט און נאַאיווער פֿרייד. זינט דעמאָלט האָט מאַדאַם מאַרטען ווירקליך זיך געפֿרעהט צו רייזען מיט אַזאַ געניאַ־לען, אָריגינעלען מענשען, וואָס איז געווען אַזוי איינדרוקספֿול העס

ליך, אזוי אונטערהאַלטענד־משוגע, אזא אַלט־צובאַלעוועט קינד, אזוי פול מיט אויפריכטיגע זינד און דאָך אזוי אומשולדיג. די טירען פון די וואגאָנען זיינען פארמאכט געוואָרען. ער וועט שוין ווארשיינליך ניט קומען. זי האָט זיך גאָר ניט געדארפט פארלאָזען אויף אזא אימפולסיווע און וואגאבונדישע נאטור. אָט פונקט אין דעם מאָמענט, ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט אָנגעהויבען פייפען, האָט מאדאם מארמע, ארויסקוקענדיג פון פענסטער, רוהיג געזאָגט:

— דוכט זיך, אז דאָרט קומט הערר שולעט.

שלעפענדיג אַן אַלטען געשטיקטען רייזע־זאַק אין דער האַנט, איז ער אָנגעקומען אויפ'ן באנהויף, הינקענדיג, דעם הוט ארויפגע־רוקט אויפ'ן קאָפּ, וואָס האָט געהאַט אויף זיך מערקווירדיגע ביי־לען; זיין באָרד איז נאָכגעהאַנגען א צושויבערטע און ניט געשאָ־רענע. עס איז געווען א שרעק אויף איהם א קוק צו טאָן; און דאָך, ניט קוקענדיג אויף זיין פופציג־יאָהריגען עלטער האָט ער אויסגעזעהן יונג; זיינע בלאָהע אויגען זיינען געווען קלאָר און ליכטיג, אויף זיין געלען, צואַקערטען פנים איז געלעגען אַן אויס־דרוק פון ניט דערשראָקענעם שטאָלץ, וואָרים אין אָט דעם רואי־נירטען אַלטען מאַן האָט נאָך אַלץ געבליהט די אייביגע יוגענד פון דעם דיכטער און קינסטלער. בעת טערעזא האָט געקוקט אויף איהם האָט זי חרטה געהאַט וואָס זי האָט אויסגעקליבען אזא מאָדנעם בייזען באַגלייטער. ער איז געגאַנגען, אריינוואַרפענדיג אין יעדען וואגאָן א שטורמישען בליק, וואָס איז ביסלעכווייז געוואָרען פאר־דעכטיג און ארויסרופענד. אָבער ווען ער איז צוגעקומען צו דער קופּע, וואו עס זיינען געזעסען די צוויי דאַמען, און דערקענענדיג מאדאם מארטען, האָט איבער זיין פנים זיך באַוויזען אזא שעהנער שמייכעל, און ער האָט איהר באַגריסט מיט אזא צערטליכער שטי־מע, אז פון דעם ווילדען שלעפּער, וואָס האָט געבלאָנדזשעט איבער דער פּלאַטפאָרמע איז גאָרניט איבערגעבליבען א־חוץ דער אַלטער אָפּגעטראָגענער רייזע־טאַש, וואָס ער האָט געשלעפּט הינטער זיך אויף א האַלב־אָפּגעבראָכענעם הענטעל.

ער האָט איהם אוועקגעלעגט מיט א זאָרגפעלטיגער פּינקטליכ־קייט און צווישען די שעהנע רייזע־טאַשען, וואָס זיינען געווען אי־בערגעצויגען מיט גרינע לייוועגט, האָט ער ארויסגעקוקט ווי א

פראָסטער שרייענדער פלעק. מען האָט דעמאָלט נעקאָנט באַמער־קען, אַז דער רייזע־טאַש איז געווען אויסגעמאָלען מיט געלע בלו־מען אויף אַ בלוט־רויטען הינטערגרונט.

שולעט האָט זיך געפיהלט זעהר באַקוועם און ער האָט געמאַכט קאָמפּלימענטען דער מאַדאַם מאַרטען איבער איהר פיינעם העל־ברוינעם רייזע־מאַנטעל.

— ענטשולדיגט מיר, מיינע דאַמען, — האָט ער צוגעגעבען,— איך האָב מורא, אַז איך בין געקומען שפּעט. איך בין געמליך היינט זעקס אין דער פריה געגאַנגען אין דער סען־סעווערין צו דער מעסע — זי איז מיין געמיינדע־קירך — אין דער יונגפרוי־קאַפּעלע, אונטער די שעהנע, אָבער דאָך אומפּאַסיגע זיילען, וואָס שטייגען אַרויף צום הימעל ווי אָרגעל־רעהרען, אָט פּונקט ווי מיר, אָרימע זינדיגע וואָס מיר זיינען.

— הייסט עס — האָט איהם געזאָגט מאַדאַם מאַרטען — אַז היינט זייט איהר פרום.

און זי האָט איהם געפרעגט, אויב ער האָט מיטגעבראַכט דעם שטריקעל פון אָרדען וואָס ער האָט געגרינדעט.

ער איז געוואָרען ערנסט און פאַרטרויערט.

— איך האָב מורא, אַז הערר פּאול וואַנס זאָל אייך ניט האָ־בען דערצעהלט אַ סך נאַרישע ליגענס וועגען דעם. איך האָב גע־הערט, אַז ער נעהמט אָרום איבער די סאַלאָנען און דערצעהלט, אַז מיין שטריקעל איז אַ גלאָקען־שטריק. איך וואָלט זיך פיהלען זעהר טרויעריג אַז אירגענד ווער זאָל כאָטש אויף אַ רגע גלויבען אַזעלכע עלענדע אויסטראַכטונגען. מיין שטריקעל, מאַדאַם, איז אַ סימבאָ־לישער שטריקעל. עס איז פאַרגעשטעלט אַלס אַ פאָדים וואָס מען טראָגט אויפ'ן לייב; עס ווערט פריהער באַריהרט פון אַן אָרימאַן, אַלס צייכען אַז די אָרימקייט איז הייליג און אַז זי וועט ראַטעווען די וועלט. עס איז ניט פאַראַן קיין גוטסקייט סיידען אין אָרימ־קייט; און זינט איך האָב געקראָגען דאַס געלט פאַר מיינע „בלאַנ־דיסען" פיהל איך מיך שלעכט און אומגערעכט. עס איז גוט צו וויסען, אַז אין מיין רייזע־טאַש האָב איך אריינגעלייגט עטליכע אַזעלכע מיסטישע שטריקלאָך.

און אַנווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף דעם אַפּשייליכען בלוט־רויטען זאַק:

— אויך האָב איך דאָרט אַריינגעלייגט אַ הייליג קיבעל וואָס איך האָב געקראָגען פון אַ שלעכטען פּריסטער, דאָס ווערק פון הערר דע־מעטער, עטליכע העמדער און פאַרשיידענע אַנדערע זאַכען.

מאַדאַם מאַרטען האָט, אַ ביסעל באַאומרוהיגט, אויפגעהויבען איהרע אויגען; אָבער די גוטינקע מאַדאַם מאַרמע איז געבליבען געלאַסען ווי געוועהנליך.

בעת דער צוג איז געלאָפען דורך דער פאָרשטאָדט, ביי יענעם מיאוס'ען שוואַרצען עק וואָס גרעניצט זיך מיט דער שטאָדט, האָט שולעט אַרויסגענומען זיין פּאָרטפעל און אָנגעהויבען דערין עפּעס זוכען. מען האָט אין איהם ערשט געזעהן דעם שרייבער הינטער דעם וואַגאַבונד. שולעט האָט ליעב געהאַט זאַמלען מאַסען פּאַפּי־רען, כאָטש ער אַליין האָט דאָס ניט געוואָלט צוגעבען. ער האָט געוואָלט זיין זיכער, אויב ער האָט ניט פאַרלאָרען די פּיצלאַך פּאַ־פּיר, אויף וועלכע ער פלעגט מאַכען נאָטיצען, אין דער קאָפּע, וועגען אידעען פאַר זיינע פּאָעמען; אויך צי ער האָט דעם טויט חניפה־בריף, וואָס זיינען שוין געווען פאַרשמוצט, פאַרפלעקט און אַרומ־געריסען אין אַלע עקען. ער פלעגט זיי שטענדיג אַרומטראָגען מיט זיך, גרייט זיי צו לעזען צו וועמען ער זאָל ניט האָבען באַגעגענט, ביינאַכט, אונטער דער גאַז־לאָמטערן. נאָכדעם ווי ער האָט זיך איבערצייגט אַז עס פעהלט איהם קיין זאַך ניט, האָט ער אַרויסגע־נומען פון פּאָרטפעל אַ בריף, וואָס איז געווען צונויפגעלייגט אין אַן אָפּענעם קאָנווערט. אַ לאַנגע צייט האָט ער איהם אַרומגע־טרייסעלט אין זיין האַנט מיט אַ מין געהיימניספולער אומפאַר־שעמטקייט, דערנאָך האָט ער איהם געגעבען צו דער גרעפין מאַר־טען. עס איז געווען אַ רעקאָמענדאַציאָנס־בריף וואָס די מאַרקיזע דע ריע האָט איהם מיטגעגעבען צו אַ פּרינצעסין פון דער פראַנ־צויזישער קעניגליכער פאַמיליע, אַ זעהר נאָהענטע פאַרוואַנדטע צום גראַף דע שאַמבאָר. זי איז געווען אַן אלמנה און אַן אַלטע און האָט געלעבט צוריקגעצויגען פון דער וועלט נעבען די טויערן פון פלאָרענץ. שולעט האָט הנאה געהאַט פון דעם גרויסאַרטיגען איינדרוק וואָס ער האָט געהאָפט אַז דער בריף וועט אַרויסרופען

און ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט אפשר דער פּרינצעסין אָפּשטאַטען א וויזיט; זי איז אַ גוטע און פרומע פּערזאָן.

— זי איז באמת אַ גרויסע פיינע דאַמע — האָט ער צוגעגע־בען — און זי ווייזט ניט אַרויס איהר גלאַנץ אין קליידער און היט. איהרע העמדער טראָגט זי זעקס וואָכען נאָכאַנאַנד און אַמאָל נאָך לענגער. די נאָבעל־לייט פון איהר סוויטע האָבען איהר געזעהן טראָגען זעהר שמוציגע ווייסע זאָקען, וואָס האָבען אַראָפּגעהאַנגען איבער איהרע שיך. די טוגענדען פון די אַלטע שפּאַנישע קעני־גינס האָבען אין איהר צוריק אויפגעלעבט. אָ, די שמוציגע זאָקען, וויפיעל אמת'ע גלאָריע עס ליגט אין זיי!

ער האָט צוריקגענומען זיין בריף און האָט איהם איינגעשלאָ־סען אין זיין פּאָרטפעל. נאָכדעם ווי ער האָט זיך באוואָפענט מיט א מעסער, וואָס האָט געהאַט אַ האָרן־הענטעל, האָט ער גענומען אַטאַקירען אַ פיגור אויף דעם אויבערשטען ברעג פון זיין שטעקען, וואָס איז שוין געווען באַלד האַלב אויסגעשניצט. בעת מעשה האָט ער געהאַלטען ווענען זיך אַ לויב־געזאַנג:

— איך האָב אַ טאַלאַנט צו די אַלע קונסטען פון שלעפער און וואַגאַבונדען. איך קאָן אויפמאַכען שלעסער מיט א טשוואָק און איך קאָן שניצען מיט אַ ביליגען קנייפּערל.

דער קאָפּ פון דער שניצעריי האָט זיך שוין אָנגעהויבען זעהן. עס איז געווען אַ מאָגערער פּנים פון א פּרוי וואָס האָט געוויינט.

שולעט האָט געוואָלט דערמיט אויסדריקען די מענשליכע ליי־דען, ניט אין יענער ריהרענדער איינפאַכקייט ווי מען האָט עס גע־טאָן אַמאָל, ווען די רויהקייט האָט זיך אויסגעמישט מיט דער גוטסקייט, נאָר אָפּשייליך און געשמינקט, מיט אזא פאַלשטענדיגער מיאוס'קייט צו וועלכער עס האָבען זיי געבראַכט די פריידענקער־בורזשויען, און די מיליטערישע פּאַטריאָטען, די קינדער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. לויט זיין מיינונג איז דער איצטיגער רעזשים ניט מעהר ווי די פאַרקערפּערונג פון היפּאָקריטסטווע און ברוטאַליטעט. דער מיליטאַריזם האָט אין איהם אַרויסגערופען אַ שווידער.

— די קאַזאַרמע איז אַ שרעקליכע המצאה פון דער מאָדערנער צייט. איהר אורשפּרונג איז ניט עלטער פון דעם זיבצעהנטען

יאָהרהונדערט. פריהער האָט מען ניט געוואוסט פון קיין אנדער זאַך ווי פון דער הויז־גוואַרדיע, וואָס האָבען געשפּיעלט אין קאָר־טען און זיך דערצעהלט בבא־מעשיות. לואַי דער פערצעהנטער איז געווען דער פאָרלויפער פון דער קאָנוועניציאָן און פון באָנאַ־פאַרט׳ן. אָבער דער איבעל איז ערשט געוואָרען פארפולט זינט עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אָט די שרעקליך־מיאוסע אינסטי־טוציע פון אַלגעמיינעם מיליטער־דיענסט. צו צווינגען אַז מענשען זאָלען זיך איינס דאָס אַנדערע דער׳הרג׳ענען — איז געווען די חרפּה פון די קיסרים און רעפּובּליקען, דאָס איז געווען דער פאַרברעכען פון אַלע פאַרברעכענס. אין די צייטען, וואָס מיר רופען באַרבּאַרי־שע, האָבען די שטעהט און פרינצען אָנפאַרטרויט זייער פאַרטיי־דיגונג צו געדונגענע זעלנער, וואָס האָבען מלחמה געהאַלטען מיט אויסרעכענונג און פאָרזיכטיגקייט ; אין אַ גרויסער שלאַכט זיינען ניט געווען מעהר ווי פינף אָדער זעקס דער׳הרג׳עטע.. און בעת די ריטער זיינען אַוועק אין דער מלחמה, האָט זיי דאָך ווייניגסטענס קיינער דערצו ניט געצוואונגען. זיי האָבען זיך געלאָזט קוילענען, ווייל זיי האָבען געהאַט דערפון פאַרגעניגען. זיי האָבען, אָהן ספק, זיך ניט געפּאַסט פאַר קיין אַנדער זאַך ווי דערצו. אין די צייטען פון היילִיגען לואַי וואָלט גאַר קיינעם ניט איינגעפאַלען אַוועקצו־שיקען אויפ׳ן שלאַכטפעלד אַ מענש מיט וויסענשאַפט און אינטע־ליגענץ. מען וואָלט אויך ניט אַוועקגעריסען דעם אַרבּייטער פון זיין אַקער־וואָגען און איהם שלעפּען צו דער ביקס. איצט לייגט מען אַרויף אַ פליכט אויף דעם אָרימען פּויער אַז ער זאָל ווערען אַ סאָלדאַט. מען פאַרטרייבט איהם פון זיין הויז, וואו עס רויכערט דער דאַך אין דער גאָלדענער שטילקייט פון אָוועגט, פון די פּעטש לאָנקעס וואו עס פּאַשען זיך זיינע אָקסען, פון די פעלדער און פּאָ־טערליכע וועלדער ; אין אַ הויף פון ערגעץ אַן עלענדער קאַזאַרמע לערנט מען איהם ווי אַזוי צו דער׳הרג׳ענען אַ מענשען לויט אַ מעטאָדע ; מען דראָהט איהם, מען באַליידיגט און מען זעצט איהם איין אין תפיסה ; מען זאָגט איהם אַז דאָס איז אַ כבוד, און אויב ער וויל זיך ניט מכבד זיין אויף אַזא אופן — דערשיסט מען איהם. ער פּאָלגט, ווייל פּונקט ווי אַלע אָרענטליכע, פרעהליכע און גע־האָרכזאַמע חיות, באַזיצט ער מורא. מיר, אין פראַנקרייך, זיינען

סאָלדאַטען און בירגער. אָט איז נאָך אַן אורזאַך פאַר שטאָלץ: זיין אַ בירגער! די בירגערשאַפט פאַר די אָרימע באַשטעהט פון אונטערשטיצען און אויפהאַלטען די רייכע אין זייער מאַכט און פוילענצעריי. צוליב דעם צוועק דאַרפען זיי אַרבייטען אין איינ־קלאַנג מיט דער מאַיעסטעט'שער גלייכהייט פון געזעץ, וואָס פאַר־ווערט די רייכע פונקט ווי די אָרימע צו שלאָפען אונטער די בריקען, צו שנאָרען אין די גאַסען און צו גנב'ענען ברויט. דאָס איז איינע פון די פאַרדינסטען פון דער רעוואָלוציע. אָט די רעוואָלוציע איז געמאַכט געוואָרען פון משוגעים און אידיאָטען צו גונסטען פון די וואָס האָבען אָנגעזאַמעלט נאַציאָנאַלע רייכטימער. דער רעזולטאַט פון איהר איז געווען וואָס זי האָט רייך געמאַכט די כיטרע פויערים און דעם בורזשוי, דעם פראַצענטניק. אין נאָמען פון גלייכהייט האָט זי געגרינדעט דאָס קייזער־רייך פון רייכטום. זי האָט פאַרקויפט פראַנקרייך צו די געלט־מענשען, וואָס צופרעסען איהר פאַר די לעצטע הונדערט יאָהר. זיי זיינען איצט איבער איהר די בעלי־בתים און הערשער. די אַזוי גערופענע רעגירונג וואָס באַשטעהט פון אָרימע, קלעגליכע, פאַראָרימטע און באַקלאָגענדיגע ברואים, איז אונטערגעקויפט פון די פינאַנסירען. יעדער איינער וואָס האָט ליעב די אָרימע ווערט פאַר די לעצטע הונדערט יאָהר אין דעם פאַרגיפטעטען לאַנד געהאַלטען פאַר אַ פאַררעטער צו דער געזעל־שאַפט. און איהר ווערט אָנערקענט פאַר אַ געפערליכען מענשען ווען איהר באַהויפטעט, אַז עס געפינען זיך עלענדע. עס זיינען זאָגאַר געשאַפען געוואָרען געזעצען קעגען ענטריסטונג און אָרימ־קייט. דאָס וואָס איך רייד דאָ איצט וואָלט ניט געקאָנט געדרוקט ווערען.

שולעט איז געווען לעבהאַפט, אַרבייטענדיג מיט זיין מעסערל. זיי זיינען בעת מעשה דורכגעפאָהרען פעלדער פון ברוינע ערד, פיאָלעטען־בוימער, וואָס זיינען דורכ'ן ווינטער באַרויבט געוואָרען פון זייערע בלעטער און דורך פאָרהאַנגען פון טאָפּאָלען ביים ברעג פון די זילבערנע טייכלאַך, אונטער דעם ווינטערדיגען זונען־שיין.

ער האָט פאַטעטיש אָנגעקוקט די פיגור וואָס ער האָט אויסגע־שניצט אויף זיין שטעקען.

— אָט ביסטו — זאָגט ער צו איהר — אָרימע מענשהייט,

אַפּגעמאַגערט און וויינענדיג, פאַרטעמפּט פון שאַנד און עלענד, פּונקט ווי דיינע בעלי־בתּים, דער סאָלדאַט און פּלוטאָקראַט האָבען פון דיר געמאַכט.

די וואוילע מאַדאַם מאַרמע, וואָס האָט געהאַט אַ פּלימעניק אַן אַרטילעריע־קאַפּיטאַן, אַ פיינער יונגערמאַן וואָס האָט ליעב גע־האַט זיין פּראָפעסיע, האָט זיך געפיהלט באַליידיגט פון דער ווילד־קייט, מיט וועלכער שולעט האָט אַטאַקירט די אַרמעע. מאַדאַם מאַרטען האָט דערין געזעהן בלויז אַן אַמוזירענדע פאַנטאַזיע. שו־לעט'ס אידעען האָבען איהר ניט אַפּגעשראָקען. זי האָט פאַר קיין שום זאַך ניט מורא געהאַט. זי האָט אָבער גערענקט אַז זיי לייגען זיך ניט אויפ'ן שכל; זי האָט ניט געגלויבט, אַז די פאַרגאַנגענהייט זאָל ווען עס איז האָבען בעסער געווען ווי די געגענוואַרט.

— איך גלויב, הערר שולעט, אַז די מענשען זיינען פון שטענ־דיג אָן געווען דאָס וואָס זיי זיינען איצט: עגאָאיסטען, ווילדע, גיי־ציגע און אומ'רחמנות'דיגע. איך גלויב, אַז די געזעצען און זיטען זיינען שטענדיג געווען גרויזאַם פאַר די אומגליקליכע.

צווישען לאַ־ראַש און דיזשאָן האָבען זיי געגעסען פריהשטיק אין וואַגאָן־רעסטאָראַן און האָבען דאָרט איבערגעלאָזען שולעט'ן אַליין, מיט זיין ליולקע, זיין גלאָז בענעדיקטין און זיין שטורמישער נשמה.

ווען זיי זיינען צוריק אריין אין קופּע, האָט מאַדאַם מאַרמע גערעדט מיט אַ פרידליכער צאַרטקייט וועגען איהר פאַרשטאָרבענעם מאַן. ער האָט איהר געהייראַט אויס ליעבע; ער האָט איהר גע־יוידמעט וואונדערבאַרע ליעדער, וואָס זי האָט באַהאַלטען און קיי־נעם אין דער וועלט ניט געוויזען. ער איז געווען אַ לעבעדיגער און אַ לוסטיגער. מען האָט עס איהם שפּעטער ניט געקאָנט דערקענען, ווען ער איז געווען אויסגעמאַטערט פון דער אַרבייט און אַפּגעשוואַכט פון קראַנקהייטען. ער האָט שטודירט ביז צום לעצ־טען מאָמענט פון זיין לעבען. צוליב דעם וואָס ער האָט געליטען פון פעטקייט האָט ער ניט געקאָנט ליגען אין בעט און ער פלעגט פאַרברענגען די נעכט זיצענדיג אויף זיין פאָטער־שטול אַרומגעריג־געלט מיט זיינע ביכער. צוויי שעה פאַר זיין טויט האָט ער נאָך

אַלץ געוואָלט לעזען. ער איז געווען אַ ליעבער און אַ גוטער. ניט קוקענדיג אויף זיינע ליידען איז ער שטענדיג געווען מילד.

מאַדאַם מאַרטען, ניט וויסענדיג וואָס זי זאָל איהר ענטפערן דערויף, האָט געזאָגט:

— איהר האָט געהאַט לאַנגע גליקליכע יאָהרען און איצט היט איהר אָפּ זייער אַנדענקען; דאָס איז אויך אַ טייל פון דעם גליק וואָס מיר האָבען אויף דער וועלט.

אָבער די וואוילע מאַדאַם מאַרמע האָט אָפּגעזיפצט, אַ וואָל־קען האָט זיך פאַרצויגען אויף איהר רוהיגען שטערן.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט, — לויט איז געווען דער בעסטער מענש און דער בעסטער מאַן. אָבער דאָך האָט ער מיך געמאַכט זעהר אומגליקליך. ער האָט בלויז געהאַט איין פעהלער, אָבער איך האָב פון איהם גרויזאַם געליטען. ער איז געווען אייפערזיכ־טיג. ער, דער גוטער, דער צערטליכער, דער גרויסמוטיגער — האָט איהם אַט די שרעקליכע ליידענשאַפט פאַרוואַנדעלט אין אַן אומגערעכטען, טיראַנישען און ווילדען. איך פאַרזיכער אייך, אַז מיין אויפפיהרונג האָט בשום אופן ניט געקאָנט אַרויסרופען קיין פאַרדאַכט. איך בין ניט געווען קיין קאָקעטקע. אָבער איך בין געווען יונג, פריש און מען האָט מיך געהאַלטען פאַר אַ שעהנע. און דאָס איז גענוג געווען. ער האָט מיך ניט געלאָזען אַרויסגעהן אַליין, ער האָט מיר פאַרבאָטען אויפצונעמען וויזיטען בעת ער איז אין דערהיים ניט געווען. ווען מיר האָבען זיך געפונען צוזאַמען אויף אַ באַל, האָב איך שוין פאַראויס געציטערט פאַר די סצענען וואָס ער וועט מיר מאַכען אין דער קאַרעטע.

און די גוטע מאַדאַם מאַרמע האָט צוגעגעבען אָפּזיפצענדיג:

— אמת איז, אַז איך האָב ליעב געהאַט צו טאַנצען, אָבער איך האָב זיך געמוזט דערפון אָפּזאָגען, ווייל ער האָט דערפון צו־פיעל געליטען.

די גרעפין מאַרטען האָט ניט באַהאַלטען, אַז זי איז געווען איבעררַאשט. זי האָט זיך שטענדיג פאָרגעשטעלט אַז מאַרמע איז געווען אַן אַלטער, באַשיידענער און פאַרטראַכטער מענש, וואָס האָט אויסגעזעהן אַ ביסעל לעכערליך צווישען זיין פעטער, ווייסער און זיסער פרוי און דעם מיט בראָנז און גאָלד פאַרפּוצטען סקעלעט פון

זיין עטרופּקאָנער קריגער. אָבער די זעלבע אַלמנה האָט איהר פאַרטרויט, אַז צו פינף און פופציג יאָהר, ווען זי איז שוין אַלט געווען דריי און פופציג, איז לויט נאָך אַלץ געווען אַזוי אייפערזיכטיג פונקט ווי אַ טאָג נאָך דער חתונה.

און טערעזאַ האָט געקלערט, אַז ראָבערט האָט איהר קיינמאָל ניט געפּייניגט מיט זיין אייפערזוכט. איז דאָס פון זיין זייט געווען אַ סימן פון טאַקט און גוטען געשמאַק, אַ צייכען פון פאַרטרויען, אָדער האָט ער איהר ניט גענוג שטאַרק ליעב געהאַט אום איהר צו מאַכען ליידען? זי האָט דאָס ניט געוואוסט און זי האָט ניט געהאַט די האַרץ דאָס אויסצוגעפינען. דערצו האָט זי געדאַרפט דורכקוקען די באַהאַלטענישען פון איהר נשמה, אָבער זי האָט זיי ניט געוואָלט עפענען.

דער טאָג איז פאַרגאַנגען מיט לעזען און קלערען. שולעט איז ניט צוריק געקומען. די נאַכט האָט זיך בּיסלעכווייז אַראָפּגעלאָזען אויף די גרויע מויל־בּער בּוימער פון דאַפינע. מאַדאַם מאַרמע איז פריידליך געשלאָפען און איז געווען איינגעזונקען אין זיך, פונקט ווי זי וואָלט גערוהט אויף אַ הויפען ווייכע קישענס. טערעזאַ האָט איהר אָנגעקוקט און געטראַכט:

— יאָ, זי איז ווירקליך גליקליך, אַז זי קאָן ליעב האָבען זיך צו דערמאָנען אָן דער פאַרגאַנגענהייט.

דער אָטעם פון דער נאַכט איז ווי אַריין אין איהר האַרץ. און ווען די לבנה איז אויפגעקומען איבער די אייל־בּירטען פעלדער, און בּלויע שאָטענס האָבען זיך אויסגעלייגט איבער לאַנד און באַרג, אַרומגערינגעלט מיט אַ לאַנדשאַפט וואָס האָט געאָטעמט מיט רוה און פאַרגעסענהייט, האָט טערעזאַ געבענקט נאָך דער סעין, נאָך דעם טריאומף־בּויגען און די אַרומיגע גאַסען, נאָך די אַלעען פון פּאַרק, וואו ווייניגסטענס די בוימער און שטיינער האָבען איהר געקענט.

פלוצלונג, מיט אַ געמאַכטער אומערוואַרטונג, איז שולעט אַריינגעפאַלען צו איהר אין קופּע, בּעוואַפענט מיט דעם סענקעוואַטען שטעקען, דער קאָפּ איינגאַנצען אַרומגעוויקעלט מיט אַ רויהען פוטער און אַ רויטען שאַל, האָט ער כמעט ווי אַ פחד אָנגעוואָרפען אויף איהר. און דאָס טאַקע האָט ער געוואָלט. זיין שטורמישער אויפטריט און ווילדע האַלטונג איז אַלע מאָל בּיי איהם געווען אַן

איינגעשטודירטע. ער האָט זיך אָהן אויפהער באַמיהט אויף אַזאַ קינדישען און זאָנדערבאַרען אופן צו מאַכען אַ שוידערליכען איינדרוק. אַזוי ווי ער אַליין איז פון יעדער זאַך געוואָרען אַ צושראָקענער, איז ער אויך געווען שטאַרק צופרידען ווען ער האָט געקאָנט אויך אויף אַנדערע אָנוואַרפען אַ שרעק. מיט אַ מינוט פריהער איז ער געשטאַנען אין קאָרידאָר אַליין, מיט זיין ליולקע, און געקוקט אויף דער לבנה הינטער די באַוועגליכע וואָלקענס פון קאַמאַרג. און דאָ איז אויף איהם אָנגעפאַלען יענע זינלאָזע אימה, וואָס האָט אויפגערודערט זיין לייכט־באַוועגליכע נשמה. ער איז דאָס איצט אַריינגעלאָפען צו דער גרעפין מאַרטען זיך אַ ביסעל צו באַרוהיגען.

— אַרל, — זאָגט ער, — קענט איהר אַרל? דאָס איז גאָלע שעהנהייט! אין קלויסטער סען־טראָפים האָב איך געזעהן סטאַטוען און ווי די קליינע גרויע עקדישען וואַרימען זיך אַנטקעגען דער זון אויף די קברים פון די אַליסקאַמפען. אויףביידע זייטען פון וועג זיינען פאַראַן קברים וואָס זעהען אויס ווי היילען און ביינאַכט קלייבען עס אויס די אומגליקליכע פאַר זייערע בעטען. אין אַ געוויסען אָוענד, ווען איך האָב שפּאַצירט מיט פּאול אַרען, האָב איך געטראָפען אַז אַלטע גוטע פרוי, וואָס האָט אויסגעשפּרייט געטריקענטע גראָז אין דעם קבר פון אַ יונגפרוי, וואָס איז געשטאָרבען אין טאָג פון איהר חתונה. מיר האָבען איהר געוואונשען אַ גוטע נאַכט. זי האָט געענטפערט: „הלואי זאָל זיך גאָט צו אייך צוהערען! דער ביטערער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז די הייל זאָל זיין אָפען פונקט צו דער זייט ווי עס בלאָזט דער ווינט. ווען די עפענונג וואָלט געווען פון דער אַנדערער זייט וואָלט איך דאָך געשלאָפען פונקט ווי די קעניגין יאָהאַנאַ!"

טערעזאַ האָט ניט געענטפערט. זי איז געווען שלעפעריג. און שולעט, וואָס האָט געציטערט פון דער ביינאַכטיגער קעלט, האָט זיך געשראָקען פאַר'ן טויט.

## VIII.

מיסס בעל האָט אָפּגענומען איהרע געסט פון פלאָרענצער וואָקזאַל אין איהר ענגלישער קאַרעטע, וואָס זי האָט אַליין אָנגעטריבען; זי האָט דער גרעפין מאַרטען־בעלעם און מאַדאַם מאַרמע

געפיהרט, איבער דעם פלאַכלאַנד מיט קליינע בערגלאַך, צו איהר הויז אין פיזעאָל, וואָס איז געווען געמאָלען אין ראָזע, אַרומגערינגעלט מיט פאַרענטשעס, און וואָס האָט אַראָפּגעקוקט צו דער אומפאַרגלייכליכער שטאָדט. איהר קאַמער־פרוי איז נאָכגעפאָהרען מיט'ן געפעק. שולעט, וועמען מיסס בעל האָט איינגעקוואַרטירט ביי אַן אלמנה פון אַ קירך־שמש, האָט געדאַרפט קומען צום אָווענטמאָלצייט. מיסס בעל האָט אויסגעזעהן העסליך אָבער דאָך אַנגענעם, מיט קורץ־געשאָרענע האָר, אַ מאָגערע פיגור, אין אַ זשאַקעט און אַ מענער־העמד אויף איהר פלאַכער, איינגעלשער ברוסט. די דיכטערין האָט באַגריסט איהרע פראַנצויזישע פריינד אין איהר היים. די אויסשטאַטונג פון איהר הויז האָט דערצעהלט וועגען איהר פיינעם, קינסטלערישען געשמאַק. אויף די ווענט פון סאַלאָן האָבען בלייכע הייליגע יונגפרויען, מיט זייערע לאַנגע, שמאָלע הענט זיך געפונען אין פרידליכער אומגעבונג מיט מלאכים, פאַטריאַרכען און הייליגע, וואָס האָבען אַרונטערגעקוקט פון באַגילדעטע שעהן־געשניצטע ראַמען. אויף אַ פעדעסטאַל איז געווען אַ שטעהענדע פיגור פון מאַגדאַלענאַ, איינגעוויקעלט אין איהרע לאַנגע האָר, שרעקליך אַלט און אויסגעמאָגערט, עפּעס אַ בעטלערין אויפ'ן וועג נאָך פּיסטאָיאַ, איהר הויט פאַרהאַרטעוועט פון זון און שנעע; זי איז קאָפּירט געוואָרען אין ליים מיט אַ שרעקליך ריהרענדען רעאַליזם פון אַן אומבאַקאַנטען פאָרלויפער פון דאָנאַטעלאָ. און אומעטום האָט זיך געפונען מיסס בעל'ס הערב: גלאָקען און קליינע גלעקעלאַך. די גרעסטע פון זיי, אין בראָנז, זיינען געשטאַנען איינס נעבען דאָס אַנדערע און געבילדעט אַ גאַנצע קייט צופוסענס פון די ווענט. די גאָר קליינע האָבען באַצירט די געזימסען, אַנדערע האָבען זיך געפונען אויפ'ן אויווען, אויף די קופערס און אויף די טישלאַך. עס זיינען דאָרט געשטאַנען גלעזערנע שרענק, פול אָנגעשטעלט מיט זילבערנע און פאַרזילבערטע גלעקלאַך. עס זיינען געווען גרויסע בראָנזענע גלאָקען, איינגראַווירט מיט דער פלאָרענצינער ליליע, קליינע רענעסאַנס גלעקלאַך, וואָס האָבען פאָרגעשטעלט אַ פרוי וואָס האָט געטראָגען אַ לאַנגע קרענאָלינע, — לויה־גלאָקען, דעקאָרירט מיט טרערען און ביינער; דראַט־געפלאָכטענע גלעקלאַך, באַדעקט מיט סימבאָלישע חיות און בלעטער, וואָס האָבען

געקלונגען אין די קירכען אין דער צייט פון דעם הייליגען לואי; טיש־גלעקלאך פון זיבצעהנטען יאָהרהונדערט, וואָס האָבען געהאַט א סטאטועטקע אלס א הענטעל; קליינע פלאכע, קלאָר־קלינגענדע פאסטוך גלעקלאך פון די רוטלי טאָלען, אינדישע גלאָקען, וואָס גיבען א ווייכען קלאַנג ווען מען לאָזט זיי קלינגען מיט א הירשען־האָרן; כינעזישע גלאָקען וואָס זעהען אויס ווי צילינדערס; זיי זיינען דאָ אהערגעבראכט געוואָרען פון אלע לענדער און אלע צייטען, אויף דעם פאר׳כישופ׳טען רוף פון אָט דער קליינער מיסס בעלל.

איהר באטראכט מיינע זינגענדע הערבען? — האָט זי געזאָגט צו מאדאם מארטען. — איך גלויב אז אָט די אלע מיסס בעל׳ס פיהלען זיך דאָ זעהר גוט און איך וועל ניט זיין איבערראשט ווען זיי וועלען ווען עס איז אלע אויף א מאָל אָנהויבען זינגען. אָבער איהר דארפט זיי ניט באוואונדערען אלע מיט דערזעלבער מאָס. דעם העכסטען און גרעסטען לויב דארפט איהר באהאלטען פאר אָט דעם.

זי האָט א קלאַפּ געטאָן מיט איהר פינגער אויף א טונקעלען איינפאכען גלאָק, און עס האָט אָפּגעקלונגען א שארפער קלאַנג.

— אָט דער דאָ — האָט זי פארטגעזעצט — איז א הייליגער דאָרף־גלאָק פון פינפטען יאָהרהונדערט. דאָס איז א גייסטיג קינד פון הייליגען פּאָלען דע נאָל, וואָס איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געמאכט זינגען דעם הימעל איבער אונזערע קעפּ. ער איז פון א זעלטענעם מעטאל וואָס מען האָט א נאָמען געגעבען קאַמפּאַניך־מעש. אין קורצען וועל איך אייך ווייזען נעבען איהם א רייצענדען פלאָרענטינער, דעם קעניג פון די גלאָקען. מען וועט איהם באלד אהער ברענגען. אָבער איך לאנגווייליג אייך, דארלינג, מיט אזעלכע שפּילערייען, און איך לאנגווייליג אויך די גוטע מאדאם מאר־טע. דאָס איז ניט רעכט פון מיר.

זי האָט זיי אריינגעפיהרט אין זייערע צימערען.

אין א שטונדע שפּעטער איז מאדאם מארטען, פריש און אויס־גערוהט, אין א לייכטען רויז־קלייד וואָס איז געווען באפּוצט מיט שפּיצען, ערשינען אויפ׳ן גאניק, וואו אויף איהר האָט שוין געוואַרט מיסס בעלל. די לופט איז געווען פייכט און מילד פון א זון וואָס איז נאָך געווען שוואך אָבער שוין גרויסמוטיג, פון וואָס עס האָט

זיך געפיהלט אַן אומרוהיגע זיסקייט פון פריהלינג. טערעזאַ האָט זיך אָנגעלעהנט מיט'ן אָרעם אויף דער באַלוסטראַדע און האָט געבאָדען איהרע אויגען אין ליכט. צו איהרע פיס האָבען די ציפּרעסען בוימער געשטרעקט זייערע שוואַרצע שפּיצען קעגען הימעל און די איילבירטען בוימער ביי די זייטען פון די בערג האָבען אָנהויבען בליהען. אונטען אין טאָל איז געלעגען פלאָרענץ, מיט איהרע קירכען און טורעמס און איהרע אומצעהליגע דעכער, און אויף דער אַנדערער זייט פון שטאָדט, ביים וואַסער ברעג פון דער אַרנאָ, וועמענס געשלענגעלטער לויף ווערט אָפּט פאַרשטעלט פון אויג דורך דעם ים מיט הייזער, האָבען געבלאָהעט די בערגלאַך.

נאָך אַ לאַנגען שטילשווייגען האָט וויוויאַן בעל אויסגעשטרעקט איהר האַנט צום האָריזאָנט:

— דאַרלינג, איך קאָן ניט ריידען, איך ווייס ניט ווי אַזוי זיך אויסצודריקען, אָבער קוקט נאָר, דאַרלינג קוקט זיך נאָר אַרום. דאָס וואָס איהר זעהט איצט פאַר זיך איז איינציג אין דער וועלט. אין ערגעץ איז די נאַטור ניט אַזוי פיין, אַזוי פול מיט גייסט, אַזוי עלעגאַנט ווי דאָ. דער גאָט וואָס האָט באַשאַפען די פלאָרענטינער בערגלאַך איז געווען אַ קינסטלער. אָ, ער איז געווען אַ יואַוועליר, אַ סקולפּטאָר, אַ בראָנז גראַווירער און אַ מאָלער: ער איז געווען אַ פלאָרענטינער. ער האָט גאָרניט מעהר באַשאַפען ווי דאָס, דאַרלינג! דאָס איבעריגע איז די אַרבייט פון אַ וועניגער דעליקאַטע האַנט, אַ פּראָסטערע אַרבייט. ווי אַזוי וואָלט דען אָט דער פיאָלעטער באַרג פון סאַן מיניאַטאָ, מיט זיינע פעסטע ריינע פאָרמען, געקאָנט זיין פון זעלבען מייסטער ווי דער מאָן בלאַן? דאָס איז ניט מעגליך. אָט די לאַנדשאַפט, דאַרלינג, האָט די שעהנקייט פון אַן אַלטען מעדאַל און פון אַ טייערען קונסט־בילד. דאָס איז אַ פאָלשטענדיגע און האַרמאָנישע קונסט־ווערק. און אָט איז נאָך אַ זאַך וואָס איך בין ניט אימשטאַנד צו דערצעהלען, וואָס איך קאָן ניט פאַרשטעהן, און דאָך איז דאָס אמת. אין דעם לאַנד פיהל איך מיך, און איהר וועט אַזוי פיהלען, דאַרלינג, האַלב לעבעדיג און האַלב טויט, אין אַ זעהר עדעלען צושטאַנד, זעהר טרויעריג און זעהר זיס. קוקט נאָר, קוקט אַ סך; איהר וועט אַנטדעקען די מעלאַנכאָליע פון אָט די בערגלאַך וואָס רינגלען אַרום פלאָרענץ, און איהר וועט זעהן

ווי אַן אנגענעמער טרויער שטייגט ארויף פון דער ערד פון די טויטע.

די זון האָט געהאַלטען אין אראָפּשטייגען צום האָריזאָנט; איינע נאָך דער אַנדערער איז די ליכט פון די בערגלאך פארלאָשען געוואָרען, בעת די וואָלקענס אין הימעל האָבען זיך אָנגעצונדען.

מאדאם מארמע האָט געגאָסען.

מיסס בעלל האָט געלאָזט ברעננען שאַלען און זי האָט געוואָרענט די פּראָנצויזינס, אַז די אָוענטען זיינען דאָ קאַלטע און געפערליכע.

— דאַרלינג, קענט איהר זשאַק דעשארט? נו גוט, האָט ער מיר געשריבען, אַז ער וועט זיין אין פלאָרענץ די קומענדע וואָך. איך בין צופרידען וואָס הערר זשאַק דעשארט וועט זיך באַגעגענען מיט אייך אין אונזער שטאָדט. ער וועט אונז באַגלייטען אין די קירכען און מוזעאומס, און ער וועט זיין אַ גוטער וועג־ווייזער. ער פארשטעהט שעהנע זאַכען ווייל ער האָט זיי ליעב. ער האָט אַן אויסגעצייכענטען טאַלאַנט אַלס סקולפּטאָר. זיינע פיגורען און זיינע מעדאַליאָנען ווערען נאָך מעהר באַוואונדערט אין ענגלאַנד איידער אין פראַנקרייך. אָ! איך בין אַזוי צופרידען וואָס הערר זשאַק דעשארט וועט זיך באַגעגענען אין פלאָרענץ מיט אייך, דאַרלינג!

## IX.

אויף צו מאָרגענס, ווען זיי זיינען ארוים פון דער סאַנטאַ מאַריאַ נאָוועלאַ קירך און זיינען דורכגעגאַנגען איבער דעם גרויסען פּלאַץ וואו עס זיינען געשטאַנען מאַרמאָרנע אָבעליסקען, נאָכגעאַמט לויט די צירקען פון אַלטערטום, האָט מאַדאַם מאַרמע געזאָגט צו דער גרעפין מאַרטען:

— דוכט זיך, אָט איז הערר שולעט.

שולעט איז געזעסען אין אַ שוסטערשע קראָם, מיט זיין ליולקע אין האַנט, מאַכענדיג ריטמישע באַוועגונגען, פּונקט ווי ער וואָלט דעקלאַמירט פּערזען. דער פלאָרענטינער שוסטער, אָנגעהענגדיג מיט דער ארבייט מיט זיין אָהל, האָט זיך איינגעהערט צו איהם מיט אַ גוטמוטיגען שמייכעל. דאָס איז געווען אַ קליינער פליכע־

ואטער מענשעל, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ טיפּ וואָס מען זעהט אָפּט אין דער פלעמישער מאַלעריי. אויף'ן טיש, צווישען די הילצערנע קאָפּולען, נעגעלאַך, שטיקלאַך לעדער און שטיקער פּעך, איז געשטאַנען אַ וואַזאַנע מיט אַ גרינעם און רונדען קאָפּ. צווישען די אַלע זאַכען איז געוועזן אַ שפּערלינגעל וואָס האָט פרעק־לאַך אַרומגעשפּרונגען און זיך געזעצט דאָ ביים אַלטען אויפ'ן קאָפּ, דאָ אויף זיין אַקסעל. איינס פון זיינע פיסלאַך איז געוועזן אָפּגע־בראָכען און אויף זיין אָרט איז געוועזן אריינגעזעצט אַ שטיקעל צינדר־העלצעל.

מאַדאַם מאַרטען, וואָס האָט זיך אַמוזירט ביי אָט דער סצענע, איז צוגעטרעטען צום שוועל און גערופען שולעט'ן, וואָס האָט שטיל דעקלאַמירט אין אַ זינגענדיגען טאָן, און זי האָט איהם געפרעגט, פאַרוואָס ער איז מיט איהר ניט מיטגעגאַנגען באַזוכען דעם שפּאַ־נישען קלויסטער.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און געענטפערט:

— מאַדאַם, איהר פאַרנעמט זיך מיט פוסטע פאַרשטעלונגען; וואָס ס'איז שייך מיר, פאַרבלייב איך צווישען דעם לעבען און דעם אמת.

ער האָט געדריקט די האַנט פון שוסטער און איז מיטגעגאַנגען מיט די צוויי דאַמען.

— געהענדיג צו דער סאַנטאַ מאַריאַ נאָוועללאַ, האָב איך דער־זעהן — זאָגט ער — אָט דעם זקן ווי ער זיצט איינגעבויגען איי־בער זיין אַרבייט, און דריקענדיג דעם קאָפּ צווישען זיינע קניה האָט ער גענעהט אַ פּאָר אומגעלומפּערטע שיך. איך האָב געפיהלט, אַז ער איז אַ פּראָסטער און גוטער מענש, און איך האָב איהם גע־זאָגט אין איטאַליעניש: „פאַטער, ווילט איהר מיט מיר טרינקען אַ גלעזעל טשיאַנטי וויין?" און ער האָט דוקא געוואָלט. ער איז געגאַנגען ברייגנען אַ פלעשעל מיט צוויי גלעזלאַך און איך האָב דערוויילּ געהיט זיין קרעמעל.

און שולעט האָט אָנגעוויזען אויף דעם אויוען, וואו עס זיי־נען נאָך געשטאַנען צוויי גלעזלאַך און אַ פלעשעל.

— ווען ער איז צוריקגעקומען האָבען מיר צוזאַמען געטרונקען. איך האָב צו איהם גערעדט גוטע זאַכען, וואָס האָבען געהאַט אַן

אומקלאָרע מיינונג, און ער האָט געשעפּט נחת פון די קלאַנגען. איך וועל זיך נאָך אומקערען אין זיין קרעמעל; איך וועל איהם אויסלערנען ווי אזוי צו מאַכען שיך און ווי אזוי צו לעבען אָהן פארלאַנגען. נאָך דעם וועל איך שוין מעהר קיין טרויער ניט האָבען; וואָרים בלויז די פאַרלאַנגען און די פוילענצעריי מאַכען טרויעריג.

די גרעפין מאַרטען האָט געשמייכעלט.

— הערר שולעט, איך פאַרלאַנג גאָרניט און דאָך בין איך ניט לוסטיג. זאָל איך אפשר אָנהויבען מאַכען שיך?

אין טיפען ערנסט האָט שולעט געענטפערט:

— פאַר אייך איז נאָך די צייט ניט געקומען.

אז זיי זיינען צוגעקומען צו די אָרציליאַרי גאָרטענס, איז מאַדאַם מאַרמע ווי אַרויפגעפאַלען אויף אַ באַנק. אין דער סאַנטאַ־מאַריא־נאָוועללאַ קירך האָט זי באַטראַכט די רוהיגע פרעסקאָס פון גירלאַנדאַזשאָ, די כאָר־שטולען, די יונגפרוי פון צימאַביע און די קלויסטער־מאָלערייען. זי האָט דאָס אַלץ באַטראַכט מיט אויפמערקזאַמקייט, אַלס אָנדענקונג פון איהר מאַן, וואָס האָט שטאַרק ליעב געהאַט, זאָגט מען, די איטאַליענישע קונסט. זי איז געווען מיעד. שולעט האָט זיך געזעצט נעבען איהר און געזאָגט:

— מאַדאַם, קאָנט איהר מיר ניט זאָגען, אויב עס איז אמת, אז דער פּאַפּסט לאָזט מאַכען זיינע קליידער ביי וואָרטה'ן, דעם גרעסטען פאַריזער דאַמען־שניידער?

מאַדאַם מאַרמע האָט עס ניט געגלויבט. שולעט האָט אָבער, פונדעסטוועגען, געהערט וועגען דעם רעדען אין די קאַפע־הייזער. מאַדאַם מאַרטען איז געווען איבעררראַשט וואָס שולעט, זייענדיג אַ קאַטויליק און סאָציאַליסט, האָט מיט אזוי ווייניג עהרפורכט גערעדט וועגען אַ פּאַפּסט, וואָס איז אַ פריינד פון דער רעפּובליק. ער האָט אָבער ניט ליעב געהאַט לעאָ דעם 13טען.

— די וויזהייט פון די פירשטען איז אַ קורצזיכטיגע, — האָט ער געזאָגט. — לעאָ דער 13־טער וויל און גלויבט, אז די דערלייזונג פון דער קירך וועט קומען פון דער איטאַליענישער רעפּובליק; אָבער די קירך וועט ניט געראַטעוועט ווערען אויף אזאַ אופן ווי דער פרומער מאַכיאַוועל דענקט. די רעוואָלוציע וועט ברייגנען, אז דער פּאַפּסט זאָל פאַרלירען זיינע זינדיגע שטייערן און דאָס

ביסעל הערשאפט וואָס ער פאַרמאָגט נאָך און דאָס וועט זיין די דערלייזונג. דער פּאַפּסט, נאָכדעם ווי ער וועט ווערן באַרויבט און אָרים — וועט ווערן מעכטיג. ער וועט אויפשטורמען די וועלט. די פּעטרוס'עס, די לינוס'עס, די קלעטוס'עס, די אַנאַקלעטוס'עס און די קלעמענטס, אָט די דערשלאָגענע אומוויסענדע הייליגע פון די אַמאָליגע צייטען, וואָס האָבען גענענדערט דעם אויסזעהן פון דער וועלט, וועלען צוריקקערען. אויב דאָס אוממעגליכע זאָל געשעהן, און מאָרגען זאָל זיך אַרויפזעצען אויף דעם שטול פון הייליגען פּעטרוס אַן אמת'ער בישאָף, אַן אמת'ער קריסט, וואָלט איך געוואַנגען צו איהם און איהם געזאָגט: „דו זאָלסט ניט זיין קיין לעבעדיג־באַגראָבענער זקן אין אַ גאָלדענעם קבר; געה אַוועק פון דיינע קאַמערהעררען, דיינע עדעלע דיענער און קאַרדינאַלען, פאַרלאָז דיין טראָן און דיין פּוסטע מאַכט. קום, האַלט מיך ביים אָרעם, און בעטעל דיין ברויט פון די נאַציאָנען. באַדעקט מיט שמאַטעס, אָרים, קראַנק און שטאַרבענדיג זאָלסטו וואַנדערן איבער די לאַנגע וועגען און טראָג אין זיך דאָס בילד פון יעזוס'ן. זאָלסט זאָגען: „איך בעטעל מיין ברויט כדי די רייכע זאָלען פאַרדאַמט ווערען." געה אַריין אין די שטעדט און שריי אויס ביי יעדער טיר מיט אַ נאַרישער דערהויבענקייט: „זייט נידריג, זייט עדעל, זייט אָרים!" פּראָקלאַמיר פרידען און באַרמהאַרציגקייט איבער די שוואַרצע שטעדט, אין די קאַזאַרמעס און אין די עלענדע הייזלאַך. מען וועט דיך פאַראַכטען, מען וועט אויף דיר וואַרפען שטיינער. די זשאַנדאַרמען וועלען דיך שלעפּען אין תפיסה אַריין; דו וועסט זיין צו שאַנד און צו שפּאָט ביי די דערשלאָגענע ווי ביי די מעכטיגע, ביי די אָרימע פּונקט ווי ביי די רייכע. דיינע פּריסטער וועלען דיך אַרונטערזעצען און וועלען אַנטקעגען דיר אויפשטעלען אַן אַנטי־פּאַפּסט. אַלע וועלען זאָגען אַז דו ביזט משוגע; און אין דער אמת'ן וועסטו זיין משוגע: די משוגעים האָבען געראַטעוועט די וועלט. מענשען וועלען דיר אָנטאָן אַ קרוין פון דערנער און וועלען דיר געבען אַ ראָר־סצעפּטער; און ערשט מיט די סמנים וועסטו אויסזעהן ווי קריסטוס, דער אמת'ער קעניג. און מיט אָט די אַלע מיטלען וועסטו איינפיהרען דעם קריסטליכען סאָציאַליזם, וואָס איז דאָס קעניגרייך פון גאָט אויף דער ערד.

האָבענדיג אַזוי אָפּגעענטפערט, האָט שולעט פאַרוויכערט אײנע פון זײנע פּאַרמוטשענד־לאַנגע איטאַליענישע ציגאַרען, וואָס איז געווען דורכגעצויגען אין דער מיט מיט אַ שטרוי. ער האָט עטליכע מאָל פאַרצויגען, ארויסלאָזענדיג אַ פּאָר׳סם׳ענדען רויך און דערנאָך האָט ער רוהיג פאָרטגעזעצט:

— און דאָס וואָלט געווען אַ פּראַקטישע זאַך. מען קאָן אויך מיר זאָגען וואָס מען וויל, אָבער ביים קלאָרען פאַרשטאַנד בין איך. אַ! מאַדאַם מארטע, איהר קאָנט זיך קוים פאָרשטעלען ווי אמת עס איז, אַז די גרויסע ארבייטען אין אונזער וועלט זיינען שטענדיג אויפגעטאָן געוואָרען פון משוגעים. דענקט איהר, מאַדאַם מאַרטען, אַז ווען דער הייליגער פראַנציס פון אַסיסי וואָלט געווען ביים קלאָרען פאַרשטאַנד וואָלט ער, כדי, אויפצופרישען די פעלקער, פאַרשפּריים אויף דער ערד די לעבעדיגע וואַסערען פון באַרמהאַרציגקייט און אַלע פאַרפיומען פון ליעבע?

— איך ווייס ניט — האָט געענטפערט מאַדאַם מאַרטען. — אָבער די מענשען מיט די קלאָרע פאַרשטאַנדען זיינען שטענדיג געווען פאַר מיר זעהר לאַנגווייליג. אייך קאָן איך דאָס זאָגען, הערר שולעט.

זיי האָבען זיך צוריקגעקערט נאָך פיזעאָל מיט אַ דאַמף טראַמוויי, וואָס שטייגט ארויף אויפ׳ן באַרג פייפענדיג. עס איז געגאַנגען אַ רעגען. מאַדאַם מארטע איז איינגעשלאָפען און שולעט האָט געוואָרטשעט. אַלע זיינע אומגליקען זיינען מיט אַמאָל איהם באַפאַלען: צוליעב דער פייכטקייט פון דער לופט האָט איהם וועה געטאָן די קניה און ער האָט ניט געקענט אויסגלייכען דעם פוס. זיין רייזע־טאַש וואָס איז געבטען אומגעקומען אויף דעם פיזעאָלער וואָקזאַל, האָט זיך ביז איצט ניט צוריקגעפונען, און דאָס איז געווען אַן אומערזעצליכע קאַטאַסטראָפע; אַ פּאַריזער זשורנאַל האָט פּונקט איצט אָפּגעדרוקט זיינע אַ פּאָעמע, מיט אַ מאַסע גרייזען.

ער האָט באַשולדיגט די מענשען און זאַכען, אַז זיי זיינען געגען איהם און אַז זיי האָבען זיך פאַרנומען איהם צו רואינירען. ער איז געווען קינדיש, נאַריש און ניט־אָנגענעם. מאַדאַם מאַרטען, ווען דער רעגען און שולעט האָבען פאַרטרויערט, האָט געגלויבט,

אז דאָס ארויפשטייגען אויפ׳ן בארג וועט זיך שוין קיינמאָל ניט ענדיגען. ווען זיי זיינען אריין אין גלאָקען־הויז, אין דעם סאלאָן, האָבען זיי געפונען מיסס בעל ווי זי האָט איבערגעשריבען מיט גאָלדענע טינט, אויף א פּארמעט, מיט אותיות פון אלדינער טיפּ, די פּערזען, וואָס זי האָט פארפאסט נעכטען ביינאכט. ביים אריינטריט פון איהר פריינדין האָט זי אויפגעהויבען איהר קליינעם קאָפּ, פון וואנען עס האָבען העל ארויסעגלויכטען איהרע וואונדערליכע אויגען.

— דארלינג, איך וועל אייך פאָרשטעלען דעם פּרינץ אלבערטינעלי.

דער פּרינץ וואָס איז געשטאנען נעבען קאמין אין דער פּראכט פון א יונגען גאָט, באקרעפטיגט מיט א גלייכער שווארצער באָרד, האָט זיך פארנייגט:

— מאדאם וואָלט געמאכט ליעב צו האָבען פראנקרייך, ווען נאָט דער געפיהל וואָלט שוין לאנג ניט געווען אין אונזערע הערצער.

די גרעפין און שולעט האָבען געבעטען מיסס בעל, אז זי זאָל פאָרלעזען די פּערזען, וואָס זי האָט אָנגעשריבען. זי האָט זיך אנטשולדיגט. זי האָט געזאָגט, אז עס וועט פאר איהר אוממעגליך זיין זיך צו מאכען פארשטענדליך פאר דעם פראנצויזישען פּאָעט, וועמען זי האָט פארעהרט אַם מעהרסטען נאָך פראנסוא ווילאָן; דאן האָט זי מיט איהר שעהנער, פיסטשענדער פויגעל־שטימע דעקלאמירט:

צופוס פון די פעלזען, ביים מורמלענדען קוואל,
וואָס שפּיעלט ווי א בלום מיט דער זון׳ס הייסען שטראַהל
און פליסט צום אָרנאָ, דאָרט אויף אייביגע יאָהרען —
צוויי ליעבהאָבער האָבען זיך טרויהיוס געשוואָרען.
ווי דער שטורמיגער שטראָם פארביי פעלזיגע ברעגען זיך טראָגט,
די ליעבע אין ברוסט פון די ליעבהאָבער שלאָגט.
איהר נאָמען איז זשעמאַ געוועזען; נאָר זיינעם
האָט נאָך ביז אָנטפּלעקט דער דערצעהלער פאר קיינעם.

אַ מויל צו אַ מויל, פלעגען זיי זיך פאַרגעסען
און איין יונגע ברוסט צו דער אַנדערער פרעסען
אויפ'ן דופטיגען גראָז. פלעגען קומען אַמאָל אַהין ציגען,
און אין אָווענד פלעגט אונטער אַ בוים נאָך זיין אַרבייט ווער ליגען.
און האָבען זיי זיך דאַן אַהיים אומגעקערט,
וועגען זיי האָבען מענשען פאַרנומענע גאָר ניט געקלערט.
און אָפט פלעגט פאַרנעבלען אַ טרער זייער בליק,
דען ס'איז העכער פון לעבען געווען זייער גליק.

ביים טייכעל ביי יענעם, אין פרוידיגען שווייגען,
וואו ס'האָבען געשטרעקט זיך צום הימעל פאַרבענקטע די צווייגען
פון אולם פון דיעם גרינעם, פון וויינרעב דעם קרומען,
געטראָגען האָט דאָרטען אַ פלאַנץ רויטע בלומען,
מיט בלעטער, וואָס הענגען אויף בלייכע און שפּיציגע צווייגען,
די פאַסטוכער רופען זיי אַלע „די פלאַנצונג פון שווייגען".

און אַ קראַפט אַ פאַרבאָרגענע האָט אין איהר זשעמאַ געוואוסט,
אַז אייביגע רוה קען זי ברענגען אַ מענשליכער ברוסט,
אַז פאַרוויגען אין אייביגען שלאָף וועט איהר איינציגער קוש.

און איינמאָל האָט ער מיט אַ שמייכעל אַ בלעטעל פון בוש
גענומען און אויף זיינע ליפּען געלעגט אָהן אַ וואָרט:
אויף אייביג אַנשלאָפען געוואָרען איז ער אויפ'ן אָרט.
דאַן האָט זי דאָס בלעטעל אַליין איינגעביסען
און איז אומגעפאַלען ביים ליעבען צופוסען.

ביינאַכט האָט אַ זיפצען פון טויבען זיך דאָרטען געהערט,
און מעהר האָט קיין קלאַנג זייער אייביגען טרוים ניט געשטערט.

— דאָס איז זעהר שעהן — האָט געזאָגט שולעט — און עס דערמאָנט אין אַן איטאַליען, וואָס איז אַ ביסעל פארשטעלט מיט דעם נעבעל פון טהולע לאַנד.

— יאָ, — האָט צוגעגעבען די גרעפין מארטען — דאָס איז שעהן. אָבער פארוואָס, טייערע וויוויאַן, האָבען אייערע צוויי שעהנע און אומשולדיגע געוואָלט שטאַרבען?

— אָ! דאַרלינג, ווייל זיי האָבען זיך שוין געפיהלט אַזוי גליקליך ווי עס איז נאָר מעגליך געווען, און מעהר האָבען זיי שוין גאָרניט געוואָלט. זיי האָבען שוין מעהר גאָרניט געהאַט נאָך וואָס צו האָפען. ווי אַזוי פארשטעהט איהר דען דאָס ניט?

— און איהר גלויבט, אַז אויב מיר לעבען, איז דאָס ווייל מיר האָפען נאָך?

— אָ, יאָ, דאַרלינג, מיר לעבען מיט דער ערוואַרטונג, פון דעם וואָס דער מ אָ ר ג ע ן, מ אָ ר ג ע ן, דער קעניג פון דעם פעען לאַנד, וועט ברייגנגען אין זיין שוואַרצען אָדער בלאָהען מאַנטעל, וואָס איז אויסגעשטיקט מיט בלומען, מיט שטערען און טרערען. אָ, ליכטיגער קעניג מ אָ ר ג ע ן!

## X.

מען האָט זיך אָנגעטאָן צום מיטאָג עסען. מיסס בעל איז געזעסען אין סאַלאָן און איבערגעקאַפּירט עפּעס משונה'דיגע פיגור־רען פון לעאָנאַרדאָ'ס אַ צייכנונג. זי האָט זיי געמאָלען כדי צו וויסען וואָס זיי וועלען זאָגען, זייענדיג איבערצייגט אַז זיי וועלען רעדען און אויסדריקען זעלטענע אידעען אין אַ מערקווירדיגען ריטם. און זי וואָלט זיך צוהערען צו זיי. און אויף אַזאַ אופן פלעגט זי זעהר אָפט אויסאַרבייטען איהרע פּאָעמען.

פּרינץ אַלבערטינעלי איז געזעסען ביי דער פּיאַנאָ און גע־שפּיעלט די סיציליאַנישע מעלאָדיע „אָ, לאָלאָ!“ זיינע ווייכע פינגער האָבען קוים אָנגערירט די קלאַווישען.

שולעט, וואָס האָט זיך פארהאַלטען משונה'דיגער ווי גע־וועהנליך, האָט געבעטען מען זאָל איהם געבען אַ נאָדעל מיט פאָדים, מיט וואָס ער האָט זיך געוואָלט פאַרריכטען זיינע קליי־

דער. ער האָט באַזיפּצט דעם פאַרלוסט פון אַ קליינער נאָדעל־שאַכטעלע וואָס ער האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך אין קעשענע פאַר די לעצטע דרייסיג יאָהר און וואָס איז איהם אַזוי טייער געווען צוליעב די זיסע ערינערונגען אָן וואָס דאָס האָט איהם דערמאָנט, אָן די קלוגע עצות וואָס ער פלעגט דערפון קריגען. ער האָט געדענקט, אַז ער האָט עס פאַרלוירען אין איינער פון די פאַרפלוכטע זאַלען פון פּעטי־פּאַלאַץ און ער האָט דערפאַר געמאַכט פאַרווירפען מעדי־צי'ן און אַלע אַנדערע איטאַליענישע מאָלער.

וואַרפענדיג אויף מיסס בעל אַ בייזען בליק:

— איך האָב אַלע מאָל געדיכטעט אין דער צייט וואָס איך האָב פאַריכט מיינע שמאַטעס. איך שעפּ נחת ווען איך אַרבייט מיט די הענט. איך זינג מיר מיינע לידער ווען איך קער אויס מיין צימער. און דעריבער זיינען זיי אַריין אין די הערצער פון די מענ־שען פּונקט ווי די געדאַנקען פון יענע אַלטע קינסטלער און האַנט־ווערקער, וואָס זיינען נאָך פיליכט שעהנער פון מיינע, אָבער יעדענ־פאַלס ניט נאַטירליכער. איך בין שטאָלץ דאַרויף וואָס איך בין מיין איינענער דינער. די אַלמנה פון קירךשמש האָט מיר געוואָלט פאַרריכטען מיינע שמאַטעס, האָב איך עס איהר ניט דערלויבט. עס איז ניט רעכט אַז מיר זאָלען לאָזען אַנדערע מענשען טאָן פאַר אונז אויף אַ שקלאַפישען אופן דאָס וואָס מיר קאָנען אַליין טאָן פאַר זיך אין ערלעכער פרייהייט.

דער פּרינץ האָט נאַכלעסיג געשפּיעלט לייכטע מעלאָדיען. טע־רעזאַ וואָס האָט די לעצטע אַכט טעג באַזוכט צוזאַמען מיט מאַדאַם מאַרמע די קירכען און מוזעאומס, האָט געטראַכט דערפון ווי לאַנג־ווייליג איהר באַגלייטערין איז, וואָס האָט געהאַלטען אין איין גע־פינען ענליכקייטען צווישען די בילדער פון די אַלטע מייסטער און איהרע באַקאַנטע מענשען. היינט אין דער פריה האָט זי אין רי־קאַרדי פּאַלאַץ בלויז אויף די פרעסקען פון בענאָצצאָ גאַצאָלי דער־קענט דעם הערר נאַרען, דעם הערר לאַגראַנזש און דעם הערר שמאָל, די פּרינצעסין סעניאַווין אַלס פּאַזשע און דעם הערר רע־נאַן רייטענדיג אויף אַ פערד. וואָס ס'איז שייך דעם הערר רענאַן, האָט זי זיך פּשוט דערשראָקען וואָס זי פלעגט איהם געפינען אומע־טום. איהרע אידעען האָבען זיך אַלע מאָל געהאַלטען אין איין באַ־

וועגען ארום דעם קליינעם אקאדעמישען און סאָציאַלען קרייז, מיט אזא לייכטקייט, אז עס האָט פּשוט אויפגערעגט איהר פריינד. זי האָט דערמאָנט מיט אַ זיסער שטימע וועגען די עפענטליכע זיצונגען פון אינסטיטוט, די רעפעראַטען אין דער סאָרבאָן און די פאַרזאַמלונגען וואו עס האָבען געגלאַנצט די גייסטליכע און וועלטליכע פילאָזאָפען. וואָס אַנבאַלאַנגט די פרויען זיינען זיי אַלע, לויט איהר מיינונג געווען רייצענדע און בכבוד'יגע. זי האָט ביי זיי אַלעמען געגעסען מאָלצייטען. און טערעזאַ האָט זיך געטראַכט: „זי איז צו פאָרזיכטיג, אָט די גוטע מאַדאַם מאַרמע, און זי לאַנגווייליגט מיך." און זי האָט געקלערט וועגען איבערלאָזען איהר אין פיזעאָל און אליין געהן באַזוכען די קירכען. באַנוצענדיג אַ וואָרט, אין זיך, וואָס לע־מעניל האָט איהר אַמאָל אויסגעלערענט, האָט זי צו זיך געזאָגט:

— איך געה אַוועקוואַרפען מאַדאַם מאַרמע.

אַן אויסגעמאָגערטער זקן איז אריין אין דעם סאַלאָן. זיינע וואַקסענע וואָנצעס און זיין קליינע, ווייסע שפּיציגע בערדעל האָבען איהם געגעבען אַן אויסזעהן פון אַן אַלטען מיליטער מענשען. אָבער זיין בליק, הינטער זיינעברילען, האָט פאַרראַטען יענע זאַנפטע ערעלקייט פון אויגען, וואָס זיינען באַנוצט געוואָרען פאַר דער וויסענשאַפט און פאַרגעניגען. דאָס איז געווען אַ פלאָרענטינער, אַ פריינד פון מיסס בעל און דעם פרינץ, דער פראָפעסאָר אריגי. אַמאָל איז ער פאַרגעטערט געוואָרען פון פרויען און איז איצט געווען באַרימט אין טאָסקאַניען און עמיליען פאַר זיינע שטודיען איבער אַגריקולטור.

דער גרעפין מאַרטען איז ער גלייך געפעלען געוואָרען, און כאָטש זי האָט ניט געהאַט קיין גינסטיגע מיינונג וועגען דעם דאָרפישען לעבען אין איטאַליען, האָט זי דעם פראָפעסאָר אויסגעפרעגט וועגען די מעטאָדען און די רעזולטאַטען פון זיינע פאָרשונגען.

ער האָט אָנגעפאַנגען מיט ענערגיע וואָס איז געמעסיגט געוואָרען פון פאָרזיכטיגקייט.

— די ערד — האָט ער געזאָגט — איז פונקט ווי די פרויען: זי וויל אַז איהר זאָלט מיט איהר זיך באַגעהן ניט מיט שעמעוודיגקייט און ניט מיט ברוטאַליטעט.

די „אווע מאריא“, וואָס האָט געקלונגען פון אַלע קאַמפּאַנילען, האָט פאַרוואַנדעלט דעם הימל אין אַ ריזיגן אינסטרומענט פון רעליגיעזער מוזיק.

— דאַרלינג — האָט געזאָגט מיסס בעל — באַמערקט איהר ווי קלאַנגענרייך עס איז די לופט פון פלאָרענץ, און אינגאַנצען פאַרזילבערט, ביינאַכט, אונטער דעם גלאָקען־קלאַנג.

— עס קוקט אויס זאָנדערבאַר — האָט געזאָגט שולעט — עס קוקט אויס ווי מיר וואָלטען דאָ געזעסען און געוואַרט אויף עמיצען.

וויוויאַן בעל האָט איהם געענטפערט, אַז זיי וואַרטען ווירקליך אויף עמיצען. הערר דעשארט האָט געדאַרפט קומען; ער איז אַ ביסעל שפּעט; זי האָט מורא אַז ער זאָל ניט האָבען פאַרשפּעטיגט דעם צוג.

שולעט איז צוגעגאַנגען צו מאַדאַם מאַרמע און זעהר ערנסט געזאָגט:

— מאַדאַם מאַרמע, וואָלט איהר ווען עס איז געקאָנט קוקען אויף אַ טיר, אַן איינפאַכע געפאַרבטע טיר, ווי אייערע, למשל, אָדער מיינע, אָדער אָט די דאָ, אָדער אירגענד אַן אַנדער טיר, און ניט עמפינדען אַ פּחד און אַ שרעק, ביי דעם געדאַנק, אַז אַ באַזוכער קאָן איהר עפענען יעדען מאָמענט? די טיר פון אונזער הויז עפענט זיך צו דער אומענדליכקייט. האָט איהר וועגען דעם אַמאָל געקלערט? קען מען דען ווען עס איז וויסען דעם אמת׳ן נאָמען פון איהם אָדער איהר וואָס קומט צו אונז אריין, האָט אַ מענשליכען געשטאַלט, האָט אַ באַקאַנטען פּנים און געהט געקליידעט ווי געוועהנליך?

וואָס אַנבאַלאַנגט איהם, זיך געפינענדיג פאַרשלאָסען אין זיין צימער האָט ער ניט געקענט קוקען אויף דער טיר אָהן אַ שרעק פון וואָס די האָר אויפ׳ן קאָפּ זאָלען זיך ביי איהם אויפשטעלען.

אָבער מאַדאַם מאַרמע פּלעגט קוקען אָהן שרעק ווען די טירען פון איהר סאַלאָן פּלעגען זיך עפענען. זי האָט געקענט דעם נאָמען פון יעדען איינציגען וואָס איז געקומען צו איהר: אַלע וואוילע מענשען.

שולעט האָט איהר אָנגעקוקט מיט טרויער, הויבענדיג די אַק־סלען.

— מאַדאַם מאַרמע, מאַדאַם מאַרמע, אָט די וואָס איהר רופט אָן ביי זייער ערדישען נאָמען האָבען נאָך אַ נאָמען, וואָס איהר קענט ניט, און יענער איז זייער אמת׳ער נאָמען.

מאַדאַם מאַרטען האָט געפרעגט שולעט׳ן, אויב דער אומגליק מוז דאָס דורכגעהן די טיר, אויב ער וויל קומען צווישען מענשען.

— ער איז געשיקט און כיטרע. ער קומט דורכ׳ן פענסטער, ער קריכט דורך די ווענט. ניט שטענדיג לאָזט ער זיך זעהן. אָבער ער איז שטענדיג דאָ. די אָרימע טירען זיינען ווירקליך ניט שול־דיג אין דעם קומען פון דעם בייזען גאַסט.

שולעט האָט געגעבען אַ שטרענגע התראה דער מאַדאַם מאַרטען, אַז זי זאָל ניט דערוועגען צו רופען דעם אומגליק „בייזער גאַסט“.

— דאָס אומגליק איז אונזער גרעסטער מייסטער און בעסטער פריינד. ער לערענט אונז די באַדייטונג פון לעבען. מיינע דאַמען, ווען איהר וועט ליידען, וועט איהר וויסען וואָס מען דאַרף וויסען, וועט איהר גלויבען וואָס מען דאַרף גלויבען, וועט איהר טאָן וואָס מען דאַרף טאָן, וועט איהר זיין וואָס מען דאַרף זיין. און איהר וועט דאַמאָלט האָבען די פרייד, וואָס ווערט פאַרטריבען פון פאַר־גניגען. די פרייד איז שעמעוודיג און זי פיהלט זיך שלעכט צווי־שען ימים טובים.

פרינץ אַלבערטינעלי האָט געזאָגט, אַז מיסס בעל און איהרע צוויי פראַנצויזישע פריינדינס דאַרפען ניט זיין אומגליקליך אום צו זיין פאַלשטענדיג און אַז די לעהרע וועגען פאַרפאַלשטענדיגונג דורך ליידען איז אַ באַרבאַרישע גרויזאַמקייט וואָס איז אַן אומ־כבוד פאַר דעם שעהנעם הימעל פון איטאַליען. דערנאָך ווען דער געשפרעך איז פאַרקלענערט געוואָרען, איז ער צוריקגעגאַנגען צו דער פיאַנאָ און פרובירט אויסצושפּיעלען די גראַציעזע און באַנאַלע סיציליאַנישע מעלאָדיע, מורא האָבענדיג איהר צו פאַרמישען מיט דער ענליכער מעלאָדיע פון דער „טראָוואַטאָרע“.

וויוויאַן בעל האָט גאָר אין דער שטיל אויסגעפרעגט אָט די אַלע פאַרזעהענישען וואָס זי האָט געמאָלען און האָט זיך געערגערט צוליעב זייערע נאַרישע שפּאַסהאַפטע ענטפערס.

— אין דעם מאָמענט — האָט זי געזאָגט — וואָלט איך ווע־
לען זיך צוהערען בלויז צו די טעפּיך־פיגורען, וואָס רעדען וועגען
בלאַסע אַלטע זאַכען, וואָס זיינען אַזוי טייער, פּונקט ווי זיי אַליין.

און דער שעהנער פּרינץ, פאַרטראָגען פון זיינע מעלאָדישע
כוואַליעס. האָט געזונגען. זיין שטימע האָט זיך פאַרגרעסערט, זיך
אויסגעברייטערט ווי דער פּאַוועס עק, און דאַן ביסלעכווייז אָפּגע־
שטאָרבען.

די גוטע מאַדאַם מאַרמע, קוקענדיג אויף דער גלעזערנער טיר,
האָט געזאָגט:

— דוכט זיך, אַז הערר דעשאַרט קומט.

ער איז אַריין, זייענדיג לעבהאַפט און באַוועגליך. אויף זיין
ערנסטען פּנים איז געווען אויסגעדריקט פרייד.

מיסס בעל האָט איהם אויפגענומען מיט אָפּגעהאַקטע קולות
פון אַ פויגעל.

— הערר דעשאַרט, מיר זיינען געווען זעהר אומגעדולדיג אייך
צו זעהן. הערר שולעט האָט גערעדט שלעכטס וועגען טירען. יאָ,
וועגען טירען און הייזער, און ער האָט אויך געזאָגט, אַז דער אומגליק
איז אַן אַלטער, זעהר דאַנקבאַרער דזשענטעלמאַן. איהר האָט פאַר־
לוירען אָט די אַלע זאַכען. איהר האָט אונז געלאָזען ווארטען אויף
אייך, הערר דעשאַרט; פאַר וואָס?

ער האָט זיך ענטשולדיגט. ער האָט קוים צייט געהאַט אַריינ־
צוגעהן אין האָטעל אַריין און שנעל זיך איבערטאָן. ער האָט אפילו
קיין צייט ניט געהאַט צו באַגריסען זיין טייערען און גוטען פריינד,
דעם בראָנזענעם סאַן־מאַרקאָ, וואָס שטעהט אין זיין אָפּדאַך, אין
דער וואַנט פון אָר סאַן־מישעל. ער האָט געמאַכט קאָמפּלימענטען
דער פּאָעטעסע און באַגריסט די גרעפין מאַרטען מיט אַ פרייד,
וואָס ער האָט ניט געקאָנט אונטערדריקען.

— איידער איך האָב פאַרלאָזען פּאַריז בין איך געגאַנגען אייך
זעהן אין אייער וואוינונג און דאָרט האָט מען מיר דערצעהלט, אַז
איהר זיינט געפאָהרען דערוואַרטען דעם פריהלינג אין פיזעאָל, צוזאַ־
מען מיט מיסס בעל. איך האָב אייך דאַן געהאָפט צו טרעפען אין
דעם לאַנד וואָס איך האָב איצט ליעב מעהר ווי שטענדיג.

זי האָט איהם געפרעגט, אויב ער איז פריהער דורכגעפאָהרען

ווענעדיג, אויב ער האָט נאָכאַמאָל געזעהן אין ראַווענאַ די באַגראָ־
בענע קייזערינס און די לייכטענדע געשפּענסטער.
ניין, ער האָט זיך אין ערגעץ נישט אָפּגעשטעלט.
זי האָט גאָרנישט געזאָגט. איהר בליק איז געווען געריכט צו
א ווינקעל פון דער וואַנט, וואו עס איז געשטאַנען דער גלאָק פון
הייליגען פּאַולינוס.
ער האָט איהר געזאָגט:
— איהר קוקט צו דעם גלאָק פון נאָלא.
וויוויאַן בעלל האָט אוועקגעוואָרפען איהרע פּאַפּירען און בלייי־
פעדער.
— איהר וועט באַלד זעהן א וואונדער, וואָס וועט אייך נאָך
מעהר ריהרען, הערר דעשאַרט. איך האָב אַנטדעקט די קעניגען פון
די קליינע גלעקלאך. איך האָב איהר געפונען אין רימיני, אין א
רואינירטען וויין־קעלער, וואָס ווערט איצט באַנוצט אַלס א קראָם,
און וואו איך בין נעגאַנגען קויפען א מין אַלטע האָלץ וואָס איז
איינגעזאַפּט מיט אויל, און איז האַרט, טונקעל און גלאַנציג. איך
האָב געקויפט די גלאָק און האָב עס אַליין איינגעפּאַקט. איך וועל
נישט לעבען ביז וואַנען עס וועט נישט דאָ אָהערקומען. איהר וועט זעהן.
עס איז אויף איהר אויסגעקריצט א קריסט אויפ׳ן צלם, צווישען
דער יונגפרוי און דעם הייליגען יאָהאַן, עס טראָגט אויף זיך דעם
דאַטום פון יאָהר 1400 און דעם הערב פון די מאַלאַטעסטאַס... הערר
דעשאַרט, איהר הערט זיך נישט איין גענוג. הערט מיך אויס מעהר.
אין יאָהר 1400 האָט לאָרענצאָ גיבערטי, וואָס איז אַנטלאָפען פון
דער מלחמה און מגפה, זיך באַזעצט אין רימיני, ביי פּאַאָלאָ מאַ־
לאַטעסטאַ. עס איז זיכער, אז ער האָט מאָדעלירט די פיגורען אויף
מיין גלאָק. און איהר וועט דערפאַר דאָ זעהן, קומענדע וואָך אַן
ארבייט פון גיבערטי.
דער דינער האָט געמעלדעט אז דער טיש איז געגרייט.
זי האָט געבעטען אַנטשולדיגונג וואָס דער מאַלציייט וועט זיין
אַן איטאַליענישער, איהר קוכער איז געווען א דיכטער פון פּיזעאָל.
ביים טיש, פאַר די „פיאַסקאָני“ פלעשער וואָס זיינען געווען
ארומגעוויקעלט מיט שטרוי, האָבען זיי גערעדט פון דעם גליקליכען
פּופצעהנטען יאָהרהונדערט, וואָס זיי האָבען אַלע ליעב געהאַט. דער

פרינץ אלבערטינעלי האט געלויבט די קינסטלער פון יענער צייט פאר זייער אוניווערזאליטעט, פאר זייער ליידענשאפטליכער ליעב־שאפט צו זייער קונסט און שאפונג. ער האט גערעדט מיט באטא־נונג און מיט א צערטליכער שטימע.

דעשארט האט זיי באוואונדערט, אבער אויף אן אנדער אופן.

—אום גערעכט צו זיין צו יענע מענער—זאגט ער—פון סימאבי ביז מאסאציא, וואס האבן געארבייט מיט אזא פולהארציגקייט, וואלט איך וועלן, אז די לויב־געזאנגען זאלען זיין באשיידען און פינקטליך. קודם כל דארף מען זיי זעהן אין זייער סטודיא, דערנאך אין זייער ווערקשטאט, וואו זיי האבן געלעבט אלס האנדווערקער. ערשט דארט, זעהענדיג זיי ביי דער ארבייט קאן מען אפשאצען זייער איינפאכקייט און זייער געניוס. זיי זיינען געווען רויה און אומוויסענד. זיי האבן ווייניג געלעזען און ווייניג געזעהן. די בערגלאך וואס רינגלען ארום פלארענץ איז געווען דער האריזאנט פאר זייערע אויגען און נשמה. זיי האבן ניט געקענט קיין שום אנדער זאך א־חוץ זייער שטאדט, די היילינע שריפטען און עטליכע איבערבלייבענישען פון אלטע סקולפטורען, וואס זיי האבן מיט צערטליכקייט און ליעבע שטודירט.

— איהר האט ריכטיג באמערקט — האט געזאגט פראפעסאר אריגי. — אלץ וועגען וואס זיי האבן זיך דאמאלט געזארגט איז געווען ווי אזוי אנצואווענדען די בעסטע מעטאדען. זייערע מחות זיינען איינגאנצען געווען באשעפטיגט מיט צוגרייטען דעם גלאזור און מישען די פארבען. דער וואס האט דער ערשטער אויסגעל־קלערט אויפצוקלעפען א לייווענט איבער א באפעסטיגונג, כדי די מאלעריי זאל ניט פלאצען מיט'ן האלץ, איז געהאלטען געווארען פאר א וואונדערבארען מענשען. יעדער מייסטער האט געהאט זיינע רעצעפטען און פארמולאס, וואס ער פלעגט האלטען אין דער גרעסטער געהיימניס.

— גליקליכע צייטען — האט פארטגעזעצט דעשארט — עס איז דאמאלט קיינעם אפילו ניט איינגעפאלען צו קלערען וועגען יענער אריגינאליטעט וואס מיר היינט זוכען אזוי אייפריג ארום. דער שילער האט געזוכט נאכצומאכען דעם מייסטער. ער האט ניט געהאט קיין שום אנדער אמביציע ווי איהם עהנליך צו זיין,

און בלויז ניט ווילענדיגערהייט האָט ער זיך ארויסגעוויזען אנדערש ווי די אנדערע. זיי האָבען געארבייט ניט פאַר גלאָריע נאָר צוליעב פּרנסה.

— זיי האָבען רעכט געהאט — האָט געזאָגט שולעט. — קיין זאַך איז ניט אַזוי גוט ווי ארבייטען פאַר פּרנסה.

— דער פארלאַנג צו ווערען אומשטערבליך — האָט געזאָגט העשארט — האָט זיי ניט באאומרוהיגט. ניט קענענדיג די פאַר־גאַנגענהייט, האָבען זיי אויך ניט געקאָנט אויפפאַסען די צוקונפט און זייערע חלומות האָבען ניט דערגרייכט ווייטער ווי זייער לעבען. זיי האָבען אריינגעלעגט אַ מעכטיגע ווילענס־קראַפט אין דעם, וואָס זיי האָבען געוואָלט גוט דורכפיהרען. זייענדיג איינפאַך, פלעגען זיי זיך אַ סך ניט אָפּנארען און זיי האָבען דערזעהן דעם אמת וואָס מיר קאָנען ניט זעהן צוליעב אונזער אינטעליגענץ.

דערווייל האָט שולעט אָנגעהויבען דערצעהלען דער מאדאם מארמע'ן וועגען זיין באזוך וואָס ער האָט בייטאָג געמאַכט ביי דער פּרינצעסין פון קעניגליכען פראנצויזישען הויף, צו וועלכער די מאר־קיזע דע־ריע האָט איהם געגעבען אַ רעקאָמענדאַציאָנס־בריעף. ער האָט געהאט הנאה צו לאָזען פיהלען, אַז ער, דער באָהעם און וואַגאַ־בונד, איז אויפגענומען געוואָרען פון דער קייזערליכער פּרינצעסין, צו וועלכער ניט מיסם בעל און ניט די גרעפין מארטען זיינען צו־געלאָזען געוואָרען, און מיט וועמען דער פּרינץ אלבערטינעלי האָט זיך באַרימט אַז ער האָט איהר אַמאָל געטראָפען אויף אַ צערעמאָניע.

— זי איז אויסערגעוועהנליך פרום — האָט געזאָגט דער פּרינץ.

— איהר ערדעלקייט, פארבונדען מיט איהר איינפאַכקייט, איז וואונדערבאר — האָט געזאָגט שולעט. — ארומגערינגעלט פון איהר סוויטע הויף־דאַמען און מענער, האַלט זי פון דער שטרענגסטער עטיקעט און איהר הויכען ראַנג נוצט זי אויס נאָר פאַר תשובה. יעדען פריהמאָרגען וואַשט זי דעם גרונט פון דער קירך. דאָס איז אַ דאָרפס־קירך, וואו די הינער לויפען אריין און ארויס און דער גלח שפּיעלט אין קאָרטען מיט'ן גלאָקען־קלינגער. — דערווייל האָט ער זיך אָנגעלענט אויפ'ן טיש און נאָכגעמאַכט מיט זיין סערוועטעל ווי אַזוי די פּרינצעסין וואַשט. דאַן האָט ער זיך צוריק אויסגע־גלייכט און ערנסט געזאָגט:

— נאכדעם ווי איך האב געווארט אין פיעלע סאלאנס, איינע נאך דער אנדערער, האט מען מיך צוגעלאזען איהר קושען די האנט.

ער איז אנשווייגען געווארען.

מאדאם מארטען, זייענדיג אומגעדולדיג, האט געפרעגט:

— נו, און וואס האט צו אייך געזאגט די רייצענדע, איינפאכע און נאבעלע פרינצעסין?

— זי האט מיר געזאגט: „האט איהר באזוכט פלארענץ? מען פארזיכערט מיך, אז דארט האבען זיך לעצטענס געעפענט גע־וועלבען, וואס זיינען שעהן באלייכטען אין אווענט." זי האט מיר אויך געזאגט: „מיר האבען דא זעהר א גוטען אפטייקער, אפילו אין עסטרייך זיינען ניטא קיין בעסערע. נאך מיט זעקס וואכען צוריק האט ער מיר ארויפגעלייגט אויפ'ן פוס א פלאסטער און עס האלט נאך ביז היינטיגען טאג." אט דאס זיינען די ווערטער וואס מאריא טערעזא איז געווען אזוי פריינדליך מיר צו זאגען. א, ניט געקינסטעלטע גרויסקייט! א, קריסטליכע טוגענד! א, טאכטער פון היילעגען לודוויג! א, וואונדערבארער אפקלאנג פון אייער שטי־מע, היילעגע עליזאבעט פון אונגארן!

מאדאם מארטען האט געשמייכעלט. זי האט געגלויבט אז שולעט האט געטריבען לצנות. אבער ער האט מיט ענטריסטונג פראטעסטירט. און מיסס בעל האט אויסגערעדט איהר פריינדין. די פראנצויזען, האט זי געזאגט, זיינען שטענדיג גרייט אנצונעמען יעדע זאך פאר א שפאס.

דאן איז ווידער אויפגענומען געווארען דער געשפרעך וועגען קונסט, וואס אין דעם לאנד געפינט זיך עס שטענדיג אין דער לופט.

— וואס אנבעלאנגט מיר — האט געזאגט די גרעפין מארטען

— בין איך ניט גענוג געלערנט צו באוואונדערן דזשיאטא'ן און זיין שולע. וואס מיר איז מעהרסטענס אויפפאלענד אין דעם פופ־צעהנטען יאהרהונדערט איז דער אויסדרוק פון תאוה אין יענער קונסט וואס מען רופט קריסטליכע. די איינציגע פרומקייט און ריינקייט וואס מען קאן געפינען זיינען אין די בילדער פון פרא אנדזשעליקא, כאטש זיי אפעלירען אויך צו די געפיהלען. די איב־ריגע, די יונגפרויען און מלאכים, זיינען תאוה'דיגע, צערטליך און טיילמאל אויך אומפארשעמט זינדיג. וואס'ער רעליגיעזע אידעען

דריקען זיי דען אויס, יענע יונגע, קלוגע קעניגען, וואָס זיינען שעהן ווי די פרויען, אָדער דער הייליגער סעבאַסטיאַן, וואָס גלאַנצט אין זיין יוגענד, ווי דער ליידענדער באַקכוס פון קריסטענטום?

דעשאַרט האָט איהר געענטפערט, אַז ער דענקט אויך אַזוי און אַז זיי מוזען ביידע האָבען רעכט, וואָרעם סאַוואָנאַראָלאַ איז אויך געווען מיט דער זעלבער מיינונג; ניט געפינענדיג קיין פרומקייט אין קיין איינער פון די קונסט־בילדער, האָט ער זיי אַלע געוואָלט פאַרברענען.

— נאָך אין די טעג פון דעם וואונדערבאַרען מאַנפרעד — האָט ער געזאָגט — וואָס איז געווען אַ האַלבער מוסולמאַן, זיינען שוין געווען מענשען אויף וועלכע מען האָט געזאָגט, אַז זיי זיינען אַנהענגער פון דער אַפּיקורסישער סעקטע, וואָס האָבען געזוכט צו באַווייזען, אַז עס איז ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט. דער שעהנער גידאָ קאַוואַלקאַנטי האָט פאַראַכטעט די אומוויסענדע, וואָס האָבען געגלויבט אין דער אומשטערבליכקייט פון דער נשמה. מען האָט פון איהם ציטירט דעם פאָלגענדען וואָרט: „דער טויט פון די מענשען איז אינגאַנצען עהנליך צום טויט פון די חיות.“ שפּעטער, ווען די אַלטערטימליכע שעהנקייט איז אַרויס פון די קברים, איז דער קריסטליכער הימעל פאַרטרויערט געוואָרען. די מאָלער וואָס האָבען געאַרבייט אין די קירכען און קלויסטערס זיינען ניט געווען פרום און אויך ניט צנוע׳דיג. פּערוגינאָ איז געווען אַן אַטעאיסט און ער האָט עס גאָרניט געזוכט אָפּצולייקענען.

— יאָ, — האָט געזאָגט מיסס בעלל — אָבער מען האָט אויף איהם געזאָגט, אַז ער האָט אַ שווערען קאָפּ אין וועלכען דער הימלישער אמת האָט ניט געקאָנט אַריינדרינגען. ער איז געווען ביטער און גייציג, אינגאַנצען פאַרטאָן אין מאַטעריעלען רייכטום. ער האָט וועגען קיין זאַך ניט געדענקט ווי וועגען קויפען הייזער.

פּראָפעסאָר אַריגי האָט פאַרטיידיגט פּיעטראָ וואַנוצי פון פּערוגיאַ.

— ער איז געווען אַן עהרליכער מאַן — האָט ער געזאָגט — און דער בעל־הבית פון דער געזוואַטי קירך, אין פלאָרענץ, איז באַגאַנגען אַן עולה, וואָס ער האָט איהם ניט געטרויט. אָט דער גלח האָט פּראַקטיצירט די קונסט פון מאַכען אולטראַ־מאַרין בלאָהע,

צושטויסענדיג לאַפּיס־לאַזולי שטיינער. פאַר אולטראַ־מאַרין האָט מען דאַמאָלט געצאָלט אַזוי פיעל גאָלד וויפיעל עס האָט געוואויגען, און דער קלויסטער אויבערהער, וואָס האָט געוואוסט אַ געהיימען מי־טעל ווי אַזוי עס צו מאַכען, האָט דאָס אַנערקענט פאַר פיעל טייערער ווי רובינען און שאַפּירען. ער האָט געבעטען פּיעטראָ׳ן אַז ער זאָל איהם דעקאָרירען די צוויי קלויסטערס פון זיין מאָנאַסטיר, און ער האָט זיך גערעכט אויף וואונדער, ניט אַזוי פון דעם מייסטער׳ס פעהיגקייט, ווי פון דער שעהנקייט פון דעם הימעל בלאָהען אולטראַ־מאַרין. פאַר דער גאַנצער צייט וואָס דער קינסטלער האָט געמאָלען די געשיכטע פון יעזוס קריסטוס אויף די ווענט פון קלויסטער, איז דער בעל־הבית געשטאַנען ביי דער זייט, האַלטענדיג דעם טייערען פּולווער אין אַ קליינעם זעקעלע, מיט וואָס ער האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט צושיידען. פאַר דעם הייליגען מאַנ׳ס אויגען פלעגט פּיעטראָ, איידער ער האָט איינגעטונקען נאָך אַמאָל זיין באַרשט אין דעם פּולווער, פריהער איהר אָפּגעטונקען אין פּראָסטע וואַסער. אויף אַזאַ אופן האָט ער אויסגענוצט אַ גרויסע מאַסע דערפון, און דער גוטער פאָטערל, זעהענדיג ווי דאָס זעקעל ווערט שנעל אַלץ קלענער און קלענער, האָט אויסגעזיפצט: „יעזוס, וויפיעל אולטראַ־מאַרין אָט דאָס ביסעל קאַלך־וואַסער דאַרף עס האָבען.“ ווען די פרעסקען זיינען געענדיגט געוואָרען און פּערוגינאָ האָט דערהאַלטען פון דעם גייסטליכען דעם פּרייז וואָס זיי זיינען מושוה געוואָרען, האָט ער איהם אַריינגעלעגט אין האַנד אַ פּעקעל בלאָהען פּולווער, און געזאָגט: „דאָס איז פאַר אייך, פאָטערל. אייער אולטראַ־מאַרין, וואָס איך האָב אויסגעשעפּט מיט מיין באַרשט, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפ׳ן גרונט פון מיין שיסעל, און איך האָב דאָס פון דאָרט יעדען טאָג אַרויסגעצויגען. איך גיב עס אייך צוריק. איצט לערנט זיך אוים צו האָבען צוטרוי צו גוטע מענשען.

— אָ, — האָט געזאָגט טערעזאַ — עס איז גאָרניט אַזוי אויסערגעוועהנליך, וואָס פּערוגינאָ איז געווען עהרליך און גייציג אין דער זעלבער צייט. ניט שטענדיג זיינען די זעלבסט־זיכטיגע פּער־זאָנען אויך אומפּינקטליך. עס זיינען דאָ אַ סך עהרליכע קמצנים.

— נאַטירליך, דאַרלינג! — האָט געזאָגט מיסס בעל. — דער קאַרגער וועט קיינמאָל קיינעם ניט שולדיג זיין, בעת דער פאַר־

שוועגדער איז שטענדיג צופרידען צו האָבען חובות. ער דענקט וועניג וועגען דעם געלט וואָס ער פאַרמאָגט, און נאָך וועניגער ווע־גען דעם וואָס ער איז שולדיג. איך האָב קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז פּיעטראָ וואַנוצי, פון פּערוגיאַ, איז געווען ניט קיין עהרליכער מענש. איך האָב בלויז געזאָגט, אַז ער האָט געהאַט אַ גראָבען קאָפּ און אַז ער האָט געקויפט אַ סך הייזער. איך בין זעהר צופרידען צו הערען אַז ער האָט אָפּגעגעבען דעם אולטראַ־מאַרין צו דעם בעל־הבית פון געזואָטי

— אַזוי ווי אייער פּיעטראָ איז געווען רייך — האָט געזאָגט שולעט — האָט ער געדאַרפט אָפּגעבען דעם אולטראַ־מאַרין. די רייכע זיינען מאָראַליש פאַרפליכטעט צו זיין עהרליך; די אָרימע — ניט.

אין דעם מאָמענט האָט דער דינער איבערגעגעבען שולעט'ן אַ זילבערנעם בעקען. און דער פּאָעט האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו קריגען די שמעקענדיגע וואַסער פון דעם קראַן. דאָס איז געווען אַ זילבערנער קרוג, וואָס האָט געהאַט אַ פאַלשען גרונט. לויט אַן אַלטען מנהג פלעגט דאָס מיסס בעל ארומדערלאַנגען צו אַלע געסט פון טיש, ביי דער ענדע פון אַ מאָלצייט.

— איך וואַש מיר די הענט — זאָגט ער — פאַר די שלעכטס וואָס מאַדאַם מאַרטען טוט און וואָס זי קען נאָך טאָן, סיי מיט ווער־טער און סיי אויף אַן אַנדער אופן.

און ער האָט זיך אויפגעשטעלט שטורמיש, נאָכפאָלגענדיג מיסס בעל, וואָס איז געגאַנגען אין אָרים מיט פּראָפעסאָר אַריגי.

אין סאַלאָן, ווען עס איז דערלאַנגט געוואָרען קאַפע, האָט זי געזאָגט:

— הערר שולעט, פאַר וואָס זאָלט איהר אונז שטענדיג פאַר־אורטיילען צום גרויזאַמען טרויער פון דער גלייכהייט? פאַרוואָס דאַפניס'עם פלייט וואָלט קיינמאָל ניט ארויסגעגעבען אַזאַ זיסע מוזיק, ווען זי וואָלט געווען געמאַכט פון זיבען גלייכע רערלאָך. איהר ווילט צושטערען די שעהנע האַרמאָניען פון בעל־הבית און זיינע דינער, פון דעם אַריסטאָקראַט און דעם בעל־מלאכה. אָ! איהר זיינט אַ באַרבאַר, הערר שולעט! איהר האָט רחמנות אויף די נויטבאַדערפטיגע, אָבער איהר האָט ניט קיין רחמנות אויף דער

געטליכער שעהנקייט וואָס איהר פאַרטרייבט פון אונזער וועלט. איהר פאַרטרייבט איהר, הערר שולעט. זי איז אַ נאַקעטע און אַ פאַרוויינטע און איהר קערט זיך אָפּ פון איהר. זייט זיכער: זי וועט אויף דער וועלט קיין קיום ניט האָבען, ווען די אָרימע קליינע מענשען וועלען אַלע זיין שוואַכע, עלענדע און אומוויסענדע. כדי צו פאַרטרייבען פון דער געזעלשאַפט די פאַרשיעדענע מענשליכע גרופּירונגען, לויט זייערע ראַנגען, פון דעם נידריגען ביז צום גרויסען, דאַרף מען זיין אַ פיינד פון דעם רייכען פונקט ווי פון דעם אָרימאַן; מען דאַרף דערצו זיין אַ שונא פון דעם גאַנצען מענשליכען מין.

— פיינד פון מענשליכען מין! — האָט געענטפערט שולעט, אריינוואַרפענדיג צוקער אין זיין קאַפע — אזוי האָט דער רוימער אַ נאָמען געגעבען די קריסטען, וואָס האָבען פאַר איהם געפּרעדיגט וועגען ליעבע.

אין פאַרלויף פון דער צייט איז דעשאַרט געזעסען נעבען מאַדאַם מאַרטען און געפרעגט איהרע אָנזיכטען וועגען קונסט און שעהנקייט. ער פלעגט אונטערשטיצען, אָנפיהרען און נאָך מעהר לעבהאַפט מאַכען די אַלע זאַכען וואָס זי האָט באַוואונדערט, אָפטמאָל האָט ער דאָס געטאָן מיט אַ שטורמישער צערטליכקייט. ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל זעהן אַלץ וואָס ער זעהט, און אַז זי זאָל ליעבען אַלץ וואָס ער ליעבט.

ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל געהן אין די גאָרטענס גלייך ביים צאַרטען אָנהויב פון פרילינג. ער האָט זי געזעהן אין די געדאַנקען שטעהן אויף די פאָרנעמע באַלקאָנען. ער האָט געזעהן ווי דאָס זונען ליכט האָט זיך געשפּיעלט מיט איהרע האָר און ווי דער שאָטען פון די לאָרבער בוימער האָט געמאַכט, אַז איהרע אויגען זאָלען זיך אויסווייזען נאָך טונקעלער ווי זיי זיינען. פאַר איהם איז דער הימעל און די ערד פון פלאָרענץ באַשאַפען געוואָרען אום צו דינען בלויז אַלס הינטערגרונט פאַר אָט דער יונגער פרוי.

ער האָט איהר געליעבט פאַר דער איינפאַכקייט פון איהר קליידונג, פאַר די ליניען פון איהר פיגור און איהר גראַציע און פאַר איהר צערטליכער לייכטקייט ביי יעדער באַוועגונג. ער האָט ליעב געהאַט, האָט ער געזאָגט, אָט די לייכטע, שוועבענדע, גייסטרייכע,

פרייע און לעבעדיגע קליידער, וואָס מען זעהט אַזוי זעלטען, און וואָס מען פאַרגעסט ניט אַזוי שנעל.

זי האָט שוין געקראָגען פיעלע קאָמפּלימענטען אָבער זי האָט זיי ניט אויסגעהערט מיט אַזוי פיעל פאַרגעניגען ווי איצט. זי האָט געוואוסט, אַז זי קליידט זיך שעהן, מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם און זיכערען געשמאַק. אָבער קיין איינציגער מאַן, מיט דער אויס־נאַם פון איהר פאָטער, האָט איהר וועגען דעם ניט געגעבען קיין קאָמפּלימענטען אַלס קענער. זי האָט געגלויבט, אַז מענער זיינען נאָר פעהיג אָפּצושאַצען דעם אַלגעמיינעם איינדרוק, אָבער ניט די זינרייכע איינאָרדנונג פון די איינצעלהייטען. איינציגע, וואָס האָ־בען געמיינט, אַז זיי פאַרשטעהן עפּעס וועגען „שיפאָן", האָבען איהר דערעסען מיט זייערע פיעלזאָגענדע מינעס און צווייידייטיגען גע־שמאַק. און אַזוי האָט זי שוין געהאַט אויפגעגעבען די האָפנונג און האָט זיך באַגניגענד וואָס איהר טואַלעט איז באַוואונדערט גע־וואָרען בלויז פון פרויען; אָבער דאָס איז ניט צוגעגאַנגען אָהן קליינליכקייט, בייזוויליגקייט און אַ געפיהל פון קנאה. דעשאַרט׳ס קינסטלערישע און מענליכע באַוואונדערונג האָט איהר דערפאַר אי־בערראַשט און געפעלען געוואָרען. זי האָט מיט פאַרגעניגען צוגע־נומען די קאָמפּלימענטען וואָס ער האָט איהר געגעבען, ניט זעהענדיג דערין קיין צו גרויסע אינטימקייט אָדער אומבאַשיידענהייט.

— הייסט עס, אַז איהר אינטערעסירט זיך מיט קליידונג, הערר דעשאַרט?

ניין, ער קוקט ניט אויף קיין קליידער. מען זעהט אַזוי וויניג פרויען וואָס זיינען שעהן געקליידעט, אפילו אין אונזערע צייטען, ווען פרויען קליידען זיך האָך פונקט אַזוי גוט, אויב ניט בעסער, ווי אַמאָל! עס האָט איהם ניט געגעבען קיין שום פאַרגעניגען אָנצוקו־קען די פאַקעטען אויף צוויי פוס. אָבער אַז ער האָט געזעהן אַ פרוי וואָס האָט געהאַט אַ ריטמישע קערפּער באַוועגונג און שעהנע קער־פּער ליניען האָט ער איהר געבענשט.

ער האָט פאַרטגעזעצט מיט אַ ביסעל אַ העכערער שטימע:

— ווען איך זעה אַ פרוי וואָס גיט זיך יעדען טאָג די מיה זיך צו מאַכען שעהן, מוז איך דענקען וואָסער גרויסע לעקציע זי גיט דער־מיט דעם קינסטלער. זי גיט אָפּ אַ סך מיה און צייט — און דאָס

אַלץ אויף עטליכע שטונדען. מיר וואָלטען באַדאַרפט טאָן פּונקט ווי זיי, באַפּוצען דאָס לעבען און ניט דענקען וועגען דער צוקונפט. צו מאָלען, שניצען אָדער שרייבען פאַר די קומענדע דורות איז ניט מעהר ווי פּוסטער שטאָלץ.

הערר דעשאַרט — האָט געפרעגט פּרינץ אַלבערטינעלי — וואָס איז אייער מיינונג וועגען אַ רויטליך־וויאָלעטעם, מיט זילבערנע בלומען געשטיקטעם נאַכט־קלייד פאַר מיסס בעל?

— איך — זאָגט שולעט — דענק אַזוי ווייניג וועגען דער ערדישער צוקונפט, אַז איך האָב געשריבען מיינע שענסטע פּאָעמען אויף שטיקלאַך ציגאַרעט־פּאַפּיר. זיי זיינען שוין לאַנג אומגעקומען און האָבען נאָך איבערגעלאָזען מיינע פערזען בלויז אין אַ מין מעטאַפיזישער עקזיסטענץ.

דאָס האָט ער נאָר געוואָלט מאַכען דעם איינדרוק אַלס אַן אָפּגעלאָזענער. אין דער אמת'ן האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט פאַרלוירען קיין איין שורה פון זיינע שריפטען. דעשאַרט איז שוין געווען אויפּריכטיגער. ער האָט ניט געהאַט קיין חשק זיך איבערצולעבען. מיסס בעל האָט איהר דערפאַר אויסגערעדט.

— הערר דעשאַרט, כדי דאָס לעבען זאָל זיין גרויס און גאַנץ, דאַרף מען דערצו צוגעבען די פאַרגאַנגענהייט און די צוקונפט. אונזערע שאַפונגען, אין פּאָעזיע און קונסט, דאַרפען מיר ווידמען צו דער עהרע פון די געשטאָרבענע און אויך דענקענדיג וועגען די, וואָס דאַרפען געבוירען ווערען. אַזוי אַרום וועלען מיר אַנטייל נעמען אין דעם וואָס איז געווען, אין דעם וואָס איז איצט און אין דעם וואָס וועט ערשט זיין. איהר ווילט ניט זיין אומשטערבליך. הלואי זאָל זיך גאָט ניט צוהערען צו אייער פאַרלאַנג.

ער האָט געענטפערט:

— עס איז גענוג פאַר מיר צו לעבען אין דער געגענוואַרט.

און ער האָט זיך געזעגענט, פאַרשפּרעכענדיג צו קומען אויף צומאָרגענס באַגינען און פיהרען מאַדאַם מאַרטען אין בראַקאַצי קלויסטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ שטונדע שפּעטער איז טערעזאַ געלעגען אין איהר צימער, וואָס איז געווען אויסגעפּוצט מיט אַ פיינעם עסטעטישען געשמאַק.

די ווענט זיינען געווען באהאנגען מיט א געוואנט, אויף וועלכען עס האבען זיך אויסגעשפרייט ציטראנען בוימער מיט זייערע שווערע גאלדענע פרוכטען, מאכענדיג דעם אויסזעהן פון צימער ווי א צוי־בער גארטען. איהרע שעהנע, נאקעטע ארעמס האט זי צונויפגע־לעגט הינטער איהר קאפ. אין דער צייט וואס זי איז אזוי געלעגען אויף איהר בעט, ביים שיין פון דעם לאמפ, איז אין איהר געדאנק דורכגעפלאסען, אין אן אומארדנונג, די אלע בילדער און ערשיי־נונגען פון איהר נייעם לעבען: וויוויאן בעל און איהרע גלאקען, יענע רעליגיעזע בילדער פון די פרע־ראפאעליטען, וואס זיינען לייכט ווי די שאטענס, אט די דאמען און קאוואלערען, וואס האבען אויס־געזעהן איינזאם, גלייכגילטיג און א ביסעל טרויעריג, אבער דערפאר מעהר מענשליך אין זייער זיסען אומעט; און אין אבענד, אין דער ווילא פון פיזעאל, דער פרינץ אלבערטינעלי, דער פראפעסאר אריגי, שולעט, די שטורמישע געשפרעכען, די זעלטענע אידעען־שפיעלרייען, און דעשארט מיט זיינע יונגע אויגען אויף זיין א ביסעל אויסגעמאטערטען שווארץ־ברוינליכען פנים, וואס האט איהם מיט זיין שפיציגען בערדעל געמאכט אויסקוקען ווי אן אפריקאנער.

זי האט געטראכט, אז ער האט א רייצענדע פאנטאזיע און אז זיין נשמה איז רייכער פון אלע וואס זי האט ביז איצט באגע־גענט, און אז פון זיין צוציהונגס־קראפט קאן זי זיך ניט מעהר וועהרען. זי האט שוין פון לאנג געוואוסט אז ער איז באגאבט געווען געפעלען צו ווערען. זי האט איצט געוווסט, אז ער ז ו כ ט געפעלען צו ווערען. און אט דער געדאנק האט אנגעפילט איהר הארץ מיט פרייד. זי האט פארמאכט די אויגען ווי לענגער אויפ־צוהאלטען ביי זיך דעם געדאנק. דערנאך האט זי פלוצלינג א ציי־טער געטאן.

זי האט געפיהלט, ווי זי וואלט געקראגען עפעס א טעמפען קלאפ אין דער טיפעניש פון איהר הארץ, וואס האט איהר פאראור־זאכט א פיינליכען וועהטאג. ווי א חלום־בילד האט זי פלוצלינג, אומערווארטעט, פאר זיך געזעהן איהר געליעבטען, ווי ער געהט דורך די וועלדער מיט א ביקס אונטער'ן ארים. מיט זיין פעסטען, רעגעלמעסיגען שריט האט ער געוואנדערט דורך די טיפע אלעען. זי האט ניט געקאנט זעהן זיין פנים און דאס האט איהר

באַאומרוהיגט. זי איז שוין איצט ניט געווען אין כעס אויף איהם. זי איז שוין פון איהם ניט געווען מעהר אומצופרידען. איצט איז זי שוין געווען אומצופרידען בלויז פון זיך אליין. און ראבערט איז אלץ געגאַנגען גלייך אויף זיין וועג, ניט אומדרעהענדיג דעם קאָפּ; ער איז געגאַנגען ווייטער, אלץ ווייטער, ביז וואַנען מען האָט שוין ניט געזעהן מעהר ווי אַ קליינעם, שוואַרצען פונקט אין דעם איינזאַמען וואַלד. עס איז איהר איצט אויסגעקומען ווילד און קאַפּריזנע וואָס זי האָט איהם פאַרלאָזען אָהן אַ זיי־געזונד, אפילו ניט שרייבענדיג אַ בריף צו איהם. ער איז דאָך געווען איהר פריינד, איהר איינציגער פריינד. זי האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין אַנדערען. זי האָט געטראַכט: „איך וואָלט ניט וועלען, אַז ער זאָל זיין אומגליקליך צוליעב מיר.“

ביסלעכוויז איז זי געקומען צו זיך. ער האָט איהר, אָהן צווייפעל, ליעב געהאַט; אָבער ער איז ניט געווען געפּיהלפול; אַרומטראָגען זיך מיט אומגליקליכע געדאַנקען איז, גליקליכערוויז, ניט געווען זיין שטייגער. זי האָט זיך געטראַכט: „ער איז איצט אויף דער יאַגד, און איז צופרידען. ער זעהט איצט זיין טאַנטע דעלאַנוא, וואָס ער באַוואונדערט...“ זי האָט זיך באַרוהיגט און איז צוריק אַריינגעפאַלען אין דער צערטליכער און טיפער פרעהליכקייט פון פלאָרענץ. אין קונסט מוזעאום איז געווען אַ בילד, וואָס דערשאַרט האָט באַזונדערס געליעבט. זי האָט עס אָבער ניט גענוי באַטראַכט. עס איז געווען אַן אָפּגעשניטענער מעדוזען קאָפּ און דער סקולפּטאָר האָט איהר געזאָגט אַז אין דעם ווערק האָט לעאָנאַרדאָ אַריינגעלעגט די גאַנצע טיפקייט און טראַגישע פיינקייט פון זיין זשעניע. זי האָט עס געוואָלט נאָכאַמאָל זעהן, זייענדיג אַנטטוישט וואָס זי האָט עס אליין ניט באַטראַכט גוט צום ערשטען מאָל. זי האָט אויסגעלאָשען דעם לאָמפּ און איינגעשלאָפען.

פאַרטאָג האָט זיך איהר גע׳חלום׳ט, אַז זי האָט געטראָפען ראָבערט לע מעניל׳ן אין אַ לעדיגער קירך. ער איז געווען איינגעהילט אין אַ פוטער וואָס זי האָט עס ביי איהם קיינמאָל ניט געזעהן. ער האָט געוואַרט אויף איהר. אָבער אַ מחנה גלחים און דאַוונער האָבען זיי פלוצלונג פאַנאַנדערגעשיידט. זי האָט ניט געוואוסט וואָס פון איהם איז געוואָרען. זי האָט ניט געקאָנט זעהן זיין פּנים און דאָס

האָט איהר באַאומרוהיגט. אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט זי געהערט פאַר דעם אָפענעם פענסטער אַ קורצען, מאָנאָטאָנעם און טרויעריגען פויגעל־רוף, און אין דער מילך־ווייסער מאָרגען־דעמערונג האָט זי געזעהן דורכפליהען אַ שוואַלב. דערנאָך האָט זי אָהן אַ פאַרוואָס און אָהן אַ פאַרוועו אָנגעהויבען וויינען. זי האָט געוויינט איבער זיך אַליין מיט דער פאַרצווייפלונג פון אַ קינד.

## XI.

זי איז אויפגעשטאַנען פריה און זי האָט געהאַט פאַרגעניגען פון אָנטאָן זיך מיט אַ דעלעקאַטער, באַהאַלטענער זאָרגפעלטיגקייט. איהר טואַלעט צימער איז געווען אויסגעשטאַטעט לויט איינער פון וויוויאַן בעלל׳ס עסטעטישע פאַנטאַזיעס. מיט איהרע פּראָסט גלאַזירטע טעפּ, קופּערנע קריגען און גרונד פון ציגעל, האָט דאָס צימער אויסגעזעהן ווי אַ פאַר׳כישוף׳טע קיך. עס איז געווען אַזוי מיטעלאַלטערליך און וואונדערבאַר, אַז גרעפין מאַרטען האָט געהאַט די אָנגענעמע איבערראַשונג צו גלויבען אַז זי איז אַ פאַר׳כישוף׳טע פרינצעסין. בעת איהר קאַמער־פרוי האָט איהר פאַרקעמט די האָר, האָט זי געהערט ווי דעשאַרט און שולעט האָבען גערעדט אונטען, ביי איהר פענסטער. זי האָט געענדערט אַלץ וואָס פאַלין האָט איהר אָנגעטאָן און האָט דרייסט אָפּגעדעקט איהר האַלז און געלאָזען אַרויסגעוויזען איהרע ערדעלע און ריינע ליניען פון איהר נאַקען. דערנאָך, נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַ לעצטען מאָל אָנגעקוקט אין שפּיגעל, איז זי אַראָפּגעגאַנגען אין גאָרטען אריין.

אין דעם גאָרטען, באַשאָטענט מיט אייבען־בוימער, ווי אַ פריידליכער בית עולם, האָט דעשאַרט געלייענט אויף אויסווייניג דאַנטע׳ס פערזען, אַראָפּקוקענדיג אויף פלאָרענץ: „אין דער שעה ווען אונזער גייסט ווערט פרעמדער אונזער גוף...״

נעבען איהם, אויף דער באַלוסטראַדע פון דעם גאַניק, איז געזעסען שולעט. מיט אַראָפּהענגענדע פיס, די נאָז איינגעגראָבען אין זיין באָרד, האָט ער געשניצט די פיגור פון „עלענד״ אויף זיין וואַנדער־שטעקען.

און דעשאַרט האָט ווידערהאָלט די פערזען פון דער קאַנטאַטע:

„אין דער שעה ווען אונזער גייסט ווערט פרעמד צו אונזער גוף און וועניגער באַלאַדען מיט געדאַנקען, און ער ווערט כמעט געטליך אין זיינע זעהונגען...“

אין איהר קלייד, וואָס האָט געהאַט אַ קוקורוזע קאָליר, אונטער אַ זונען־שירם, איז זי אַנגעקומען דורך די ארומגעפּוצטע ביימען. די צאַרטע ווינטער זון האָט איהר אַרומגעוויקעלט אין אַ בלאַסען גאָלד.

דעשאַרט האָט מיט פרייד איהר געזאָגט גוט־מאָרגען.

זי האָט איהם געזאָגט:

— איהר דעקלאַמירט פערזען וואָס איך קען גאַרניט. מעטאַס־טאַסיאָ איז דער איינציגער איטאַליענישער פּאָעט וועמען איך קען. מיין פּראָפעסאָר וואָס האָט מיך געלערענט איטאַליעניש האָט שטאַרק ליעב געהאַט מעטאַסטאַסיאָ׳ן, און עס האָט איהם ניט געאַרט פאַר קיין אַנדערען. ווען ווערט עס אונזער גייסט געטליך אין זיינע זעהונגען?

— ביים אויפגעהן פון טאָג, מאַדאַם. אפשר אויך ביים אויפ־געהן פון גלויבען און ליעבע.

שולעט האָט ניט געגלויבט, אַז דער פּאָעט האָט מיט זיינע ווערטער געמיינט די מאָרגען־טרוימען. זיי לאָזען אַזאַ לעבהאַפטען און טיילמאָל אַזאַ שמערצליכען איינדרוק ביי דער דערוואַכונג, אַז מען קאָן זיי ניט אָפּטיילען פון קערפּער. אָבער דעשאַרט האָט בלויז ציטירט אָט די שורות אויס ענטציקונג פון גאָלדענעם זונען־אויפגאַנג, וואָס ער האָט איצט געזעהן אויף די בלאָנדע בערגלאַך. ער האָט שוין לאַנג געטראַכט וועגען די חלומות וואָס קומען צו אונז ביינאַכט און ער איז געקומען צום באַשלוס. אַז אָט די בילדער האָבען גאָר־ניט קיין שייכות צו זאַכען, מיט וואָס מיר באַשעפטיגען זיך מעהר־סטענס אַ גאַנצען טאָג, און אַז זיי קומען צו אונז ביינאַכט וויילביי־טאָג האָבען מיר געזוכט פון זיי פּטור צו ווערען.

דערנאָך האָט טערעזאַ זיך דערמאָנט וועגען איהר מאָרגען־חלום פון דעם פאַרלוירענעם יעגער אין טיפען וואַלד.

— יאָ — האָט געזאָגט דעשאַרט — דאָס וואָס מיר זעהען ביי־נאַכט זיינען ניט מעהר ווי אומגליקליכע איבערבלייבענישען פון דעם וואָס מיר האָבען פאַרנאַכלעסיגט אין פאַרלויף פון טאָג. דער חלום

איז אָפּטמאָל די נקמה פון זאַכען וואָס מען האָט ניט געשאָנקען קיין אויפמערקזאמקייט, און פון פערזאָנען וואָס מען האָט פארלאָזען; דערפאר קומט ער אומגעריכט און ברענגט טיילמאָל טרויער.

פאַר א מאָמענט איז זי געבליבען פארטראכט און דאן האָט זי געזאָגט:

— עס קען זיין אז דאָס איז אמת.

דערנאָך האָט זי לעבהאפט זיך געווענדעט צו שולעט'ן און איהם געפרעגט אויב ער האָט שוין געענדיגט דעם בילד פון „עלענד" אויף דעם קאָפּ פון זיין שטעקען. אָבער דער עלענד איז געוואָרען א הייליגע פרויען פיגור, און שולעט האָט אין דעם דערקענט די הייליגע יונגפרוי. ער האָט שוין זאָגאר געהאט פארפאסט א קאטרען, וואָס זאָל אויפגעשריבען ווערען ווי א מגילה, אויפ'ן שטעקען, אונטער'ן בילד; דער קאטרען איז געווען דידאקטיש און מאָראליש. ער האָט שוין פון איצט אָן ניט געוואָלט שרייבען אנדערש ווי אין דעם סטיל פון די געטליכע צעהן געבאָט, איבערזעצט אין פראנצויזישע פערזען. די פיער פערזען זיינען געווען גוטע און איינפאכע. ער האָט איינ־געשטימט זיי איבערצולעזען:

צופוסענס פונ'ם קרייץ קלאָג איך,
אָ, גלויבענדיג, וויין מיט מיר דו
דאָ ביי דעם קרייץ, וואָס טראָגט מיט זיך
דער מידער וועלט, אי טרויסט, אי רוה.

ווי אין דעם טאָג פון איהר אהערקומען, האָט טערעזא זיך איצט אָנגעלענט אויף דער באלוסטראדע פון באלקאָן און געזוכט אין דער ווייטקייט, אויף יענער זייט פון ים און ליכט, וואו עס האָבען זיך דער־הויבען די שפּיצען פון וואלאָמבראָזא, וואָס האָט אויסגעזעהן כמעט אזוי פליסענד ווי די וואלקענס. זשאק דעשאַרט האָט איהר באַ־טראכט. איהם האָט זיך אויסגערוכט, אז ער זעהט איהר ערשט צום ערשטען מאָל, אזוי פיעל נייעם רייץ האָט ער אנטדעקט אויף איהר באַ'חן'טען געזיכט, וואָס די ארבייט פון לעבען און נשמה האָט פאַרטיפט, ניט ענדערענדיג דערביי די יונגע גראציע און פרישקייט.

די ליבטינקייט, וואָס זי האָט אַזוי ליעב געהאַט, האָט איהר נאָך שענער געמאַכט. און זי איז ווירקליך געווען שעהן, באַרענדיג זיך אין דער ווייבער ליכט פון פלאָרענץ, וואָס צערטעלט די שעהנע פאָרמען און רופט אַרויס דערהויבענע געדאַנקען. אַ פיינער האָזאָ־ווער קאָליר איז געווען אין איהרע אויסגערונדעטע באַקען; איהרע גראָה־בלויע אויגען האָבען געלאַכט, און ווען זי האָט גערעדט האָבען איהרע ווייסע צייהן געבליצט מיט אַ הייסער זיסקייט. מיט איין בליק האָט ער באַטראַכט איהר גאַנצע בויגיגע פיגור. אין דער לינ־קער האַנט האָט זי געהאַלטען איהר זון־שירם, מיט דער אַנדערער האָט זי זיך, אָהן אַ האַנטשוה, געשפּיעלט מיט פּיאָלעטלאָך. דער־שאַרט האָט געהאַט געשמאַק, ליעבע און משוגעת פאַר שעהנע הענט. פאַר איהם האָבען הענט אַ פיזיאָגנאָמיע, אַ נשמה און כאַראַקטער פונקט ווי דאָס פנים. און טערעזאַ׳ס הענט האָבען איהם באַגייס־טערט. ער האָט געפונען, אַז זיי זיינען געפיהלפול און גייסטיג. עס האָט זיך איהם אויסגעדוכט אַז זיי זיינען געווען תאוה׳דיג נאַ־קעט. ער האָט באַוואונדערט די שפּיציגע פינגער, די ראָזעווע נע־געל, די צאַרטע, עטוואָס פעטליכע הויט, וואָס איז דורכגעצויגען מיט האַרמאָנישע עלעגאַנטע ליניען ביז צום געלענק. ער האָט זיי באַטראַכט מיט אַ רייצענדער אויפמערקזאַמקייט, ביז וואַנען זי האָט זיי פאַרמאַכט אויפ׳ן הענטעל פון זון־שירם. דאַן, עטוואָס הינטער איהר, האָט ער איהר נאָך אַמאָל אָנגעקוקט. איהר ביוסט, איהרע אָרעמס, וואָס זיינען גראַציעז און גלייכפאָרמיג, איהרע גוט אַנטוויקעלטע היפטען, איהרע שעהנע קנעכעל, איהר גאַנצע פיגור אין דער וואונדער שעהנער געשטאַלט פון אַ לעבענדער אַמפאָרא, איז איהם געפעלען געוואָרען.

— אַט דער שוואַרצער פלעק, האַרט אונטען, זיינען די באַבאָלי גאָרטענס, ניט אמת, הערר דערשאַרט? מיט דריי יאָהר צוריק האָב איך זיי געזעהן. זיי האָבען אינגאַנצען ניט געהאַט קיין בלומען. אָבער דאָך האָב איך זיי ליעב געהאַט מיט זייערע גרויסע טרויעריגע בוימער.

ער איז כמעט איבעררעשט געוואָרען דערפון וואָס זי האָט גע־רעדט, וואָס זי האָט געדענקט. דער קלאָרער קלאַנג פון איהר שטי־

מע האָט איהם פאַרוואונדערט ווי ער וואָלט איהר פון פריהער נאָך קיינמאָל ניט געהערט.

ער האָט געענטפערט מיט די ערשטע ווערטער וואָס זיינען איהם אריין אין מויל. ער האָט געשמייכעלט, מאַכענדיג אַן אָנ־שטרענגונג צו באַהאַלטען דעם ברוטאַלען און קלאָרען גענאַנק פון זיינע פאַרלאַנגען. ער האָט איצט אויסגעקוקט אומגעלומפערט און צומישט. זי האָט זיך געמאַכט ווי זי וואָלט עס ניט באַמערקט. זי האָט געהאַט אַ צופרידענע מינע. אָט די טיפע, שטאַמלענדע שטימע האָט איהר, אומבאַוואוסטזיניג, געצערטעלט. זי, פונקט ווי ער, האָבען גערעדט וועגען לייכטע זאַכען:

— וואָסער שעהנע לאַנדשאַפט! אַזאַ זיסער טאָג!

## XII.

אין אַ פריהמאָרגען, איהר קאָפּ אויף אַ קישען, וואָס איז געווען אויסגעשטיקט מיט הערצען אין דער פאָרם פון אַ גלאָק, האָט טערע־זאַ געקלערט וועגען די נעכטיגע שפּאַצירגענג, וועגען יענע צאַרטע הייליגע יונגפרויען, אַרומגערינגעלט מיט מלאכים, וועגען די אומ־צעהליגע קינדער, אין מאָלעריי און סקולפּטור. אַלע זיינען זיי שעהן, אַלע גליקליך און זיי זינגען אומגעשטערט איבער דער גאַנצער שטאָדט — דעם הללויה פון גראַציע און פון שעהנקייט. אין דער באַריהמטער בראַנקאַטשי קאַפּעלע, פאַר די פרעסקען וואָס האָבען געבלייכט און שימערירט ווי אַ געטליכע מאָרגען־רויטקייט, האָט ער צו איהר גערעדט וועגען מאַסאַטשיאָ אין אַזאַ לעבעדיגער שפּראַך, אַז איהר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי זעהט איהם, דעם יונגען מייס־טער פון די מייסטערס מיט דעם האַלב געעפענטען מויל און טונקעל־בלאָהע אויגען שטאַרבענדיג פון עקסטאַז. און זי האָט ליעב געהאַט אָט די וואונדער פון פריהמאָרגען, וואָס זיינען געווען רייצענדער ווי דער בייטאָג. און דעשאַרט איז פאַר איהר געווען די נשמה פון די פּרעכטיגע בילדער, דער באַלעבענדער גייסט פון די אַלע ערדלע זאַכען. דורך איהם, אין איהם, האָט זי פאַרשטאַנען די קונסט און דאָס לעבען. דאָס אויסזעהן פון דער וועלט האָט איהר אינטערע־

סירט בלויז אויף אזוי פיעל אויף וויפיעל עס האָט איהם אינטערע־
סירט.

ווי אזוי איז געקומען צו איהר אָט דער געפיהל? זי האָט אויף באשטימט זיך ניט געקאָנט דערמאָנען דערין. פריהער, ווען פאול וואנס האָט איהר געוואָלט איהם פאָרשטעלען, האָט זי ניט געהאט קיין שום פארלאנג איהם צו קענען, קיין שום פאָרגעפיהל, אז ער וועט איהר געפעלען. זי דערמאָנט זיך וועגען די עלעגאַנטע בראָנזענע און ערדענע וואקסענע פיגורען, אונטערגעצייכענט מיט זיין נאָמען, וואָס זי האָט געזעהן אין סאלאָן פון שאן־דע־מאַר, אָדער ביי דיוראן־ריעל. אָבער זי האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז ער גופא זאָל קאָנען זיין אָנגענעם, אָדער מעהר פאָרפיהרעריש ווי אזוי פיעל קינסטלער און דילעטאנטען־קינסטלער, מיט וועלכע זי פלעגט זיך אונטערהאלטען ביי איהרע פרישטאָקס. צום ערשטען מאָל וואָס זי האָט איהם געזעהן איז ער איהר געפעלען געוואָרען; און זי האָט דאמאָלט באשלאָסען איהם צו זיך צוציהען, זעהן איהם וואָס אָפטער. אין דעם אָוונד, ווען ער האָט זיך געפונען ביי איהר צום נאכטמאָל, האָט זי באמערקט, אז זיינע געפיהלען צו איהר זיי־נען זעהר ערנסטע, און דערמיט האָט זי זיך געפיהלט שטארק גע־שמייכעלט. אָבער גלייך דערנאָך האָט ער איהר א ביסעל אויפגע־רייצט: זי האָט זיך באאומרוהיגט וואָס ער איז געווען צופיעל איינגעשלאָסען אין זיך אליין, אין זיין אינערליכע וועלט, און וועניג פארנומען מיט איהר. און זי וואָלט וועלען איהם שטערען זיין רוה. אין אָט דעם אומגעדולדיגען און נערוועזען צושטאנד, פיהלענדיג זיך אליין אויף דער וועלט, האָט זי דאָס איהם, אין א געוויסען אָבענד באגעגענט אין דעם פראָנט פון מוזעאום פאָר רעליגיאָנען, און ער האָט צו איהר גערעדט וועגען ראווענא און וועגען דער קייזערין וואָס זיצט אויף א גאָלדענער שטול אין איהר קבר. אין דעם שאָ־טען פון דער נאכט האָט זי דעמאָלט אויסגעפונען, אז ער איז ריי־צענד, מיט זיין הייסער שטימע און זאנפטע אויגען, אָבער ער איז געווען אזוי פרעמד, אזוי ווייט, אזוי אומבאקאנט. זי האָט זיך דאָ־מאָלט געפיהלט ווי קערפערליך אומבאקוועם און האָט ניט געוואוסט, אין יענעם מאָמענט, שפאצירענדיג אויף דער טראָסע, ביים ארומ־

געצוימטען גאָרטענדעל, צי זי וואָלט איהם וועלען זעהן יעדען טאָג אָדער קיינמאָל ניט מעהר.

זייט זי האָט איהם צוריק געטראָפען אין פלאָרענץ איז זי געווען ענטציקט וואָס זי פיהלט איהם נעבען זיך און הערט זיין שטימע. ער האָט איהר געמאַכט דאָס לעבען ליעב, פאַרשידענאַרטיג און פאַרבענרייך; ניי, איננאַנצען ניי. ער האָט פאַר איהר אַנטדעקט די דעליקאַטע פרייד און אַנגענעמע מעלאַנכאָליע פון געדאַנקען; ער האָט אין איהר אויפגעוועקט ליידענשאַפטליכע רעגונגען, וואָס זיינען אין איהר געשלאָפען. זי האָט איצט געהאַט פעסט באַשלאָסען איהם צו האַלטען פאַר זיך. אָבער ווי אזוי? זי האָט פאַראויסגעזעהן שוועריגקייטען; איהר קלאָרער גייסט און טעמפעראַמענט האָבען זיי אַרויסגערופען. פאַר אַ מאָמענט האָט זי פּרובירט אַליין זיך אָפּנאַרען: זי האָט זיך געטראַכט, אַז אפשר, זייענדיג אַ טרוימער, אַן ענטוזיאַסט, אַ צוטראָגענער, פאַרלוירען אין זיינע קינסטלערישע שטודיען, האָט ער גאָרניט קיין שטאַרקע ליידענשאַפט פאַר פרויען, און אַז ער וועט פאַרבלייבען אַ פריינד ניט שטעלענדיג קיין אַנדערע פאָדערונגען? אָבער גלייך, אַ וואָרף טוענדיג אויף'ן קישען איהר שעהנעם קאָפּ, וואָס איז געווען פאַרטרונקען אין די טונקעלע כוואַליעס פון איהרע האָר, האָט זי זיך ניט געוואָלט באַרוהיגען מיט אָט דעם געדאַנק. ווען דעשאַרט זאָל ניט זיין קיין ליעבהאָבער, וואָלט ער פאַרלוירען פאַר איהר דעם גאַנצען רייץ. זי האָט שוין ניט געוואָלט מעהר קלערען וועגען דער צוקונפט. זי האָט געלעבט מיט דער איצטיגער שעה; גליקליך, אומרוהיג, מיט פאַרמאַכטע אויגען.

אזוי איז זי געלעגען נאָך אַלץ טרוימענדיג, אין דער האַלבטונקעלהייט וואו עס זיינען אַריינגעפאַלען עטליכע שטראַהלענליכט, בעת פאַלין האָט איהר אַריינגעבראַכט איהרע בריף און דעם מאָרגען־טעע. זי האָט דערקענט לע־מעניל'ס האַנדשריפט אויף אַ קאָנווערט, וואָס האָט געהאַט אויפגעדרוקט דעם נאָמען פון זיין קלוב, אויף רי רואַיאַל. זי האָט זיך געריכט צו דערהאַלטען דעם בריף, זייענדיג בלויז איבעראַשט, וואָס אַ זאַך וואָס דאַרף פּאַסירען האָט ווירקליך פּאַסירט, אָט פּונקט ווי אין איהר קינדהייט ווען דער

פאר'עקשן'ט פינקטליכער זייגער האָט געשלאָגען די שטונדע, ווען מען האָט געמוזט נעמען די פּיאַנאָ לעקציע.

אין זיין בריף האָט ראבערט איהר געמאכט בארעכטיגטע פאר־פארוואורפען. פארוואָס איז זי אָפּגעפאָהערן ניט זאָגענדיג אַ וואָרט וועגען דעם, אָהן אַ „זיי געזונד"? זייט ער האָט זיך צוריקגעקעהרט נאָך פאריז האָט ער יעדען פריהמאָרגען אומזיסט געוואַרט אויף אַ בריף. ער איז אַ סך גליקליכער געווען לעצטען יאָהר, ווען ער האָט געפונען, בעת ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, צוויי אָדער דריי מאָל אַ וואָך, אזעלכע צערטליכע שעהן־געשריבענע בריף, אז ער האָט באַדויערט וואָס מען קאָן דאָס ניט פארעפענטליכען. ער איז זעהר אומרוהיג און איז געקומען צו איהר אין זיין הויז אריין.

„איך בין געטראָפען געוואָרען ווי פון אַ דונער, געוואָהר ווערענ־דיג וועגען דיין אָפּפאָהרען. דיין מאַן האָט מיך אויפגענומען און מיר געזאָגט, אז אויספאָלגענדיג זיין עצה, ביסטו געפאָהרען קיין פלאָרענץ צו דער מיסס בעל, צו פארברייננגען דאָרט ביז דער ענד פון ווינטער. ער האָט געזאָגט, אז לעצטענס ביסטו געוואָרען זעהר בלאַס און אָפּגעמאָגערט און ער האָט געדענקט אז אַן ענדערונג פון קלימאַט וועט ווירקען גוט אויף דיין געזונד; דו האָסט ניט געוואָלט אָפּפאָהרען, נאָר אַזוי ווי דו ביסט געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר שוואַכער, איז עס איהם געלונגען דיך איבערצוריידען.

„איך האָב ניט באַמערקט אַז דו ביסט מאָגערער געוואָרען. אין געגענטייל, מיר האָט זיך אויסגעדוכט אַז דיין געזונד איז אין בעסטען צושטאַנד. און אַ חוץ דעם איז פלאָרענץ דאָך ניט קיין גוטער ווינ־טער פלאַץ. איך פארשטעה ניט די מינדסטע אורזאַך פון דיין אָפּפאָהרען, איך בין אַ צוטומעלטער. איך בעט דיך, באַרוהיג מיך וואָס שנעלער...

„גלויבסטו, אַז עס איז געווען אַנגענעם פאַר מיר געוואָהר צו ווערען וועגען דיר דורך דיין מאַן און באַשאַנקען ווערען מיט זיין פארטרויען? ער פיהלט זיך עלענד מיט דיין אָפּוועזענהייט און ער באַדויערט שטאַרק, וואָס דאָס פּאָליטישע לעבען צווינגט איהם, אין איצטיגען מאָמענט, צו פארבלייבען אין פאַריז. איך האָב גע־הערט אין קלוב אַז ער האָט אַ מעגליכקייט צו ווערען מיניסטער. דאָס וואונדערט מיך, וואָרים ווי עס פיהרט זיך, איז עס זעלטען, אַז אַ

מיטגליעד פון דער הויכער געזעלשאפט זאל ווערן א מיניסטער."

דערנאך האט ער איהר דערצעהלט זיינע יאגד־געשיכטען. ער האט פאר איהר געבראכט דריי פוקסענע פעל, איינע גאר א שעהנע: דאס איז געווען דער מאנטעל פון א מוטיגער חיה, וואס ער האט ארויסגעשלעפט פון איהר נעסט און וועלכע האט אויסדרעהענדיג זיך איהם צוביסען די האנט. „נאך אלעמען, האט ער געזאגט, איז אט די באשעפעניש באשטאנען אויף איהר רעכט."

אין פאריז האט ער געהאט זיינע זארגען. זיינער א שוועסטער־קינד האט זיך פארגעשלאגען פאר א מיטגליד אין קלוב. ער האט מורא געהאט, אז מען זאל איהם ניט אמאל צוריקווייזען. אבער זיין קאנדידאטור איז שוין פארעפענטליכט געווארען און אין דעם פאל האט ער שוין ניט געוואלט איהם ראטען, אז ער זאל זיך צוריקציהען; דאס וואלט געהייסען נעמען אויף זיך א צו גרויסע פאראנטווארטליכקייט. פון דער אנדערער זייט, ווידער, וואלט א דופעל ווירקליך פאר איהם געווען ניט אנגענעם. ער האט געענדיגט זיין בריף בעטענדיג איהר שטארק איהם צו שרייבען און גלייך צו־ריק צו קומען.

האבענדיג דעם בריף איבערגעלעזען האט זי איהם זעהר לאנג־זאם צוריסען, ארייגעווארפען אין פייער און מעלאנכאליש, פאר־טרויערט און פאר'חלום'ט האט זי זיך צוגעקוקט ווי ער ברענט.

ער האט אהן צווייפעל רעכט געהאט. ער האט געזאגט דאס וואס ער האט געדארפט זאגען; ער האט זיך באקלאגט ווי ער האט זיך גערארפט באקלאגען. וואס זאל זי איהם ענטפערען? זאל זי נאך אלץ זיך מיט איהם ארומקריגען און זיין אנגעבלאזען? אבער דא איז שוין ניט געווען מעהר קיין פראגע פון אנגעבלאזענקייט! די אורזאך פאר זייער קריגעריי איז פאר איהר געווען אזוי גלייכ־גילטיג, אז זי האט געמוזט נאכקלערען ביז וואנען זי האט זיך אן דעם דערמאנט. א, ניין, זי האט ניט געהאט קיין חשק איהם מעהר צו מאטערען. אין געגענטייל, זי האט א געפיהל פון גוטסקייט פאר איהם. דער געדאנק, אז ער ליעבט איהר מיט פארטרויאונג און מיט אן אומגעשטערטער גייסטיגער רוהיגקייט, האט איהר טרויעריג געמאכט און זי האט זיך דערפאר געשהאקען. ער האט זיך גארניט געענדערט. ער איז געבליבען דערזעלבער מאן וואס פריהער. אבער

זי איז ניט געווען מעהר די זעלבע פרוי. זיי זיינען איצט געווען אפגעטיילט דורך אן אומזעהבארער אבער דאך מעכטיגער זאך, אט פונקט ווי דער איינפלוס פון דער לופט, וואס ברייגגט לעבען אדער טויט. ווען איהר קאמער־פרוי איז אריינגעקומען איהר אנטאן, האט זי נאך ניט געהאט אנגעפאנגען צו שרייבען דעם ענטפער.

זי איז געווען פארזארגט און געקלערט: „ער האט צוטרויען אין מיר. ער איז רוהיג.“ דאס האט איהר נאך מעהר אומגעדולדיג געמאכט. זי איז שטענדיג געווען אויפגערייצט געגען די איינפאכע מענשען, וואס צווייפלען ניט, ניט אין זיך און ניט אין אנדערע.

אראפשטייגענדיג אין גלאקען־זאל, האט זי דארט געפונען וויוויאן בעל, שרייבענדיג. מיסס בעל האט איהר געזאגט:

— ווילט איהר וויסען, דארלינג, וואס איך האב געטאן ווארטענדיג אויף אייך? גארניט און דאך אלץ! געשריבען פערזען. א, דארלינג! פאעזיע מוז זיין די נאטירליכע בלום פון דער נשמה.

טערעזא האט ארומגעהאלזט מיסס בעל און דעם קאפ אויף דעם שולטער פון איהר פריינדין, האט זי געזאגט:

— קען מען א קוק טאן?

— א, דארלינג, קוק. דאס זיינען פערזען געשריבען לויט דעם סטיל פון די פאלקס ליעדער פון אייער לאנד.

און טערעזא האט געלעזען:

אין וואסער פונ׳ם בלויען טייך
ווארפט זי אריין דעם ווייסען שטיין,
גענומען זינקען האט ער גלייך,
צום תהום אראבצוגעהן.

די שטיינער־ווארפערין ווערט בלייך,
עס בייט זיך איהר געזיכט,
וואס דעם פערדעטערישען טייך
גיט זי פון הארצען דאס געוויכט.

— איז דאס א סימבאל, וויוויאן? דערקלער איהם מיר.

— א, דארלינג, נאך וואס דערקלערען? נאך וואס? א פא־

עטישע בילד קאָן האָבען א סך באַדייטונגען. די וואָס איהר ועעט געפינען וועט פאר אייך זיין די אמת'ע. אָבער איין ערקלערונג איז דוקא א קלאָרע, מיין ליעבסטע: און דאָס איז: אז מען טאָר ניט מיט א לייכטען הארצען אוועקוואַרפען א זאַך וואָס מען האָט אמאָל געהאַלטען אין הארצען.

— — — — — — — — — — —

די פערד זיינען געווען געשפּאַנט. זיי זיינען געפאָהרען באַ־זוכען, ווי זיי האָבען פאַראויס באשטימט, די אלבערטינעלי גאַלע־ריע, אין דער וויא דעלמאַרא. דער פּרינץ האָט אויף זיי געוואַרט און דעשאַרט האָט אליין געדראַפּט קומען אין פּאַלאַץ. אויפ'ן וועג בעת די קאַרעטע האָט זיך געגליטשט איבער דעם ברייטען שאָסע, האָט וויוויאַן בעל ארויסגעלאָזען אונטערבראָכענע זיננענדע ווער־טער, מיט אַן ערעלער און טייערער פרייד. ווי זיי זיינען אראָפּ א באַנאַלע און אז זייער קונסט־ווערק איז א צוויי־פּעלהאַפּטער. איהר באַפּוצט מיט סטאַטוען און פאָנטאַנען, האָט זי אויפמערקזאַם גע־מאַכט איהר פריינד אויף א ווילא וואָס איז האַלב פאַרשטעלט פון די סאָסנע בוימער; דאָרט אהין זיינען די דאַמען און הערען פון „דעקאַמעראָן" אַנטלאָפען זיך באַהאַלטען פון דער פּעסט וואָס האָט געבושעוועט איבער פלאָרענץ, זיי האָבען זיך דערוייל דאָרט אמו־זירט, זיך דערצעהלענדיג גאַלאַנטע, וויציגע און טראַגישע מעשה־לאַך. דערנאָך האָט זי דערצעהלט וועגען א גלענצענדער אידעע, וואָס איהר איז איינגעפאַלען מיט א טאָג פריהער.

— איהר, דאַרלינג, זייט געגאַנגען צו דעם קאַרמין מיט הערר דעשאַרט און געלאָזען אין פּיזאָל. מאַדאַם מאַרמע, וועלכע איז אַן אנגענעמע אַלטע דאַמע, א געמעסיגטע און העפליכע אַלטע דאַ־מע. זי קאָן א מאַסע אנעקדאָטען וועגען אָנגעזעהענע פּערזאָנען וואָס וואוינען אין פּאַריז. און ווען זי דערצעהלט זיי, טוט זי דאָס אויפ'ן זעלבען אופן ווי מיין קוכער פּאַמפּאַלאָני, ווען ער מאַכט א פיינקוכען: ער באַזאַלצט איהם ניט, נאָר ער שטעלט אוועק דאָס זאַלץ־מעסטעל גלייך דערנעבען. מאַדאַם מאַרמע'ס שפּראַך איז זעהר א זיסע; דאָס זאַלץ געפינט זיך אָן א זייט, אין איהרע אויגען. דאָס איז פּאַמפּאַלאָני'ס פיינקוכען, מיין ליעבסטע: יעדער עסט דאָס לויט זיין געשמאַק. אָ! איך האָב זעהר שטאַרק ליעב מאַ־

דאם מארמע. נעכטען, נאָך אייער אוועקפאָהרען, האָב איך איהר געפונען איינזאם און אומעטיג אין א ווינקעל פון סאלאָן. זי האָט געטראכט וועגען איהר מאָן און איהרע געדאנקען זיינען געווען טרויעריגע. איך האָב געזאָגט צו איהר: „וואָלט איהר וועלען, אז איך זאָל אנטייל נעמען אין אייערע געדאנקען וועגען אייער מאָן? איך וואָלט גערן צוזאמען מיט אייך געטראכט וועגען איהם. מען האָט מיר דערצעהלט, אז ער איז געווען א געלערנטער מאָן, א מיטגליד פון דער קעניגליכער געזעלשאפט אין פאריז; ביטע, דערצעהלט מיר וועגען איהם, מאדאם מארמע". זי האָט מיר געענטפערט אז ער האָט זיך שטארק אָפּגעגעבען מיט דער פאָרשונג פון עטרוסקיש, אוועקגעבענדיג דערצו זיין גאנצען לעבען. און גלייך אויפ'ן שטעל, דארלינג, האָב איך פארעהרט דעם אָנדענקען פון העררמארמע, וואָס האָט געלעבט פאר די עטרוסקער. און דאן איז מיר איינגעפאלען א גלענצענדע אידעע. איך האָב געזאָגט צו מאדאם מארמע: „מיר האָבען, אין פיזעאָל, אין פרעטאָריא פאלאץ א באשיידענעם קליינעם עטרוסקישען מוזעאום. וואָלט איהר וועלען מיט מיר געהן און דאָס זעהן? זי האָט מיר געענטפערט, אז דאָס איז ביי איהר די וויכטיגסטע זאך וואָס זי האָט געוואָלט זעהן אין איטאליען. זיינען מיר אלזא געגאנגען ביידע אין פרעטאָריא פאלאץ; מיר האָבען דאָרט געזעהן א לייבין און א מאסע בראָנזענע יונגע און קליינע מענשעלאך, וואָס זיינען געווען אָדער גאָר פעטע אָדער גאָר מאָגערע. די עטרוסקער זיינען געווען א פאָלק, וואָס האָט גענומען די פרייד פאר זעהר אן ערנסטע זאך; זיי פלעגען מאכען זייערע קאריקאטורען פון מעש. און אָט די מאָרנע באשעפעניסען, א טייל פון זיי מיט שווערע גראָבע בייכער, די אנדערע מיט פארוואונדערטע בליקען, וויזענדיג זייערע נאקעטע ביינער, האָט מאדאם מארמע אָנגעקוקט מיט אן אָנגעוועהנטאָגטער באוואונדערונג. זי האָט זיי באטראכט אלס די.... עס איז פאראן א זעהר שעהנער פראנצויזישער וואָרט דערפאר, און איך זוך איהם איצט... די מאָנומענטען און טראָפעען פון העררמארמע.

מאדאם מארטען האָט געשמייכעלט, אָבער זי איז געווען פארזאָרגט.

דער הימעל האָט איהר אויסגעקוקט טרויעריג, די גאַסען — מיאוס און די מענשען — וואולגאר.

— אָ! דאַרלינג, דער פּרינץ וועט זיין זעהר צופרידען אייך אויפצונעמען אין זיין פּאַלאַץ.

— איך גלויב עס ניט.

— פאַרוואָס, דאַרלינג, פאַרוואָס?

— ווייל איך בין איהם איבערהויפּט ניט געפעלען געוואָרען.

וויוויאַן בעל האָט דערקלערט, אז דער פּרינץ איז, פּאַרקערט, א גרויסער פאַרעהרער פון דער גרעפין מאַרטען.

די קאַרעטע האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דעם אלבערטינעלי פּאַלאַץ. אויף דער טונקעלער געביידע, פון מיטעלאַלטערליכען סטיל, זיינען געווען בראָנזענע רינגען, וואָס פלעגען אין די אַמאָלי־גע יאָהרען, בעת ימים טובים, באַנוצט ווערען צו האַלטען שטורקאַ־צען. אין פלאָרענץ ווייזען אָט די רינגען אָן אויף די וואוינונגען פון די באַריהמטעסטע פאַמיליעס פון שטאָדט. דאָס האָט צוגע־געבען דעם פּאַלאַץ א ווילדען שטאָלץ. פון אינוועניג האָט ער אויסגעקוקט לעדיג, אומבאַנוצט און פאַרנאַכלעסיגט. דער פּרינץ איז זיי אַנטקעגען געגאַנגען און זיי געפיהרט דורך אומבאַמעבעלטע סאַלאָנען, צו דער גאַלעריע. ער האָט זיך אַנטשולדיגט, וואָס ער ווייזט זיי בילדער וואָס זיינען ניט זעהר קיין אנגענעמע. די גאַ־לעריע איז באַשאַפען געוואָרען פון קאַרדינאַל דזשיוליאָ אלבערטי־נעלי אין א צייט ווען עס האָט געהערשט דער געשמאַק פון גידאָ און קאַראַצצי, א געשמאַק וואָס איז היינט געפאַלען אין די אויגען פון דער וועלט. זיין עלטער־זיידע איז געווען שטאַרק צופרידען צו האָבען די אַרבייטען פון דער באָלאָגנער שול. אָבער ער וועט ווייזען דער מאַדאַם מאַרטען עטליכע מאָלערייען, וואָס זיינען גע־פעלען געוואָרען דער מיסס בעל; צווישען אַנדערע — א „מאַנטע־גאַ".

מיט איין בליק האָט די גרעפין געזעהן, אז די גאַלעריע איז א באַנאַלע און א זייער קונסט־ווערט איז א צווייפעלהאַפטער. איהר איז געווען לאַנגווייליג צווישען דער מאַסע קליינע „פּאַראַ־צעל'ן", אַלץ אַזעלכע באַוואַפענטע פיגורען וואָס רייטען אויף ווייי־

סע פערד אין דער טונקעלהייט, וואו זיי זעהען זיך צוליעב דעם שוואכען שיין פון זייער ווייסקייט.

א קאמער־דינער האט איבערגעגעבען דעם פרינץ א קארטעל.

דער פריץ האט אין דער הויך געלייענט דעם נאמען: זשאק דעשארט. אין דעם מאמענט האט ער זיך אויסגעדרעהט מיט'ן רוקען צו די געסט. זיין פנים האט אנגענומען יענעם אומצופרידע־דענעם, גרויזאמען אויסדרוק, וואס מען קאן דאס בלויז זעהן אויף די מארמאר־בילדער פון די רוימישע הערשער. דעשארט האט זיך שוין דערווייל געפונען אויף די שטיגען פון דעם הויפט־ארייננאנג.

דער פרינץ איז איהם אנטקעגען געגאנגען מיט א שמאכטענדען שמייכעל. ער איז שוין ניט געווען מעהר נערא, נאר אנטינוס.

— איך אליין האב נעכטען איינגעלאדען הערר דעשארט צו קומען אין אלבערטינעלי פאלאץ, — האט געזאגט מיסס בעל. — איך האב געוואוסט אז איך וועל אייך דערמיט פארשאפען פאר־גענינען. ער האט געוואלט זעהן אייערע בילדער.

און דער אמת איז געווען, אז דעשארט האט דארט געוואלט קומען, כדי זיך צו באגעגענען מיט מאדאם מארטען. און איצט האבען אלע פיער ארומגעוואנדערט צווישען די גידאס און אלבאנ־סען.

מיסס בעל האט חן'עוודיג געפלוידערט צום פרינץ וועגען די אלטע לייט און הייליגע יונגפרויען, וועמענס בלויע מאנטלען עס האבען אויסגעזעהן ווי אויפגעבלאזען פון אן אומבאוועגליכען שטור־רעם. דעשארט, בלאס און נערוועז, איז צוגעטראטען נאהענט צו טערעזאן, און שטילערהייט געזאגט:

— אט די גאלערי איז א מאגאזין אין וועלכען אלע בילדער הענדלער פון דער וועלט שטעלען דא אפ דעם אפפאל פון זייערע סחורות, וואס זיי קאנען פון זיי ניט פטור ווערען אויף אן אנדער אופן. און דא פארקויפט דער פרינץ זאכען וואס די אידען איז ניט געלונגען צו פארקויפען.

דאן האט ער איהר אנגעוויזען אויף א „הייליגע פאמיליע", וואס איז געשטאנען אויף א געשטעל, איינגעהילט אין גרינעם סא־מעט, און אונטערן ראנד איז געווען דער נאמען: מיכעל אנדזשעלא.

— איך האב געזעהן אט די „הייליגע פאמיליע" ביי בילדער

הענדלער אין לאָנדאָן, באַזעל און פּאַריז. אַזוי ווי זיי האָבען ניט געקאָנט דערפאַר קריגען די 25 לואיס'ן וואָס זיי האָבען דערפאַר געפאָדערט, האָבען זיי דאָס איבערגעגעבען אַלבערטינעליין, אַז ער זאָל דאָס פאַרקויפען פאַר פופציג טויזענד פראַנק.

דער פּרינץ, זעהענדיג ווי זיי סוד'ן זיך, און טרעפענדיג גאַנץ גוט וועגען דעם וואָס זיי האָבען געקענט ריידען איז צוגעגאַנגען און געזאָגט מיט זעהר אַן ערנסטער שטימע:

— פון אָט דעם בילד איז נאָך דאָ אַ צווייטער עקזעמפּלאַר, וואָס ווערט אומעטום אויסגעשטעלט צום פאַרקויפען. איך קאָן ניט שווערען אַז דאָס איז ווירקליך דער אָריגינאַל. אָבער ער האָט זיך שטענדיג געפונען אין דער פאַמיליע און די אַלטע אינווענטאַרען שרייבען עס צו צו מיכעל אַנדזשעלאָ. דאָס איז אַלץ וואָס איך קאָן וועגען דעם זאָגען.

דער פּרינץ האָט זיך דאַן צוריק אויסגעדרעהט צו מיסס בעל, וואָס האָט געזוכט די „פּרימיטיוועןי״.

דעשאַרט האָט זיך געפיהלט אומבעקוועם. זייט נעכטען האָט ער געדיינקט וועגען טערעזאַ'ן. ער האָט געטרוימט וועגען איהר אַ גאַנצע נאַכט און איהר בילד איז פון איהם ניט אָפּגעטרעטען. איצט האָט זי אויסגעזעהן פאַר איהם רייצענד, אָבער רייצענד אויף אַן אַנדער אופן, און זאָגאַר נאָך אַ סך ליעבליכער ווי זי האָט זיך געוויזען צו איהם ביינאַכט אין חלום. איהר גאַנצע ערשיינונג האָט איצט שטאַרקער געווירקט אויף זיינע חושים, איהר נשמה איז געוואָרען געהיימניספולער און טיפער. זי איז געוועזען טרויעריג: איהם האָט אויסגעדוכט, אַז זי איז קאַלט און צוטראַגען. און ער האָט צו זיך געזאָגט, אַז ער איז גאָרניט צו איהר, אַז ער איז ניט מעהר ווי באַלעסטיגענד און לעכערליך. ער איז געוועזען בייז און אומעטיג. אין אַ ביטערען טאָן האָט ער איהר איינגערוימט אין אויער:

— איך האָב ניט געוואָלט קומען. נאָך וואָס בין איך געקומען?

זי האָט גלייך פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען, אַז ער האָט איצט מורא פאַר איהר און דערפאַר איז ער געוועזען אומגעדולדיג, שעמעוודיג און אומגעלומפּערט. ער איז איהר דערפאַר

געפעלען געוואָרען און זי איז איהם דאנקבאר געווען פאר די אויפ־רעגונג און פארלאנגען וואָס זי האָט איצט געזעהן, אז זי האָט אין איהם ארויסגערופען.

דאָס הארץ האָט ביי איהר געקלאפט. אָבער זי האָט זיך גע־מאכט ווי זי וואָלט געגלויבט, אז ער ערגערט זיך בלויז איבער די שלעכטע בילדער, און זי האָט געענטפערט, אז די גאלעריע איז ווירקליך ניט אינטערעסאנט.

לעבענדיג שוין אין שרעק, אז ער זאָל איהר ניט געפעלען ווערען האָט ער זיך בארוהיגט און געגלויבט, אז זי איז ווירקליך גלייכגילטיג און צוטראָגען און אז זי האָט דורכגעלאָזען די באדייד־טונג אין דעם טאָן פון ווערטער, וואָס האָבען זיך ביי איהם ארויס־געכאפט.

— שטארק ניט אינטערעסאנט — האָט ער ווידערהאָלט.

דער פרינץ, ביי וועמען די צוויי געסט זיינען געבליבען פאר פריהשטאָג, האָט געבעטען אויך אז זייער פריינד זאָל בלייבען. אָבער דעשארט האָט זיך אנטשולדיגט. אז ער האָט שוין געוואָלט אוועקגעהן, האָט ער דערזעהן, אז ער איז אליין מיט דער מאדאם מארטען אין דעם גרויסען, לעדיגען סאלאָן, וואו מען האָט ניט מעהר געזעהן ווי באָנבאָן שאכטלען. ער פלעגט קלערען ווי אזוי איהר אויסצומיידען, איצט איז ביי איהם דער איינציגער געדאנק געווען ווען איהר ווידער צו טרעפען. ער האָט איהר דערמאָנט אז אויף מאָרגען האָט זי באשלאָסען צו באזוכען דעם באררזשעללאָ.

— איהר זיינט געווען אזוי פריינדליך און מיר ערלויבט אייך צו באגלייטען.

זי האָט איהם געפרעגט אויב ער דיינקט ניט, אז זי איז היינט געווען לאנגווייליג און פארביסען. אָ, ניין, לאנגווייליג איז זי ניט געווען, אָבער עס האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אז זי איז א ביסעל טרויעריג.

— ליידער, — האָט ער צוגעגעבען, — האָב איך אפילו ניט דאָס רעכט אייך צו פרעגען, ווארום איהר זיינט טרויעריג אָדער פרעהליך.

זי האָט איהם צוגעוואָרפען א שנעלען, כמעט הארטען בליק.

— איך האָף, אַז איהר וועט דאָך געוויס ניט גלויבען, אַז איך וועל אייך מאַכען פאַר מיין פאַרטרויאונגס־פריינד?
און זי האָט איהם שנעל פאַרלאָזען.

## XIII.

נאָך דעם מיטאָג־עסען זיינען זיי געזעסען אין סאַלאָן פון די גלאָקען, ביי לאָמפּען וואָס זיינען געווען פאַרשטעלט פון אַבאַזשורען און וואָס האָבען געוויזען בלויז אין אַ טונקעלען האַלב־ליכט די הייליגע יונגפרויען פון סיענאַ מיט זייערע לאַנגע הענט. די גוטע מאַדאַם מאַרמע איז געזעסען ביים אויווען און זיך געוואַרימט מיט אַ ווייסער קאַץ אויף איהרע קניה. דער אָווענד איז געווען אַ קילער. מאַדאַם מאַרמע האָט געשמייכעלט, ניט קוקענדיג אויף דער מיעד־קייט; זי האָט געטראַכט פון קלאָרען הימעל, פון די פּיאָלעטע באַרג־שפּיצען און די אור־אַלטע אייכענבוימער, וואָס פאַרשפּרייטען זייערע מעכטיגע צווייגען אריבער איבער דעם וועג. זי איז היינט געווען, צוזאַמען מיט מיס בעל, דעשאַרט און מאַדאַם מאַרמע אין דעם קערטאָזאָ ד'עמאַ קלויסטער. און איצט, אונטער'ן פאַר'שכור'־טען איינפלוס פון די איינדריקען פון טאָג, האָט זי פאַרגעסען די זאָרגען פון צוויי טעג צוריק — די באַלעסטיגענדע בריף, די פאַר־ווירפע פון דערוויי־טענס; עס האָט זיך איהר אויסגעדוכט איצט, אַז עס איז ניטאָ קיין שום אַנדער זאַך אויף דער וועלט ווי קלויס־טערס מיט שניצערייען און מאַלערייען, מיט אַ ברונען אין מיטען פון גראָז באַוואַקסענעם הויף, דערפלאַך מיט רויטע דעכער און וועגען וואו, פאַרוויגט פון קאָמפּלימענטען, האָט זי געזעהן שפּראָ־צען דעם פריליגג. דעשאַרט האָט מאָדעלירט פאַר מיסס בעל, אין וואַקס, אַ קליינע סטאַטוע, וואָס האָט געזאָלט זיין די הייליגע ביט־ריס. וויוויאַן האָט געמאָלען מלאכים און פרינץ אַלבערטינעלי האָט זיך צו איהר אַראָפּגעבויגען און צוגעקוקט, מיט ווייכקייט, זיך געגלעט די באָרד און זיך גע'חנ'דעלט מיט די אויגען ווי אַ קורטיזאַנקע.

ענטפערענדיג וועגען אַ באַמערקונג פון וויוויאַן בעל וועגען הייראַט און ליעבע:

— אַ פרוי מוז קלייבן—האָט ער געזאָגט.—מיט אַ מאַן, וואָס ווערט געליעבט פון פרויען איז זי קיינמאָל ניט רוהיג. מיט אַ מאַן וועמען די פרויען האָבען ניט ליעב איז זי קיינמאָל ניט גליקליך.

— דאַרלינג, — האָט געפרעגט מיס בעל, — וועלכען גורל וואָלט איהר בעסער אויסגעקליבען פאַר אייערער אַ זעהר טייערע פריינדין?

— איך וואָלט געוואונשען, וויוויאַן, אַז מיין פריינדין זאָל זיין גליקליך; איך וואָלט איהר אויך געוואונשען אַז זי זאָל זיין רוהיג. זי וואָלט געדאַרפט אַזוי זיין און דערביי האַסען פאַרראַט, דערנידעריגענדען פאַרדאַכט און נידריגען אומצוטרוי.

— אָבער, דאַרלינג, אַזוי ווי דער פרינץ האָט געזאָגט, אַז אַ פרוי קאַן ניט האָבען גליק און זיכערהייט אין דער זעלבער צייט, טאַ, זאָגט זשע וואָס וואָלט איהר בעסער אויסגעקליבען פאַר אייער פריינדין?

— מען קלייבט איבערהויפּט ניט, וויוויאַן, מען קלייבט אי־בערהויפּט ניט. פאַרלאַנגט ניט פון מיר איך זאָל זאָגען וואָס איך דענק וועגען הייראַט.

אין דעם מאָמענט האָט זיך באַוויזען שולעט. ער האָט גע־האַט דעם פרעכטיגען אויסזעהן פון איינעם פון יענע בעטלער וואָס מען טרעפט ביי די טויערן פון די קליינע שטעדטלאַך. ער האָט פונקט געענדיגט שפּיעלען אין קאָרטען מיט פויערן אין אַ פּיזעאַלער שענק.

—אָט איז הער שולעט, — האָט געזאָגט מיסס בעל. — ער וועט אונז לערנען וואָס מיר דאַרפען דענקען וועגען הייראַט. איך בין גרייט איהם אויסצוהערען ווי אַן אָראַקל — ער זעהט ניט וואָס מיר זעהען און ער זעהט דאָס וואָס מיר זעהען ניט. הערר שו־לעט, וואָס דענקט איהר וועגען הייראַט?

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אויפגעהויבען דעם פינגער מיט אַ מינע פון סאָקראַטעס:

— רעדט איהר וועגען דער עהרפורכטיגער פאַראייניגונג צווי־שען מאַן און פרוי? אין דעם זין איז די הייראַט אַ גאָטעס־דיענסט. און דערפאַר ווערט עס כמעט שטענדיג פאַרשוועכט. וואָס ס'איז

זיך דער ציווילער הייראַט, איז דאָס ניט מעהר ווי אַ פאָרמאַלי־טעט. די וויכטיגקייט וואָס מען גיט צו אין דער היינטיגער געזעלשאַפט צו אַזאַ מין הייראַט, איז אַ נאַרישקייט און די פרויען פון אַלטען רעזשים וואָלטען אָפּגעלאַכט דערפון. אָט דער פאָר־אורטייל, צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע, האָבען מיר צו פאַרדאַנקען צו אָט דער „בורזשואַזער" באַוועגונג, צו דעם אַרויפשטייגען פון די פינאַנסיסטען און אַדוואָקאַטען, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגע־בען רעוואָלוציע, און וואָס איז, לויט עס זעהט אויס, אַ וואונדער־באַרע אָרדנונג פאַר די וואָס מאַכען פּראָפיטען פון איהר. זי איז די פּרוכטבאַרע מוטער פון אַלע שטות'ערייען. יעדער טאָג, פאַר די לעצטע הונדערט יאָהר, האָט זי אַרויסגעגעבען אַלץ נייע אַבסורדען. די ציווילע הייראַט באַדייטעד ניט מעהר ווי אַ פאַרצייכנונג אין דער מלוכה־ליסטע, פונקט ווי אַנדערע פאַרצייכנונגען וואָס די מלוכה מאַכט, כדי צו פיהרען אַ חשבון איבער די פאַרהעלטניסע פון איהרע בירגער. וואָרים אין אַ פּאָליציי־שטאַט מוז יעדער האָבען אַ נומער. אָבער וואָסער ווערט האָבען אָט די אַלע נומערן אין די אויגען פון גאָט'ס זוהן? מאָראַליש האָט די פאַרשרייבונג אין דעם גראָבען שטאַטס־רעגיסטער אַפילו ניט אַזוי פיעל איינפלוס צו באַוועגען אַ פרוי זיך צו נעמען אַ ליעבהאָבער. און ווער ווענט זיך דאָס אָפּ־שטעלען פון ברעכען אַ שבועה וואָס איז געגעבען געוואָרען פאַר עפּעס אַ מעיאָר? אום צו געניסען די פרייד פון זינד מוז אַ פרוי זיין באמת פרום.

— אָבער מיין הערר, — האָט געזאָגט טערעזאַ, — מיר האָ־בען דאָך געהייראַט אין אַ קירך.

דאַן, אין אַ טאָן פון טיפער אויפריכטיגקייט, האָט זי צו־געגעבען:

— איך קאָן ניט פאַרשטעהן ווי אַזוי אַ מאַן אָדער אַ פרוי, נאָכדעם ווי זיי האָבען שוין דערגרייכט די עלטער ווען זיי ווייסען וואָס זיי טוען, זאָלען דעמאָלט קאָנען באַגעהן אַזאַ נאַרישקייט און חתונה האָבען.

דער פרינץ האָט איהר אָנגעקוקט פאַרדעכטיג. ער איז ניט געווען קיין מענש מיט קיין באַשרענקטע געדאַנקען, אָבער ער האָט ניט געקאָנט באַגרייפען ווי אַזוי מען קאָן דאָס אָהן אַ באַזונדערען

צוועק און אָהן אַ שום אינטערעס גלאַט רעדען איבער אַ זאַך, בלויז אויסצודריקען אַלגעמיינע אידעען. איהם איז אויסגעקומען אַז די גרעפין מאַרטען־בעלעם וויל טרעפען און דורכקרייצען זיינע פּלענער. און אין דער צייט וואָס ער האָט שוין געקלערט ווי אַזוי ער זאָל זיך פאַרטיידיגען געגען דעם און זיך נוקם זיין אין איהר, האָט ער זיך געווענדעט צו איהר מיט אַ צערטליכער גאַלאַנטער העפליכקייט :

— איהר באַווייזט, מאַדאַם, דעם שטאָלץ פון די שעהנע און אינטעליגענטע פּראָנצויזקעס, וואָס קאָנען ניט פאַרטראָגען קיין יאָך. די פראַנצויזקעס האָבען ליעב די פרייהייט און קיין איינע פון זיי האָט עס ניט אַזוי שטאַרק פאַרדיענט ווי איהר. איך אַליין האָב אַ ביסעל געוואוינט אין פראַנקרייך. איך האָב געקאָנט און באַוואונ־דערט די עלעגאַנטע געזעלשאַפט פון פאַריז, די סאַלאָנען, די פייער־ליכקייטען, די געשפּרעכען און די שפּיעלערייען. אָבער ווען מיר קומען אַהיים צו אונזערע בערג, צווישען אונזערע אַליוועז בוימער, ווערען מיר צוריק פאַרפויערט. מיר הויבען צוריק אָן לעבען לויט דעם מנהג פון אונזער לאַנד און הייראַט איז פאַר אונז אַ מאָרגען־פרישע אידיליע.

וויוויאַן בעל האָט באַטראַכט דעם מאָדעל וואָס דעשאַרט האָט געלאָזען אויפ'ן טיש.

— אָ ! אָט אַזוי האָט געמוזט אויסקוקען ביטריס, איך בין זיכער. און ווייסט איהר, דערר דעשאַרט, אַז עס זיינען דאָ בייז־ווילינע מענשען וואָס זאָגען, אַז ביטריס האָט קיינמאָל ניט עק־זיסטירט ?

שולעט האָט דערקלערט אַז ער איז איינער פון די בייזווילינע. ער האָט ניט געגלויבט, אַז ביטריס זאָל האָבען עקזיסטירט, פונקט ווי איבריגענס יענע אַנדערע דאַמען, דורך וועמען די אַלטע ליעבעס־פּאָעטען האָבען אויסגעדרוקט אַ וועלכע עס איז לעבערליך־פיינעם סקאָלאַסטישען געדאַנק.

ניט קענענדיג אויסהערען קיין לויב געזאַנגען וואָס זיינען ניט געגעבען געוואָרען איהם אַליין, זייענדיג אייפערזיכטיג אויף דאַנטען, פונקט ווי אויף דער גאַנצער וועלט, און, איבריגענס, אַליין אַ פיינער שריפטשטעלער, האָט ער געגלויבט, אַז ער האָט

געפונען א שוואכען פונקט אין דער פעסטונג און ער האָט באַמ־ באַרדירט:

— איך האָב אַ פאַרדאַכט, — האָט ער געזאָגט, — אַז די יונגע שוועסטער פון די מלאכים האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט, סיידען אין דער טרוקענער איינבילדונגס־קראַפט פון דעם אַלער־ העכסטען פאָעט. און אַפילו דאָרט ווערט זי געוויזען אַלס אַ ריינע אַלעגאָריע, אָדער בעסער געזאָגט, אַ מאַטעמאַטישע אויסרעכנונג, אָדער אַן אַסטראָלאָגישער פשט׳ל. צווישען אונז געשמועסט, איז דאַנטע געווען אַ גוטער דאָקטאָר פון באָלאָגנאַ, און ער האָט גע־ האַט עטליכע לבנות אין זיין קאָפּ, הינטער זיין שפּיציגער יאַר־ מולקע. דאַנטע האָט געגלויבט אין דער טוגענד פון ציפער. אָט דער פאַרברענטער געאָמעטריקער האָט בלויז גע׳חלום׳ט וועגען ציפער און זיין ביטריס איז אַ בלום פון דער אַריפמעטיק. און דאָס אַלץ!

ער האָט פאַרויכערט זיין ליולקע.

וויוויאַן בעל האָט פּראָטעסטירט:

— אָ! רעדט ניט אַזוי, הערר שולעט. איהר טוט מיר וועה; און ווען אונזער פריינד הערר געבהאַרט, וואָלט דאָס געהערט, וואָלט איהם זעהר שטאַרק פאַרדראָסען אויף אייך. אום אייך צו באַשטראָ־ פען וועט דער פרינץ אַלבערטינעלי פאַר אייך פאָרלעזען דעם קאַנ־ טיק, וואו ביטריס דערקלערט די פלעקען אויף דער לבנה. נעמט די „געטליכע קאָמעדיע“, עוזעביאָ. אָט איז עס, דאָס ווייסע בוך וואָס איהר זעהט אויפ׳ן טיש. עפענט איהם און לעזט.

פאַר דער צייט פון דער פאָרלעזונג, אונטער דער שיין פון דעם לאָמפּ, איז דעשאַרט געזעסען אויף דער סאָפע נעבען דער גרעפין מאַרטען און זעהר שטיל גערעדט מיט ענטוזיאַזם וועגען דאַנטע׳ן, רופענדיג איהם דער גרעסטער סקולפּטאָר צווישען די פאָעטען. ער האָט דערמאָנט טערעזאַ׳ן וועגען דעם בילד וואָס זיי האָבען צוזאַמען געזעהן מיט צוויי טעג צוריק אין דער סאַנטאַ מאַריאַ, אויף דער גאָטעס־דיענסט טיר; דאָס איז געווען אַ האַלב־ אָפּגעמעקטע פרעסקאָ, וואו עס איז שווער געווען צו דערקענען דעם פאָעט, מיט זיין לאָרבערקראַנץ מיצעל, פלאָרענץ און די זיבען קרייזען. דאָס איז געווען געננג אַריינצוברייגען דעם קינסטלער

אין התלהבות. אָבער זי האָט דאָרט גאָרניט געקאָנט זעהן און זי איז ניט געווען גערירט. און דערנאָך האָט זי מודה געווען: דאַנטע איז פאַר איהר צו טרויעריג און איז איהר ניט געגוג אָנ־ציהענד. דעשאַרט, וואָס איז געווען געוואונט אַז זי זאָל זיין איינ־שטימיג אין אַלע זיינע אידעען וועגען קונסט און פּאָעזיע, איז איבערראַשט געוואָרען און זיך געערגערט. ער האָט צו איהר געזאָגט אין דער הויך:

— עס זיינען פאַראַן גרויסע און מעכטיגע זאַכען וואָס איהר פיהלט ניט.

מיסס בעל, אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, האָט געפרעגט וועלכע זאַכען זיינען עס וואָס דאַרלינג זאָל ניט פיהלען; און אַז זי האָט געהערט אַז עס האַנדעלט זיך וועגען דאַנטע׳ס זשעניע האָט זי אויסגעשריען מיט אַ געמאַכטען כעס:

— אָ! איהר פאַרעהרט ניט דעם פּאָעטער, דעם מייסטער, וואָס איז ווערט אַלע לויב־געזאַנגען, דעם טייך־גאָט? איך האָב דיך ניט ליעב מעהר, דאַרלינג, איך האָב דיך פיינט.

און אַלס אַ פּאָרוואורף צו שולעט׳ן און דער גרעפין מאַרטען האָט זי דערמאָנט די פרומקייט פון יענעם פלאָרענטינער בירגער, וואָס האָט אראָפּגענומען פון מזבח די ליכט וואָס האָבען געברענט לכבוד יעזוס קריסטוס׳ן און זיי אוועקגעשטעלט פאַר דאַנטע׳ס ביוסט.

נאָך דער אונטערברעכונג האָט דער פּרינץ ווידער אָנגעהויבען לעזען:

„אינערליך, אין זיך, האָט די אייביג־דויערענדע פּערל אונז אריינגענומען...“

דעשאַרט האָט זיך איינגע׳עקשן׳ט צו באַוועגען טערעזאַ׳ן, אַז זי זאָל באַוואונדערען דאָס וואָס זי האָט ניט פאַרשטאַנען. געוויס וואָלט ער לייכט געקענט פאַר איהר אויפאָפּערען דאַנטע׳ן און אַלע אַנדערע פּאָעטען צוזאַמען מיט דער גאַנצער וועלט. אָבער זייענדיג נעבען איהר, האָט איהר נאָהענטקייט איהם גערייצט מיט איהר שמייכלענדער שעהנקייט און רוהיגקייט און ער האָט געוואָלט ארויפ־צווינגען אויף איהר זיינע אידעען, זיין ליידענשאַפטליכע ליעבע צו דער קונסט, און אַפילו זיינע פאַנטאַזיען און קאַפּריזען. ער האָט איהר געפּרואווט איינרעדען אין דער שטיל, מיט ווערטער

וואָס זיינען געווען קריגעריש און זיינען געפאַלען האַסטיג איינס אויף דאָס אַנדערע.

— מיין גאָט! ווי פייערדיג איהר זיינט — האָט זי געזאָגט.

דאַן האָט ער זיך איינגעבויגען צו איהר אויער און מיט אַ ליידענשאַפטליכער שטימע, וואָס ער האָט אומזיסט געזוכט צו דער־שטיקען, האָט ער איהר געזאָגט:

— איהר מוזט מיך נעמען מיט מיין גאַנצער נשמה. איך וועל ניט זיין גליקליך אייך צו געווינען מיט אַ פרעמדער נשמה.

ביי די ווערטער איז איבער טערעזאַ'ן אַריבער אַ קליינער ציטער פון שרעק און פרייד.

## XIV.

אויף צו מאָרגענס, אַז זי האָט אויפגעוואַכט, האָט זי צו זיך געזאָגט, אַז זי דאַרף ענטפערען אויף ראָבערט'ס בריף. עס האָט גערעגענט. זי האָט געהערט ווי די טראָפּענס וואַסער זיינען פּאַ־מעליך געפאַלען אויפ'ן באַלקאָן. וויוויאַן בעל האָט מיט איהר עדע־לען געשמאַק זאָרגפעלטיג אויסגעפּוצט דעם שרייבטיש מיט אַלע נויטווענדיגקייטען. דאָרט זיינען געלעגען קליינע בויגענס בריף־פּאַפּיר, וואָס האָבען אויסגעזעהן ווי פאָרמעט בלעטער פון אַלטע געבעט־ביכער, און אַנדערע, פון בלאַס־פיאָלעטער פאַרב, וואָס זיינען געווען באַשאָטען מיט זילבער־שטויב; לייכטע, ווייסע צעלולאָיד פעדערן, וואָס מען האָט געמוזט געברויכען אויף אַזאַ אופן ווי מען געברויכט אַ פּינזעל; און פּורפּור טינט, וואָס אויפ'ן פּאַפּיר האָט זיך עס אָפּגעשפּיגעלט ווי הימעל בלוי און גאָלד. טערעזאַ איז געוואָרען אומגעדולדיג פאַר די פיינע צאַצקעס, וואָס האָבען זיך זעהר שלעכט געפּאַסט צום בריף וואָס זי האָט איצט געוואָלט שרייבען און וואָס האָט געדאַרפט זיין קלאָר און איינפאַך. ווען זי האָט באַמערקט, אַז דער נאָמען „פריינד“ מיט וואָס זי האָט אַדרע־סירט ראָבערט'ען אויף דער ערשטער שורה פון בריעף האָט געמאַכט אַ מערקווירדיגע פיגור אויפ'ן פאַרזילבערטען פּאַפּיר, אַרויסשיי־נענדיג אין טויבען און פּערלמוטער קאָליר, האָט זי האַלב געשמיי־כעלט. די ערשטע שורות זיינען איהר אָנגעקומען שווער, אָבער

שפּעטער האָט זי שוין גאָר שנעל געשריבען. זי האָט גערעדט זעהר פיעל וועגען וויוויאַן בעל און וועגען פּרינץ אַלבערטינגעלי, אַ ביסעל וועגען שולעט, זי האָט געזאָגט אַז זי האָט געטראָפען רע־שאַרט׳ן, ווען זי איז דורכגעפאָהרען פלאָרענץ. זי האָט געלויבט עטליכע בילדער פון די מוזעאומס, אָבער אָהן ענטוזיאַזם, ניט מעהר ווי אויסצופילען די צייטלאַך. זי האָט געוואוסט אַז ראָבערט פאַר־שטעהט זיך ניט אויף בילדער, אַז די איינציגע בילד וואָס ער האָט באַוואונדערט איז געווען אַ קליינער באַוואַפענטער סאָלדאַט, פון דעטאַי, וואָס ער האָט געקויפט ביי גופּיל׳ן. אין איהר זכרון האָט זי צוריק געזעהן אַט דעם קליינעם זעלנער׳ל וואָס ער האָט איהר אַמאָל מיט שטאָלץ געוויזען און וואָס איז געהאַנגען אין זיין שלאָף־צימער, נעבען דעם שפּיגעל, אונטער די פאַמיליע־פּאָרטרעטען. קור־קענדיג אויף דעם אַלעם פון דער ווייטענס, האָט עס אויסגעקוקט נישטיג, לאַנגווייליג און טרויעריג. זי האָט געענדיגט איהר בריף מיט עטליכע פריינדליכע ווערטער וואָס זיינען געווען אויפריכטיג. זי האָט ווירקליך זיך נאָך קיינמאָל ניט געפיהלט אַזוי מילד און פאַרגעבליך צו איהר געליעבטען, ווי איצט. אין די פיער צייטלאַך האָט זי ווייניג געזאָגט און נאָך ווייניגער האָט זי געגעבען וועגען עפּעס וואָס עס איז אַן אָנצוהערעניש. זי האָט איהם בלויז גע־שריבען, אַז זי וועט פאַרבלייבען נאָך אַ מאָנאַט אין פלאָרענץ, ווייל די לופט איז פאַר איהר גוט. דערנאָך האָט זי געשריבען צו איהר פאָטער, צו איהר מאַן און צו דער פּרינצעסין סעניאַווין. מיט איהרע בריף אין האַנט איז זי אַראָפּ אונטען. אין פאָדער־הויז האָט זי דריי פון זיי אַריינגעלעגט אין אַ זילבערנער שאָל, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר פּאָסט זאַכען. דעם בריף צו ראָבערט לע־מעניל האָט זי גענומען צו זיך אין טאַש אריין, מורא האָבענדיג פאַר מאַ־דאַם מאַרמע׳ס שאַרפען בליק, מיט דער אַבזיכט איהם אַליין אַוועק־צושיקען אויפ׳ן פּאָסט, ווען זי וועט געהן שפּאַצירען.

גלייך דערנאָך האָט זיך באַוויזען דעשאַרט, וואָס איז געקומען באַגלייטען די דריי פריינדינס אין שטאָדט. אַזוי ווי ער האָט גע־וואַרט אַ מינוט אין פאָדער־צימער האָט ער געזעהן די בריף אויף דער שאָל.

כאָטש ער האָט ניט געגלויבט, אַז מען קאָן לעזען דעם מענ־

**שענ׳ס נשמה פון זיין האַנטשריפט, האָט ער זיך דאָך פאַראינטערעסירט אין דער פאָרם פון די בוכשטאַבען, וואָס האָבן געהאַט אַ געוויסען חן ווי אַ געוויסער מין צייכנונג.** אין טערעזאַ׳ס האַנטשריפט האָט איהם אַנטציקט, ער האָט אויך באַוואונדערט מיט אַ טיפען געפיהל איהר מערקווירדיגע אָפענהערציגקייט און ניט דערשראָקענע איינפאַכקייט. ער האָט געקוקט אויף די אַדרעסען, און זיי ניט געלעזען.

היינטיגען פריהמאָרגען האָבען זיי באַזוכט די סאַנטאַ מאַריאַ נאָוועלאַ, וואו די גרעפין מאַרטען איז שוין אַמאָל געווען צוזאַמען מיט דער מאַדאַם מאַרמע. אָבער מיסס בעל האָט זיי פאָרגעוואָרפען פאַרוואָס זיי האָבען ניט געזעהן די שעהנע זשינערוואַ דע בענטשי, אין אַ פרעסקאָ ביים כאָהר. „איהר מוזט, האָט געזאָגט וויוויאַן, באַזוכען אָט דעם מאָרגענבילד ביי דער מאָרגען־ליכט". בעת די פאָטעסע און טערעזאַ האָבען צוזאַמען גערעדט, האָט דעשאַרט, וואָס איז געווען פאַרנומען מיט מאַדאַם מאַרמע, געדולדיג אויסגעהערט איהרע אַנעקדאָטען וועגען אַקאַדעמיקער, וואָס האָבען געהאַט מאָלצייטען מיט גרויסאַרטיגע דאַמען; דעשאַרט האָט גענומען אַ גרויסען אַנטייל אין איהרע זאָרגען וואָס איז איצט באַשטאַנען אין דעם, וואָס שוין עטליכע טעג ווי זי זוכט אַרום אַ שלייער, אָבער אין פלאָרענץ קאָן זי ניט געפינען אַזאַ, וואָס זאָל זיין פאַסענד פאַר איהר און אַז דעריבער בענקט זי שוין ווירקליך נאָך די געוועלבען פון רו דע באַ.

אַז זיי זיינען אַרויס פון דער קירך זיינען זיי דורכגעגאַנגען פאַר דעם קרעמעל פון שוסטער, וואָס שולעט האָט זיך אויסגעקליבען אַלס זיין מייסטער. דער וואַוילער מענש האָט פונקט פאַרלאַטעט אַ פאָר פויערשע שטיוועל; די גרינע וואַזאָנע איז געשטאַנען נעבען איהם, און דאָס שפערלינגעל מיט׳ן הילצערנעם פיסעל האָט אַרומגעהיפט אַרום איהם.

מאַדאַם מאַרטען האָט געפרעגט דעם זקן אויב ער איז ביים בעסטען געזונד, אויב ער האָט גענוג אַרבייט, כדי צו קענען לעבען דערפון און אויב ער איז צופריעדען. אויף די אַלע פראַגען האָט ער געענטפערט מיט דעם חן׳עווריגען „יאָ" פון די איטאַליענער, מיט אָט דעם „סי" וואָס ער האָט ווייך אַרויסגעזונגען פון זיין מויל

אהן צייהן. דאן האט זי איהם געבעטען דערצעהלען די געשיכטע פון זיין פייגעלע. דאס ארימע באשעפעגישעל האט אמאל ארייג־געשטעקט זיין פיסעל אין קאכעדיגער סמאלע.

— און איך האב מיין קליינעם חבר געמאכט א הילצערנעם פוס פון א צינד־העלצעל און ער קאן איצט ווידער שפרינגען אויף מיין אקסעל פונקט ווי שטענדיג.

—אט דער אלטער גוטער מענש לערנט עס חכמה דעם הערד שולעט, — האט געזאגט מיסס בעל. — אין אטען איז אמאל געווען א שוסטער מיט'ן נאמען סימאן, וואס האט געשריבען פילאזאפישע ביכער און איז געווען א פריינד פון סאקראטעס'ן. איך האב שטענדיג געדענקט, אז שולעט איז עהנליך צו סאקראטעס'ן.

טערעזא האט געבעטען דעם שוסטער, אז ער זאל דערצעהלען ווי ער הייסט און זיין לעבענס־געשיכטע. ער האט זיך גערופען סעראפינא סטאפיני, געבוירען אין סטיא. ער איז שוין געווען זעהר אלט און האט אין זיין לעבען שוין דורכגעמאכט א סך צרות.

ער האט ארויפגערוקט זיינע ברילען אויפ'ן שטערן, ארויס־ווייזענדיג בלויע, זעהר מילדע, כמעט אויסגעלאשענע אויגען אונ־טער זיינע רויטע ברעמען.

—איך האב געהאט אמאל א פרוי, קינדער. אבער איצט זיינען זיי שוין מעהר ניטא. איך האב אמאל געוואוסט מאנכע זאכען, אבער איצט וויים איך זיי ניט מעהר.

מיסס בעל און מאדאם מארמע זיינען אוועקגעגאנגען זוכען א שלייער.

„דער אלטער מאן האט גארניט אויף דער וועלט, האט טערעזא געטראכט, ווי די געצייג מיט וואס ער ארבייט, א האנט מיט טשוועקעס, א צובער, וואו ער ווייקט די לעדער צו מאכען איהר ווייך און א וואזאנע, און דאך איז ער גליקליך."

זי האט צו איהם געזאגט:

— די בלום וואס איהר האט דא דופטעט שוין און באלד וועט זי אנהויבען בליהען.

ער האט געענטפערט:

— ווען די ארימע בלימעל וועט אנהויבען בליהען וועט זי אוועקשטארבען.

דאן איז זי אוועקגעגאנגען, איבערלאָזענדיג אויף זיין טישעל א מטבע. דעשארט האָט איהר באַגלייט. מיט אַן ערנסטען, כמעט שטרענגען טאָן, האָט ער געזאָגט:

— איהר האָט עס געוואוסט?

זי האָט איהם אָנגעקוקט און געוואַרט.

ער האָט פארענדיגט:

— ...אַז איך האָב אייך ליעב.

א מאָמענט האָט זי רוהיג געקוקט אויף איהם מיט איהרע קלאָרע אויגען און איהרע ברעמען האָבען געצוקט. דערנאָך האָט זי געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף יאָ. דאן איז זי אוועק צו מיסס בעל און מאדאם מארמע, וועלכע האָבען אויף איהר געוואַרט ביים ברעג פון גאַס, און ער האָט איהר ניט געפּרואווט צוריקהאַלטען.

## XV.

ווען זי האָט פארלאָזען דעשארט׳ן, האָט טערעזא געגעסען פריהשטיק מיט איהר פריינדין און מאדאם מארמע ביי אַן אַלטע פלאָרענטינער דאמע, וועמען וויטקאָר עמנואל האָט געליעבט ווען ער איז נאָך געווען הערצאָג פון סאוואָי. פאר דרייסיג יאָהר צייט האָט זי קיינמאָל ניט פארלאָזען איהר פאלאַץ אויפ׳ן טייך ארנאָ; געפארבט און געפּודערט, מיט א פּיאָלעטען שייטעל אויפ׳ן קאָפּ איז זי געזעסען אין די גרויסע, ווייסע זאאלען און געשפּיעלט אויף דער גיטארע. צו איהר איז געקומען די הויכע געזעלשאפט פון פלאָרענץ און מיסס בעל פלעגט איהר אָפט באזוכען. ביים עסען האָט אָט די צוריקגעצויגענע זיעבען און אַכציג־יעהריגע דאמע אויסגעפרעגט ביי דער גרעפין מארטען וועגען דער פאריזער עלעגאַנטער וועלט, וועמענס לעבען זי האָט נאָכגעפאָלט אין די צייטונגען און געשפּרעכען מיט אזא פּוסטקייט וואָס איז געוואָרען דערהויבען צוליעב איהר אויסערגעוועהנליכען נייגיער. זייענדיג איינזאם האָט זי נאָך אַלץ פארעהרט און פארגעטערט דעם קולט פון פארגעניגען.

ארויסקומענדיג פון דער פּאַלאַזאָ, כדי אויסצומיידען דעם ווינט, דעם שאַרפען „ליבעטשיאָ“, וואָס האָט געבלאָזען איבער׳ן טייך, האָט מיסס בעל געפיהרט איהרע פריינדינס דורך די אַלטע,

שמאָלע גאַסען, אויסגעשטעלט מיט הייזער פון שוואַרצען שטיין. פון וואַנען עס האָט זיך פּלוצלונג באַוויזען אַ ברייטער האָריזאָנט וואו אַ בערגעל מיט דריי צאַרטע בוימער זיינען געשטאַנען אין דער קלאָרער לופט. ווי זיי זיינען געגאַנגען, האָט וויוויאַן אָנגע־וויזען איהר פריינד אויף שמוציגע געביידען, פון וואַנען עס האָבען אַראָפּגעהאַנגען רויטע שמאַטעס, און אויף די געביידען האָבען זיך געזעהן: עפּעס אַ ווערטפולע סטאַטוע, אַ הייליגע יונגפרוי, אַ ליליע אַ הייליגע קאַטערין אונטער אַ קראַנץ פון בלעטער. זיי האָבען דורכשפּאַצירט די קליינע גאַסען פון דער אַלטער שטאָדט ביז צו דער קירך פון אַר־סאַן־מישעל, וואו עס איז געווען אָפּגעמאַכט אַז זיי זאָלען זיך טרעפעו מיט דעשאַרט׳ן.

טערעזאַ האָט איצט געדענקט וועגען איהם מיט אַ געשפּאַנ־טען אינטערעס. מאַדאַם מאַרמע האָט געטראַכט וועגען געפינען אַ שלייער; מען האָט איהר געגעבען אַ האָפנונג אַז זי וועט עס אפשר קאָנען קריגען אויף דער קאָרסאָ. קלערענדיג וועגען דעם, האָט זי זיך דערמאָנט אָן דער צוטראָגענקייט פון הערר לאַגראַנזש, וואָס האָט אַמאָל, האַלטענדיג אַ רעפעראַט, ארויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ שלייער, וואָס איז געווען אויסגעזעצט מיט גאָלדענע קרעלען און האָט זיך דערמיט געווישט דעם פּנים, האַבענדיג אַ טעות און מיי־נענדיג, אַז דאָס איז אַ טאַשען־טיכעל. זיינע צוהערער זיינען אי־בערראַשט געוואָרען און זיך געשטיקט פון געלעכטער. דאָס איז געווען אַ שלייער, וואָס האָט געהערט צו זיין פּלימעניצע מאַדמוא־זעל זשאַן מישאָ, וועלכע האָט איהם דאָס געגעבען צו האַלטען ווען ער האָט איהר גענומען אין טעאַטער אריין מיט אַן אָווענד פריהער. און מאַדאַם מאַרמע האָט ערקלערט ווי אַזוי, געפינענדיג עס אין דער קעשענע פון זיין אויבער־מאַנטעל, האָט ער עס גענומען צו זיך און געדיינקט עס אָפּצוגעבען צו זיין פּלימעניצע און ווי אַזוי ער האָט, דורך אַ טעות, ארויסגענומען און געטרייסעלט עס פאַר די אויגען פון זיינע צוהערער.

לאַגראַנזש׳ס נאָמען האָט טערעזאַ׳ן דערמאָנט וועגען דעם קאָמעט וועגען וואָס דער געלעהרטער האָט נביאות געזאָגט און זי האָט צו זיך איצט געטראַכט, מיט אַ טרויעריגער איראָניע, אַז איצט איז דאָס די אמת׳ע צייט ווען ער דאַרף קומען און מאַכען

א סוף צו דער וועלט און דערמיט איהר באפרייען פון איהר פאר־לעגענהייט. איבער די טייערע ווענט פון דער אלטער קירך, האט זי געזעהן דעם הימעל, וואס איז געווען אויסגעקעהרט פון דעם ים־ווינט, וואס האט געהאט אין זיך א בלאסע און גרויזאמע בלוי־קייט.

מיסס בעל האט אבער אנגעוויזען אויף איינער פון די בראנ־זענע סטאטועס, וואס זיינען געשטאנען אין דער אויסגעהאקטער וואנט און באצירט די קירך־געביידע.

— זעהט נאר, דארלינג, ווי שטאלץ און יונג עס איז אט דער הייליגער געארג. דער הייליגער געארג פלעגט אמאל זיין א ריטער וועגען וועמען די יונגע מיידלאך פלעגען חלום'ען. און איהר ווייסט דאך וואס דזשוליעט האט אויסגעשריען ווען זי האט דערזעהן ראמעא'ן: „וואס פאר א שעהנער הייליגער געארג!"

אבער דארלינג האט געגלויבט, אז ער האט אויסגעזעהן צו פינקטליך, לאנגווייליג און איינגעשפארט. אין דעם מאמענט האט זי זיך פלוצלונג דערמאנט אן דעם בריף וואס איז ביי איהר געבלי־בען אין טאש.

— איך גלויב, אז אט איז הערר דעשארט, — האט געזאגט די גוטע מאדאם מארמע.

זיי האבען איהם ארומגעזוכט אין דער קירך, נעבען ד'ארקא־גנא'ס אלטאר. ער האט זיך געדארפט דערמאנען וועגען דעם אויסערגעוועהנליכען איינדרוק וואס דער הייליגער געארג פון דא־נאטעללא האט געמאכט אויף מיסס בעל. ער האט אויך באוואונ־דערט אט די באריהמטע פיגור. אבער די קרעפטיגע און פרייע פיגור פון הייליגען מארק האט איהם מעהר צוגעצויגען. זיי וועלען איהם קאנען זעהן אין זיין נישע, אויף לינקס, נעבען דער קליינער גאס, איבערגעשפאנט מיט א מאסיווער טויער־זייל, נעבען דעם אלטען הויז פון די וואל־סארטירער.

ווי זיי האבען זיך דערנעהנטערט צו דער סטאטוע, האט טערע־זא, ביי דעם עק פון דער שמאלער גאס, וואו עס איז געשטאנען דער הייליגער, באמערקט א בריף־קאסטען. דעשארט איז בעת מעשה געשטאנען אזוי, אז ער זאל קאנען זעהן די בעסטע פאזיציע

פון הייליגען מארק,ריידענדיג וועגען איהם ווי וועגען אַן אינטימען פריינד.

— איך גיב איהם שטענדיג אָפּ מיין ערשטען וויזיט, גלייך ווי איך קום נאָך אין פלאָרענץ. בלויז איין מאָל האָב איך פאַרפעהלט. אָבער ער וועט מיר אַנטשולדיגען; ער איז אַן אויסגעצייכענטער מענש. ער ווערט אינגאַנצען ניט ווי געהעריג אָפּגעשאַצט פון דעם גרויסען עולם און ער ציהט ניט צו קיין אויפמערקזאַמקייט. אָבער איך פיהל זיך זעהר גוט אין זיין געזעלשאַפט. ער לעבט. איך פאַרשטעהע פאַרוואָס, נאָכדעם ווי דאָנאַטעללאָ האָט איהם אריינגעגעבען די נשמה, האָט ער צו איהם אויסגעשריען: „מארק, פאַרוואָס רעדסטו ניט?“

מאַדאַם מאַרמע, זייענדיג שוין מיער פון באַוואונדערען דעם הייליגען מארק, פיהלענדיג אין פּנים דעם ליבעטשיאָ ווינד, האָט אַוועקגעשלעפּט מיסס בעל אַז זי זאָל געהן מיט איהר זוכען אַ שלייער אין קאַלזאַיאָלי גאַס.

זיי האָבען זיךביידע דערווייטערט. איבערלאָזענדיג דאַרלינג'ן און דעשאַרט'ן מיט זייערע באַוואונדערונגען. זיי וועלען זיך צוזאַמענטרעפען ביי דער מאַדיסטין.

איך האָב איהם שטענדיג ליעב געהאַט. איך האָב ליעב געהאַט אָט דעם הייליגען מארק ווייל אין איהם האָב איך דערפיהלט נאָך מעהר ווי אין דעם הייליגען געאָרג, די האַנד און די נשמה פון דאָנאַטעלאָ, וואָס איז זיין גאַנצען לעבען געווען אַ גוטער און אָרימער ארבייטער. היינט האָב איך איהם נאָך מעהר ליעב, ווייל ער דערמאָנט מיך, מיט זיין עהרווירדיגע און ריהרענדע אויפריכטיגקייט, יענעם אַלטען שוסטער פון סאַנטאַ־מאַריאַ־נאָוועלאַ, צו וועמען איהר האָט אַזוי זיס גערעדט היינט אין דער פריה.

— אַה! — האָט זי געזאָגט — איך וויים שוין מעהר ניט ווי ער הייסט. איך רוף איהם, מיט שולעט'ן, קווענטין מאַטסים, ווייל ער זעהט אויס ווי די זקנים פון אָט דעם מאָלער.

ווען זיי האָבען זיך אריינגעדרעהט אין ווינקעל פון דער קירך צו זעהן די פּאַסאַדע אַנטקעגנען־איבער דעם הויז פון די וואָל־סאָרטירער, אויף וועמענס גיבעל פון רויטע ציגעל עס איז געהאַנגען די הערַאלדישע לאַנטערנע, האָט זי זיך געפונען ■עבען דעם בריף־

קאסטען, וואָס האָט אויסגעזעהן אזוי שטויביג און פארזשאווערט, אז עס האָט זיך געדוכט ווי א בריף־טרעגער וואָלט גאָר קיינמאָל פון דאַנען די בריף ניט ארויסגענומען. זי האָט דאָרט אראָפּגעלאָזען איהר בריף, באַגלייט פון די שאַרפזיניגע בליקען פון הייליגען מארק.

דעשאַרט האָט איהר דערזעהן און ער האָט דערפיהלט ווי א טעמפּען קלאַפּ אין הארצען. ער האָט פּרובירט ריידען, שמייכלען אָבער די האַנט, מיט די האַנט־שוה, וואָס האָט אריינגעוואָרפען דעם בריף, איז איהם געשטאַנען פאר די אויגען. ער האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט אין דער פריה געזעהן טערעזאַ׳ס בריף אויף דעם פּאָסט־פּלאַטאָ פון פּאָדער־צימער. פארוואָס האָט זי אויך דעם בריף ניט געלייגט צוזאמען מיט די אַנדערע? די אורזאך איז ניט געווען שווער צו טרעפען.

ער איז געבליבען אומבאַוועגליך, פאַרטראַכט, איהר ניט אָנ־קוקענדיג. ער האָט פּרובירט זיך באַרוהיגען: אפשר איז דאָס אַן אומבאַדייטענדער בריף וואָס זי האָט געוואָלט באַהאַלטען פון מאַ־דאַם מאַרמע׳ס דורכדרינגליכער נייגיריגקייט.

— העררר דעשאַרט, עס וואָלט געווען צייט, אז מיר זאָלען געהן באַגעגענען אונזערע פריינד ביי דער מאַדיסטין פון קאָרסאָ.

אפשר האָט זי געשריבען צו מאַדאַם שמאָל, וואָס איז געווען צוריסען מיט מאַדאַם מאַרמע. און גלייך האָט ער זיך געכאַפּט אז זיינע באַהויפּטונגען זיינען זעהר ניט קיין אויסגעהאַלטענע.

עס איז געווען גאַנץ קלאָר. זי האָט געהאַט א געליעבטען. זי האָט צו איהם געשריבען. אפשר האָט זי איהם דאָרט גע־זאָגט: „איך האָב היינט געזעהן דעשאַרט׳ן, דער אָרימער אינגעל איז פאַרליעבט אין מיר“. אָבער צי זי האָט געשריבען דאָס אָדער אַן אַנדער זאַך, האָט זי געהאַט א געליעבטען. ער האָט קיינמאָל ניט געחלום׳ט וועגען אזא זאַך. מיט דעם געדאַנק, אז זי געהערט צו אַן אַנדערן האָט ער פּלוצלונג דערפיהלט א פּיין אין זיין גאַנצען קערפּער און אין זיין גאַנצער נשמה. און די האַנט, אָט דאָס קליי־נע הענטעל, וואָס האָט אראָפּגעלאָזען דעם בריף, איז איהם פאַר־בליבען אין די אויגען און זיי גרוויזאַם געברענט.

זי האָט ניט געקאָנט וויסען פאַרוואָס ער איז פּלוצלונג גע־

וואָרען שטום און טרויעריג. ערשט דעמאָלט, ווען זי האָט איהם גע־
זעהן וואַרפען אַן ענגסטליכען בליק אויפ'ן בריף־קאַסטען, האָט זי
דאָס פאַרשטאַנען. זי האָט געפונען, אַז עס איז זאָנדערבאַר צו
זיין אייפערזיכטיג ווען מען האָט דערצו קיין רעכט ניט; אָבער
זי האָט זיך ניט געבייזערט דערויף.

אָנקומענדיג ביי דער קאַרסאָ האָבען זיי פון דערווייטענס גע־
זעהן מיסס בעל און מאַדאַם מאַרמע, וואָס זיינען אַרויס פון דעם
מאַריסטען־געוועלב.

מיט אַ טאָן, וואָס איז געווען באַפעהלעריש און בקשה'דיג אין
דערזעלביגער צייט, האָט דעשאַרט געזאָגט צו טערעזאַן:

— איך וויל מיט אייך ריידען, איך מוז אייך זעהן אַליין;
זייט מאָרגען, זעקס אַ־זייגער, ביי לונגאַרנאָ אַקטשאַיאָלי.

זי האָט גאָרניט געענטפערט.

XVI.

ווען זי האָט דערגרייכט לונגאַרנאָ אַקטשאַיאָלי, אַרום האַלב
נאָך זעקס, זייענדיג געקליידט אין איהר דיקען אויבער־מאַנטעל,
האָט דעשאַרט איהר באַגריסט מיט אַ נידערגעשלאָגענעם און שטראַ־
לענדען בליק, פון וואָס זי איז געריהרט געוואָרען.

די זון, וואָס האָט זיך געהאַלטען ביים זעצען, האָט פאַרשפרייט
אַ פורפור־פאַרב איבער די אָנגעשוואָלענע וואַסערן פון דער אַרנאָ.
אַ רגע זיינען זיי געווען שטיל. געהענדיג דורך דער מאָנאָטאָנער
ליניע פון פאַלאַצען האָבען זיי זיך געלאָזען צום אַלטען בריק. זי
האָט די ערשטע צו איהם אָנגעהויבען ריידען.

— איהר זעהט, איך בין געקומען. איך האָב געגלויבט, אַז
עס איז מיין פליכט צו קומען. איך פיהל זיך ניט אומשולדיג פון
דעם וואָס דאָ איז געשעהן. איך ווייס עס גאַנץ גוט: איך האָב
געטאָן אַלץ וואָס איז נאָר נויטיג געווען, כדי אַז אייער האַלטונג
צו מיר זאָל זיין דאָס וואָס זי איז איצט. מיין אויפפיהרונג
האָט אייך אַריינגעגעבען געדאַנקען, וואָס וואָלטען אייך אויף אַן אַנ־
דער אופן ניט געווען איינגעפאַלען.

ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט ניט פאַרשטאַ־
נען. זי האָט פאָרטגעזעצט.

— איך בין געווען אַן עגאָאיסט, איך בין געווען אומפאַר־
זיכטיג. איהר זייט מיר געפעלען געוואָרען; אייער גייסט האָט
אפּעלירט צו מיר, איך האָב זיך מעהר ניט געקאָנט באַגעהן אָהן אייך.
איך האָב געטאָן אַלץ וואָס איך האָב געקאָנט כדי אייך צו צוציהען,
כדי אייך צו באַזיצען. איך בין געווען אַ קאָקעטקע... איך בין דאָס
ניט געווען קאַלטערהייט, אָדער מיט פאַלשקייט, אָבער דאָך בין
איך עס געווען.

ער האָט געהויבען מיט קאָפּ, אָפּלייקענענדיג, אַז ער האָט עס
וען עס איז אַן איהר באַמערקט.

— יאָ, איך בין געווען אַ קאָקעטקע. אָבער דאָס איז פונ־
עסטוועגען ניט געווען מיין געוואוינהייט. איך בין עס בלויז געווען
מיט אייך. איך זאָג ניט, אַז איהר האָט דערפון געזוכט צו פּראָפי־
טירען, ווי איהר האָט, איבעריגענס, געהאַט דאָס רעכט דערצו, אָדער
אַז איהר האָט זיך אַ דאַנק דעם אויפגעבלאָזען. איך האָב ניט באַ־
מערקט, אַז איהר זאָלט זיין אייטעל. מעגליך, אַז איהר האָט דער־
פון נאַרניט געזעהן. די העכערע מענשען פעהלט אמאָל אויס דער
טיפערער בליק. אָבער איך ווייס זעהר וואויל, אַז איך בין ניט
געווען דאָס וואָס איך האָב געדאַרפט זיין. און איך בעט פון אייך
ענטשולדיגונג. און אָט פאַרוואָס איך בין געקומען. לאָזען מיר
פאַרבלייבען גוטע פריינד, כל זמן עס איז נאָך צייט.

ער האָט איהר געזאָגט. מיט אַ טרויעריג זאַנפטער שטימע,
אַז ער ליעבט איהר. די ערשטע שעה'ן פון אָט דער ליעבע זיינען
געווען לייכטע און דערקוויקענדע. אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט,
איז געווען איהר צו זעהן און איהר זעהן נאָכאמאָל. אָבער גאָר
שנעל האָט זי איהם צוטומעלט, איהם ארויסגעריסען פון זיך אליין,
איהם צוריסען. זיינע ליידען האָבען אויסגעבראָכען פּלוצלונג און
שטורמיש, אין יענעם טאָג, אויף דער טעראַסע פון פיזעאָל. און איצט
האָט ער שוין מעהר ניט געהאַט דעם מוט צו ליידען און זיך צו
באַרוהיגען. ער האָט געשריען צו איהר נאָך הילף. ער איז ניט
געקומען איצט מיט קיין באַשטימטע פּלענער. אויב ער האָט דער־
צעהלט וועגען זיין ליידענשאַפט איז דאָס געווען ווייל ער האָט זיך

ניט געקאָנט איינהאַלטען, און געגען זיין ווילען, צוליב זיין איבער־מעכטיגען פאַרלאַנג צו ריידען צו איהר און וועגען איהר. ווייל זי איז פאַר איהם געווען דאָס איינציגע וועזען וואָס עקזיסטירט אויף דער וועלט. זיין לעבען איז ניט געווען מעהר אין איהם. זאָל זי עס אַלזאָ וויסען, אַז ער ליעבט זי, ניט מיט יענער מילדער אומ־באַשטימטער ליעבע, נאָר מיט אַ פאַרניכטענדער, גרויזאַמער לייַ־דענשאַפט. ליידער! ער האָט אַ ריכטיגע און פּינקטליכע איינביל־דונגס־קראַפט. ער האָט געוואוסט, ער האָט אָהן אויפהער געזעהן וואָס ער האָט געוואָלט, און דאָס האָט איהם געפּייניגט.

און דאַן האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז צוזאַמען מיט איהר וואָלטען זיי געהאַט אַזוי פיעל פרייד, אַז עס וואָלט זיך געלוינט דורכצולעבען דעם לעבען. דאָס וואָלט געווען אַ שעהנעס און גע־היימעס קונסט־ווערק. זיי וואָלטען געדענקט, זיי וואָלטען פאַר־שטאַנען, זיי וואָלטען געפיהלט צוזאַמען. דאָס וואָלט געווען אַ וואונדערבאַרע וועלט פון געפיהלען און אידעען.

— מיר וואָלטען פאַרוואַנדעלט דעם לעבען אין אַ וואונדער־שעהנעם גאָרטען.

זי האָט זיך געמאַכט ווי זי וואָלט אויסגעטייטשט דעם טרוים אין אַן אומשולדיגען אופן.

— איהר ווייסט ווי געפיהלפול איך בין צו דעם רייץ פון אייער גייסט. עס איז פאַר מיר געוואָרען אַ נויטווענדיגקייט אייך צו זעהן און אייך צו הערען. זייט זיכער מיט מיין פריינדשאַפט און בארוהיגט אייך.

זי האָט איהם געגעבען די האַנט. ער האָט איהר ניט גענומען און איהר אונטערבראָכען:

— איך וויל ניט אייער פריינדשאַפט. איך וויל דאָס ניט. איך מוז אייך האָבען אינגאַנצען אָדער איך וועל אייך מעהר קיינמאָל ניט זעהן. איהר ווייסט דאָס גאַנץ גוט. פאַרוואָס שטרעקט איהר צו מיר אויס די האַנט מיט אַזעלכע שפּאַסיגע ווערטער? צי איהר האָט עס געוואָלט אָדער ניט, האָט איהר געמאַכט, אַז איך זאָל אייך וועלען מיט אַ פאַרצווייפעלטען באַגעהר, מיט אַ שטערבליכען פאַר־לאַנג. איהר זייט געוואָרען מיין לייד און מיין פּיין. און איהר פאַרלאַנגט פון מיר צו זיין אַן אנגענעמער פריינד. ערשט איצט זייט

איהר קאָקעטיש און גרוויזאַם. אויב איהר קאָנט מיך ניט ליעבען, לאָזט מיך אוועק; איך וועל געהן, איך ווייס ניט וואו, אייך צו פאַר־געסען, אייך צו האסען. ווייל איך האָב צו אייך אַ געפיהל פון טיפען האַס און צאָרן. אָ, איך ליעב אייך, איך ליעב אייך!

זי האָט געגלויבט וואָס ער האָט געזאָגט, האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל ניט אוועק און האָט זיך געשראָקען פאַר דעם טרויער און לאַנגווייליגקייט צו לעבען אָהן איהם. זי האָט געזאָגט:

— איך האָב אייך געפונען אין לעבען, איך וויל אייך ניט פאַר־לירען. איך וויל דאַס ניט.

פאַרשעמט און ליידענשאַפטליך האָט ער עפּעס געמורמעלט; זיינע ווערטער האָבען איהם געשטיקט אין האַלז. אַ פינסטערקייט האָט אַראָפּגעשטיגען פון די ווייטע בערג און אין מזרח, איבער דעם באַרג פון סאַן מיניאַטאָ איז אָפּגעשטאָרבען דער לעצטער אָפּשיין פון דער זון. זי האָט ווידער געזאָגט:

— ווען איהר וואָלט געקאָנט מיין לעבען, ווען איהר וואָלט געזעהן ווי ליידיג עס איז געווען איידער איך האָב אייך געקאָנט, וואָלט איהר געוואוסט וואָס איהר זייט פאַר מיר און איהר וואָלט ניט געדענקט וועגען פאַרלאָזען מיך.

אָבער מיט דעם רוהיגען קלאַנג פון איהר שטימע און מיט דער רעגעלמעסיגער באַוועגונג פון איהרע טריט האָט זי איהם אויפ־געדעגט. ער האָט צו איהר אויסגעשריען, אַז ער ליידט, אַז זיינע פאַרלאַנגען ברענען אין איהם; דער איינציגער געדאַנק האָט איהם געפאַנגען און געמאַטערט, שטענדיג און אומעטום, ביינאַכט און ביי־טאָג האָט ער איהר געזעהן, איהר גערופען, אויסגעשטרעקט זיינע אָרעמס צו איהר. ער האָט איהר איצט דערציהלט, די געטליכע קראַנקהייט.

— דעם רייץ פון אייער געדאַנק, די עלעגאַנץ פון אייער מוט, אייער גייסטיגען שטאָלץ אָטעם איך אַריין ווי די פּאַרפומען פון אייער קערפּער. עס דוכט מיר אויס, ווען איהר רעדט, אַז אייער נשמה שוועבט אויף אייערע ליפּען און איך שטאַרב ווייל איך קאָן ניט צודריקען צו זיי מיינע ליפּען. אייער נשמה איז פאַר מיר בלויז דער אויסדרוק פון אייער שעהנקייט. טיעף אין מיר האָבען געמורמעלט די אינסטינקטען פון דעם אור־אַלטען מענשען. איהר

האָט זיי אויפגעוועקט. און איך פיהל, אַז איך ליעב אייך מיט דער איינפאַכקייט פון אַ ווילדען.

זי האָט איהם צערטליך אָנגעקוקט און גאָרניט געענטפערט. אין דעם מאָמענט האָבען זיי געזעהען שטראַלען און געהערט טרויער־ריגע ליעדער, וואָס האָבען זיך דערנעהנטערט צו זיי פון דער פינ־סטערניש. און דערנאָך זיינען פאַר זיי ערשינען, ווי פאַנטאָמען וואָס זיינען געטריבען פון ווינד, בעלי־תשובות אין שווארצען. דאָס זיינען געוועזען די ברידער פון דער „מיזעריקארדיא“, זייערע פּנים'ער פאַרדעקט מיט קאַפּושאַנען, האָבען זיי געהאַלטען זייערע ברענענדע שטורקאַצען און געזונגען פּסוקים פון תהלים. זיי האָבען געטראָגען אַ מת צום בית־עולם. לויט דעם איטאַליעניש מנהג, קומען די לויות פאַר ביי־נאַכט און מען געהט דערביי מיט שנעלע טריט. ביים איינזאַמען האַפען־גאַס האָט זיך באַוויזען דער צלם, די טרונע און בענערם. זשאַק און טערעזאַ האָבען זיך געשטעלט ביי דער וואַנט כדי צו לאָזען דורכגעהן דעם עולם פון פּריסטער, כאָריסטען, די באַגלייטער מיט די פאַרשטעלטע פּנים'ער און אין דער מיט — דעם אומפאַרמיידליכען טויט, וואָס מען באַגריסט קיינמאָל ניט אויף דער תאווה'דיגער ערד.

דער שווארצער שטראָם איז דורכגעגאַנגען. פרויען זיינען נאָכגעלאָפען נאָכ'ן ארון, וואָס איז געפיהרט געוואָרען פון פאַנטאָ־מען מיט גראָבע, אייזערנע שטיוועל.

טערעזאַ האָט אָפּגעזיפצט.

— נאָך וואָס דאַרף מען זיך מאַטערן אויף אונזער ערד?

עס האָט אויסגעזעהען ווי ער וואָלט עס ניט דערהערט און ער האָט אָנגעהויבען מיט אַ רוהיגער שטימע:

— איידער איך האָב אייך געקאָנט בין איך ניט געוועזען אומ־גליקליך. איך האָב ליעב געהאַט דאָס לעבען. איך בין פאַרנומען געוועזען מיט טרוימען און מערקווירדיגקייטען. איך בין ענטציקט געוואָרען פון פאָרמען און פון דעם גייסט פון פאָרמען, אין דער ערשיינונג וואָס צערטעלט און לינדערט. עס איז געוועזען מיין פרייד צו זעהן און טרוימען. איך האָב גענאָסען פון אַלעם און בין געוועזען אָפּהענגיג אָן גאָרנישט. איך בין געבוירען געוואָרען אויף די פליגעל פון מיין אומערזעטליכער נייגיער. איך האָב זיך

פאַראינטערעסירט אין אַלץ און גאָר נישט געוואָלט; מעןליידט בלויז צוליב די פאַרלאַנגען. איצט ווייס איך דאָס. איך בין ניט געוועזן מעלאַנכאָליש גענויגט. איך בין געווען גליקליך ניט וויסענ־דיג עס. אָ! עס איז געווען ווייניג, עס איז געווען בלויז אַזויפיעל וויפיעל מען דאַרף כדי צו לעבען. איצט האָב איך דאָס ניט מעהר. מיינע פאַרגעניגענס, דעם אינטערעס וואָס איך האָב גענומען אין די בילדער פון לעבען און פון דער קונסט, די פרייד פון באַשאַפען מיט מיינע הענט אַ פיגור וואָס איך האָב אויסגעטרוימט — אַט דאָס אַלץ האָט איהר מיר געמאַכט פאַרלירען און מיר אפילו ניט געלאָ־זען קיין באַדויערן. איך וואָלט ניט וועלען מעהר צוריק מיין פרייהייט, מיין אַמאָליגע רוהיגקייט. מיר דוכט זיך אויס, אַז איי־דער איך האָב אייך געזעהן האָב איך גאָר ניט געלעבט. און איצט, ווען איך פיהל, אַז איך לעב, קאָן איך ניט לעבען ניט ווייט פון אייך און ניט נאָהענט פון אייך. איך בין אומגליקליכער פון יענע בעטלער, וואָס מיר האָבען געזעהן אויפ'ן וועג פון עמאַ. זיי האָבען געהאַט לופט צו אָטעמען. און איך, איך קען אָטעמען בלויז אייך, און אייך האָב איך ניט. אָבער פונדעסטוועגען פרעה איך זיך, וואָס איך האָב אייך געטראָפען. דאָס איז אַלץ וואָס שפּיעלט אַ ראָליע אין מיין לעבען. אָט דאָ איצט האָב איך געמיינט, אַז איך האָס אייך. איך האָב זיך גענאַרט. איך פאַרגעטער אייך און איך בענש אייך פאַר דעם שלעכטס וואָס איהר האָט מיר געטאָן. איך האָב ליעב אַלץ וואָס קומט נאָר פון אייך.

זיי האָבען זיך דערנעהנטערט צו די שוואַרצע בוימער, ביים אַריינגאַנג צום פּאָרטאַ־סאַן־ניקאָלאָ. אויף דער אַנדער זייט פון טייך האָט די געגענד אויסגעקוקט פאַרוווירט צוליעב דער פינ־סטערקייט. זעהענדיג איהם צוריק רוהיג און זאַנפט האָט זי גע־גלויבט, אַז זיין ליידענשאַפט, וואָס האָט עקזיסטירט בלויז אין זיין איינבילדונגס־קראַפט, איז אַוועקגעפלויגען מיט די ווערטער און אַז זיינע פאַרלאַנגען זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין חלומות. זי האָט ניט ערוואַרטעט, אַז זיין זעלבסט־אַנטזאָגונג זאָל קומען אַזוי פריה. זי איז כמעט ווי אַנטטוישט געוואָרען וואָס זי האָט זיך גע־ראַטעוועט פון אַ געפאַהר פאַר וועלכער זי האָט זיך געשראָקען.

זי האָט איהם איצט דערלאַנגט די האַנט פעסטער ווי דעם ערשטען מאָל.

— נו שוין, לאָמיר זיין פריינד. עס איז שפעט. לאָמיר צוריק־געהן און פיהרט מיך אָפּ ביז מיין קאַרעטע, וואָס איך האָב געלאָזען אויף דער פּלאַזאַ דעלאַ סינאָריאַ. איך וועל שטענדיג פאַרבלייבען אַ גוטער פריינד צו אייך, פּונקט ווי איך בין עס געווען פריהער.

אָבער ער האָט איהר געפיהרט צום אָפענעם פעלד, ביים ברעג פון טייך, וואָס איז געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר איינזאַם.

— ניין, איך וועל אייך ניט לאָזען אַוועקגעהן ביז וואַנען איך וועל ניט זאָגען וואָס איך האָב אייך געוואָלט זאָגען. אָבער איך קען ניט מעהר ריידען, איך געפין ניט מעהר קיין ווערטער. איך ליעב אייך, איך באַגעהר אייך. איך וויל וויסען, אַז איהר געהערט צו מיר. איך שווער אייך, אַז איך וועל אפילו קיין איין נאַכט ניט פאַרברענגען אין די יסורים פון צווייפעל.

ער האָט איהר אַנגענומען און איהר איינגעשלאָסען אין זיינע אָרעמס. מיט זיין פּנים נאָהענט צו איהרען האָט ער מיט אַ דורכ־דרינגענדען בליק אַריינגעקוקט דורך איהר שלייער טיעף אין איהרע אויגען.

— איהר מוזט מיך ליעבען! איך וויל דאָס און איהר האָט עס אויך געוואָלט. זאָגט, אַז איהר געהערט צו מיר. זאָגט עס!

זיך באַפרייענדיג מיט געלאַסענקייט פון זיינע אָרעמס, האָט זי געענטפערט מיט אַ שוואַכער און לאַנגזאַמער שטימע:

— איך קאָן ניט, איך קאָן ניט. איהר זעהט דאָך אַז איך האַנ־דעל מיט אייך אָפענהערציג. איך האָב אייך ערשט ניט לאַנג גע־זאָגט, אַז איהר האָט מיך ניט געערגערט. אָבער איך קאָן ניט טאָן דאָס וואָס איהר ווילט.

און דענקענדיג וועגען דעם אָפּוועזענדען ליעבהאָבער וואָס ער־וואַרטעט איהר, האָט זי ווידערהאָלט:

— איך קאָן ניט.

אָנגעלעהנט אויף איהר, האָט ער מיט אַנגסט געוואָלט דערגעהן פון איהר בליק, וואָס זי האָט אַראָפּגעלאָזען צו דער ערד.

— פאַרוואָס? איהר ליעבט מיך, איך פיהל עס, איך זעה

עס. איהר ליעבט מיך. פארוואס זאלט איהר מיך מאטערן דער־
מיט וואס איהר ווילט ניט זיין מיינע?

ער האט איהר צוגעצויגען צו זיין הארץ, וועלענדיג באריהרען מיט זיין מויל און נשמה איהרע ליפען אוטערן שלייער. דאס מאל האט זי זיך שנעל און אנטשיידען צוריקגעצויגען און געזאגט:

— איך קאן ניט. פרעגט מיך ניט מעהר. איך קאן צו אייך ניט געהערען.

זיינע ליפען האבען אנגעהויבען ציטערן. זיין גאנצער פנים איז געווען אין קאנוואולסיעס. ער האט צו איהר אויסגעשריען:

— איהר האט א געליבטען און איהר ליעבט איהם. פארוואס האט איהר געשפאסט פון מיר?

— איך שווער אייך, אז איך האב קיינמאל ניט געהאט דעם פארלאנג פון אייך צו שפאסען, און אויב איך האב ווען עס איז עמיצען אויף דער וועלט ליעב געהאט, איז דאס אייך.

אבער ער האט איהר מעהר ניט אויסגעהערט:

— לאזט מיך! לאזט מיך!

און ער איז אנטלאפען אין דער פינסטערניש. די ארנא איז איצט ארוים איבער די ברעגעס ביז צו די לאנקעס. דאס וואסער איז דארט געלעגען אין פלאכע שיכטען און די האלב־פארדעקטע לבנה האט דערויף געווארפען איהר פארצוויגנע ליכט. ער איז געלאפען שנעל, בלינד און שטורמיש איבער דער בלאטיגער, זומפי־גער געגענד.

זי האט דערשראקען און ארויסגעלאזען א געוואלד.

זי האט איהם גערופען, אבער ער האט ניט אומגעדרעהט דעם קאפ און האט ניט געענטפערט. ער איז געלאפען מיט א מורא־דיגער רוהיגקייט. זי איז איהם נאכגעלאפען. איהרע פיס צוקלאפט פון די שטיינער, איהר קלייד שווער פון וואסער האט זי איהם דער־יאגט און איהם צוגעצויגען צו זיך:

— וואס זייט איהר געגאנגען טאן?

ווען ער האט איהר אנגעקוקט, האט ער דערזעהן אין איהרע אויגען דעם שרעק וואס זי האט דורכגעלעבט און איהר געזאגט:

— שרעקט זיך ניט, איך האב גאר ניט געזעהן וואו איך בין געגאנגען. איך פארזיכער אייך, אז איך האב ניט געזוכט צו שטאר־

בען. אָ! זייט זיכער! איך בין פאַרצווייפעלט, אָבער איך בין זעהר רוהיג. איך בין פון אייך אַנטלאָפען. איך בעט אייך מיר צו אַנטשולדיגען. אָבער איך האָב מעהר ניט געקאָנט. ניין, איך האָב מעהר אייך ניט געקאָנט זעהן. לאָזט מיך, איך בעט אייך, זייט געזונט!

שוואַך און אין גרויסער צוטומלעניש האָט זי געענטפערט:

— קומט, מיר וועלען טאָן וואָס מיר וועלען קענען.

אָבער ער איז פאַרבליבען טרויעריג און ניט גערעדט.

זי האָט ווידערהאָלט:

— נו שוין, קומט!

זי האָט איהם גענומען ביים אָרעם. די צערטליכע באַריהרונג פון איהר האַנט האָט איהם אויפגעלעבט. ער האָט איהר געזאָגט:

— דו ווילסט?

— איך וויל אייך ניט פאַרלירען.

— איהר פאַרשפּרעכט מיר?

— איך מוז.

און אין איהר אומרוהיגקייט און אַנגסט האָט זי כמעט ווי געשמייכעלט קלערענדיג יוו שנעל איהם איז געלונגען צוליעב זיין ווילדקייט.

ער האָט איהר געזאָגט:

— מאָרגען!

זי האָט לעבהאַפט, מיט אַ געפיהל פון זעלבסט־פאַרטיידיגונג געענטפערט:

— אָ, ניין, מאָרגען ניט!

— איהר ליעבט מיך ניט; איהר באַדויערט וואָס איהר האָט מיר פאַרשפּראָכען.

— ניין, איך באַדויער ניט, אָבער...

ער האָט איהר געבעטען, מיט אונטערטעניגע בקשות.

זי האָט איהם אַ רגע אָנגעקוקט, אַוועקגעדרעהט דעם קאָפּ, גע־צעגערט און דאַן געזאָגט זעהר שטיל:

— שבת.

## XVII.

נאָכ'ן מיטאָג־עסען האָט מיסס בעל געמאָלען אין סאַלאָן. זי האָט געצייכענט אויף קאַנווע פּראָפילען פון עטרוסקער מיט בערד, פאַר אַ קישעלע וואָס מאַדאַם מאַרמע האָט געאַדרפט אויסשטיקען. פרינץ אַלבערטינעלי האָט אויסגעקליבען די וואָל מיט אַ פרויען־געפיהל פאַר ניואַנסען. עס איז שוין געווען נאַכט ווען שולעט האָט זיך באַוויזען. ער האָט, ווי געוועהליך, געשפּיעלט אין קאָרטען מיט'ן קוכער פון אַ רעסטאָראַן. ער איז אַריינגעקומען פרעהלאַך און גייסטרייך ווי אַ גאָט. ער איז אַוועק זיך זעצען אויף דער קאַנאַפּע, נעבען מאַדאַם מאַרטען, און איהר צערטליך אָנגעקוקט. זיינע גרינע אויגען האָבען געגלאַנצט פון תאוה. ריידענדיג צו איהר, האָט ער איהר ווי אַרומגערינגעלט מיט פּאָעטישע און פאַרבען־רייכע ליוב־געזאַנגען. עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט פאַרפאַסט אַ ליעבעס־ליעד אין איהר עהרע. אין קורצע, אָפּגעהאַקטע און זאַנדערבאַרע פראַזען האָט ער איהר ערקלערט, וועגען דעם רייץ וואָס זי רופט אַרויס.

זי האָט געקלערט:

— ער אויך!

און זי האָט זיך אונטערהאַלטען, וויצלענדיג זיך מיט איהם. האָט ער ניט אַמאָל אַנטדעקט אין יענע נידעריגע קוואַרטאַלען איינעם פון יענע פערזאָנען וועמענס געזעלשאַפט עס איז פאַר איהם געווען צום אָנגענעמסטען, האָט זי געפרעגט. עס איז געווען איבעריג פאַר איהם דאָס אָפּצולייקענען. יעדער איינער האָט געוואוסט וואו ער האָט געפונען דעם שטריקעל פון זיין דריטען אָרדער. זיינע פריינד האָבען איהם געזעהן אויפ'ן בולוואַר סאַן מישעל מיט גאַסען־פרויען. און זיין נייגונג צו אָט די אומגליקליכע באַשעפעניסען האָט מען געקאַנט זעהן אין זיינע שענסטע פּאָעמען.

— אַ! הערר שולעט, אויף וויפיעל איך קאָן אורטיילען, זיינען זיי זעהר שלעכטע מענשען, אייערע ליעבלינגס.

ער האָט פייערליך געענטפערט:

— מאַדאַם, איהר קאָנט אויפקלייבען די זריעה פון פאַרלוימדונגען וואָס הערר פּאָול וואַנס האָט פאַרזעעט און עס מיר וואַרפען

אין פּנים אריין. איך וועל מיך ניט פאַרטיידיגען. עס איז ניט נויטיג, אז איהר זאָלט וויסען, אז איך בין צניעות'דיג און אז איך האָב א ריינע נשמה. אָבער איהר דאַרפט ניט אורטיילען מיט לייכטקייט אָט יענע, וועמען איהר רופט אָן אומגליקליכע און וואָס יואָלטען פאַר אייך געדאַרפט זיין הייליג, ווייל זיי זיינען אומגליק־ליך. די פאַראַכטעטע און פאַרלאָרענע טאָכטער איז דאָס בויגיגע ליים אין די הענט פון דעם טעפּער: דאָס איז דער קרבן חטאת אויפ'ן מזבח. די פּראָסטיטוטקעס שטעהען נעהענטער צו גאָט ווי די עהרליכע פרויען: זיי האָבען פאַרלאָרען זייער פוסטען שטאָלץ. זיי באַשיינען זיך ניט מיט יענע פוסטע נישטיגקייטען מיט וואָס די מאַטראָנע פאַרעהרט זיך. זיי באַזיצען די נידערגעשלאָגענקייט, וואָס איז דער גרונט־שטיין פון די הימלישע טוגענדען. נאָך א ביסעל תשובה טאָן וועלען זיי זיין די ערשטע אריינצוקומען אין קעניגרייך פון הימעל; ווארים זייערע זינה, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרען אָהן בייזוויליגקייט און אָהן פרייד, טראָגען אין זיך אליין אויסלייזונג און מחילה. דערפאַר ווייל זייערע פעהלערן זיינען ליידען, האָבען זיי די גונסט פון אלע ליידענדע. זייענדיג שקלאַ־פען צו דער ברוטאַלער ליעבע, זיינען זיי דערמיט אָפּגעשיידט פון אלע תאוות און זיינען גלייך דערמיט צו די מענער וואָס זיינען גע־בליבען פּרושים כדי צו דערגרייכען דעם קעניגרייך פון גאָט. זיי זיינען שולדיג פונקט ווי מיר אלע, אָבער די שאַנדע פליסט אויף זייער פאַרברעכען ווי א באַלזאַם, דורך די ליידען ווערען זיי געלוי־טערט ווי דורך גליהענדע קויהלען. און דערפאַר וועט גאָט זיך צו־הערען צום ערשטען בליק וואָס זיי וועלען נאָר אויפהויבען צו איהם. א טראָן איז צוגעגרייט פאַר זיי ביי דער רעכטער זייט פון הייליגען פאָטער. אין דעם קעניגרייך פון גאָט וועט די קעניגין און קייזערין זיין גליקליך צו זיצען ביי די פיס פון דער בלאָנדזשענדער גאַסען־פרוי. ווארים איהר זאָלט ניט גלויבען, אז דאָס הימלישע הויז איז איינגעאָרדענט לויט א מענשליכען פּלאַן. עס איז דאָרט דורכאויס פאַרשיידען, מאַדאַם.

ער האָט פונדעסטוועגען צוגעגעבען אז עס איז דאָ מעהר ווי איין וועג וואָס פיהרט צו דער ערלייזונג. מען וואָלט געקאָנט נאָכ־פאָלגען דעם וועג פון ליעבע.

— די ליבע פון מענער איז נידעריג, — האָט ער געזאָגט; — עס איז א וועג פון שטיינער און דערנער, אָבער ער פיהרט צו גאָט.

דער פרינץ האָט זיך אויפגעשטעלט. קושענדיג מיסס בעל'ס האנט, האָט ער געזאָגט:

— ביז שבת.

— יאָ, ביז איבערמאָרגען, ביז שבת, — האָט ווידערהאָלט וויוויאַן.

טערעזא האָט א ציטער געטאָן. שבת! זיי האָבען גערעדט וועגען שבת מיט אזא רוהיגקייט, ווי פון א געוועהנליכען טאָג וואָס דארף אָנקומען. ביז איצט האָט זי ניט געוואָלט גלויבען, אז דער שבת וועט קומען אזוי שנעל און אזוי נאַטירליך.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז שוין אוועק א האלבע שעה צייט זינט מען איז זיך צוגאנגען. טערעזא איז געלעגען אין בעט, מיעד און אומעטיג בעת זי האָט געהערט א קלאַפּ אין איהר שלאָף־צימער. דערנאָך האָט זיך די טיר געעפענט און וויוויאַנ'ס קליינער קאָפּ האָט זיך באַוויזען צווישען די גרויסע ציטראָנען בוימער פון פּאַרטיער.

— שטער איך אייך, דארלינג? זייט איהר שלעפעריג?

ניין, דארלינג איז ניט געוועזן שלעפעריג. זי האָט זיך אויפגעזעצט אויף איהר עלענבויגען. וויוויאַן האָט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן בעט, אזוי לייכט, אז זי האָט עס גאָר ניט איינגעקנייטשט.

— דארלינג, איך וויים אז איהר האָט זעהר א געזונטען פאַר־שטאנד. אָ, איך בין זיכער וועגען דעם! איהר זייט אזוי פאַר־שטענדניספול פונקט ווי הערר סאדלער, דער וויאָליניסט, איז מו־זיקאליש. און אויך איהר, ווען איהר באגעהט אמאָל א פעהלער, איז דאָס ווייל איהר שעפּט דערפון א פארגעניגען פון א ווירטואָז. אָ, דארלינג! איהר האָט א סך פארשטאנד און אורטיילס־קראפט, און איך וויל אייך פרעגען אן עצה.

איבעררואשט און א ביסעל באאומרוהיגט האָט טערעזא זיך פּאַרטיידיגט אז זי האָט ניט קיין פאַרשטענדניס. זי האָט זיך פאַר־טיידיגט מיט אויפריכטיגקייט. אָבער וויוויאַן האָט איהר ניט אויס־געהערט.

— איך האָב א סך געלעזען פראנסוא ראבעלע, מיין ליעבסטע.

לעזענדיג ראַבעלע און ווילאָן האָב איך זיך אויסגעלערנט פראַנצוי־זיש. זיי זיינען די בעסטע גוטע מייסטערס פון דער שפּראַך. אָבער, דאַרלינג, קאָנסט איהר דעם „פּאַנטאַגרועל״? אָ! דער „פּאַנטאַגרועל״ איז אַ שעהנע און עדעלע שטאָדט. פול מיט פּאַלאַצען, גלענ־צענד אין דער מאָרגענ־רויטקייט, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די גאַסען קעהרער זיינען נאָך ניט אָנגעקומען אַפּצוריינינגען די שמוץ און די דיענסטען האָבען נאָך ניט אָפּגעוואַשען די מאַרמאָרנע טראָ־טואַרען. און איך האָב באַמערקט, אַז פראַנצויזישע דאַמען לע־זען ניט „פּאַנטאַגרועל״. איהר ווייסט עס ניט? ניין? אָ, דאָס איז קיין אונטערשיעד ניט. אין „פּאַנטאַגרועל״. פרעגט פּאַנורזש אויב ער זאָל חתונה האָבען, און ער קוקט דאָרט אוים לעבערליך, מיין ליעבסטע. נו, און איך בין אַזוי לעבערליך, ווי ער, ווייל איך פרעג דיר די זעלבע פראַגע.

טערעזאַ האָט געענטפערט מיט אַ נעצוואונגעקייט, וואָס זי האָט ניט געקענט באַהאַלטען:

— אָ, וועגען דעם, מיין טייערע, פרעגט מיך ניט. איך האָב אייך שוין געזאָגט מיין מיינונג.

— אָבער, דאַרלינג, איהר האָט בלויז געזאָגט, אַז די מענער באַגעהען אַן אומרעכט ווען זיי הייראַטען. איך קאָן דערפון ניט אָנ־ווענדען יענע עצה אויף זיך.

מאַדאַם מאַרטען האָט אָנגעקוקט דעם קליינעם אינגלישען קע־פּעל פון מיסס בעל, וואָס האָט אויף אַ זאָנדערבאַרען אופן אויסגע־דריקט די שעמעוודיגקייט פון ליעבע.

קושענדיג איהר האָט זי געזאָגט:

— טייערע, עס איז גאָר ניטאָ אַזאַ מאַן אויף דער וועלט וואָס זאָל זיין געננוג עדעל און רייצענד פאַר דיר.

דאַן האָט זי ערנסט און צערטליך פאָרטגעזעצט:

— איהר זיינט ניט קיין קינד: אויב איהר ליעבט און איהר זוערט געליעבט — טוט דאָס וואָס איהר דיינקט אַז עס איז אייער פליכט צו טאָן. מישט ניט אוים די ליעבע מיט מאַטעריעלע אינ־טערעסען וואָס האָבען גאַרניט צו טאָן מיט געפיהלען. דאָס איז די עצה פון אַ פריינדין.

מיסס בעל האָט פאַר אַ ווייל ניט געקאָנט פאַרשטעהן. דער־

נאָך איז זי רויט געוואָרען און זיך אויפגעשטעלט. זי איז געווען שאָקירט.

## XVIII.

שבת, ארום פיער א־זייגער, איז טערעזא געגאנגען, ווי זי האָט פארשפראָכען, צום ענגלישען בית־עולם. פאר׳ן טויער האָט זי גע־טראָפען דעשארט׳ן, וועלכער איז געווען ערנסט און צוטומעלט, ער האָט קוים גערעדט. זי איז געווען צופרידען, וואָס ער האָט ניט ארויסגעוויזען קיין פרייד. ער האָט זי געפיהרט פארביי די לאנגע פאראיינזאמטע ווענט פון בית עולם, ביז צו א שמאָלער געסעל וואָס איז איהר געווען אומבאקאנט. זי האָט געלעזען אויף אן אויפשריפט: „וויא אלפיערי“. נאָכדעם ווי זיי זיינען דאָרט געגאנגען עטליכע שריט, האָט ער זיך אָפגעשטעלט פאר א טונקעלען ארייננאנג.

— דאָ איז עס, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט אן אומענדליכען טרויער.

— איהר ווילט, אז איך זאָל ארייגעהן?

זי האָט געזעהן, אז ער איז אנטשלאָסען, און זי האָט איהם נאָכגעפאָלגט אין פייכטען שאָטען פון דעם דורכגאנג, גאָר נישט רע־דענדיג. ער האָט דורכגעשפרייזט א הויף וואָס איז געווען באוואק־סען מיט גראָז. ביי דער ענדע איז געווען א קליין הייזעל מיט דריי פענסטער, מיט זיילען און א ציערגיבעל, וואָס איז געווען באפוצט מיט צינען און גימפען. אויף דער מיט מאָך באוואקסענער טיר האָט ער לאנגזאם, מיט א גרילצענדען קלאנג איבערגעדרעהט דעם שליסעל אין שלאָס. ער האָט געמורמעלט:

— עס איז פארזשאווערט.

— אלע שלעסער זיינען פארזשאווערט דאָ אין לאנד — האָט זי געענטפערט מעכאניש.

זיי זיינען ארויף די שטיגען, וואָס זיינען געווען אזוי רוהיג הינטער זייערע גריכישע לייסטען, אז עס האָט אויסגעזעהן ווי זיי וואָלטען געהאט פארגעסען דעם קלאנג פון פוס־טריט. ער האָט געעפענט א טיר און דאָרט ארייגעפיהרט טערעזא׳ן אין א צימער.

ניט אָנקוקענדיג עס, איז זי געגאַנגען גלייך צום אָפענעם פענסטער וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויפ'ן בית־עולם. איבער דער וואַנט האָבען זיך אויפגעהויבען די שפּיצען פון די סאַסנעס, וואָס זיינען ניט קיין סימן פון טרויער אין אָט דעם לאַנד וואו דער טרויער מישט זיך אוים מיט דער פרייד, ניט שטערענדיג איהר, און וואו די זאַנפט־קייט פון לעבען שפּרייט זיך אויס אַפילו אויף דעם גראָז פון די טויטע. ער האָט איהר אָנגענומען ביי דער האַנט און איהר צוגע־פיהרט צו אַ פּאָטעל. זי איז געבליבען שטעהן, אַרומקוקענדיג זיך אויפ'ן צימער, וואָס ער האָט איינגעאָרדענט אַזוי, אַז זי זאָל זיך פיהלען אין דער היים. עטליכע אַלטע קאָליקאָ־בילדער האָבען פאַר־געשטעלט אויף די ווענט די מעלאַנכאָלישע אַנטציקונג פון אַמאָ־ליגע פאַרגעניגענס. אין איין ווינקעל האָט ער אויפגעהאַנגען אַן אָפּגעמעקטען פּאַסטעל, וואָס זיי האָבען אַמאָלביידע געזעהן ביי אַן אַנטיקוואַר און וואָס זי האָט דעמאָלט אַ נאָמען געגעבען „דער שאָטען פון ראָזאַלבאַ", צוליב דעם חן וואָס האַלט ביים פאַרשווינ־דען. אַ פּאָטער־שטוהל און ווייסע שטוהלען. אויף דעם קליינעם טישעל זיינען געשטאַנען געמאָלענע שאָלען, און ווענעציאַנישע גלאָז. אין אַלע ווינקעלאַך זיינען געווען שייד־ווענטלאַך פון קאָליר־טע פּאַפּיר, באַמאָלען מיט מאַסקען, גראָטעסקע פיגורען און שאָף־שטעלער, וואָס האָט פאַרגעשטעלט דאָס לוסטיגע לעבען פון פלאָ־רענץ, באָלאָגנאַ און ווענעדיג, אין די טעג פון די גרויס־הערצאָגען און די לעצטע דאָזשען. זי האָט באַמערקט, אַז ער האָט פאַרזיכטיג באַהאַלטען דאָס בעט הינטער איינער פון אָט די לוסטיג־באַמאָלענע שייד־ווענטלאַך. אַ שפּיגעל, און דיוואַנען — דאָס איז געווען אַלץ. ער האָט ניט געוואַגט מעהר איינצוקויפען אין אַ שטאָדט, וואו די ביטערע סוחרים פלעגען איהם נאָכשפּיאָנירען אויפ'ן טריט.

ער האָט פאַרמאַכט דעם פענסטער און אָנגעצונדען פייער. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אין דעם פּאָטעל, און בעת זי איז דאָרט געזעסען אַ ביסעל שטייף, האָט ער געקניהט פאַר איהר, גענומען איהרע הענט, זיי געקושט און לאַנג אויף איהר געקוקט מיט אַ שטאָלצער און דאָך שרעקענדיגער באַוואונדערונג. דאַן האָט ער זיך אויסגעבויגען און געקושט דעם שפּיץ פון איהר שוך.

— וואָס טוט איהר?

— איך קוש אייערע פיס וואָס זיינען געקומען.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, איהר זאכט צוגעצויגען צו זיך, זו־כענדיג איהרע ליפּען און איהר א לאַנגען קוש געגעבען. זי איז גע־בליבען אומבאוועגליך, דעם קאָפּ פארוואָרפען, די אויגען פארמאכט, איהר קליין היטעלע איז אראָפּגעפאַלען, און איהרע האָר האָבען זיך צולאָזט.

זי האָט זיך איבערגעגעבען אָהן א ווידערשטאַנד.

צוויי שעה שפּעטער, ווען די זון האָט זיך געהאַלטען ביים זעצען און האָט פארשפּרייט איהרע שטראַלען אויף די טראָ־טוארען, האָט טערעזא, וואָס האָט פארלאַנגט צו געהן אהיים אליין, זיך געפונען אין פראָנט פון די צוויי אָבעליסקען פון דער סאַנטא־מאריא־נאָוועלא, אליין ניט וויסענדיג ווי אזוי זי האָט עס געקאָנט אהין קומען. ביי דעם ווינקעל פון דעם ברייטען פּלאַץ האָט זי געזעהן דעם אלטען שוסטער, ציהענדיג די דראָטווע אין דעמזעלבען מאָנאָטאָנעם אופן. ער האָט געשמייכעלט האָבענדיג זיין פויגעלע אויפ׳ן אקסעל.

זי איז אריין אין זיין קרעמעל און האָט זיך דאָרט אוועקגע־זעצט אויף א בענקעל און האָט געזאָגט אין פראנצויזיש:

— קוועגטען מאַטסים, מיין פריינד, וואָס האָב איך געטאָן און וואָס וועט ווערען פון מיר?

ער האָט רוהיג געקוקט אויף איהר, מיט א לאַבענדער גוטס־קייט; ער האָט ניט פארשטאַנען און זיך ניט באַאומרוהיגט. קיין שום זאך האָט איהם ניט פארוואונדערט. זי האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— וואָס איך האָב געטאָן, מיין גוטער קוועגטען, איז געווען ווייל ער האָט געליטען און איך האָב איהם געליעבט. איך באַדויער עס ניט.

אויף וואָס ער האָט געענטפערט, ווי זיין שטייגער איז געווען, מיט זיין קלאַנגרייכען איטאַליענישען „יאָ“:

— סי! סי!

— ניט אמת, קוועגטען, אז איך האָב קיין שום שלעכטס ניט געטאָן? אָבער וואָס וועט איצט געשעהן, מיין גאָט?

זי האָט געוואָלט אוועקגעהן, אָבער ער האָט איהר געגעבען א

טימן, אז זי זאָל בלייבען א מינוט. ער האָט פּאָרזיכטיג אפּגעריסען א צווייגעל פון דער וואַזאַנע און איהר עס געגעבען.

— פאַר דעם גוטען ריח, סיניאָרא!

## XIX.

עס איז געווען אויף צו־מאָרגענס.

מאַדאַם מארטען איז געזעסען ביים פענסטער און געלעזען. שולעט האָט איהר באַגריסט, האָבענדיג פריהער זאַכט ארויפגעלעגט אויפ׳ן טיש זיין סענקעוואַטען שטעקען, זיין ליולקע און זיין אור־אַלטען געשטיקטען רייזע־טאַש. ער איז געפאָהרען נאָך אסיסי. ער איז געווען אַנגעטאַן אין א פעלצעל פון ציגענע פעל און האָט אויסגעזעהן ווי די אַלטע פּאַסטוכער פון אַלטערטום.

— זייט געזונט, מאַדאַם. איך פאַרלאָז פיזעאָל, אייך, דער־שארט׳ן, דעם צו־שעהנעם פּרינץ אַלבערטינעלי, און יענע רייצענ־דע אַנעריין, די מיסס בעל. איך געה באַזוכען דעם בארג פון אסיסי, וואָס מען דארף, זאָגט דער פּאָעט, פון היינט אָן אָנרופען ניט מעהר אסיסי, נאָר אָריענט, ווייל פון דאָרט האָט אויפגעשיינט די זון פון ליעבע. איך וועל אַנידערקניהען פאַר דעם גליקליכען קבר, אויף וועמענס גרונט עס רוהט, נאַקעט, דער הייליגער פראַנציס, ארום און ארום מיט שטיין, און מיט א שטיין פאַר א קאָפּ־קישעלע. וואָרים ער האָט אפילו ניט געוואָלט מיטנעמען קיין תכריכים פון אָט דער וועלט, צו וועלכער ער האָט אַנטדעקט דעם סוד פון אמת׳ן גליק און פון אמת׳ר גוטסקייט.

— זייט געזונט, הערר שולעט. ברענגט מיר א מעדאַליאָן פון דער הייליגער קלאַרא. איך האָב זעהר ליעב די הייליגע קלאַרא.

— און איהר האָט רעכט, מאַדאַם. דאָס איז געווען א דאמע פול מיט קראַפט און פאָרזיכטיגקייט. ווען דער הייליגער פראַנציס, זייענדיג קראַנק און במעט בלינד, איז געקומען זיך אויפהאַלטען עטליכע טאָג ביי זיין פריינדין אין סאַן דאַמיאַנאָ, האָט זי איהם מיט איהרע אייגענע הענט אויפגעבויט א געצעלט אין איהר גאָרטען. ער האָט זיך דערפרעהט. א פיינליכער טרויער און א שטעכונג אויף זיינע אויגען־הייטלעך האָט איהם ניט געלאָזען שלאָפען. א

גאַנצע מחנה ריעזיגע ראַטען זיינען געקומען ביי־נאַכט און איהם באַפאַלען. אָט דעמאָלט האָט ער פאַרפאַסט אַ לויב־ליעד אין וועלבער ער האָט געבענשט די גלענצענדע שוועסטער, די זון, און אונזער שוועסטער, דאָס וואַסער, וואָס איז צנועה׳דיג, נוצליך און ריין. מיינע שענסטע פערזען, אַפילו די פון „פאַרמאַכטען גאָרטען“, האָבען אין זיך אומפאַרמיידליכען רייץ און נאַטירליכען גלאַנץ. און עס איז רעכט וואָס עס איז אַזוי, ווייל די נשמה פון הייליגען פראַנציס איז געווען פיעל שענער פון מיינע. כאָטש איך בין בעסער פאַר אירגענד וועמען פון מיינע צייט־גענאָסען, וואָס איך האָב געהאַט די עהרע צו קענען, בין איך דאָך גאָר נישט ווערט. ווען פראַנציס האָט פאַרפאַסט זיין געזאַנג צו דער זון, איז ער געווען זעהר צופריעדען. ער האָט געטראַכט: מיינע ברידער און איך וועלען געהן אירבער די שטעדט און שפּילען אויף אונזערע לוטס, אויף די מערק, בעת די יאַרידען. ווען גוטע מענשען וועלען זיך דערנעהנטערן צו אונז וועלען מיר זאָגען: מיר זיינען די קלעזמער פון גאָט און מיר נעהמען אייך זינגען אַ ליעד. אויב איהר וועט זיין דערפון צופריעדען וועט איהר אונז דערפאַר געבען אַ באַלוינונג.“ און דער עולם וועט פאַרשפּרעכען. און ווען מיר וועלען האָבען אָפּגעזונגען וועלען מיר זיי דערמאָנען אָן זייער פאַרשפּרעכען. מיר וועלען זיי זאָגען: „איהר זענט אונז שולדיג אַ באַלוינונג, און די באַלוינונג וואָס מיר פאָדערן פון אייך איז, אַז איהר זאָלט ליעב האָבען איינער דעם אַנדערן.“ און זיי וועלען דאָך אָהן ספק וועלען האַלטען זייער וואָרט און ניט באַגעהן קיין עולה קעגען די אָרימע קלעזמער פון גאָט, און זיי וועלען שוין ניט טאָן קיין שלעכטס איינער דעם אַנדערן.

מאַדאַם מאַרטען האָט געגלויבט, אַז דער הייליגער פראַנציס איז געווען דער ליבענסווירדיגסטער צווישען די הייליגע.

— זיין אַרבייט, — האָט פאַרגעזעצט שולעט — איז צושטערט געוואָרען בעת ער איז נאָך געווען ביים לעבען. אָבער פונדעסטוועגען איז ער געשטאָרבען גליקליך, ווייל ער האָט געהאַט א י ן ז י ך די פרייד און ערנידריגונג. ער איז באמת געווען דער זיסער זינגער פון גאָט, און עס פּאַסט זיך, אַז אַן אַנדער אָרימער דיכטער זאָל אויפנעמען זיין אַרבייט און לערנען דער וועלט די אמת׳ע רעליגיאָן און די אמת׳ע פרייד. און אָט דער פּאָעט וועט זיין — א י ך,

מאַדאַם, אויב איך וועל נאָר קאָנען פאַרטרייבן פון זיך דעם שטאָלץ און דעם פאַרשטאַנד. וואָרים די גאַנצע מאָראַלישע שעהנקייט איז דער רעזולטאַט פון אָט דער אומפאַרשטענדליכער וויזהייט, וואָס קומט פון גאָט און זעהט אויס ווי משוגעת.

— איך וועל אייך ניט אַנטמוטיגען, האָט שולעט. אָבער איך בין באַאומרוהיגט וועגן דעם גורל וואָס וועט טרעפען די אָרימע פרויען אין אייער געזעלשאַפט. איהר וועט זיי אַלע פאַרשליסען אין קלויסטערס.

— איך גיב צו, — האָט געענטפערט שולעט, — אַז וואָס ס'איז שייך מיינע רעפאָרמאַציאָנס־פּלענער בין איך צוליב זיי אין אַ גרויסער פאַרלעגענהייט. די געוואַלדיגקייט, מיט וועלכער מען ליעבט זיי, איז ביטער און שלעכט. דער פאַרגעניגען, וואָס זיי גיבען, איז ניט קיין פרידליכער און פיהרט ניט צו פרייד. איך בין צוליב זיי באַגאַנגען, אין מיין לעבען, צוויי אָדער דריי אָפּשייליכע פאַרברעכענס, וואָס קיינער וויים ניט. איך צווייפעל, אויב איך וועל אייך ווען עס איז לאַדען צו אַ מאָלצייט, מאַדאַם, אין דער נייער סאַנטאַ מאַריאַ דעגלי אַנדזשעלי.

ער האָט גענומען זיין ליולקע, זיין אויסגעשטיקטען רייזע־זאַק און זיין שטעקען מיט'ן מענשליכען קאָפּ:

— די עבירות פון ליעבע וועלען פאַרגעבען ווערען. אָדער בעסער געזאָגט, מען טוט קיין שום שלעכטס ניט ווען מען ליעבט באמת. אָבער די תאוה'דיגע ליעבע באַשטעהט פון האַס, פון עגאָאיזם און פון צאָרן ניט ווייניגער ווי פון ליעבע. אַ געוויסען אָווענד, אויף אָט דער קאַנאַפּע, ווייל מיר האָט זיך אויסגעדוכט אַז איהר זייט שעהן, בין איך באַפאַלען געוואָרען פון אַ ים מיט שלעכטע געדאַנקען. איך האָב זיך דעמאָלט געהאַט צוריקגעקערט פון דער א ל ב ע ר ג אָ, וואו איך האָב געהערט ווי דער קוכער פון מיסס בעל האָט גלענצענד אימפּראָוויזירט צוועלף הונדערט פערזען וועגען פריהלינג. איך בין געווען פאַרטרונקען אין אַ הימלישער פרייד, אָבער אָנקוקענדיג אייך, איז דאָס אַלץ פון מיר פאַרשוואונדען. חוה'ס קללה אַנטהאַלט אין זיך אַ טיפען אמת. וואָרים נעבען אייך בין איך געוואָרען טרויעריג און שלעכט. זאַנפטע ווערטער זיינען געלעגען אויף מיינע ליפּען, אָבער זיי האָבען ליגען געזאָגט. טיעף

אין זיך האָב איך זיך געפיהלט אַלס אייערער אַ געגנער און פיינד. איך האָב אייך געהאַסט. זעהענדיג ווי איהר שמייכעלט, האָב איך געקראָגען אַ פאַרלאַנג אייך צו דער׳הרג׳ענען.

— ווירקליך?

— אָ, מאַדאַם! דאָס איז זעהר אַ נאַטירליכער געפיהל, וואָס איהר האָט שוין מסתמא געמוזט אַרויסרופען פיעלע מאָל. אָבער דער פּראָסטער עמפּפינדעט עס ניט זייענדיג ניט באַוואוסטזיניג וועגען דעם, בעת מיין לעבהאַפטע איינבילדונגס־קראַפט שטעלט דאָס פאַר מיר פאָר זעהר בולט. איך באַטראַכט מיין נשמה: טיילמאָל איז זי גלענצענד, טיילמאָל — שרעקליך. ווען איהר וואָלט זי דערזעהן פּנים אל פּנים יענעם אָוונד, וואָלט איהר געוועזן געשריען פון שרעק.

טערעזא האָט געשמייכעלט:

— זייט געזונט, העדר שולעט, פאַרגעסט ניט מיין מעדאַליאָן פון דער הייליגער קלאַרא.

ער האָט אוועקגעשטעלט זיין וואַליזע אויף דער ערד; ער האָט אויפגעהויבען די האַנט, דעם צייג־פינגער אויפגעשטעלט ווי ער וואָלט אויף עפּעס געוויזען און געלערנט.

— איהר דאַרפט גאָר ניט מורא האָבען פאַר מיר. אָבער דער וואָס וועט אייך ליעב האָבען און וועמען איהר וועט ליעבען, וועט אייך שלעכטס טאָן. זייט געזונט, מאַדאַם.

ער האָט גענומען זיין געפּעק און איז אַרוים. זי האָט געזעהן ווי זיין הויכע, מאָדנע פיגור ווערט פאַרשוואונדען הינטער די בוּשעס פון גאָרטען.

נאָכמיטאָג איז זי געגאַנגען צו סאַן מאַרקאָ, וואו דעשאַרט האָט אויף איהר געוואַרט. זי האָט געוואָלט און דאָך האָט זי מורא געהאַט איהם ווידערצוזעהן אַזוי שנעל. דער אַנגסט פון איהר האַרץ איז געלינדערט געוואָרען פון אַ נייעם געפיהל, פון אַ טיפער זיסקייט. זי האָט שוין איצט ניט מעהר עמפּפונדען אָט די מאָראַלישע באַטריבונג, וואָס זי האָט געהאַט ביים ערשטען מאָל זיך אָפּגעבען צו דער ליידענשאַפט, נאָכגעפאָלגט פון אַ פּלוצלונגער ערשיינונג פון דאָס אומפאַרגעבליכע. זי איז איצט געוועזן אונטער רוהיגע, אומבאַשטימטע און מעכטיגערע איינפלוסען. דעם איצטי־

גען מאָל איז דער אַנדענקען פֿון די צערטליכקייטען און די שטורמישע ליידענשאַפֿט פֿאַרהילט געווען אין אַ רייצענדער טרוימעריי. זי איז געווען צוטומעלט און אַנגסטליך, אָבער ניט שעמעוודיג אָדער באַדויערענד. זי האָט דאָך עס געטאָן ניט אַזוי צוליב איהר אייגענעם ווילען ווי לויט דעם באַפֿעהל פֿון אַ העכערער מאַכט. זי האָט באַרעכטיגט איהר טאַט דערמיט וואָס זי איז ניט געווען עגאָאיסטיש. זי האָט אויף קיין שום זאַך זיך ניט גערעכנעט, ווייל זי האָט גאָרנישט אויסגערעכענט. געווים איז זי באַגאַנגען אַן עולה וואָס זי האָט זיך איבערגעגעבען בעת זי איז ניט געווען פֿריי, אָבער זי, פֿון איהר זייט, האָט דאָך גאָרנישט געפֿאָדערט. אפֿשר איז זי געווען פֿאַר איהם בלויז אַ שטורמישע און אויפֿריכטיגע פֿאַנטאַזיע. זי האָט איהם ניט געקענט, זי האָט ניט אויספּרובירט יענע שעהנע, לעבהאַפֿטע, שוועבענדע איינבילדונגען, וואָס זיינען אַזוי העכער פֿון דער מיטעלמעסיגקייט, סיי צום גוטען און סיי צום שלעכטען. ווען ער זאָל זיך איצט פּלוצלונג דערוויטערען פֿון איהר און פֿאַרשווינדען, וואָלט זי עס איהם ניט פֿאַרגעוואָרפֿען, זי וואָלט אויף איהם ניט בייז געווען; — ווייניגסטענס האָט זי אַזוי געגלויבט. — זי וואָלט אָפּגעהיט דעם אַנדענקען און דעם איינדרוק פֿון דאָס זעלטענסטע און טייערסטע וואָס מען קאָן געפֿינען אויף דער וועלט. ער איז אפֿשר ניט געווען פֿעהיג פֿאַר אַ לאַנגדויערענדע פֿאַרבינדונג. ער האָט געגלויבט, אַז ער ליעבט איהר. ער האָט איהר ליעב געהאַט אַ שעה צייט. זי האָט ניט געוואָנט זיך מעהר צו ווינשען, זייענדיג אין אַ פֿאַרלעגענהייט צוליב דער פֿאַלשער פּאָזיציע אין וועלכער זי האָט זיך געפֿונען, פֿון וואָס איהר אָפֿענהערציגקייט און שטאָלץ איז באַליידיגט געוואָרען און פֿון וואָס איהר קלאָרער גערשנק איז פֿאַרטונקעלט געוואָרען. בעת די קאָרעטע האָט איהר געפֿיהרט צו סאַן מאַרקאָ איז איהר געלונגען זיך איינצוזוּרעדען, אַז זי זאָל גאָרניט דערמאָנען וועגען דעם וואָס עס איז געשעהן מיט אַ טאָג פֿריהער און אַז דער אַנדענקען פֿון אָט דעם צימער, וואָס קוקט אַרויס אויף די שוואַרצע סאָסנעס, זאָל פֿאַר זיי ביידען בלייבען בלויז אַ חלום פֿון אַ חלום.

ער האָט איהר געגעבען זיין האַנט, בעת זי איז אַרויס פֿון דער קאָרעטע. נאָך איידער ער האָט צו איהר גערעדט האָט זי דערזעהן

אין זיין בליק, אז ער ליעבט זי און אז ער וויל זי נאך אלע האבען, און זי האט דערפיהלט אין דערזעלבער צייט, אז זי וויל איהם אויך.

— איהר, — זאגט ער, — איהר... דו!... איך געפין זיך שוין דא פון מיטאג צייט אן, איך האב געווארט, כאטש איך האב גע־וואוסט, אז איהר וועט נאך ניט קומען, אבער איך האב ניט געקאנט לעבען אויף קיין אנדער פלאץ ווי דארט, וואו איך האב אייך גע־דארפט זעהן. דאס זייט איהר!... רעדט, אז איך זאל אייך קאנען זעהן און הערען.

— איהר ליעבט מיך אלזא נאך אלץ?

— ערשט איצט ליעב אייך. איך האב געגלויבט, אז איך ליעב אייך, בעת איהר זייט געווען בלויז א פאנטאם, וואס איז פאר־פאלגט געווארען פון מיינע פארלאנגען. איצט זייט איהר דער גוף וואו איך האב אריינגעלעגט מיין נשמה. איז דאס אמת, זאגט, איז דאס אמת, אז איהר געהערט צו מיר? וואס האב איך דען אזוינס געטאן כדי צו קריגען דאס גרעסטע, דאס איינציגע גוטס אויף דער וועלט? און אט די אלע אנדערע מענשען, מיט וועמען די ערד איז באדעקט, גלויבען אז זיי לעבען! בלויז איך אליין לעב! זאג, וואס האב איך געטאן אום דיך צו קריגען?

— א! דאס וואס עס האט געדארפט געטאן ווערען, איז געטאן געווארען פון מיר. איך זאג עס אייך אפען. אויב מיר זייי־נען געקומען אזוי וויוט, איז דאס מיין שולד. זעהט איהר, ניט אימער וועלען זיי עס אפשר צוגעבען, אבער עס איז שטענדיג די שולד פון די פרויען. און דערפאר, וואס עס זאל ניט געשעהן, וועל איך אייך ניט מאכען קיין פארוואורפען.

א באנדע טומעלדיגע, „באשעפטיגטע” בעטלער, וועג־ווייזער און זינדיגע זיינען ארויס פון דעם פאדערהויז פון דער קירך און זיי ארומגערינגעלט מיט אזא צודרינגליכקייט, אויסגעמישט מיט יענעם חן, וואס איז כאראקטעריסטיש פאר דעם פלינקען איטאל־יענער. זיי זיינען געווען געוואוינט שארפזיניג צו פארשטעהן אז זיי האבען דא צו טאן מיט פארליבטע און זיי האבען געוואוסט אז פארליבטע זיינען גרויסמוטיג. דעשארט האט זיי צוגעווארפען עטליכע זילבערנע מטבעות און אלע האבען זיי זיך צוריקגעקערט צו זייער גליקליכער פוילענצעריי.

א שטאָדט־דיענער האָט אויפגענומען די באזוכער. מאַדאַם מארטען האָט באדויערט, וואָס עס איז ניט געווען קיין גלח. דאָס ווייסע קלייד פון די דאָמיניקאנער איז דאָך געווען אַזוי שעהן, אין דער סאַנטאַ־מאַריאַ־נאָוועלאַ אונטער די אַרקאַדען פון קלויס־טער!

זיי האָבען באזוכט די קעמערלאך, וואו פראַ אַנדזשעליקאָ און זיין ברודער בענעדעטאָ האָבען געמאָלען אומשולדיגע בילדער אויף די ווייסע ווענט פאר זייערע קאַמעראַדען, די מאָנאַכען.

— געדענקט איהר דעם ווינטער־אָוונד, ווען איך האָב אייך געטראָפען ביים קליינעם הילצערנעם בריקעל אין פראָנט פון גיומע מוזעאום און איך באַגלייט ביז צום קליינעם געסעל, וואָס איז ארומגערינגעלט מיט גאָרטענדלאך, וואָס פיהרט צום קע־דע־בילי? איידער מיר האָבען זיך דאַן צושיידט, האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע ביים בוש, אַרום דעם פּאַראַפּעט. איהר האָט געקוקט אויפ'ן בוש וואָס דער ווינטער האָט פּאַרטריקענט, און בעת איהר זייט שוין געווען אַוועקגעגאַנגען, בין איך דאָרט געשטאַנען און לאַנג דערויף געקוקט.

זיי זיינען געווען אין געצעלט וואו עס האָט אַמאָל געוואוינט סאַוואָנאַראָלאַ, דער אויבערהערר פון סאַן־מאַרקאָ־קלויסטער. דער וועג־ווייזער האָט זיי געצייגט דעם פּאָרטרעט און איבערבלייבעני־שען פון דעם מאַרטירער.

— וואָס האָט איהר אין מיר געזעהן וואָס איך בין אייך אין יענעם טאָג געפעלען געוואָרען? עס איז דאָך געווען טונקעל.

איך האָב אייך געזעהן געהענדיג. בלויז דורך באַוועגונג רעדען פאָרמען. יעדער פון אייערע טריט האָט פאר מיר אויפגעדעקט די געהיימנים פון אייער אָפּגעטאָקטער און רייצענדער שעהנקייט. אָ! מיין איינבילדונגס־קראַפט האָט מיך שטענדיג געהאַלטען אין די ערלויבטע גרעניצען ווען איך האָב געדענקט וועגען אייך. איך האָב ניט געוואָגט צו אייך צו רעדען. ווען איך האָב אייך געזעהן האָב איך מורא געקראָגען. איך בין אַ דערשראָקענער געבליבען שטעהענדיג פאר דער וואָס האָט געקאָנט פאר מיר טאָן אַ ל ץ. אין אייער געגענוואַרט האָב איך אייך פאַרגעטערט מיט ציטערניש.

ווען איך בין געווען ווייט פון אייך האָב איך געפּיהלט אַלע גרינג־שעצענדע פּאַרלאַנגען.

— איך בין ווענגען דעם ניט געווען אין צווייפעל. אָבער דערמאָנט איהר זיך דעם ערשטען מאָל וואָס מיר האָבען זיך געזעהן, וואו פּאול וואנס האָט אייך פּאָרגעשטעלט? איהר זייט געזעסען נעבען פּאַראַוואַן. איהר האָט באַטראַכט די מיניאַטורען וואָס זיינען דאָרט געווען אָנגעהאַנגען. איהר האָט מיר געזאָגט: „אַט די דאַמע, וואָס סיקאַרדי האָט געמאָלען, זעהט אויס ווי אַנדריי שעניע'ס מוטער." איך האָב געענטפערט: „דאָס איז מיין מאַנ'ס באָבע. וואָס איז זי אַזוינס געווען, אַנדריי שעניע'ס מוטער?" און איהר האָט געזאָגט: „עס איז פאַראַן איהר פּאָרטרעט: אַ דעגענערירטע לעוואַנטינישע פרוי".

ער האָט זיך פאַרטעפּערט, זאָגענדיג אַז עס קאָן ניט זיין, אַז ער זאָל האָבען גערעדט אויף אַזאַ גראָבען אופן.

— אָבער יאָ, מיין זכרון איז אַ בעסערער ווי אייערער.

זיי זיינען געגאַנגען, אַרומגערינגעלט מיט אַ ווייסען שטיל־שווייגען פון קלויסטער. זיי האָבען באַזוכט דעם געצעלט וואָס אַנ־דזשעליקאַ — געבענשט זאָל זיין זיין אָנדענקען! — האָט באַפּוצט מיט די צאַרטעסטע מאַלערייען. און דאָרט, פאַר דער הייליגער יונגפרוי, אין דעם בלאַסען הימעל, וואו זי האָט דערהאַלטען פון הימלישען פאָטער די אומשטערבליכע קרוין, האָט ער גענומען טערע־זאַ'ן אין זיינע אָרעמס און געקושט איהר אויף די ליפּען, כמעט אונטער די בליקען פון צוויי ענגלענדערינס, וואָס זיינען געגאַנגען איבער'ן קאָרידאָר און געקוקט אין בעדעקער. זי האָט איהם גע־זאָגט:

— מיר טאָרען ניט פאַרגעסען צו באַזוכען דעם הייליגען אַנ־טאָני'ס געצעלט.

— טערעזאַ, איך לייד, אין מיין גליק, פון אַלעם וואָס איז דאָ אין אייך און וואָס איך באַזיץ ניט. איך לייד ווען איך טראַכט, אַז איהר לעבט ניט אינגאַנצען אין מיר און פאַר מיר אַליין. איך וויל אינגאַנצען באַזיצען אייך און אייער פאַרגאַנגענהייט.

זי האָט געהויבען מיט איהרע שולטערן.

— אַ! די פאַרגאַנגענהייט!

— די פאַרגאַנגענהייט איז די איינציגע מענשליכע ווירקליכ־קייט. דאָס אַלץ וואָס איז נאָר דאָ, איז פאַרגאַנגענהייט.

זי האָט אַראָפּגעקוקט צו איהם מיט די אויגען, וואָס האָבען אויסגעקוקט ווי רייצענדע הימלען, וואו די זון איז אויסגעמישט מיט'ן רעגען:

— נו, איך קען עס אייך זאָגען: איך האָב מיך קיינמאָל ניט געפיהלט אַז איך לעב, אַ־חוץ ווען איך בין מיט אייך.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

צוריקקומענדיג פון פּיזעאָל האָט זי געפונען אַ קורצען דראַ־מענדען בריף פון לע מעניל. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטעהן איהר לאַנגע אַפּוועזענהייט און איהר שטילשווייגען. אויב זי וועט איהם גלייך ניט שרייבען, אַז זי קערט זיך אום, וועט ער קומען איהר אָפּזוכען.

זי האָט געלעזען זיין בריף, ניט זייענדיג אויף דאָס מינדסטע איבעראַשט; אָבער דאָך האָט זי זיך געפיהלט דערדריקענד זעהענדיג ווי אַלץ וואָס זי האָט ערוואַרטעט איז ווירקליך געקומען און אַז קיין שום זאַך האָט איהר ניט אויסגעמיטען פון דעם אַלעם פאַר וואָס זי האָט זיך געשראָקען. זי האָט איהם נאָך געקאָנט באַרו־היגען און פאַרזיכערען. זי האָט בלויז געדאַרפט איהם זאָגען, אַז זי ליעבט איהם, אַז זי וועט אין קורצען קומען נאָך פּאַריז, אַז ער דאַרף זיך אָפּזאָגען פון דעם משוגענעם איינפאַל צו קומען אַהער, אַז פלאָרענץ איז אַ שטעדטעל, וואו מען קאָן איהם גלייך באַמער־קען. אָבער מען האָט געדאַרפט שרייבען: „איך ליעב דיך". מען האָט איהם געדאַרפט פאַרשלעפּערן מיט עטליכע ווערטער. דער־צו האָט זי ניט געהאַט דעם מוט. זי האָט איהם געלאָזען זיך אָנ־שטויסען אויף דעם אמת. אין פאַרשטעלטע ווערטער האָט זי זיך אַליין באַשולדיגט. זי האָט עפּעס גערעדט ניט קלאָר וועגען נשמות, וואָס זיינען אוועקגעטראָגען געוואָרען פון די כוואַליעס פון לעבען, און ווי שוואַך מען איז אויף דעם שטורמישען אָקעאַן פון די געשע־העניסען. זי האָט איהם געבעטען מיט אַ צערטליכען טרויער, אַז ער זאָל פון איהר האָבען אַ גוטען אָנדענקען אין אַ קליינעם ווינקעל פון זיין נשמה.

זי איז נעגאַנגען אוועקטראָגען דעם בריף אויף דער פּאָסט

אויף דעם מאַרק פון פּיזעאָל. די קינדער האָבען זיך געשפּיעלט אין „שפּרינגען" אין דעם בין השמשות. פון דער הויך פון באַרג האָט זי אַראָפּגעקוקט אויף דעם וואונדערשהנעם טייך, וואָס טראָגט אין איהר מיטען, ווי אַ ציערונג, דאָס שעהנע פלאָרענץ. די פרידליכקייט פון אָוועגד האָט איהר געמאַכט ציטערן. זי האָט אַריינגעוואָרפען דעם בריף אין פּאָסט־קעסטעל. ערשט דעמאָלט האָט זי געהאַט אַ קלאָרע פאָרשטעלונג פון דעם וואָס זי האָט געטאָן און וואָס דערפון וועט אַרויסקומען.

## XX.

די בלומיגע פריהלינג־זון האָט באַוואָרפען מיט איהרע גאָלדענע שטראַלען דעם פּיאַצאַ דעללאַ סיניאָריאַ. דער זייגער האָט געשלאָגען צוועלף און דער דאָרפישער עולם פון תבואה־הענדלער און מאַקאַראָני־סוחרים האָבען זיך באַוויזען אויפ'ן מאַרק. ביים פוס פון דער לאַנצי, אין פראָנט פון דער גרופּע סטאַטועז האָבען די הענדלער פון געפראָרענס אויפגעשטעלט קליינעביידלאַך מיט דער אויפשריפט „ביביטע גיאַטשאַטע", אויף טישען וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט רויטע לייוועגט. עס האָט אויסגעזעהן ווי פרייד און פרעהליכקייט וואָלטען אַראָפּגעשטיגען פון הימעל אויף דער ערד. טערעזאַ און זשאַק, אויף זייער וועג אַהיים פון אַ פריהמאָרגען־שפּאַציר אין די באָבאָני גאָרטענס, זיינען דורכגעגאַנגען דעם באַריהמטען לאָדזשיאַ. טערעזאַ האָט באַטראַכט די סאַבין פרוי פון זשאַן פון באָלאָגנאַ מיט יענעם נייגעריגען אינטערעס, מיט וועלכען איין פרוי קוקט אויף אַן אַנדערער. אָבער דעשאַרט האָט געקוקט בלויז אויף טערעזאַן אַליין. ער האָט איהר געזאָגט:

— עס איז וואונדערבאַר ווי אַזוי די העלע ליכט פּאַסט זיך צו דיין שעהנקייט. עס זעהט אויס ווי זי וואָלט געליעבט און געצערטעלט דיינע פּערל־ווייסע באַקען.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט. — די אָווענד־ליכט פאַרהאַרטעוועט שטענדיג מיינע געזיכטס־ציגע. איך האָב עס באַמערקט. איך בין, אומגליקליכערווייז, ניט קיין אָווענד־פרוי; וואָרים בלויז אין אָווענד האָבען דאָך די פרויען אַ געלעגענהייט זיך צו ווייזען

און געפּעלען צו ווערן. אין אָווענד האָט די פּרינצעסין סעניאָווין א שעהנעם מאַט־גאָלדענעם קאָליר, אויף דער זון אָבער זעהט זי אויס ווי א ציטראָן. מען מוז צוגעבען, אַז זי איז ניט שטאַרק באַזאָרגט דערפון. זי איז ניט קיין קאָקעטקע.

— און איהר זייט עס?

— א! יא. אַמאָל בין איך עס געווען פאַר זיך אַליין, היינט בין איך דאָס פאַר אייך.

זי האָט נאָך אַמאָל אַ בליק געטאָן אויף דער הויכער, קרעפּטי־גער סאַבין־פרוי וואָס האָט זיך געוואָלט באַפרייען פון רוימער'ס אָרעמס.

— דאַרף דען אַ פרוי, כדי אויסצוזעהן שעהן, האָבען אַזאַ טרוקענע פאָרמע און אַזעלכע לאַנגע גלידער? איך בין ניט אַזוי.

ער האָט זיך צוגעאײלט איהר צו באַרוהיגען. אָבער זי איז גאָר ניט געווען אומרוהיג. זי האָט איצט אַ בליק געטאָן אויף דעם קליינעם פּאַלאַץ פון וואַנען עס האָבען אַרויסגעגלאַנצט די קופּערנע ווענט און די שאַרלאַך טישטוכער, וואו מען האָט פאַרקויפט געפרוי־רענס. זי האָט פּלוצלינג געקראָגען אַ פאַרלאַנג צו עסען געפרוירענס, און טאַקע גלייך אויפ'ן שטעל, פּונקט ווי זי האָט עס איצט געזעהן טאָן די שטאָדט אַרבייטער. ער האָט געזאָגט:

— וואַרט אַ מינוט.

ער איז אַוועקגעלאָפען אין ווינקעל פון דער גאַס, לינקס פון לאַנצי, און איז פאַרשוואונדען געוואָרען.

אין אַ רגע אַרום איז ער צוריקגעקומען, איהר איבערגעבענדיג אַ קליין פאַרזילבערט לעפעלע וואָס דער זילבער איז שוין האַלב געווען אָפּגעקראָכען פון אַלטקייט; דאָס הענטעל האָט געהאַט די פאָרמע פון אַ פלאָרענטינער ליליע און דער אונטערשטער טייל פון לעפעלע איז געווען פון רויטער גלאַזור.

— דערמיט וועט איהר עסען דאָס געפראָרענס, ווייל מען גיט דערצו ניט קיין לעפעלע און עס וואָלט אייך אויסגעקומען דאָס אויסצושעפּען מיט דער צונג. דאָס וואָלט געווען זעהר שעהן. אָבער איהר זייט ניט געוואוינט דערצו.

זי האָט דערקענט, אַז דאָס לעפעלע, וואָס איז געווען אַ שעהנע

שפּיעלצייג, האָט זי געכמען באַמערקט אין דעם שויפּענסטער פון אַן אַנטיקוואַר, נעבען לאַנצי.

זיי זיינען געווען גליקליך. זיי האָבען אַרויסגעוויזען זייער פרייד אין איינפאַכע, פּראָסטע און לייכטע ווערטער, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין שום זין. און זיי האָבען געלאַכט ווען דער פלאָ־רענטינער האָט זיי דערצעהלט, מיט אַ ניכטערער און קרעפטיגער מי־מיק, די אַלע געשיכטען פון די איטאַליענישע מעשיות־שרייבער. זי האָט זיך אונטערהאַלטען קוקענדיג אויף דעם אַלטען און דאָך יונגען פּנים. אָבער ניט שטענדיג האָט זי פאַרשטאַנען וואָס ער האָט גערעדט. זי האָט געפרעגט זשאַק׳ן:

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— איהר ווילט עס וויסען?

יאָ, זי האָט עס געוואָלט וויסען.

— נו, ער זאָגט, אַז ער וואָלט געווען גליקליך, ווען די פליי אין זיין בעט וואָלטען געווען אַזוי שעהן ווי דו.

ווען זי האָט שוין געהאַט אויפגעגעסען דאָס געפרוירענס, האָט ער פון איהר געפאָדערט, אַז זי זאָל געהן מיט איהם נאָכאַמאָל זעהן אַר־סאַן־מישעל. עס איז געווען אַזוי נאָהענט! זיי האָבען דורכ־געשפּרייזט אויף דער אַנדערער זייט גאַס און האָבען דאָרט גלייך דערזעהן די אַלטע שטיינערנע ציערונג. זיי זיינען געגאַנגען. זיי האָבען געקוקט אויף דעם בראָנזענעם הייליגען געאָרג און דעם היי־ליגען מאַרק. אויף דער פאַרשימעלטער וואַנט פון דעם הויז האָט דעשאַרט דערזעהן דעם בריף־קעסטעל און זיך דערמאָנט מיט אַ פיינליכער פּינקטליכקייט דאָס קליינע הענטעל, אין דער האַנטשוה, וואָס האָט דאָרט אַריינגעוואָרפען אַ בריף. דאָס קופּערנע מויל, וואָס האָט איינגעשלונגען טערעזאַ׳ס געהיימנים, האָט פאַר איהם אויסגעקוקט עקעלהאַפט. אָבער ער האָט דערפון ניט געקאָנט אַראָפּנעמען די אויגען. זיין גאַנצע פרעהליכקייט איז פאַרשוואונ־דען. פאַר דער צייט האָט זי געזוכט צו באַוואונדערן די רויהע סטאַ־טוע פון עוואַנגעליסט.

— עס איז אמת, אַז ער זעהט אויס אַזוי עהרליך און אָפענ־הערציג. ווען ער וואָלט גערעדט וואָלט פון זיין מויל ניט אַרויס קיין אַנדער זאַך ווי דער אמת.

ער האָט געענטפערט מיט ביטערקייט:

— דאָס איז ניט קיין מויל פון אַ פרוי.

זי האָט פארשטאַנען זיין מיין, און מיט אַ זעהר זאַנפטער שטימע:

— מיין פריינד, פארוואָס רעדט איהר אַזוי צו מיר? איך בין אַן אָפענהערציגע.

— וואָס רופט איהר אָן אַן אָפענהערציגע? איהר ווייסט דאָך, אַז אַ פרוי איז געצוואונגען ליגען צו זאָגען.

זי האָט געצעגערט, און דאַן:

— אַ פרוי איז אָפענהערציג, ווען זי זאָגט ניט קיין אומנויטיגע ליגענס.

## XXI.

טערעזא, אָנגעטאָן אין טונקעל־גראָה, האָט שפּאַציערט צווישען די בלומיגע בושען. די קנאָספּען פון די ארבוז־בוימלאך האָבען באדעקט מיט זילבערנע שטערענדלאך די משופּע׳דיגע טראַסע און אויף דער בערגיגער זייט האָבען, מיט זיסע פארפיומען, שימערירט ווי פלעמלאך די אלעאנדער בלומען. דער פלאָרענטינער טאָל איז געווען ווי אַ גרויסער בלומענקראַנץ.

וויוויאַן בעל, אָנגעטאָן אין ווייסען, איז אריין אין דעם שמעקענדיגען גאָרטען.

— זעהט איהר, דארלינג, פלאָרענץ איז ווירקליך די שטאָדט פון דער בלום און עס איז רעכט וואָס זי האָט די רויטע ליליע אלס איהר עמבלעם. היינט איז יום טוב, דארלינג.

—אָה! היינט איז יום טוב?

— דארלינג, ווייסט איהר דען ניט, אַז עס איז דער ערשטער מאַי, דער „פּרימאַווערא“? האָט איהר זיך דען ניט אויפגעהאַפּט היינט אין דער פריה אין דעם רייצענדען פעען־לאַנד? אָ, דארלינג, איהר פייערט גאָר ניט דעם יום־טוב פון דער בלום? פיהלט איהר זיך דען ניט לוסטיג, איהר וואָס ליעבט די בלומען? וואָרים איהר ליעבט דאָך זיי, מיין ליעבסטע, איך ווייס עס. איהר זייט

אזוי צערטליך צו זיי. איהר האט מיר געזאגט, אז זיי עמפפינדען פרייד און וועהטאג, אז זיי ליידען פונקט ווי מיר.

— וואס, איך האב געזאגט, אז זיי ליידען פונקט ווי מיר?

—א, יא, איהר האט עס געזאגט. היינט איז זייער יום־טוב. און מען דארף איהם פייערן לויט דעם מנהג פון די אור־עלטערן, ווי זיי זיינען אויסגעארבייט געווארען פון די אלטע מאלער.

טערעזא האט אויסגעהערט און ניט פארשטאנען. זי האט געהאט איינגעקנייטשט אונטער איהר האנט־שוה דעם בריף וואס זי האט איצט דערהאלטען, א בריף וואס האט געהאט אויף זיך אן איטאליענישע פאסט־מארקע, און האט בלויז ענטהאלטען צוויי שורות:

„איך האב זיך אפגעשטעלט היינט ביינאכט אין „האטעל פון גרויס־בריטאניען", לונגארנא אקטשאיאלי. איך ערווארט אייך אין דער פריה, נומער 18."

— א, דארלינג, ווייסט איהר עס ניט, אז עס איז א געוואוינ־הייט, אין פלארענץ, צו פייערען דעם אנהויב פון פריהלינג דעם ערשטען מאי פון יעדען יאהר? אויב אזוי וואלט איהר דאך אינ־גאנצען ניט געקאנט פארשטעהן די באדייטונג פון באטיטשעלי'ס בילד, וואס איז געווידמעט געווארען דעם יום־טוב פון דער בלום, אט דעם וואונדערבארען „פריהלינג", וואס איז פול מיט טרוימענדען גליק. אמאל, דארלינג, איז דעם ערשטען טאג פון מאי די גאנצע שטאדט געוועזען אויפגעלעבט. די יונגע מיידלאך פון פלארענץ, יום־טוב'דיג געקליידעט, באקרוינט מיט ווייס־דארן צווייגלאך, פלעגען דורכגעהן אין א פראצעסיע דורך דער קארסא, אונטער די בלומיגע טויערן און האבען געזונגען אין כאר און געטאנצט אויפ'ן גייעם גראז, אונטער דעם שאטען פון די אלעאנדערס. מיר וועלען אויך טאן פונקט ווי זיי; מיר וועלען טאנצען אין גארטען.

— וואס, מיר וועלען טאנצען אין גארטען?

— יא, דארלינג, און איך וועל אייך אויסלערנען טאסקאנישע טענץ פון פופצענטען יאהרהונדערט, וואס זיינען אויסגעפונען גע־ווארען אין א מאנוסקריפט פון העדר מאריסאן, דעם עלטסטען פון די לאנדאנער ביבליאטעקארען. קומט שנעל צוריק מיין ליעב־

כטע; מיר וועלן זיך באַפּוצן דעם קאָפּ מיט בלומען און מיר וועלן טאַנצן.

— יאָ, טייערע, מיר וועלן טאַנצן.

און עפּענענדיג דאָס טירעל פון גאָרטן, איז זי אַנטלאָפן דורך דעם קליינעם שטיגעל, וואָס האָט געהאַט קאַנאַלן און גערע־גענט מיט וואַסער און האָט אויסגעזעהן ווי אַ בעט פון אַ בערגיגען וואַסער־פאַל; די שטיינער זיינען געווען באַהאַלטן הינטער דער־נער־רויזן. זי איז אַריינגעשפּרונגען אין דער ערשטער קאַרעטע וואָס זי האָט געטראָפן. דער פורמאַן האָט געהאַט אַ קאָרן־בלום אין זיין הוט און אויף דעם הענטעל פון זיין בייטש.

— האָטעל פון גרויס־בריטאַניען, לונגאַרנאָ אַקטשאַיאָלי!

זי האָט געוואוסט וואו דאָס איז... זי איז געווען דאָרט, אין אַן אָבענד, און זי דערמאָנט זיך אין דעם צוריסענעם גאָלד פון דער זון, וואָס האָט זיך געזעצט אויף די רוישיגע וואַסערן פון דעם טייך. דערנאָך איז געוואָרען נאַכט; און זי האָט געהערט דעם וואַסער׳ס פאַרשטיקטען מורמעל אין דער שטילקייט, אין די ווערטער, אין די בליקען וואָס האָבען איהר באַאומרוהיגט; דער ערשטער קוש פון געליעבטען, דעם אַנהויב פון אַ ליעבע וואָס קאָן שוין ניט מעהר צוריק פאַרריכט ווערען. אָ, יע, זי דערמאָנט זיך אָן לונגאַרנאָ אַקטשאַיאָלי, און דעם ברעג פון טייך, דאָרט אַריבער דעם אַלטען בריק. . . האָטעל פון גרויס־בריטאַניען... זי האָט געוואוסט: אַ גרויסע, שטיינערנע געביידע אויף דער האַפען־גאַס. עס איז געווען אַ גליקליכע זאַך, אַז ער איז שוין יאָ געקומען, וואָס ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פונקט דאָ. ער האָט פונקט אַזוי גוט געקאָנט אַראָפּ־שטייגען אין „שטאָדט־האָטעל“ אויף מאַנין פּלאַץ, וואו עס שטעהט דעשאַרט. עס איז נאָך געווען אַ גליק וואָס זיי האָבען ניט גע־וואוינט טיר צו טיר, אין דעמזעלבען קאָרידאָר... לונגאַרנאָ אַק־טשאַיאָלי!... יענעם טויטען וואָס זיי האָבען געזעהן דורכפיהרען אין איילעניש, געטראָגען פון מאַנאַכען און קאַפּושאָנען; ער ליגט שוין איצט רוהיג, ערגיץ וואו, אין אַ קליינעם בלומיגען בית־עולם...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נומער 18.

דאָס איז געווען אַ לעדיגער צימער, מיט אַן אויווען, לויט דער

איטאַליענישער מאָדע. א רייהע בערשטלאך זיינען געווען פּינקטליך אויסגעלעגט אויפ'ן טיש און נעבען זיי איז געווען אן אייזענבאַן וועג־ווייזער. קיין שום בוך, קיין שום צייטונג. ער איז דאָרט געווען: אויף זיין דינעם פּנים איז געלעגען אן אויסדרוק פון לײדען און א פּיבערהאַפטע אויפרעגונג. זי האָט געהאַט א טרויעריגען און פיינליכען איינדרוק. ער האָט געוואַרט אויף א וואָרט, אויף א באַוועגונג; אָבער זי איז געבליבען פרעמד, באַוועגונגסלאָז און דערשראָקען.

ער האָט איהר אָנגעוויזען אויף א שטול, זי האָט איהם אוועק־גערוקט אָן א זייט און איז געבליבען שטעהן.

— טערעזא, עפּעס איז געשעהן וואָס איך ווייס נים. רעד!

נאָך א רגע פון שטילשווייגען האָט זי געענטפערט מיט א פּיינ־ליכער לאַנגזאַמקייט:

— מיין פריינד, ווען איך בין געווען אין פּאַריז, פאַרוואָס זיינט איהר אוועקגעפאָהרען?

דער טרויער פון איהר שטימע האָט איהם געמאַכט גלויבען און ער האָט געוואָלט גלויבען, אַז זי מאַכט איהם פריינדליכע פאָרווירפע. זיין פּנים האָט געקראָגען פאַרב. ער האָט אייפריג געענטפערט:

— אַה, ווען איך וואָלט דאָס פאָראויסגעזעהן! איהר דאַרפט וויסען, אַז אין האַרצען איז מיר זעהר ווייניג אָנגעגאַנגען אָט דער יאַגד יום טוב! אָבער איהר, אייער בריף פון 27טען (ער איז געווען באַגאַבט צו גערענקען דאַטען), האָט מיך אַריינגעוואָרפען אין א שרעקליכער אומרוהיגקייט. עפּעס איז געשעהן אין יענעם מאָמענט. דערצעהלט מיר אַלץ.

— מיין פריינד, איך האָב געגלויבט, אַז איהר ליעבט מיך ניט מעהר.

— אָבער איצט, ווען איהר ווייסט דעם געגענטייל?

— איצט...

זי איז פאַרבליבען שטעהענדיג, די אָרעמס פאַרוואָרפען איינער אין דעם אַנדערען.

דערנאָך מיט א טיפער רוהיגקייט:

— מיין גאָט! אונזער פאַראייניגונג איז ענטשטאַנען ניט

אויסעגערעכנטערהייט. מען קאַן קיינמאָל ניט וויסען. איהר זייט יונג, איינגער פאַר מיר, ווייל איהר זייט כמעט פון זעלבען עלטער. איהר האָט, וואַרשיינליך, פלענער פאַר דער צוקונפט.

ער האָט גאוה׳דיג איהר געקוקט אין פּנים אריין. זי האָט פאַרטגעזעצט מיט ווייניגער רוהיגקייט:

— אייערע עלטערען, אייער מוטער, אייערע מומעס, אייער פעטער דער גענעראַל, האָבען אויסגעאַרבייט פלענער פאַר אייך. און דאָס איז זעהר נאַטירליך. איך האָב געדאַרפט פאַראויס וויסען, אַז עס וועלען זיין שטערונגען. עס וועט גלייכער זיין, אַז איך זאָל פאַרשווינדען פון אייער לעבען. מיר וועלען אָפּהיטען אַ גוטען אָנדענקען איינער פון אַנדערען.

זי האָט איהם דערלאַנגט איהר האַנט אין דער האַנט־שוה. ער האָט פאַרלעגט די אָרעמס:

— הייסט עס, אַז איהר ווילט מיך שוין ניט מעהר? איהר גלויבט, אַז ווען איהר האָט מיך געמאַכט גליקליכער ווי עס איז אַמאָל געווען אירגענד וועלכער מאַן, וועט איהר מיך קאָנען איצט אוועקלייגען אָן אַ זייט, ווי אַלץ וואָלט שוין געווען פאַרביי!... און ווירקליך גלויבט איהר, אַז איהר האָט שוין אַלץ געענדיגט מיט מיר!.. און וואָס זייט איהר מיר געקומען זאָגען? אַז אַ פאַראייניגונג קאָן איבערגעריסען ווערען. מען נעמט זיך, און מען פאַרלאָזט זיך... אָבער ניין, איהר זייט ניט פון יענע פרויען וואָס מען פאַרלאָזט.

— יאָ, איהר האָט מיך וואַרשיינליך געליעבט שטאַרקער ווי געוועהנליך אין אַזעלכע פעלע. איך בין פאַר אייך געווען מעהר ווי אַ פאַרגעניגען. אָבער אויב איך בין ניט אַזאַ פרוי ווי איהר האָט געגלויבט, אויב איך האָב אייך גענאַרט, אויב איך בין לייכט־זיניג... איהר ווייסט, וואָס מען האָט געזאָגט... נו, איך בין ניט געווען מיט אייך דאָס וואָס איך האָב געדאַרפט זיין...

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און ווידער אָנגעהויבען מיט אַן ערנסטער און ריינער שטימע, וואָס איז געווען אַ קאָנטראַסט צו איהרע ווערטער:

— ווען איך האָב געהערט צו אייך און זיך אין דערזעלבער צייט אָפּגעגעבען מיט אַנדערע אָנציהענדע זאַכען און האָב נאָך

נעהאַט אַנדערע שטרעבונגען, איז דאָס אפשר דערפאַר וואָס איך בין ניט באַשאַפען געוואָרען פאַר ערנסטע געפיהלען...

ער האָט איהר אונטערבראָכען:

— דו זאָגסט ליגען.

— יאָ, איך זאָג ליגען. און איך קאָן ניט זאָגען קיין גוטען ליגען. איך האָב געוואָלט פאַרדאַרבען אונזער פאַרגאַנגענהייט. איך בין באַנאַנגען אַן אומרעכט. זי איז דאָס, וואָס איהר ווייסט. אָבער...

—אָבער?...

— נו, דאָס וואָס איך האָב אייך שטענדיג געזאָגט: איך בין ניט זיכער. עס זיינען דאָ פרויען, אויף וועלכע מען זאָגט, אַז זיי קאָנען זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיך. איך האָב אייך געוואָרענט, אַז איך בין ניט ווי זיי, און אַז איך בין ניט פאַראַנט־וואָרטליך פאַר מיר.

ער האָט גערעהט מיט'ן קאָפּ אויף רעכטס און לינקס ווי אַן אויפגערייצטע חיה, אָבער וואָס האָלט זיך נאָך אָפּ פון אַטאַ־קירען.

— וואָס ווילסטו זאָגען? איך פאַרשטעה ניט. איך פאַר־שטעה ניט. רעד קלאָר... קלאָר, דו הערסט? עפּעס ליגט דאָ צווישען אונז. איך וויים ניט וואָס. איך וויל עס וויסען. וואָס איז דאָ געשעהן?

— איך זאָג עס אייך, טייערער, עס איז דאָס, וואָס איך בין ניט קיין פרוי וואָס איז זיכער מיט זיך, און איהר האָט זיך ניט גערארפט פאַרלאָזען אויף מיר. ניין! איהר האָט עס ניט גע־דאַרפט. איך האָב גאָרניט פאַרשפּראָכען... און אַ חוץ דעם, אויב איך האָב פאַרשפּראָכען, וואָס זיינען ווערטער?

— דו ליעבסט מיך ניט מעהר, אָ, דו ליעבסט מיך ניט מעהר, איך זעה עס איצט גאַנץ גוט. אָבער, אַלץ ערגער פאַר דיר! וואָרים איך ליעב דיך. האָסט זיך ניט גערארפט מיר אָפּגעבען. דאַרפסט אויפגעבען די האָפנונג, אַז דו וועסט דיך קענען פון מיר אוועק־נעמען. איך ליעב דיך און איך וועל דיך האָבען... אָ, האָסט געמיינט, אַז דו וועסט אַזוי לייכט קאָנען פּטור ווערען פון מיר? טאָ הער מיך אויס בעסער. דו האָסט אַלץ געטאָן אַז איך זאָל דיך

ליעבען, אז איך זאָל ווערען צוגעבונדען צו דיר, אז איך זאָל ניט קאָנען לעבען אָהן דיר. מיר האָבען צוזאַמען געהאַט אומגלויבליכע פאַנגעניגענס. און דו האָסט זיך פון דיין חלק ניט אָפּגעזאָגט. אָ, איך האָב דיך ניט גענומען מיט געוואַלד. דו האָסט איינגעשטימט. ערשט מיט זעקס וואָכען צוריק האָסטו בעסער ניט געוואָלט. דו ביזט אינגאַנצען געווען פאַר מיר. איך בין אינגאַנצען געווען פאַר דיר. עס זיינען געווען צייטען ווען מיר האָבען שוין מעהר ניט געוואוסט צו איך בין געווען דו אָדער דו ביזט געווען איך; און איצט ווילסטו אז מיט איינמאָל זאָל איך שוין מעהר ניט וויסען, זאָל איך דיך שוין מעהר ניט קאָנען, אז דו זאָלסט זיין פאַר מיר אַ פרעמדע, עפּעס אַ דאַמע, וואָס מען באַגעגענט אין דער געזעלשאַפט. אָ, דו האָסט אַן אומפאַרגלייכליכען פאַרטרויען. זאָג מיר, האָב איך געטרוימט, ווען איך האָב געפיהלט דיינע קושען און דיין אָטעם אויף מיין האַלז? איז דאָס, אלזאָ, אלץ ניט אמת? האָב איך זיך דאָס אלץ אויסגעטראַכט, זאָג? אָ, איך צווייפעל ניט אז דו האָסט מיך ליעב געהאַט. איך פיהל זי נאָך אויף מיר, דיין ליעבע. און איך האָב זיך ניט געענדערט. איך בין דאָס וואָס געווען. דו האָסט מיר גאָרניט וואָס פאָרצוּוואַרפען. איך האָב דיך ניט באַטראָגען מיט אַנדערע פרויען. ניט וויל עס קומט מיר אַ דאַנק דערפאַר, נאָר וויל איך וואָלט ניט געקאָנט. נאָכדעם ווי מען האָט דיך געקאָנט, קוקען אויס אלע אַנדערע פרויען, אפילו די שעהנסטע, אָהן טעם. איך האָב קיינמאָל אפילו ניט געהאַט דעם איינפאַל דיך צו באַטריגען. איך האָב זיך שטענדיג צו דיר באַצויגען ווי אַ גאַלאַנטער מענש. פאַרוואָס זאָלסטו דען מיך מעהר ניט ליעבען? אָבער ענטפער מיר, רעד דאָך! זאָג, אז דו ליעבסט מיך נאָך. זאָג עס, וואָרים עס איז דאָך אמת. נו קום, קום! טערעזאַ, דו ועסט גלייך פיהלען, אז דו ליעבסט מיך פונקט ווי דו האָסט מיך אַמאָל געליעבט, אין אונזער קליינער נעסט פון רי ספּאָנטיני, וואו מיר זיינען אַזוי גליקליך געווען, נו קום!

אייפריג און ליידענשאַפטליך האָט ער איהר ארומגענומען מיט זיינע קרעפטיגע אָרעמס. איהרע אויגען פול מיט שרעק האָט זי איהם אָפּגעשטויסען מיט אַן אייז־קאַלטען שווידער.

ער האָט פאַרשטאַנען, זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— דו האָסט אַ געליעבטען!

זי האָט לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ, און דאַן איהם צוריק אויפגעהויבען, ערנסט און שטום.

דערנאָך האָט ער איהר געשלאָגען אין האַרץ, אין פּלייצע און אין פּנים. אָבער גלייך האָט ער אויפגעהערט פון חרפּה. ער האָט אַראָפּגעלאָזען די אויגען און געשוויגען. מיט די פינגער אויף די ליפּען, בייסענדיג די נעגעל האָט ער באַמערקט, אַז זיין האַנט איז צווישען פון אַ שפּילקע פון איהר קאָרסעט, און האָט געבלוטיגט. ער האָט זיך אריינגעוואָרפען אין פאָטעל, און אַרויסגענומען זיין טאַשען־טיכעל אָפּצואַווישען דאָס בלוט. ער איז ווי פאַרבליבען גלייכגילטיג און אָהן געדאַנקען.

זי האָט זיך אָנגעלעהנט אויף דער טיר, בלאַס, מיט אַן אויפ־געהויבענעם קאָפּ, אַן אומזיכערען בליק, האָט זי אינסטינקטיוו גענומען אָפּשפּיליען איהר צוריסענעם שלייער און גלייך מאַכען איהר הוט.

ביי דעם קליינעם גערויש וואָ עס האָבען געמאַכט איהרע קליידער, וואָס האָט ביי איהם אַמאָל אַרויסגערופען אַזאַ אָנגע־נעמען איינדרוק, האָט ער איצט אויפגעשווידערט, ער האָט איהר אָנגעקוקט און ווידער ווילד געוואָרען.

— ווער איז ער? איך וויל איהם קענען.

זי האָט זיך ניט געריהרט. אויף איהר ווייסען פּנים האָט זיך געפונען אַ רויטער צייכען וואָס איז געקומען פון זיין קלאַפּ. זי האָט געענטפערט זאַנפט און ענטשלאָסען:

— איך האָב אייך דערצעהלט אַלץ וואָס איך האָב געקאָנט זאָגען. פרעגט מיך ניט מעהר. עס וועט זיין אַרויסגעוואָרפען.

ער האָט אויף איהר געוואָרפען אַ גרויזאַמען בליק, וואָס זי האָט עס ביי איהם פון פריהער נאָך קיינמאָל ניט געזעהן.

— דערצעהלט מיר ניט זיין נאָמען, דאָס וועט פאַר מיר ניט זיין שווער אויסצוגעפינען.

זי איז געוועזען שטיל, פאַרטרויערט צוליעב איהם, אומרוהיג צוליעב אַן אַנדערען, פול מיט אַנגסט און שרעק, און דאָך אָהן

בארויערען, אהן פארביטערונג אדער ליידען, האבענדיג איהר נשמה ערגעץ אנדערשוואו.

זי האט געהאט א ניט קלארען געפיהל פון דעם וואס אין איהר איז פארגעקומען. ער איז געווען צארנדיג וואס זי איז געווען אזוי זאנפטיג און רוהיג, אזוי שעהן און דאך אנדערש ווי ער פלעגט איהר קענען, שעהן פאר אן אנדערען און עס איז איהם באפאלען א פארלאנג איהר צו דער'הרג'ענען. ער האט צו איהר געשריען:

— ארויס! ארויס!

דערנאך, זייענדיג אויסגעמאטערט פון דער אנשטרענגונג צו האסען, וואס איז פאר איהם ניט געווען נאטירליך, האט ער ארייגעווארפען זיין קאפ אין די הענט און האט זיך צובליפעט.

זיין וועהטאג האט איהר געריהרט און איהר געגעבען האפנונג, אז זי וועט איהם בארוהיגען, און מאכען דאס צושיידען זיך ווייניגער פיינליך. זי האט זיך איינגערעדט, אז זי וועט אפשר קאנען איהם טרייסטען פון איהר. פריינדליך און מיט פארטרויאונג האט זי זיך אוועקגעזעצט נעבען איהם.

— שילט מיך מיין פריינד, איך בין עס ווערט, אבער נאך מעהר בין איך ווערט רחמנות. פאראכטעט מיך אויב איהר ווילט, און אויב מען קאן פאראכטען אן אומגליקליכע באשעפעניש וואס איז דאס שפיעלצייג פון לעבען. אורטיילט מיך ווי איהר וועט וועלען. אבער האלט אויף פאר מיר א ביסעל פריינדשאפט אין אייער צארן, א זויערען און זיסען אנדענקען, ווי יענע הערבסט צייטען, ווען עס איז נאך דא די זון אבער אויך דער צפון ווינט. דאס האב איך פארדיענט. זייט ניט שטרענג צו אן אנגענעמער און לייכטזיניגער באזוכערין וואס איז דורכגעגאנגען אייער לעבען. געזעגענט זיך מיט מיר ווי מיט א רייזענדע וואס פארט אוועק, מען ווייס ניט וואו, און וואס איז טרויעריג. עס איז שטענדיג הא אזוי פיעל טרויער ביים אוועקפאהרען! איהר זיינט געווען אויפגערעגט געגען מיר אט ערשט איצט. א, איך מאך אייך ניט קיין פארווירפען. איך לייד בלויז. היט פאר מיר אפ א ביסעל סימפאטיע. ווער ווייס? די צוקונפט איז שטענדיג אומבאקאנט. זי איז זעהר אומבאשטימט, זעהר טונקעל פאר מיר. לאמיך קאנען זאגען אז איך בין געווען גוט, איינפאך און אפענהערציג מיט

אייך און אז איהר האָט עס ניט פאַרגעסען. מיט דער צייט וועט איהר עס פאַרשטעהן און עס פאַרגעבען. פון היינט אָן האָט אַ ביסעל רחמנות.

ער האָט איהר ניט אויסגעהערט. אָבער איהר צערטליכע, קלאָרע שטימע האָט איהם אַ ביסעל וויייכער געמאַכט. ער האָט פּלוצלינג געזאָגט:

— איהר ליעבט איהם ניט? מ י ך האָט איהר ליעב. דאַן?...

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווייל און דאַן געזאָגט:

— אַה! צו זאָגען דאָס וואָס מען האָט ליעב און דאָס וואָס מען האָט ניט ליעב איז ניט קיין לייכטע זאַך פאַר אַ פרוי, ווענינ־סטענס פאַר מיר. וואָרים איך ווייס ניט ווי אַזוי עס טוען דאָס אַנ־דערע. אָבער האָס לעבען איז אומ׳רחמנות׳דיג: מען ווערט גע־וואָרפען, געשטופט, פאַרדרענגט...

ער האָט אויף איהר געקוקט זעהר רוהיג. עס איז איהם אריינגעפאַלען אַ געדאַנק; ער האָט אָנגענומען אַ באַשלוס. עס איז געווען איינפאַך. ער זאָל איהר פאַרגעבען, ער זאָל עס פאַר־געסען, אבי זי זאָל צו איהם גלייך צוריקקומען.

— טערעזא, איהר ליעבט איהם ניט? עס איז געווען אַ טעות, פאַרגעסען זיך אויף אַ מאָמענט; איהר האָט געטאָן אַ שרעקליכע און נאַרישע זאַך, אויס שוואַכקייט, אויס איבערראַשונג, און אפשר כדי זיך צו רייצען. שווערט מיר, אז איהר וועט איהם מעהר ניט זעהן.

ער האָט איהר גענומען ביים אָרעם.

— שווער עס מיר.

זי האָט געשוויגען, די ציין פאַרקריצט, דאָס פנים טונקעל; ער האָט איהר שטאַרק געקוועטשט די האַנט. זי האָט אויסגעשריען:

— איהר טוט מיר וועה!

אָבער ער האָט ניט אויפגעהערט. ער האָט איהר צוגעשלעפּט ביז צום טיש, אויף וועלכען עס האָבען זיך געפונען נעבען די בערשטלאַך אַ טינטער מיט טינט, עטליכע בויגעלאַך בריף־פּאַפּיר, מיט אַ גרויסער בלאָהער בילד וואָס האָט פאַרגעשטעלט די נעביידע פון האָטעל, מיט אומצעהליגע פענסטער.

— שרייב אויף וואָס איך וועל דיר דיקטירען. איך וועל אוועקטראָגען דעם בריף.

און אַזוי ווי זי האָט זיך אַנטקעגען געשטעלט האָט ער איהר אומגעוואָרפען אויף די קניהען. שטאָלץ און רוהיג האָט זי געזאָגט

— איך קאָן ניט, איך וויל ניט.

— פאַרוואָס?

— ווייל... איהר ווילט עס וויסען? ווייל איך האָב איהם ליעב.

פלוצלינג האָט ער אַרויסגעלאָזען איהר האַנט. ווען ער וואָלט געהאַט דעם רעוואָלווער אונטער דער האַנט וואָלט ער איהר אפשר דער'הרג'עט. אָבער כמעט אויף דער מינוט איז זיין צאָרן צוגאַנ־גען אין אַ טרויער. און איצט, אין זיין פאַרצווייפלונג, האָט ער בעסער אַליין געוואָלט שטאַרבען.

— איז דאָס אמת? דאָס אַלץ וואָס איהר האָט דאָ געזאָגט? איז דאָס נאָר מעגליך? איז דאָס אמת?

— ווים איך דען אַליין? קען איך דען זאָגען? קען איך דען נאָך פאַרשטעהן, דענקען, פיהלען? קאָן איך דען זעהן אַ שטראַל פון וואָס עס איז? קאָן איך...

און מיט אַ ביסעל אָנשטרענגונג האָט זי צוגעגעבען:

— בין איך דען אין איצטיגען מאָמענט עפּעס אַנדערש ווי מיין אייגענער טרויער און אייער פאַרצווייפלונג?

— דו ליעבסט איהם! דו ליעבסט איהם! וואָס איז ער, וואָס אַזוינס האָט ער געטאָן, אַז דו זאָלסט איהם ליעבען?

ער איז געוואָרען באַטויבט און איבעררראַשט, אין אַן אָבגרונד פון פאַרוואונדערונג. אָבער דאָס וואָס זי האָט איצט געזאָגט האָט דאָך זיי פונדעסטוועגען צושיידט. ער האָט שוין ניט געוואָגט מעהר זי צו באַהאַנדלען ברוטאַל, איהר שלעפּען, איהר שלאָגען און באַגעהן זיך מיט איהר ווי מיט זיינס אַן אייגענטום. ער האָט ווידערהאָלט:

— איהר ליעבט איהם! איהר ליעבט איהם! אָבער וואָס אַזוינס האָט ער געזאָגט, וואָס אַזוינס האָט ער געטאָן, אַז איהר זאָלט איהם ליעב קריגען? איך קען אייך: ניט שטענדיג האָב איך אייך געזאָגט ווען אייערע אידעען האָבען מיך שאָקירט. איך

וועל זיך וועטען, אז ער איז אפילו ניט קיין מאַן פון דער געזעל־שאַפט. און איהר גלויבט, אז ער ליעבט אייך? אָבער איהר נאַרט אייך אָפּ: ער ליעבט אייך ניט. ער איז בלויז איצט געשמייכעלט, דאָס אַלץ. ער וועט אייך אוועקוואַרפען ביי דער ערשטער גע־לעגענהייט. ווען ער וועט אייך שוין האָבען גענוג קאָמפּראָמיטירט, וועט ער אייך אוועקשיקען. און דאַן וועט איהר אַריינפאַלען פון איינעם צום אַנדערען. דעם קומענדען יאָהר וועט מען וועגען אייך זאָגען: „זי שלעפּט זיך אַרום מיט דער גאַנצער וועלט." עס פאַרדריסט מיך וואָס אייער פאָטער, וועלכער איז מיינער אַ פריינד, וועט געוואָר ווערען וועגען אייער אויפפיהרונג; וואָרים איהר דאַרפט ניט האָפען איהם צו קאָנען אָפּנאַרען.

זי האָט אויסגעהערט, דערנידריגט, אָבער דאָך געטרייסט; זי האָט געקלערט, אז זי וואָלט פיעל מעהר געליטען, ווען ער וואָלט זיין ערעלמוטיג.

מיט זיין איינפאַכע נאַטור האָט ער איהר אויפריכטיג פאַר־אַכטעט. זיין האַס געגען איהר האָט איהם דערגרייכט ביז צום האַלז.

— ווי אַזוי איז דאָס פאָרגעקומען? מיר קאָנט איהר דאָך דאָס דערצעהלען.

זי האָט געצווינגען מיט די אַקסלען מיט אַזאַ רחמנות, אז ער האָט שוין ניט געוואָלט מעהר צו איהר צו רעדען אין אַזאַ טאָן. ער איז צוריק געוואָרען ביטער.

— גלויבט איהר, אַז איך וועל אייך העלפען אין אָט דער סיטואַציע? אַז, אומקערענדיג זיך אַליין, וועל איך ווידער באַזוכען אייער מאַן און זיין אַ דריטער אין אייער פאַמיליע?

— איך גלויב אַז איהר וועט טאָן דאָס, וואָס אַ גאַלאַנטער מאַן דאַרף טאָן. איך פאָדער פון אייך גאָרניט. איך האָב גע־וואָלט אָפּהיטען אייער אָנדענקען ווי פון אַ טייערען פריינד. איך האָב ערוואַרט, אַז איהר וועט זיין באַרמהערציג און גוט צו מיר. דאָס איז ניט מעגליך. איך זעה איצט, אַז מען קאָן זיך ניט צו־שיידען אין גוטען. שפּעטער, שפּעטער וועט איהר מיך בעסער אורטיילען. זייט געזונט!

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איהר. זיין פּנים האָט איצט

אויסגעדריקט מעהר וועהטאָג ווי צאָרן. זי האָט ביי איהם נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אַזעלכע טרוקענע און שטרענגע אויגען, אַזעלכע אָפענע שלייפען הינטער זיינע דינע האָר. עס האָט אויסגעזעהן ווי ער וואָלט אַלט געוואָרען אין איין שעה צייט.

— איך וויל אייך בעסער וואָרנען. עס וועט מיר אוממעגליך זיין אייך נאָכאַמאָל צו זעהן. איהר זייט ניט פון יענעם סאָרט פרויען, וואָס מען קאָן שפּעטער נאָכאַמאָל טרעפען אין דער געזעל־שאַפט, נאָכדעם וואָס צווישען אונז איז פאָרגעקומען. איך האָב עס אייך געזאָגט. איהר זייט ניט ווי די אַנדערע. איהר האָט אייערן אַן אייגענעם גיפט, וואָס איהר האָט אין מיר אַריינגעגעבען, און איך פיהל דאָס אין זיך, אין מיין בלוט, אומעטום. נאָך וואָס האָב איך אייך געדאַרפט קענען.

זי האָט איהם גוטמוטיג אָנגעקוקט.

— זייט געזונט, און זאָגט צו אייך, אַז איך בין ניט ווערט איהר זאָלט צוליעב מיר האָבען אַזוי פיעל ביטערען באַדויערען.

און דאַמאָלט, ווען ער האָט געזעהן, אַז זי האָט אַרויפגעלעגט די האַנט אויף דער קליאַמקע פון טיר, פיהלענדיג מיט אַט דער באַוועגונג, אַז ער געהט איהר פאַרלירען, אַז ער וועט איהר שוין קיינמאָל ניט מעהר האָבען, האָט ער אַרויסגעלאָזען אַ געוואַלד און זיך געלאָזען צו איהר. ער האָט קיין שום זאַך ניט געקאָנט דער־מאָנען. אַלץ וואָס ער האָט געפיהלט, איז געווען אַ טעמפּקייט, וואָס קומט נאָך אַ גרויסען אומגליק, אַן אומערזעצליכען שאָדען. פון דער טיפעניש פון זיין דערשיטערונג איז אַרויפגעשטיגען אַ פאַרלאַנג. ער האָט איהר געוואָלט באַזיצען נאָך איין מאָל, אַט די וואָס געהט אַוועק און וועט צוריק ניט קומען. ער האָט זי צוגע־צווינגען צו זיך. מיט זיין גאַנצער קראַפט און חיה'שע נאַטור האָט ער איהר באַנעהרט. זי האָט זיך אַנטקעגענגעשטעלט מיט איהר גאַנצער פרייער און וואַכזאַמער ווילענס־קראַפט. מיט צושויבערטע האָר, די קליידער צואוואָרפען, האָט זי זיך פון איהם באַפרייט.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַלץ וועט זיין אַרויסגעוואָרפען: דער זכרון איז צו איהם צוריקגעקומען און ער האָט באַגריפען, אַז זי געהערט ניט מעהר צו איהם ווייל זי געהערט צו אַן אַנדערען.

זיינע לידען זיינען צו איהם צוריקגעקומען און ער האט איהר באווארפען מיט באליידיגונגען און ארויסגעווארפען.

א ווײלע איז זי געשטאנען אין קארידאר שטאלץ, ווארטענדיג אויף א ווארט, אויף א בליק, וואס זאל ווירדיג זיין זייער אמאליגע ליעבע.

אבער ער האט נאכאמאל געשריען: „ארויס!" און צוגעקלאפט די טיר.

---

וויא אלפיערי. זי האט זיך צוריקגעקעהרט צום קליינעם הייזעל וואס איז געשטאנען הינטער'ן הויף, ארום באוואקסען מיט בלאסע גרינע גראז. עס האט אויסגעזעהן פרידליך, שווייגענדיג און פארטרויאונגספול, מיט איהרע ציגען און נימפען, וואס זיינען אויסגעקריצט געווארען פאר די ליעבהאבער אין דער צייט פון דער גרויסער הערצאגין עליזא. גלייך האט זי דערפיהלט, ווי זי איז אוועק פון א צרה'דיגער ברוטאלער וועלט, ווי זי וואלט אריבערגעטראגען געווארען דורך יאהרהונדערטער צו א לעבען וואס ווייס ניט פון קיין טרויער. אונטען, ביי די שטיגען, וואס זיינען געוועזען באווארפען מיט ראזען, האט דעשארט אויף איהר געווארט. זי האט זיך אריינגעווארפען אין זיינע ארעמס און איז דארטען פארבליבען פאסיוו, ער האט איהר ארויפגעטראגען אויף די שטיגען, ווי די טייערע איבערבלייבעכץ פון א זאך, אין וועמענס נעגענווארט ער פלעגט בלאס ווערען און ציטערען. מיט איהרע האלבפארמאכטע אויגען האט זי דערפיהלט אין דערהויבענער ערנידריגונג דעם טעם פון צו זיין זיינע. איהר מיעדקייט, איהר טרויער איהרע מאטערנישען אין פארלויף פון טאג, דאס אנדענקען פון דער ווילדקייט, איהר צוריק ערהאבערטע פרייהייט, דער פארלאנג צו פארגעסען, אן איבערבלייבעניש פון שרעק, דאס אלץ האט נאך מעהר איבערגעשפאנט איהר צערטליכקייט. ליגענדיג אויפ'ן בעט האט זי ארומגעקלאמערט איהרע ארעמס ארום דעם ליעבהאבער'ס האלז.

ווען זיי זיינען געקומען צו זיך זיינען זיי געוועזען אזוי פרעהליך ווי קינדער. זיי האבען געלאכט, גערעדט נארישקייטען, געשפיעלט זיך בעת־זיי האבען געזויגען ציטראנען, פאמעראנצען און

וואסער־מעלאָנס, וואָס איז געווען אַרומגעשטעלט אַרום זיי אויף געמאָלענע טעצלאַך. בלייבענדיג בלויז אין אַ דינער ראַזעווער העמד, וואָס האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון איהר אַקסעל ווי אַ שאַל, ליגענדיג אָפּגעדעקט מיט איין ברוסט, און פון דער אַנדערער האָט זיך דורכגעזעהן, אין רויטקייט, דער נאָפּעל, וואָס איז געווען פאַר־הילט, האָט זי זיך געפרעהט מיט איהר אָפּגעגעבענעם לייב. פון איהרע האלב־געעפענטע ליפּען האָבען געבליצט איהרע ווייסע צעהן. מיט אַ קאָקעטישער אומרוהיגקייט האָט זי געפרעגט, אויב נאָך אַלע גליהענדע חלומות פאַר איהר, איז ער איצט ניט אַנטוישט.

אין דער צערטליכער האלב־ליכט, וואָס ער האָט איינגעאָר־דענט, האָט ער איהר באַטראַכט מיט אַ יונגער פרייד, אויסגעמישט מיט קושען און ליבערייען.

זיי האָבען פאַרבראַכט די צייט אין זיסע צערטליכקייטען, ליעבליכע קריגערייען און גליקליכע בליקען. דערנאָך, פּלוצלינג, מיט פאַרטונקעלטע ערנסטע בליקען און צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּען, ווי אַ קרבן צו יענעם הייליגען צאָרן וואָס מאַכט די ליעבע אויס־זעהן ווי האַס, האָבען זיי זיך אַרומגענומען און אַריינגעפאַלען אין אָפּגרונד פון ליידענשאַפט.

דערנאָך, דעם קאָפּ אויפ'ן קישען, די האָר צוואָוואָרפען, האָט זי מיט אַ זיסען שמייכעל געעפענט די אויגען, וואָס זיינען געווען פייכט.

ער האָט איהר געפרעגט פון וואַנען עס קומט צו איהר דער קליינער רויטער צייכען אויפ'ן שלייף. זי האָט געענטפערט אַז זי ווייס ניט, און אַז דאָס איז גאָרניט.

זי האָט כמעט ווי קיין ליגען ניט געזאָגט. זי האָט ווירקליך זיך שוין ניט מעהר געקאָנט דערמאָנען.

זיי האָבען זיך דערמאָנט זייער שעהנע און קורצע געשיכטע, זייער גאַנצען לעבען, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דעם טאָג וואָס זיי האָבען זיך באַגעגענט.

איהר דערמאָנט אייך אויף דער טעראַסע, אויף צו־מאָרגענס נאָך אייער אָנקומען. איהר האָט צו מיר גערעדט האלבע, אומ־באַשטימטע ווערטער. איך האָב פאַרשטאַנען אַז איהר האָט מיך ליעב.

— איך האָב מורא געהאַט, אַז איך זאָל פאַר אייך ניט אויס־קוקען נאַריש.

— אַ ביסעל זייט איהר עס געווען. דאָס איז געווען מיין טריומף. איך האָב זיך אָנגעהויבען באַאומרוהיגען, זעהענדיג ווי וועניג איהר קימערט זיך זייענדיג נעבען מיר. איך האָב אייך גע־ליעבט נאָך איידער איהר האָט מיך ליעב געקראָגען. אָ, איך שעם זיך ניט דערמיט.

ער האָט איהר אריינגעגאָסען דורך די ציין אַ ביסעל שוימענדען אַסטי וויין. אָבער אויפ'ן טיש איז געשטאַנען אַ פלעשעל טראַזימען וויין. זי האָט געוואָלט דערפון פאַרזוכען, אָלס אָנדענקען פון יע־נעם טייכעל וואָס ליגט אין אָוונד־ליכט אַזוי מעלאַנכאָליש און שעהן אין איהר אַפּאַל־בעכער. זי האָט עס געזעהן בעת איהר ערשטער רייזע אין איטאַליען, מיט זעקס יאָהר צוריק.

ער האָט איהר פאַרגעוואָרפען, פאַרוואָס זי האָט אַנטדעקט שעהנקייט אין זאַכען אָהן זיין הילף. זי האָט איהם געזאָגט:

— אָהן דיר וואָלט איך גאָר ניט געקאָנט זעהן. פאַרוואָס ביסטו ניט געקומען פריהער?

ער האָט איהר פאַרמאַכט דאָס מויל מיט אַ דריקענדען קוש, און ווען זי איז געקומען צו זיך, ערשעפּט פון פרייד, דאָס לייב גליקליך שווער, האָט זי צו איהם אויסגעשריען:

— יאָ, איך ליעב דיך! יאָ, איך האָב קיינעם ניט געליעבט, אויסער דיר!

## XXII.

לע מעניל האָט איהר געשריבען: „איך פאָהר אוועק זיבען אַ־זייגער אין אָוונד. זיי אויפ'ן וואָקזאַל".

זי איז געקומען. ווען זי איז צוגעגאַנגען צום האָטעל אָמני־בוס האָט זי איהם דערזעהן אין אַ לאַנגער גראָהער פּאַלערינע. ער איז געווען רוהיג און אַרטיג. ער האָט איהר בלויז געזאָגט:

— אה, איהר זייט דאָ!

— אָבער, מיין פריינד, איהר האָט מיר געהייסען קומען.

ער האָט ניט געוואָלט צוגעבען, אַז ער האָט געשריבען מיט דער

ווילדער האָפנונג, אַז זי וועט צוריקקומען איהם ליעבען און אַז דאָס איבעריגע וועט פאַרגעסען ווערען, אָדער אַז זי וועט איהם זאָגען: „עס איז בלויז געווען דיך אויסצופּרובירען".

ווען זי וואָלט צו איהם אַזוי געווען גערעדט, וואָלט ער אויפ'ן שטעל געגלויבט.

זייענדיג אַנטטוישט וואָס זי האָט צו איהם ניט גערעדט קיין וואָרט, האָט ער צו איהר געזאָגט ביטער:

— וואָס האָט איהר מיר צו זאָגען? איהר דאַרפט דאָך רעדען און — ניט איך. איך דאַרף דאָך ניט אָפּגעבען קיין ערקלערונגען. איך דאַרף זיך ניט פאַרענטפערן פאַר אַ פאַרראַט.

מיין פריינד, זייט ניט גרויזאַם, זייט ניט אומדאַנקבאַר צו דער פאַרגאַנגענהייט. אָט איז אַלץ וואָס איך האָב אייך געהאַט צו זאָגען. און איך האָב נאָך עפּעס אייך צו זאָגען: אַז איך פאַר־לאָז אייך מיט דעם טרויער פון אַן אמת'ן פריינד.

— דאָס אַלץ? נו געהט און ווידערהאָלט עס צום אַנדערן, איהם וועט דאָס אינטערעסירען מעהר פון מיר.

— איהר האָט מיך גערופען, בין איך געקומען. מאַכט ניט, אַז איך זאָל עס באַדויערן.

— עס פאַרדריסט מיך וואָס איך האָב אייך געשטערט. איהר וואָלט אָהן צווייפעל געקאָנט פיעל בעסער פאַרברענגען דעם טאָג. איך וויל אייך ניט אויפהאַלטען. געהט צו איהם, וואָרים איהר שטאַרבט דאָך פון תאוה.

ביים געדאַנק, אַז אָט די אָרימע קלעגליכע ווערטער וואָס זי האָט געהערט, האָבען אויסגעדריקט אַ מאָמענט פון אייביגען מענש־ליכען וועהטאָג, און אַז אין די טראַגעדיעס זיינען שוין געווען ביי־שפּילען דערצו, האָט זי דערפיהלט אַן אומעט וואָס איז געווען אויס־געמישט מיט איראָניע, וואָס מען האָט געקאָנט זעהן לויט אַ קנייטש אויף איהרע ליפּען. ער האָט געמיינט, אַז זי האָט געלאַכט.

— לאַכט ניט און הערט מיך אויס. אייערנעכטען, אין צי־מער פון האָטעל, האָב איך אייך געוואָלט דער־הרג'ענען. איך בין דעמאָלט געווען אַזוי נאָהענט דערפון, אַז ערשט איצט ווייס איך וואָס דאָס איז אַזוינס. און איך וועל עס דערפאַר ניט טאָן. איהר קאָנט זיין רוהיג. און, איבריגענס, וואָס וואָלט דערפון אַרויסגע־

קומען? אזוי ווי איך, פערזענליך, האלט זיך אן קאנוועגציאן, וועל איך אייך נאך באזוכען אין פאריז. און איך וועל באדויערן ווען איך וועל הערען אז איהר קאנט מיך ניט זעהן, — וועל איך זעהן אייער מאן, איך וועל אויך זעהן אייער פאטער. עס וועט הייסען, אז איך קום זיך געזעגענען אוועקפאהרענדיג פאר א לאנגע רייזע. זייט געזונד, מאדאם.

אין דעם אויגענבליק וואס ער האט זיך אוועקגעדרעהט פון איהר, האט טערעזא דערזעהן מיסס בעל און דעם פרינץ אלבערטי־נעלי, וואס זיינען ארויס פון דער געפעק־אפטיילונג פון וואקזאל און האבען זיך דערנעהנטערט צו איהר. דער פרינץ האט זעהר שעהן אויסגעקוקט. וויוויאן איז געגאנגען נעבען איהם מיט אן אויסדרוק פון מיידעלשער פרייד.

— א, דארלינג, וואסער אנגענעמע איבערראשונג, אייך דא צו געפינען. דער פרינץ און איך קומען איצט פון צאל־אמט, וואו עס איז פאר אונז אנגעקומען דער גלאק.

— א, דער גלאק איז געקומען?

— אט איז ער דא, דארלינג, דער גלאק פון גיבערטי! איך האב איהם געזעהן אין זיין האלצערנעם קעסטעל. ער האט ניט געקלונגען, ווייל ער איז געווען געפאנגען. אבער איך וועל אויפ־שטעלען אויף מיין הויז אין פיזעאל א גלאקען־טורעם און וועל איהם דארט אפגעבען דעם פלאץ. ווען ער וועט דערפיהלען די לופט פון פלארענץ וועט ער זיין גליקליך צו לאזען הערען זיין זיל־בערנע שטימע. ארומגעריגגעלט מיט טויבען, וועט ער קלינגען ביי אלע אונזערע פרייד און ביי אלע אונזערע לייד. ער וועט קלינגען פאר אייך, פאר מיר, פאר דעם פרינץ, פאר דער וואוילער מאדאם מארמע, פאר העררן שולעט, פאר אלע אונזערע פריינד.

— גלאקען קלינגען קיינמאל ניט אויס קיין אמת'ע פרייד און לייד, טייערע. זיי זיינען ניט מעהר ווי געהארכזאמע בעאמטע וואס האבען ניט קיין אנדערע געפיהלען א־חוץ אפיציעלע.

— א, דארלינג, איהר האט א גרויסען טעות. די גלאקען פארשטעהען די געהיימניסען פון הארץ; זיי פארשטעהען אלץ. אבער איך בין אזוי צופרידען אייך צו טרעפען. א! איך וויים, מיין ליעבסטע, פארוואס איהר זייט געקומען צום וואקזאל. אייער

קאמער־פרוי האָט אייך פאררעטען; זי האָט מיר דערציילט, אז איהר ערוואַרטעט אַ ראָזע קלייד, און עס איז ניט אָנגעקומען, און אז איהר ברענט איצט פאר דעם פון אומגעדולד. אָבער איהר דאַרפט אייך ניט ערגערן. איהר זייט שטענדיג פאַלשטענדיג שעהן, מיין ליעבסטע.

זי האָט ארויפגענומען מאַדאַם מארטען אין דער קאַרעטע.

— קומט שנעל, דאַרלינג, הערר זשאַק דעשאַרט איז פאר היינט אַוועקגעפאָהרען איינגעלאַדען געוואָרען אין אונזער הויז פאר מאָל־צייט, און איך וואָלט ניט וועלען איהם לאָזען וואַרטען.

און בעת זיי זיינען געפאָהרען, אין דער שטילקייט פון אָוונד, דורך די וועגען פון זיסע ריחות פון ווילדע בלומען, האָט וויוויאַן בעל געזאָגט:

— זעהט איהר דאָרט, אונטען, די שוואַרצע שפּינדלען פון די פּ אַ ר ק ע ן, די ציפּרעס בוימער פון בית עולם? אָט דאָרט וואָלט איך וועלען שטאַרבען.

אָבער טערעזאַ האָט אומרוהיג געטראַכט: „זיי האָבען איהם געזעהן. האָט זי איהם דערקענט? איך גלויב עס ניט. ארום איז שוין געוועזען טונקעל, דאָ און דאָרט קליינע פארבלענדעטע ליכט. אפשר קאָן זי איהם גאָר ניט? איך דערמאָן זיך ניט, אויב זי זאָל איהם האָבען געזעהן ביי מיר אין הויז לעצטען יאָהר“.

וואָס איהר האָט מעהרסטענס באַאומרוהיגט איז געוועזען דעם פּרינץ׳ס האַלב־פארשטעלטע פרייד.

— דאַרלינג, וואָלסטו וועלען אַ פּלאַץ נעבען מיר, אויף אָט דעם דאָרפישען בית־עולם, אז מיר זאָלען רוהען איינער נעבען דעם אנדערן אונטער אַ ביסעל ערד און אַ סך הימעל? אָבער איך באַ־נעה אַן עולה אייך איינצולאַדען צו אַ זאַך וואָס איהר וועט ניט קאָנען אָננעמען. אייך וועט ניט ערלויבט זיין צו שלאָפען אייער אייביגען שלאָף צו־פוסענס פון דעם פיזעאָל בארג, מיין ליעבסטע. איהר וועט דאַרפען רוהען אין פאַריז, אונטער אַ שעהנעם מאָנור־מענט, זייט ביי זייט מיט גראַף מארטען־בעלעם.

— פאַרוואָס? איהר גלויבט, הייסט עס, טייערע, אז די פרוי דאַרף זיין פאראייניגט מיט׳ן מאַן אפילו נאָכ׳ן טויט?

— געוויס דאַרף זי דאָס, דאַרלינג. די הייראַט איז פאר צייט

און אײביגקײט. קענט איהר ניט די געשיכטע פון דעם יונגען פּאָר פאָלק, פון דער אװערן פּראָװינץ, װאָס האָבען זיך ליעב געהאַט? זײ זײנען כמעט בײדע געשטאָרבען אין אײן צײט און מען האָט זײ אַרײנגעלײגט אין צװײ באַזונדערע קברים, װאָס זײנען געװען צושײדט דורך אַ שטענגעל. אָבער יעדע נאַכט האָט אַ װילדע רױז פאַרװאָרפען דעם שטענגעל צװישען די צװײ קברים מיט בלומען. ענדליך האָט מען געמוזט די צװײ טרונעס לײגען צוזאַמען.

װען זײ האָבען שױן געהאַט דורכגעפאָהרען דעם ב אַ ד י אַ האָבען זײ דערזעהן אַ פּראָצעסיע װאָס האָט זיך געצױגען אַרױף אױפ'ן באַרג. דער אָװענד־װינט האָט געבלאָזען אױף די לעצטע פלאַמען פון די ליכט װאָס זײנען געטראָגען געװאָרען אין פאַר־ילדעטע לײכטער. די געמאָלענע בענערס זײנען געװען אַרומ־גערינגעלט מיט מײדלאַך, אין װײס און בלאָה, פון זײער רעליג־יעזען אָרדען. דערנאָך איז געקומען אַ קלײנער הײליגער יאָהאַן, מיט בלאָנדע, געקרײזעלטע האָר, טראָגענדיג אױף זײן נאַקעטען לײב אַ שאָפּענע פעל, מיט זײנע אָפּגעדעקטע אָרעמס און שולטערן; דערנאָך איז געגאַנגען די הײליגע מאַריאַ מאַגדאַלענאַ, פון זיבען יאָהר אַלט, באַקלײדט אין דעם גאָלד פון איהרע געפאַרבטע האָר. אין דער מיט פון דער פּראָצעסיע האָט גרעפין מאַרטען דערקענט שולעט׳ן. ער האָט געטראָגען אַ ליכט אין אײן האַנט, אַ געבעט־בוך אין דער אַנדערער און האָט געזונגען. די בלויע אױגענגלעזער זײנען איהם געהאַנגען אױפ'ן שפּיץ נאָז. דאָס ליכט האָט גע־װאָרפען אַ שײן אױף זײן פלאַטשיגען פּנים, אױף זײן גוזיגען שײ־דעל און צושױבערטע האָר. זײן װילדע באָרד איז געשפּרונגען אַרױף און אַראָפּ לױט דעם ריטם פון געזאַנג. אונטער די בלײכע ליכט און שאָטענס האָט ער אױסגעזעהן אַלט און קרעפטיג װי יענע פּרושים װאָס זײנען פעהיג דורכצולעבען הונדערט יאָהר אין תשובה.

— װי שעהן ער איז! — האָט געזאָגט טערעזאַ. — ער מאַכט זיך פאַר אַ ספּעקטאַקל פאַר זיך אַלײן. — דאָס איז אַ גרױסער קינסטלער.

— אַ, דאַרלינג, פאַרװאָס קאָנט איהר ניט גלױבען, אַז הערר שולעט איז באמת פרום? פאַרװאָס? אין גלױבען איז פאַראַן אַ

סך פרייד און שעהנקייט. און דאָס ווייסען די דיכטער. ווען הערר שולעט וואָלט ניט געהאַט קיין גלויבען וואָלט ער ניט אימ־שטאַנד געווען צו שרייבען אַזעלכע וואונדערבאַרע פערזען.

— און איהר, טייערע, באַזיצט אויך גלויבען?

— אַ, יאָ, איך גלויב אין גאָט און אין די ווערטער פון קריס־טוס'ן.

איצט זיינען שוין די חופּות, בענגערס און ווייסע שלייערס געווען פאַרשוואונדען דורך אַ ווינקעל פון פּאַרק. אָבער שולעט'ס נאַקעטער קאָפּ, באַלויכטען מיט דעם ליכט־שיין, האָט מען נאָך אַלץ געקאָנט אַרויסזעהן.

דעשאַרט האָט דערוויילי אַליין געוואַרט אין גאָרטען. טערעזאַ האָט איהם געפונען אַנגעלעהנט אויפ'ן באַלקאָן פון אָט דער טעראַ־סע, וואו זי האָט דערפיהלט די ערשטע ליידען פון ליעבע. בעת מיסס בעל האָט געזוכט צוזאַמען מיט דעם פּרינץ אַ פּלאַץ פאַר אַ גלאָקען־טורעם, וואו זיי זאָלען קאָנען אַנהענגען דעם נייעם גלאָק וואָס דאַרף אָנקומען, האָט ער טערעזאַן דערוויילי אַוועקגעפיהרט צווישען די בושען פון די בעזים־שטרויכען.

— איהר האָט מיר פונדעסטוועגען פאַרשפּראָכען צו זיין אין גאָרטען ווען איך וועל קומען. איך וואַרט שוין אויף אייך אַ שעה צייט, וואָס האָט אויסגעקוקט פאַר מיר אַן אייביגקייט. איהר האָט ניט געדאַרפט אַוועקגעהן, אייער אַפּוועזענהייט האָט מיך איבער־ראַשט און פאַרצווייפעלט.

זי האָט צומישט געענטפערט, אַז זי האָט געמוזט זיין ביים וואַקזאַל און אַז מיסס בעל האָט איהר צוריקגעפיהרט אין דער קאַ־רעטע.

ער האָט זיך אַנטשולדיגט וואָס ער האָט איהר געצייגט אַן אומרוהיגען פּנים. אָבער ער האָט זיך פאַר אַלץ געשראָקען. זיין גליק האָט אויף איהם אַנגעוואָרפען אַ פּחד.

זיי זיינען שוין געזעסען ביים טיש, בעת שולעט האָט זיך באַ־וויזען, אויסקוקענדיג ווי אַן אַלטער סאַטיר; אַ מורא'דיגע פרייד האָט געשטראַלט פון זיינע פּאַספּאַר־אויגען. זייט ער האָט זיך אומ־געקערט פון אַסיסי האָט ער בלויז געלעבט מיט'ן פּראָסטען פאָלק, געטרונקען גאַנצע טעג טשיאַנטי וויין מיט פּרויען און אַרבייטער,

צו ווענען ער האָט געפּרעדיגט וועגן אמת'ע פרייד און אומשולד, דאָס אָנקומען פון יעזוס קריסטוס'ן און די קינפטיגע אָפּשאַפונג פון שטייערן און מיליטער־דיענסט. ווען די פּראָצעסיע האָט זיך געהאַט געענדיגט האָט ער צונויפגעקליבען אַ מחנה וואַגאַבונדען אויף די רואינען פון אַ רוימישען טעאַטער און אין אַ מאַקאַראָני־שער שפּראַך, אויסגעמישט מיט פראַנצויזיש און מאָסקאַניש, האָט ער פאַר זיי געהאַלטען אַ פּרעדיגט, וואָס ער איז געווען צופרידען איצט צו ווידערהאָלען:

— די מלאכים, סענאַטאָרען און ריכטער האָבען געזאָגט: „דאָס לעבען פון די פעלקער געפינט זיך אין אונז". אָבער זיי זאָגען אַ ליגען, זיי זיינען ווי די טרונע וואָס זאָגט: „איך בין דאָס וויגעלע".

„דאָס לעבען פון די פעלקער געפינט זיך בעת דער שניט־צייט אויף די פעלדער, וואָס ווערען געל אונטער דעם בליק פון אויבערש־טען; עס געפינט זיך אין די וויין־טרויבען וואָס הענגען אויף די צווייגען פון די יונגע אולם־בוימער און אין דעם שמייכעל און די טרערען מיט וועלכע דער הימעל באָדט די פרוכט פון די בוימער אויף די לאָנקעס און גאָרטענס.

„דאָס לעבען געפינט זיך ניט אין די געזעצען וואָס די רייכע און מעכטיגע האָבען באַשאַפען כדי אויפצוהאַלטען זייער מאַכט און רייכטום.

די פיהרער פון קעניגרייכען און רעפּובליקען האָבען אריינגע־שריבען אין זייערע ביכער, אַז דאָס אינטערנאַציאָנאַלע געזעץ איז דאָס געזעץ וועגען מלחמה. און זיי האָבען געזונגען לויב־געזאַנגען צו דער געוואַלט־טאַט און זיי גיבען אָפּ כבוד צו די עראָבערער, און זיי שטעלען אויף מאָנומענטען אויף עפענטליכע פּלעצער פאַר דעם זיעגרייכען מענש און פערד. אָבער דאָס געזעץ איז ניט באַשאַפען געוואָרען צו הרג'ענען און דערפאַר וועט דער גערעכטער ניט ארויס־ציהען זיין נומער ביים פריזיוו. קיין מענש האָט ניט קיין רעכט צו העלפען דעם פירשט אין זיין משוגעת און פאַרברעכען, ווען ער ווערט דערהויבען איבער אַ קעניגרייך אָדער אַ רעפּובליק. און דערפאַר וועט דער גערעכטער ניט צאָלען קיין שטייערן, און וועט אויך ניט געבען קיין געלד דעם צאָל־בעאַמטען. ער וועט געניסען

אין פרידען די פרוכט פון זיין ארבייט און ער וועט באַקען זיין ברויט מיט דעם ווייץ וואָס ער האָט געזעעט, און ער וועט עסען די פרוכט פון די בוימער וואָס ער האָט ארומגעשניטען".

— אה, הערר שולעט, — האָט ערנסט געזאָגט דער פרינץ אַל־בערטינעלי, — איהר האָט פאַלשטענדיג רעכט, וואָס איהר אינטערעסירט זיך מיט אונזערע אומגליקליכע, שעהנע פעלדער, וואָס די שטייערן פרעסען אויף. וואָסערע פראָפיטען קאָן איינער האָבען פון א לאַנד וואו די שטייערן באַטרעפען דריי און דרייסיג פראָצענט פון דער יעהרליכער הכנסה. דער בעל הבית פונקט ווי דער ארבייטער ווערען בארויבט פון דעם שטייער־איינמאָנער.

דעשאַרט און מאַדאַם מארטען זיינען איבערראַשט געוואָרען פון דעם אומערוואַרטעטען, אויפריכטיגען טאָן פון זיינע רייד.

ער האָט צוגעגעבען:

— איך האָב ליעב דעם קעניג. עס קאָן קיין פראַגע ניט זיין וועגען מיין לאָיאַליטעט. אָבער מיר טוט לייד פאַר די צרות פון די פויערים.

דער אמת איז, אז ער האָט בלויז געהאַט איין איינציגען איינגעשפאַרטען צוועק דערמיט: צוריק אויפצובויען די דאָרפישע גיטער פון קאָזענטינאָ, וואָס זיין פאָטער, דער פרינץ קארלאָ, איינער פון וויקטאָר עמנואל'ס ארטילעריע אָפיצירען, האָט געהאַט איבערגעלאָזען, בעת זיי זיינען שוין געווען דריי פערטעל צוריסען פון די וואוכערער. ער האָט אָבער זיינע ווערטער פארדעקט מיט א ריה־רענדער קאַלטקייט. ער האָט ניט באַזעסען קיין שום טוגענדען, א־חוץ אזעלכע וואָס זיינען געווען נוצליכע און האָבען געקאָנט פיהרען צום ציעל פון זיין לעבען. און כדי צו ווערען א גרויסער טאָסקאַנער לאַנד־אייגענטימער האָט ער געהאַנדעלט מיט קונסט־בילדער, געהיימערהייט פארקויפט די באַריהמטע סופיטען פון זיין פאַלאַץ, געזוכט געפעלען צו ווערען אַלטע פרויען און ענדליך געוואָלט קריגען די האַנט פון מיסס בעל, וויסענדיג אז זי איז זעהר פעהיג צו פארדינען געלט און איז א גוטע באַלעבאָסטע. ער האָט ווירקליך ליעב געהאַט די פויערן־ערד. שולעט'ס באַגייסטערטע ווערטער, וואָס ער האָט קוים פארשטאַנען, האָבען פונקט איהם צו־

געטראָפען. ער האָט זיך ערלויבט צו זאָגען אַלץ וואָס ער האָט געדענקט:

— אין אַ לאַנד, וואו דער בעל הבית און דער אַרבייטער בילדען בלויז איין פאַמיליע, הענגט אָפּ איינעמס גורל אָן דעם אַנדערן. די שטייערן רואינירען אונז. וואָסערע טייערע מענשען אונזערע לאַנד־באַזיצער זיינען עס! זיי זיינען די פעהיגסטע מענשען אין דער וועלט צו קולטיווירען דאָס לאַנד.

מאַדאַם מאַרטען האָט זיך מודה געווען אַז זי וואָלט עס ניט געגלויבט. בלויז אין לאָמבאַרדיען האָט זי געזעהן פעלדער, וואָס זיינען געווען גוט קולטיווירט און דורכגעשניטען מיט אומצעהליגע קאַנאַלען. וואָס אָנבעלאַנגט טאָסקאַניען האָט עס פאַר איהר אויס־געקוקט ווי אַ שעהנער פאַרנאַכלעסיגטער גאָרטען.

דער פרינץ האָט געענטפערט מיט אַ שמייכעל, אַז זי וואָלט אפשר אזוי ניט גערעדט ווען זי וואָלט געווען באַזוכען זיינע גיטער פון קאַזענטינאָ, ניט קוקענדיג וואָס זיי האָבען אַזוי פיעל געליטען פון לאַנגע און רואינירענדע פּראָצעסען. דאָרט וואָלט זי ערשט גע־זעהן וואָס עס איז אַזוינס דער איטאַליענישער פויער.

— איך גיב זיך פיעל אָפּ מיט מיינע גיטער. איך בין ערשט היינט אָווענד געקומען פון דאָרט, האָבענדיג דאָס דאָפּעלטע פאַר־גענינגען צו טרעפען אויפ'ן וואַגזאַל מיסס בעל, וואָס איז געגאַנגען אָפּנעמען איהר גלאָק און אייך, מאַדאַם, וואָס האָט גערעדט מיט אַ פריינד פון פּאַריז.

ער האָט געמיינט, אַז עס וועט איהר זיין ניט אנגענעם צו הע־רען ריידען וועגען אָט דער באַגעגעניש. וואַרפענדיג אַ בליק אי־בער'ן טיש האָט ער באַמערקט ביי דעשאַרט'ן אַ באַוועגונג פון איבערראַשונג און אומרוהיגקייט, וואָס ער האָט ניט געקאָנט אונ־טערדריקען.

ער האָט מיט עקשנות פאָרטגעזעצט:

— מאַדאַם, אַנטשולדיגט אַ דאָרפסמענש, וואָס האָט די פּרע־טענציע אַ ביסעל צו קענען דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען: אין יע־נעם הערר, וואָס האָט מיט אייך גערעדט, האָב איך דערקענט, אַז ער איז אַ פּאַריזער, כאָטש ער האָט אויסגעקוקט ווי אַן ענגלענדער,

וואָרים זיין געמאַכטע ענגלישע שטייפקייט האָט פאַרראַטען די באַ־
זונדערע לעבהאַפטינקייט פון דעם פראַנצויז.

— אָ, — האָט נאַכלעסיג געזאָגט טערעזאַ, — שוין לאַנג
ווי איך האָב איהם ניט געזעהן און איך בין געווען זעהר איבער־
ראַשט איהם צו טרעפען אין פלאָרענץ, פונקט ביי זיין אָפּפאָהרען.

זי האָט אַ בליק געטאָן אויף דעשאַרט'ן, וועלכער האָט זיך
געמאַכט ווי ער וואָלט ניט געהערט.

— אָבער איך קען איהם, דעם העררן, — האָט געזאָגט מיסס
בעל. דאָס איז דאָך העררן לע מעניל. איך בין געזעסען נעבען
איהם צוויי מאָל ביי מאָלצייטען אין מאַדאַם מאַרטען'ס הויז, און
ער האָט גערעדט מיט מיר זעהר שעהן. ער האָט מיר דערצעהלט
אַז ער האָט ליעב פוט־באָל, און אַז ער האָט איינגעפיהרט אָט די
שפּיעל אין פראַנקרייך, און אַז איצט איז פוט־באָל שטאַרק אין
דער מאָדע. ער האָט מיר אויך דערצעהלט וועגען זיינע יאַגד־אוועג־
טורען. ער האָט ליעב חיות. איך האָב באַמערקט, אַז די יעגער
האָבען זעהר ליעב חיות. איך פאַרזיכער אייך, דאַרלינג, אַז העררן
לע מעניל רעדט אין אַ וואונדערבאַרען אופן וועגען האָזען. ער קאָן
זייערע געוואוינהייטען. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז עס איז אַ
נחת צו זעהן ווי זיי טאַנצען אונטערן לבנה־ליכט אין די ווילדע
גראָזען. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז זיי זיינען זעהר אינטעלי־
גענטע חיה'לאַך און אַז ער האָט אַמאָל געזעהן ווי אַן אַלטער האָז,
וואָס איז פאַרפאָלגט געוואָרען פון הינט, האָט אַרויסגעיאָגט אַן
אַנדער האָז פון זיין נעסט, כדי די הינט אָראָפּצופיהרען פון וועג.
האָט אייך העררן לע מעניל עפּעס דערצעהלט וועגען האָזען, דאַר־
לינג?

טערעזאַ האָט געענטפערט אַז זי ווייס גאַרנישט וועגען דעם
און זי דענקט, אַז יעגער זיינען לאַנגווייליגע מענשען.

מיסס בעל האָט געענטפערט, אַז זי גלויבט ניט אַז העררן לע
מעניל איז געווען לאַנגווייליג רעדענדיג וועגען האָזען וואָס טאַנצען
אונטער'ן לבנה־ליכט, אויף די ווילדע גראָזען און אין וויין־פעלדער.
זי וואָלט וועלען, פונקט ווי פאַניאַן, האָדעווען אַ קליין האָזעל.

— קענט איהר ניט פאַניאַן, דאַרלינג? אָ, איך בין זיכער,
אַז העררן דעשאַרט ווייס ווער, זי איז. זי איז געווען שעהן און

באַליעבט ביי די פּאַעמען. זי האָט געוואוינט אויף דעם אינזעל פון קאָס, אין אַ הויז נעבען אַ בערגעל, אַרומגערינגעלט מיט ציטראָנען און טערפּענטין בוימער, און וואָס איז געווען איינגעבויגען צום בלויען ים. און מען זאָגט, אַז זי פלעגט לאַנג קוקען אויף די בלויע כוואַליעס. איך האָב דערצעהלט פאַניאַן׳ס געשיכטע דעם הערר לע מעניל און ער איז געווען זעהר צופרידען איהר אויסצוהערן. זי האָט געקראָגען פון עפּעס אַ יעגער אַ קליין האָזעל מיט לאַנגע אויערן, וואָס מען האָט צוגענומען ביי איהר מוטער בעת עס האָט נאָך געזויגען. זי האָט עס אויפגעהאָדעוועט אויף איהר שויס און האָט עס געשפּייזט מיט פריהלינגס־בלומען. דאָס האָזעל האָט ליעב געהאט פאַניאַן און פאַרגעסען איהר מוטער. עס איז געשטאָרבען ווייל עס האָט געגעסען צו פיעל בלומען. פאַניאַן האָט עס באַוויינט. זי האָט עס באַגראָבען אין ציטראָנען גאָרטען און דעם קבר האָט זי געקאָנט זעהן ליגענדיג אין בעט. און דער שאָטען פון קליינעם האָזעל איז געטרייסט געוואָרען דורך די ליעדער פון די דיכטער.

די גוטע מאדאם מארמע האָט געזאָגט, אז הערר לע מעניל איז איהר געפעלען געוואָרען צוליב זיינע באַשיידענע און עלעגאַנטע מאַנירען, וואָס די היינטיגע יונגע לייט באַזיצען שוין ניט מעהר. זי וואָלט זעהר וועלען איהם זעהן. זי האָט געוואָלט ביי איהם בעטען אַ טובה.

— פאָר מיין שוועסטער־קינד, — האָט זי געזאָגט, — ער איז אַ קאַוואַלעריע־קאַפּיטאַן, וואָס האָט זיך זעהר שעהן אויסגעצייכענט און איז שטאַרק באַליעבט ביי זיינע אויבערשטע. זיין פאָלקאָווניק שטעהט שוין פון אַ לאַנגע צייט אונטער דער פיהרונג פון הערר לע מעניל׳ס אַ פעטער, דער גענעראַל לאַ בריש. אויב הערר לע מעניל וואָלט זיין אַזוי גוט און בעטען ביי זיין פעטער, אַז ער זאָל שרייבען אַ גוט וואָרט וועגען מיין שוועסטער־קינד צום פאָלקאָווניק, פאָר, וואָלט איך איהם זעהר דאַנקבאַר געווען. איבריגענס איז מיין שוועסטערקינד ניט אינגאַנצען פרעמד דעם הערן לע מעניל. לעצטען יאָהר האָבען זיי זיך באַגעגענט אויף אַ מאַסקאַראַדבאָל וואָס דער קאַפּיטאַן דע לעסיי האָט איינגעאָרדענט, אין „האָ־

טעל פון ענגלאנד" פאר דעם גארניזאן פון קאען און פאר דעם יונג־
ווארג פון דער געגענד.

מאדאם מארמע, אראפלאזענדיג די אויגען, האט צוגעגעבען:

— די איינגעלאדענע זיינען, נאטירליך, ניט געווען קיין דאמען פון דער געזעלשאפט. אבער מען זאגט, אז דארט האבען זיך גע־פונען זעהר שעהנע פרויען. די הערען האבען זיי מיטגעבראכט פון פאריז. מיין שוועסטערקינד, וואס האט מיר וועגען דעם אי־בערגעגעבען די איינצעלהייטען, איז געווען געקליידט ווי א בריף־טרעגער. לע־מעניל איז געוועזען אין א קאסטום פון א פריסישען הוזאר פון טויט און ער האט געהאט א גרויסען ערפאלג.

מיסס בעל האט געזאגט, אז עס פארדריסט איהר זעהר, וואס זי האט ניט געוואוסט, אז לע מעניל געפינט זיך אין פלארענץ. געוויס וואלט זי איהם איינגעלאדען, אז ער זאל קומען זיך אפרוהען אין פיזעאל.

דעשארט איז געבליבען פאראומערט און צוטראגען פאר דער גאנצער צייט פון מאלצייט; און ווען מען האט זיך געהאלטען ביים צושיידען, האט טרעזא איהם געגעבען די האנט. זי האט געפיהלט אז ער האט איהר האנט ניט געדריקט אין זיינער.

## XXIII.

אויף מארגען, ווען זיי האבען זיך געטראפען אין קליינעם הויי־זעל פון וויא אלפיערי, האט זי איהם געפונען פארזארגט. פון אנ־הויב האט זי איהם געוואלט צושטרייען מיט א ליידענשאפטליכער לוסטיגקייט, מיט דעם רייץ פון איהר צערטליכקייט און מיט דער שטאלצער דערנידערונג פון א געליעבטע, וואס גיט זיך איבער אבער ער איז פארבליבען מרה־שחורה'דיג. א גאנצע נאכט האט ער געטראכט, געזוכט און געשאפען זיין טרויער און מעלאנכאליע. ער האט געפונען אורזאכען צו ליידען. זיין געדאנק האט איהם דערנעהנטערט צו דער האנט, וואס האט אראפגעלאזען א בריף אין פאסט־קעסטעל, נעבען דעם בראנזענעם סאן מארקא, און צום בא־נאלען אבער שרעקליכען אומבאקאנטען, וואס מען האט געזעהן אויף'ן וואקזאל. איצט האט זשאק דעשארט נעגעבען אן אויסזעהן,

א גאָמען צו זיינע לײדען. אין דעם פּאָטער־שטול, וואו טערעזא האָט זיך אוועקגעזעצט דעם גליקליכען טאָג פון איהר ערשטען קו־מען אהער, און וואו זי האָט איהם איצט געהייסען זיך זעצען, איז ער בעפאַלען געוואָרען פון א מחנה פּיינליכע בילדער; זי האָט זיך ארומגעוויקעלט אַרום איהם מיט איהר הייסען קערפּער און ליע־בענדע נשמה. זי האָט צו גוט פאַרשטאַנען די אורזאַך פון זיין ליידען און האָט איהם ניט געדאַרפט פרעגען.

כדי ארויסצורופען אין איהם אַנגענעמע געדאַנקען האָט זי צו איהם גערעדט וועגען די געהיימניסען, וואָס אָט דער צימער, וואו זיי געפינען זיך, ענטהאַלט אין זיך און וועגען די עראינערונגען פון זייערע שפּאַציר־גענג איבער דער שטאָדט. זי האָט פאַרשווענדט אויף איהם אַלע גראַציעזע אינטימליכקייטען.

— דאָס קליינע לעפעלע וואָס איהר האָט מיר געגעבען אונטער דער לאַנצי, דאָס קליינע לעפּעלע מיט דער רויטער ליליע, איך באַנוץ זיך איצט דערמיט ביים טרינקען טעע אין דער פריה. און לויט דעם פאַרגעניגען וואָס איך האָב ווען איך זעה עס ביי מיין ערוואַ־כען, פיהל איך, ווי ליעב איך האָב דיך.

דערנאָך, ניט רעדענדיג אַנדערש ווי מיט געהיימניספולע טרוי־עריגע ווערטער, האָט זי איהם געזאָגט:

— איך בין איצט דאָ, נעבען אייך, און אייך אַרט גאָרניט וועגען מיר. איהר זייט פאַרנומען מיט עפּעס אַן אידעע וואָס איך ווייס גאָרניט. איך אָבער עקזיסטיר דאָך פונדעסטוועגען, בעת אַן אידעע — איז גאָרנישט.

— א אָידעע איז גאָרנישט? דענקט איהר אזוי? א אידעע קאָן אונז מאַכען גליקליך אָדער אומגליקליך; א אידעע קאָן אונז מאַכען לעבען און אונז טויטען. נו יאָ, איך טראַכט...

— וועגען וואָס טראַכט איהר?

— פאַרוואָס זאָלט איהר מיך פרעגען? איהר ווייסט עס. איך טראַכט וועגען דעם, וואָס איך האָב געהערט נעכטען אָוועגד, און וואָס איהר האָט פאַר מיר באַהאַלטען. איך טראַכט וועגען דער באַגעגעניש וואָס איהר האָט נעכטען געהאַט אויפ'ן וואָקזאַל, וואָס האָט ניט געדאַרפט זיין קיין צופעליגע זאַך, נאָר א בריף האָט דערצו געפיהרט, אַן אריינגעוואָרפענער בריף — דערמאָנט

איהר זיך? — אין דעם פּאָסט־קעסטעל פון אַר־סאַן־מישעל. אַ! איך מאַך אייך ניט קיין פאָרוואורפען. איך האָב נישט דאָס רעכט. אָבער פאַרוואָס האָט איהר זיך מיר איבערגעגעבען, אויב איהר זייט ניט געוועזן פריי?

זי האָט געטראַכט, אַז דאָס בעסטע איז צו זאָגען אַ ליגען.

— איהר ווילט ריידען וועגען איינעם, וואָס איך האָב נעכטען געטראָפען אויפ'ן וואַקזאַל? איך פאַרזיכער אייך, אַז דאָס איז געווען די באַנאַלסטע באַגעגעניש אין דער וועלט.

ער איז פּיינליך געטראָפען געוואָרען דערפון וואָס זי האָט ניט געוואָגט אָנצורופען דעם נאָמען פון איהם מיט וועמען זי האָט גערעדט. ער האָט אויך אויסגעמיטען אַרויסצורעדען זיין נאָמען.

— טערעזאַ, איז ער ניט געקומען צוליב אייך? האָט איהר ניט געוואוסט אַז ער איז אין פלאָרענץ? האָט ער פאַר אייך קיין שום אַנדער באַדייטונג ווי אַ מאַן וואָס איהר טרעפט אין דער געזעלשאַפט און וואָס איהר נעמט איהם אויף ביי אַ וויזיט? איז עס ניט יענער וואָס, זייענדיג ווייט אַוועק, האָט אייך געהייסען מיר זאָגען ביים ברעג פון דער אַרנאָ: „איך קאָן ניט!" געהערט ער אייך גאָר ניט אָן?

זי האָט ענטשלאָסען געענטפערט:

— ער קומט טיילמאָל צו מיר. גענעראַל לאַריוויער האָט איהם מיר פאָרגעשטעלט. קיין אַנדער זאַך האָב איך אייך ניט צו זאָגען. איך פאַרזיכער אייך אַז ער אינטערעסירט מיך ניט אין קיין פאַל און איך קאָן ניט באַגרייפען וואָס אייך האָט געקענט איינפאַלען.

זי האָט געפיהלט אַ מין פאַרגעניגען זיך אַזוי אָפּצוזאָגען פון אַ מאַן, וואָס האָט מיט אַזויפיעל האַרטקייט און ווילדקייט געזוכט אויפצוהאַלטען זיינע רעכט איהר צו באַזיצען. אָבער נאָכאַמאָל האָט זי זיך צוגעאיילט צו זיין אָפענהערציג. זי האָט זיך אויפגעשטעלט אָנגעקוקט איהר געליבטען מיט שעהנע, צאַרטע און ערנסטע אויגען.

— הערט מיך אויס: פון דעם טאָג אָן וואָס איך האָב זיך אייך איבערגעגעבען, געהערט מיין לעבען אינגאַנצען צו אייך. אויב איהר האָט אַ צווייפעל, אַן אַנגסט, פרעגט מיך אויס. די געגענ־

וואַרט געהערט צו אייך, און איהר ווייסט אליין אז צו קיין אנדערן ניט, א־חוץ צו אייך — צו ד י ר. וואָס אנבעלאנגט מיין פאַרגאַנגענהייט, ווען איהר וואָלט וויסען, ווי נישטיג עס איז געווען, וואָלט איהר געווען צופרידען. איך גלויב ניט, אויב אן אנדער פרוי, וואָס איז באַשאַפען געוואָרען צו ליעבען, ווי איך, וואָלט אייך געקאָנט ברייננגען א נייערע נשמה פון ליעבע, ווי מיינע. וועגען דעם — שווער איך אייך. די יאָהרען וואָס זיינען פאַרלאָפען אָהן אייך האָב איך ניט געלעבט. עס געפינט זיך דאָרטען גאָרנישט פאַרוואָס איך זאָל מיך דאַרפען שעמען. באַדויערן — דאָס איז אן אַנדער זאַך; איך באַדויער וואָס איך האָב אייך געטראָפען אזוי שפּעט. פאַר וואָס, מיין ליבסטער, פאַרוואָס זייט איהר פריהער ניט געקומען? איך וואָלט מיך געלאָזט פון אייך נעמען מיט פינף יאָהר צוריק פונקט אזוי פרייוויליג ווי היינט. אָבער לאָמיר זיך ניט מאַטערן דורכצוגעהן די צייטען וואָס זיינען פאַרביי. דערמאָנט אייך לאָהענגרין. אויב איהר ליעבט מיך, בין איך פאַר אייך דער ריטער פון דער שוואַן. איך ביי אייך האָב גאָר נישט געפרעגט. איך האָב גאָר ניט געוואָלט וויסען. איך האָב אייך ניט פאַרגעוואָרפען וועגען מאַדמואַזעל זשאַן טאַנקרעד. איך האָב געזעהן, אז דו ליעבסט מיך, אז דו ליידסט, און דאָס איז פאַר מיר גענוג געווען!... ווייל איך האָב דיך געליעבט.

— א פרוי קאָן ניט זיין אייפערזיכטיג אויפ'ן זעלבען אופן וואָס א מאַן, זי קאָן אויך ניט פיהלען דאָס וואָס מאַכט אונז אַם מעהרסטען ליידען.

— איך ווייס וועגען דעם ניט, פאַרוואָס?

— פאַרוואָס? ווייל די פרוי האָט ניט אין איהר בלוט און לייב יענעם לעכערליכען אָבער דאָך גרויסמוטיגען פאַרלאַנג צו באַזיצען, יענעם אור־אַלטען אינסטינקט, וואָס דער מאַן האָט עס אנגערקענט אַלס זיין רעכט. דער מאַן — דאָס איז דער גאָט, וואָס וויל זיין באַשעפעניש האָבען אינגאַנצען. זייט אומצעהליגע יאָהרהונדערטער האָט די פרוי זיך בלויז געטיילט מיט איהר באַזיץ. און די פאַרגאַנגענהייט, די טונקעלע פאַרגאַנגענהייט, האָט פאַרמירט אונזערע ליידענשאַפטען. מיר זיינען דאָך שוין געווען אזוי אַלט ווען מיר זיינען געבוירען געוואָרען! פאַר א פרוי איז די אייפער־

זוכט בלויז אַ וואונד פון איהר אייגענליעבע; אָבער פאַר דעם מאַן איז זי אַ טיפּע מאַטערניש, מיט דער גאַנצער שאַרפקייט פון גייסטיגע ליידען און מיט דער גאַנצער קראַפט פון קערפּערליכע יסורים... דו פרעגסט, פאַרוואָס? ווייל, ניט קוקענדיג אויף מיין אונטערגעבענהייט און אַכטונג, ניט קוקענדיג אויף דער מורא וואָס דו פאַראורזאַכסט מיר, ביסטו בלויז דער מאַטעריאַל און איך בין די אידעע, דו ביסט אַ חפץ און איך בין די נשמה, דו ביסט דאָס ליים און איך בין דער טעפּער. אַ! דאַרפסט זיך ניט באַקלאָגען וואָסער באַדייטונג האָט דער פּראָסטער און אָרימער טעפּער אָרום דעם אַמפאָר וואָס איז אַרומגערינגעלט מיט גירלאַנדען? זי איז רוהיג און שעהן. ער איז קלענליך, ער פּייניגט זיך, ער פאַרלאַנגט, ער ליידט; וואָרים ווערלען, הייסט ליידען. יאָ, איך בין אייפערזיכטיג. איך וויים קלאָר אין וואָס מיין אייפערזוכט באַשטעהט. ווען איך אַנאַליזיר דאָס, געפין איך דאָרט גע'ירשנ'טע פאָראורטיילען, דעם פוסטען שטאָלץ פון אַ ווילדען, אַ קרענקליכע פיהלבאַרקייט, אַ צוזאַמענמישונג פון חיה'שער גראָבקייט און גרויזאַמער שוואַכקייט, אַ נאַרישען און בייזווויליגען רעוואָלט קעגען די געזעצען פון לעבען און פון דער וועלט. אָבער עס העלפט מיר ניט וואָס איך וויים וואָס דאָס איז: זי איז דאָ און זי מאַטערט מיך. איך בין דער כעמיקער וואָס, שטודירענדיג די אייגענשאַפטען פון עסיג־זויערע וואָס ער האָט געטרונקען, וויים מיט וואָסערע יסודות זיי קאָנען זיך אויסמישען און וועלכע זאַלצען זיי קאָנען באַשאַפען. אָבער דערווייל ברענט איהם די עסיג־זויערע און וועט איהם פאַרברענען ביז צום ביין.

— מיין ליעבער, איהר זייט אומזיניג.

— יאָ, איך בין אומזיניג. איך פיהל דאָס בעסער ווי איהר קאָנט עס פיהלען. צו באַגעהרען אַ פרוי אין דעם רעכטען מיטען פון איהר שעהנקייט און אינטעליגענץ, ווען זי איז אונאַבהענגינג וואָס וויים און וואגט און איז דערפאַר נאָך מעהר אָנציהענד און שעהן, וואָס קאָן קלייבען פריייוויליג, אומגעשטערט און מיט פאָרשטאַנד; איהר צו באַגעהרען, איהר צו ליעבען פאַר אַלץ וואָס זי איז, און צו ליידען דערפאַר ווייל זי האָט ניט אין זיך די קינדישע אָפענהערציגקייט, און ניט די בלאַסע אומשולד וואָס זאָל איהר אויפ־

ציטערן, אויב דאָס וואָלט מעגליך געווען ביי איהר צו טרעפען; פון איהר פאָדערן אַז זי זאָל ז י י ן און זי זאָל נ י ט ז י י ן אין דערזעלבער צייט ז י אַליין; צו פאַרגעטערן איהר דערפאַר, ווייל דאָס לעבען האָט איהר אַזוי באַשאַפען און אין דערזעלבער צייט ביטער באַדויערן, וואָס דאָס לעבען, וואָס האָט איהר אַזוי באַשעהנט, זאָל איהר באַטש האָבען אַנגעריהרט. אָ, דאָס איז אומ־זין! איך ליעב דיך; פאַרשטעהסט, איך ליעב דיך מיט אַלע גע־פיהלען און געוואוינהייטען וואָס דו רופסט אין מיר אַרויס, מיט אַלעם וואָס דיינע ערפאַרונגען האָבען מיר געלערנט, מיט אַלעם וואָס קומט אפשר פון א י ה ם, פון ז י י, ווער ווייסט?... דאָס איז מיין ענטציקונג און דאָס זיינען מיינע יסורים. עפּעס מוז זיין אַ טיפער אמת אין דער אידיאָטישער עפּענטליכער מיינונג, וואָס באַ־טראַכט ליעבע אַלס אַ פאַרברעכען. פאַרגעניגען איז אַ פאַרברעכען ווען עס איז צו שטאַרק. און דערפאַר לייד איך, מיין געליעבטע.

זי האָט אַנידערגעקניהט פאַר איהם, האָט גענומען זיינע הענט און איהם צוגעצויגען צו זיך.

— איך וויל ניט אַז דו זאָלסט ליידען, איך וויל עס ניט. עס וואָלט געווען משוגעת. איך ליעב דיך און איך האָב קיינעם ניט געליעבט אַ־חוץ דיך. דו קאָנסט מיר גלויבען. איך זאָג ניט קיין ליגען.

ער האָט איהר געקושט אויפ'ן שטערן.

— ווען דו וואָלסט מיך גענאַרט, מיין טייערע, וואָלט איך גאָר ניט געהאַט צו דיר. אין געגענטייל, איך וואָלט דיר געווען דאַנק־באַר. וואָס קאָן דען זיין מעהר באַרעכטיגט, מעהר מענשליך ווי אַפּצונאַרען דעם ווהעטאָג? וואָס וואָלט געוואָרען פון אונז, מיין גאָט! ווען די פרויען וואָלטען אויף אונז ניט רחמנות געהאַט מיט זייערע ליגענס? זאָג ליגען, מיין געליבטע, זאָג ליגען אין נאָמען פון בארמהערציגקייט. גיב מיר דעם טרויס וואָס זאָל העל מאַכען דעם ווהעטאָג פון דער שוואַרצער נאַכט. זאָג ליגען, האָב ניט קיין מורא. דו וועסט דערמיט בלויז צוגעבען נאָך אַן אילוזיע צו דער אילוזיע פון ליעבע און שעהנקייט.

ער האָט געזיפצט:

— אָט דער קלאָרער פאַרשטאַנד! דער פּראָסטער שכל!

זי האָט איהם געפּרעגט וואָס ער האָט דערמיט געוואָלט זאָ־גען און וואָס עס איז אזוינס דער פּראָסטער שכל. ער האָט גע־ענטפערט, אז דאָס איז א זינרייכער אָבער ברוטאַלער ווערטעל, און אז עס איז גלייכער וועגען דעם ניט צו רעדען.

— אָבער זאָגט עס יעדענפאַלס.

— איהר ווילט ווירקליך איך זאָל אייך זאָגען: „א מויל וואָס ווערט געקושט פאַרלירט ניט איהר פרישקייט". און ער האָט צונעגעבען:

— עס איז אמת, אז די ליעבע פאַרלענגערט די שעהנקייט און אז דאָס לייב פון דער פרוי ווערט געשפּייזט פון צערטליכ־קייטען ווי די ביהן פון די בלומען.

זי האָט ארויפגעלעגט אויף זיין מויל א שבועה דורך א קוש.

— איך שווער דיר, אז איך האָב קיינמאָל קיינעם ניט ליעב געהאַט אויסער דיר. א, ניין, ניט די צערטליכקייטען האָבען מיר געגעבען דאָס ביסעל רייץ, וואָס איך בין גליקליך קאָנענדיג עס דיר איבערגעבען. איך ליעב דיך! איך ליעב דיך!

אָבער ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם בריף פון אַר־סאַן־מישעל און אָן דעם אומבאַקאַנטען, וואָס זי האָט געטראָפען אויף'ן וואָק־זאַל.

— ווען דו וואָלסט מיך ווירקליך ליעב געהאַט, וואָלסטו ליעב געהאַט בלויז מיך אליין.

זי האָט זיך מיט ענטריסונג אויפגעשטעלט:

—הייסט עס, אז איהר גלויבט, אז איך האָב נאָך אָן אנדער געליעבטען? עס איז האָך שרעקליך, וואָס איהר האָט דאָ געזאָגט. דענקט איהר אזוי וועגען מיר? און איהר זאָגט, אז איהר ליעבט מיך... הערט! איך האָב רחמנות אויף אייך, ווייל איהר זייט משוגע.

— ווירקליך, איך בין משוגע? זאָגט עס מיר. זאָגט עס מיר נאָכאמאָל.

קניהענדיג אויף איהרע פיס האָט זי איהם ארומגענומען דעם פּנים מיט איהרע ווייכע הענט. זי האָט איהם נאָכאמאָל געזאָגט, אז ער איז משוגע וואָס ער באַאומרוהינט זיך וועגען אזא אומבאַ־דייטענדער, באַנאַלער באַגעגעניש. זי האָט איהם געצוואונגען צו

גלויבען, אדער בעסער געזאגט, צו פארגעסען. ער האט ניט געזעהן, ניט געוואוסט און ניט געפיהלט מעהר ווי אט די לייכטע הענט, די ברענענדע ליפען, די אייפריגע ציין, איהר קלארען האלז, איהר גאנצען איבערגעגעבענעם קערפער. ער האט ניט מעהר געטראכט ווי זיך צו פארלירען אין איהר. זיין פארשוואונדענע ביטערקייט און צארן האבען אין איהם געלאזען בלויז א שטארקען פארלאנג אלץ צו פארגעסען און מאכען איהר אלץ פארגעסען, אריינפאלענדיג אין א תאוה'דיגער באוואוסטלאזיגקייט. און זי, קניהענדיג פון אנגסט און פארלאנגען, אליין עמפפינדענדיג די שטארקע ליידענשאפט וואס זי אליין האט ארויסגערופען, דערפיהלענדיג אין דער זעלבער צייט איהר אלמעכטיגקייט און איהר שוואכקייט, האט צוריקגעגעבען ליעבע פאר ליעבע, מיט א ווילדקייט וואס זי האט עס נאך קיינמאל ביז איצט ניט געהאט. און אין איהר אינסטינקטיווען שטורם, מיט א באטויבענדען באגעהר זיך אפצוגעבען מעהר ווי שטענדיג האט זי געוואגט דאס וואס זי וואלט קיינמאל ניט געגלויבט, אז זי וועט וואגען. א הייסער שאטען האט איינגעהילט דעם צימער. גאלדענע שטראלען זיינען ארויפגעפאלען אויף די פארהאנגען און אויף דעם קוישעל פאזיעמקעס וואס איז געשטאנען אויפ'ן טיש, נעבען א פלעשעל אסטי וויין. אויף דער וואנט פון בעט האט, אין האלבען שאטען, די ווענעציאנישע דאמע געשמייכעלט מיט איהרע פארוועלקטע ליפען. די מאסקען פון ברעגאם און ווערא האבען אויף די פאראוואנען געלאכט אין דער שטיל. אין א גלאז איז געשטאנען א פול אויפגעמאכטע ראזע פון וועלכער איין בלעטעל נאכ'ן אנדערען זיינען אראפגעפאלען. די שטילקייט איז געווען פול מיט ליעבע; זיי זיינען פארזונקען געווארען אין א מיעדקייט פון ליידענשאפט.

זי איז אנטשלאפען געווארען אויף דער ברוסט פון איהר געליעבטען. איהר לייכטער שלאף האט פארלענגערט איהר פארגעניגען. ווען זי האט געעפענט די אויגען האט זי, א גליקליכע, געזאגט:

— איך ליעב דיך.

מיט זיין עלבויגען אויפ'ן קישען האט ער איהר אנגעקוקט מיט א באטויבענדען אנגסט.

זי האָט איהם געפרעגט פאַר וואָס ער איז טרויעריג.

— ביזט דאָך אָט ערשט געווען אזוי גליקליך. פארוואָס ביזטו עס שוין ניט מעהר?

אָבער ער האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ און ניט גע־ענטפערט.

— רעד, איך וועל בעסער אויסהערען ווי דו באקלאָגסט זיך, איידער צו זעהן דיך שוויינענדיג.

דאַן האָט ער געזאָגט:

— ווילסט עס וויסען? זיי ניט אין כעס. איך לייד איצט מעהר ווי שטענדיג, ווייל איצט זעה איך ערשט וואָס דו קענסט געבען.

זי האָט זיך אויף שנעל צוריקגעצויגען. איהרע אויגען זיינען געווען פול מיט צער און פאָרוואורף:

— קענסט איהר גלויבען, אז איך בין געווען מיט אַן אנדערען פונקט ווי איך בין געווען מיט אייך! איהר פארוואונדערט מיינע צארטעסטע געפיהלען, מיין ליעבע צו אייך. איך בין אייך דאָס ניט מוחל. איך ליעב אייך. איך האָב קיינעם מעהר ניט ליעב געהאט אויסער אייך. איך האָב קיינמאָל ניט געליטען א חוץ צוליעב אייך. זייט צופרידען. איהר מאַכט מיר א סך ליידען... קאָנט איהר זיין גרויזאם?

— טערעזא, מען איז קיינמאָל ניט גוט ווען מען האָט ליעב.

זיצענדיג אויפ'ן בעט, מיט די נאַקעטע פיס אראָפּגעהאנגען, ווי זי וואָלט זיך געבאָדען, איז זי לאנג געבליבען אומבאוועגליך און פארטראַכט. איהר פנים, וואָס דער פארגעניגען האָט בלאָס געמאַכט, האָט געקראָגען פארבען און טרערען האָבען באנעצט איהרע אויגען.

— טערעזא, דו וויינסט!

— ענטשולדיגט מיר, טייערער. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך ליעב און וואָס מען האָט מיךווירקליך ליעב. איך האָב מורא.

## XXIV.

אין דער ווילא פון די גלאָקען האָט מען געהערט דאָס שווערע קלאַפּען פון קופערטס וואָס מען האָט אַראָפּגעשלעפּט פון די שטיגען. פּאולין, באַלאָדען מיט פּעקלאַך, איז פאָרזיכטיג אַראָפּגעשטיגען פון די טרעפּ. די גוטע מאַדאַם מאַרמע האָט מיט א רוהיגער זאָרגפעלטיגקייט אויפגעפּאַסט ווי די געפּעק ווערט אוועקגעשיקט. מיסס בעל האָט זיך געהאַלטען אין אָנטאָן אין איהר צימער. טערעזאַ איז געווען געקליידט אין גראָהען, גרייט פאַר דער רייזע און האָט זיך אָנגעלענט אויף דער באַלוסטראַדע פון באַלקאָן און האָט צום לעצטען מאָל א בליק געטאָן אויף דער שטאָדט פון דער בלום.

זי האָט געהאַט באַשלאָסען אָפּצופאָהרען. איהר מאַן האָט איהר וועגען דעם דערמאָנט אין יעדען איינציגען פון זיינע בריף. אויב, ווי ער האָט איהר שטאַרק געבעטען, זי וועט זיך אומקערען נאָך פּאַריז אין די ערשטע טעג פון מאַי, וועלען זיי נאָך קאָנען געבען א צוויי אָדער דריי פּאָליטישע מאָלצייטען. זיין פּאַרטיי איז איצט אָנגעזעהן אין דער עפענטליכער מיינונג. דער שטראָם האָט איהם געשטופּט: און גאַרען האָט ערקלערט, אַז גרעפין מאַרטען׳ס סאַלאָן קאָן האָבען אַן אויסגעצייכענטען איינפלוס אויף דער צוקונפט פון לאַנד. די אַלע אורזאַכען האָבען איהר איצט ווייניג וואָס גערירט. אָבער זי האָט זיך געפיהלט ווי צו זיין גוט גענויגט צו איהר מאַן און דוקה איהם געפעלען ווערען. אייערנעכטען האָט זי געקראָגען א בריף פון איהר פאָטער. הערר מאָנטעסי, ניט שרייבענדיג איהר וועגען די פּאָליטישע אויסזיכטען פון זיין איידעם, און אויך ניט געבענדיג קיין עצות צו זיין טאָכטער, האָט איהר אָבער געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז מען הויבט שוין אָן רעדען אין דער געזעלשאַפט וועגען דעם געהיימניספולען אויפהאַלטען זיך פון דער גרעפין מאַרטען אין פלאָרענץ צווישען דיכטער און קינסטלער און אַז די ווילא פון די גלאָקען האָט אָנגענומען, פון דער ווייטענס, א פאַנטאַסטישען און סענטימענטאַלען אויסזעהן. אויך זי אַליין האָט זיך געפיהלט ווי מען וואָלט איהר געזעהן פון צו נאָהענט, אין אָט דער קליינער וועלטעל

פון פיזעאָל. מאַדאַם מאַרמע האָט איהר געשטערט און דער פּרינץ אַלבערטינעלי האָט איהר באַאומרוהיגט. די זעהונגען אין קליינעם הייזעל פון וויאַ אַלפיערי זיינען איצט געוואָרען שווער און געפער־ליך. דער פּראָפעסאָר אַריגי, וועמען דער פּרינץ פּלעגט באַזוכען, האָט איהר נעטראָפען אין אַ געווסען אָוועגד, בעת זי איז געגאַנגען דורך די איינזאַמע גאַסען מיט דעשאַרט'ן אונטער'ן אָרעם. דער פּראָפעסאָר אַריגי, פּערפאַסער פון אַן אָפּהאַנדלונג וועגען אַגריקול־טור, איז געוועזן אַ ליעבעסווירדיגער, קלוגער מענש. ער האָט אוועק־געדרעהט זיין שעהנעם העלדישען פּנים, מיט די ווייסע וואָנצעס און ער האָט בלויז געזאָגט, אויף צו מאָרגענס, צו דער יונגער פרוי: „אַמאָל האָב איך פון דערווייטענס דערפיהלט, ווען אַ שעהנע פרוי דערנעהענטערט זיך. איצט אָבער, ווען איך בין שוין אַריבער דעם עלטער ווען די פרויען זאָלען וואַרפען אויף מיר גינסטיגע בליקען, האָט דער הימעל רחמנות אויף מיר: ער מאַכט, אַז איך זאָל זיי ניט זעהן. איך האָב זעהר שלעכטע אויגען. אפילו דאָס ליעב־ליכסטע געזיכט קען איך ניט דערקענען“. זי האָט דאָס פאַרשטאַ־נען און זי האָט עס אָנגענומען אַלס אַ וואַרנונג. זי האָט איצט געשטרעבט צו באַהאַלטען איהר פרייד אין דעם אומענדליכען פּאַריז.

וויוויאַן, צו וועמען זי האָט דערצעהלט וועגען איהר נאָהענטען אָפּפאָהרען, האָט איהר געבעטען צו בלייבען נאָך עטליכע טעג. אָבער טערעזאַ האָט געגלויבט, אַז איהר פריינדין איז נאָך אַלץ שאָ־קירט פון דער עצה וואָס זי האָט איהר געגעבען אין אַ געווסען אָוועגד אין דעם ציטראָנען צימער און אַז מיסס בעל האָט זיך ניט גוט געפיהלט צו זיין אין דער געזעלשאַפט פון אַ פאַרטרויאונגס־פריינדין, וואָס האָט ניט איינגעשטימט מיט איהר אויסוואַהל. זי האָט אויך געדענקט, אַז דער פּרינץ האַלט איהר פאַר אַ קאָקעטקע און, אפשר, אויך פאַר אוממאָראַליש. דאָס אָפּרייזען איז באַשטימט געוואָרען פאַר'ן 5טען מאַי.

עס איז געווען אַ קלאָרער, רייצענדער טאָג אין דעם טאָל פון דער אַרנאָ. טערעזאַ האָט, טרוימענדיג, געזעהן דאָס בלויע טיי־כעל פון פלאָרענץ ווי עס איז געווען, אָנגעצונדען אין דעם ראָזאָווען מאָרגען ליכט. זי האָט זיך אויסגעבויגען, וועלענדיג אויסגעפינען, ביים פוס פון בלומינען באַרג, דעם קוים באַמערקבאַרען פּלאַץ, וואו

זי האָט דורכגעלעבט אַן אומענדליכע פרייד. ווייט אַוועק, אונטען, האָט זי געזעהן אַ קליינעם שווארצען פלעק, וואָס איז געוועזן דער בית עולם און גלייך דערנעבען האָט זי געוואוסט איז געווען די ווילאַ אַלפיערי. אין איהר געדאַנק האָט זי זיך פאָרגעשטעלט ווי זי איז איצט אין אָט דעם צימער, וואָס איז איהר אַזוי טייער און וואו זי וועט, אָהן צווייפעל, שוין קיינמאָל ניט זיין. די שטונדען וואָס זי האָט דאָרט פאַרבראַכט און וואָס וועלען זיך שוין ניט צוריקקערען, האָט זי איצט דורכגעפיהלט ווי אין אַן אומעטיגען חלום. זי האָט געפיהלט ווי איהרע אויגען פאַרמאַכען זיך, איהרע קניה ציטערן און איהר גייסט לאָזט זיך אויס. איהר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איהר לעבען געפינט זיך שוין ניט מעהר אין אהר אַליין און אַז זי האָט עס געלאָזען אין יענעם ווינקעל, וואו מען זעהט די שווארצע סאָסנעס אַרויסהויבען זייערע אומבאַוועגליכע צווייגען. זי האָט זיך פאָרגעוואָרפען, פאַרוואָס זי באַאומרוהיגט זיך אַזוי אָהן אַן אורזאך, אין געגענטייל, זי האָט איצט געדאַרפט זיין רוהיג און פרעהלאך. זי האָט געוואוסט, אַז זי וועט טרעפען זשאַק דעשאַרט׳ן אין פאַריז. זיי האָבען ביידע געוואָלט דאָרט אַהין פאָהרען אין דערזעלבער צייט, אָדער בעסער געזאָגט, פאָהרען צוזאַמען. אויב זי האָט געפונען פאַר נויטיג, אַז ער זאָל נאָך בלייבען אַ דריי אָדער פיער טאָג אין פלאָרענץ, וועלען זיי דאָך זיך טרעפען גאָר אין קורצען, זיי האָבען שוין באַשטימט ווען די באַגעגעניש זאָל פאָרקומען און זי האָט איצט געלעבט דענקענדיג וועגען דעם. איהר ליעבע איז געווען איהר לעבען, טיעף אין איהר פלייש און בלוט. אָבער דאָך האָט זי איבערגעלאָזען אַ טייל פון זיך אין יענעם הויז פון די ציגען־ און נימפען־בילדער, אַ טייל וואָס וועט שוין קיין מאָל צו איהר ניט צוריקקומען. אין מיטען פון איהר ליידענשאַפטליכען לעבען איז זי געשטאָרבען פאַר זאַכען וואָס זיינען געווען אויסערגעוועהנליך צאַרט און טייער. זי האָט זיך דערמאָנט וואָס דעשאַרט האָט איהר געזאָגט: „די ליעבע איז געצענדיענסט. אויף דער טערראַסע האָב איך צוזאַמענגעקליבען עטליכע טרוקענע ווילדע שווארצע יאַגעדעס, אויף וועלכע איהר האָט געקוקט“. פאַרוואָס האָט זי ניט געקלערט מיטצונעמען אַ קליין שטיינדעל פון דעם הייזעל, וואו זיי האָבען זיך פאַרגעסען אין דער וועלט?

אָן אויסגעשריי פון פּאולין האָט איהר אויפגעוועקט פון איהרע געדאַנקען. אַרויסקריכענדיג פון אונטער אַ ברוינעם בוש, האָט שו־לעט פּלוצלונג אַ קוש געטאָן די קאָמערפרוי, וואָס האָט געטראָגען מאַנטלען און רייזע־טאַשען אין דער קאַרעטע. ער איז איצט אַנט־לאָפען דורך די אַלעען, אַ פּרעהליכער ווי אַ סאַטיר, מיט די אויע־רען אויפגעשטעלט ווי הערנער אויף ביידע זייטען פון זיין גלאַנצי־גען שיידעל. ער האָט באַגריסט די גרעפין מאַרטען.

— דאַרף מען אייך, הייסט עס, זאָגען „זיי געזונד", מאַדאַם?

ער פאַרבלייבט נאָך אין איטאַליען לויט דער פאָדערונג פון אַ דאַמע. און די דאַמע איז געווען רוים. ער האָט געוואָלט זעהן די קאַרדינאַלען. איינער פון זיי, אויף וועמען מען זאָגט, אַז ער איז אַ מענש מיט פאַרשטאַנד, וועט זיך אפשר לאָזען איינרעדען פון שולעט׳ס פּלאַן וועגען אַ סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער קירך. שולעט האָט געהאַט אַ ציעל: צו פאַרפלאַנצען אויף די רו־אינען פון דער אומגערעכטער און גרויזאַמער ציוויליזאַציע דעם קרייץ פון הייליגען ערלעזער, וואָס איז ניט מעהר טויט און נאַקעט, נאָר לעבעדיג און וואָס באַשיצט די וועלט מיט זיינע שמעקענדע אָרעמס. צוליב אָט דעם צוועק האָט ער געגרינדעט אַן אָרדען און אַ זשורנאַל. וואָס ס׳איז שייך דעם אָרדען האָט מאַדאַם מאַרטען וועגען איהם שוין געהערט. דער זשורנאַל וועט קאָסטען איין סו און וועט רעדאַגירט ווערען אין ריטמישע פּראָזען און אין באַקלאָ־גענדיגע פערזען. מען וועט זיי קענען און מען וועט זיי דאַרפען זינגען. די פערזען וועלען זיין זעהר איינפאַכע, ליידענשאַפטליכע און לוסטיגע, וואָס דאָס איז אייגענטליך די איינציגע שפּראַך וואָס איז פּאַסיג פאַר׳ן פאָלק. פּראָזאַ איז בלויז גוט פאַר מענשען וואָס האָבען אַ פיינע אינטעליגענץ. ער פּלעגט זיך טרעפען מיט אַנאַר־כיסטען צווישען די געלט־אויסבייטער פון די סען־זשאַק. זיי פּלע־גען פאַרברענגען זייערע אָווענדען מיט דעקלאַמירען און אויסהערען ווי מען דעקלאַמירט ראָמאַנסען.

און ער האָט צוגעגעבען.

— אַ זשורנאַל וואָס זאָל באַשטעהן פון אַ זאַמלונג ליעדער וואָלט אויסגענומען ביים האַרץ פון פאָלק. מען זאָגט, אַז איך בין

אַ ביסעל גנויאַל. איך ווייס ניט צי מען האָט אַן אורזאַך דערצו. אָבער מען מוז צוגעבען, אַז איך האָב אַ פּראַקטישען מוח.

מיסס בעל איז אַראָפּ פון די שטיגען, אַנטוענדיג איהרע האַנט־שוה.

— אָ, דאַרלינג! די שטאָדט, די בערג און דער הימעל ווילען אַז איהר זאָלט ווייגען ווען איהר געזעגענט זיך מיט זיי. זיי האָבען זיך היינט אַזוי פּרעכטיג אויסגעציערט, כדי איהר זאָלט באַדויערן וואָס איהר פאַרלאָזט זיי און כדי איהר זאָלט בענקען זיי צוריק צו זעהן.

אָבער שולעט, וואָס איז שוין געווען מיעד פון דעם אויסגעטרייטעטען גלאַנץ פון די טאָסקאַנישע לאַנדשאַפטען, האָט געלעכצט נאָך דעם גרינעם אומבריען און זיין פייכטען הימעל.

— דאָרט, — האָט ער געזאָגט, — זיינען דאָ וועלדער און פעלזען, און די אָפענע פּלעצער אין די וועלדער וואו מען קאָן זעהן דעם הימעל מיט די ווייסע וואָלקענס. איך האָב שפּאַצירט אויף די פוס־טריט פון דעם הייליגען פראַנציס און איך האָב איבערזעצט זיין הימן צו דער זון אין אָרימע, אַלטע, איינפאַכע פראַנצויזישע פערזען.

מאַדאַם מאַרטען האָט געזאָגט, אַז זי וואָלט זיי וועלען הערען. מיסס בעל האָט זיי שוין געהערט און אויף איהר פּנים האָט זיך באַוויזען אַזא ענטציקענדער אויסדרוק, וואָס האָט איהר געגעבען אַן אויסזעהן פון מינאַ׳ס אַ מלאך.

שולעט האָט זיי געוואָרענט, אַז עס איז אַ רויהע און ניט קיין קינסטלערישע אַרבייט. די פערזען האָבען גאָר ניט געוואָלט זיין קיין שעהנע. זיי זיינען געווען איינפאַכע און ניט קיין גלייכע, כדי זאָלען ניט פאַלען שווער. דערנאָך האָט ער מיט אַ לאַנגזאַמער און מאָנאָטאָנער שטימע דעקלאַמירט דעם הימן:

איך לויב דיך, מיין גאָט, ווייל די ערד, וואו מיר לעבען
דיין האַנד אָנגעפילט האָט מיט ליכט און מיט פרייד,
דו האָסט איהר די הערליכסטע וואונדער געגעבען
און האָסט איהר מיט גאָלד, עמעראַלדען פאַרזעעט.

און לויבען וועל איך דיך, ווייל דו האָסט באַשאַפען
די קעניגין זון, וואָס באַלייכט אונזער וועלט,
געגעבען איהר גאָלדענע שטראַלען פאַר שקלאַפען,
וואָס גלאַנצען און ווערען קיינמאָל ניט פאַרשטעלט.

פאַר ברידערלעך שטערען און שוועסטער לבנה
דיך לויב איך, באַשעפער, אָהן אויפהער אַצינד;
ווייל דו גיסט די וואָלקענדלעך אונז אַ מתנה
און דו האָסט באַשאַפען דעם ברודער דעם ווינד.

אַ לויב צו דיר, גאָט, פאַר'ן ברודער דעם פייער,
וואָס איז אַזוי שרעקליך און דאָך אַזוי גוט,
און פאַר דער דערשלאָגענער, צנועה'דיג־טרייער
שוועסטערל וואַסער, וואָס וויגענדיג רוהט.

אַ לויב פאַר דער ערד, וואָס באַפוילען, ערגעהרען
דאָס קינד און זיין פאָטער און מוטער האָסטו,
און אויבער דעם אָרעמען מאַן, וועמעס טרערען
די ווייסע מלאכים, גאָט, טראָגען דיר צו.

פאַר ברודער'ל טויט און די שוועסטער דאָס לעבען
דיך לויב איך ביז ס'שליסען די אויגען זיך מיר,
כדי, ווען כ'וועל שטאַרבען, זאָלסטו, גאָט, מיר געבען
די שפּייז וועלכע וויגט איין און ברענגט גלייך צו דיר.

— אָ, הערר שולעט, האָט געזאָגט מיסס בעל, — אָט דער הימן שטייגט אַרויף צום הימעל ווי דער פרוש פון קאַמפּאָ סאַנטאָ אין פּיזאַ, וואָס קריכט אַרויף אויפ'ן באַרג וואו די ציגען האָבען ליעב זיך צו פּאַשען. איך וועל אייך דערצעהלען ווי אַזוי: דער אַלטער פרוש שטייגט אַרויף, אָנגעלעהנט אויף זיין שטעקען פון גלויבען, און זיין טראָט איז ניט קיין גלייכער, ווייל אַזוי ווי די

קוליע געפינט זיך אויף איין זייט, מוז איין פוס שטענדיג זיך באַ־וועגען שנעלער פאַר׳ן אנדערן. און דערפאַר זיינען אייערע פער־זען נים קיין גלייכע. אָ, איך פאַרשטעה!

דער דיכטער האָט אָנגענומען אָט די לויב, זייענדיג ניט באַ־וואוסטזיניגערהייט איבערצייגט, אז ער האָט עס פאַרדינט.

— איהר האָט גלויבען, הערר שולעט, — האָט געזאָגט טערע־זאַ. — אויף וואָס טויג דאָס אייך, אויב ניט כדי צו מאַכען שעהנע פערזען?

— צו זינדיגען, מאַדאַם.

— אָ, מען קען זינדיגען אָהן דעם.

מאַדאַם מאַרמע האָט זיך באַוויזען, גרייט אָפּצופאָהרען. זי האָט געהאַט אַ רוהיגע פרייד וואָס זי וועט ענדליך צוריק קענען זיין אין איהר קליינער וואוינונג פון רי דע שעז, אַז זי וועט קאָנען ווידערזעהן איהר קליינעם הינטעל טאָבי און איהר אַלטען פריינד, דעם הערר לאַגראַנזש.; און נאָכדעם ווי זי האָט געזעהן די עטרוס־קער פון פיזעאָל, וועט זי זיין צופרידען ווידער צו זעהן איהר היי־מישען קריעגער, וואָס ליגט דאָרט צווישען די ליידיגע באָנבאָן שאַכטלאַך און קוקט ארויס דורכ׳ן פענסטער צום סקער דע באָן מאַרשע.

מיסס בעל האָט אין איהר קאַרעטע אָפּגעפיהרט איהרע פריינ־דינס צום וואָקזאַל.

## XXV.

דעשאַרט איז געקומען צו דעם צוג זיך געזעגענען מיט די צוויי רייזענדע. זייענדיג אָפּגעטיילט האָט טערעזאַ דערפיהלט אַלץ וואָס ער איז געוועזן פאַר איהר: ער האָט צוגעגעבען צו איהר לע־בען אַ נייעם ענטציקענדען טעם, וואָס איז געוועזן אַזוי שטאַרק און לעבהאַפט אַז זי האָט עס געפיהלט אויף איהרע ליפּען. זי האָט געלעבט פון דעם רייז, פון דעם חלום איהם צוריק צו זעהן. זי האָט זיך פאַרוואונדערט און איז געוועזן זעהר זאַנפט ווען מאַדאַם מאַרמע פלעגט איהר זאָגען בעת דער רייזע: „איך גלויב, אַז מיר זיינען שוין אריבער די גרעניץ. אָדער, „זעה ווי די רויזען־בוימער

בליהען ביי די ברעגען פון ים". איהר אינערליכע פרייד איז ביי איהר נאָך געווען פארבליבען, בעת שטעהענדיג איבער נאכט אין א האָטעל אין מארסעי, האָט זי געזעהן די גראָהע אַליוועז בוימער אין זייערע שטיינערנע פעלדער, דערנאָך די מויל־בער בוימער; און דאַן די ווייטע אַנזיכט פון פילאָטוס בארג, דעם ראָן טייך און ליאָן; און דערנאָך די באקאנטע לאנדשאפטען, די בוימער וועמענס שפיצען זעהען אוים ווי בוקעטען, וואָס זיינען דאָ ניט לאנג געווען טונקעל און פיאָלעט און איצט באקליידעט מיט א צארטער גרינקייט: די שטראַלענדע קליינע טעפּיכער פון בעארבייטע לאנד אויף די שפּיצען פון די בערגלאָך און די שורות טאָפּאָלען ארום די ברעגעס פון טייך. די רייזע איז פאר איהר דורכגעגאנגען רוהיג. זי האָט אין זיך געפיהלט די פוילקייט פון די פארגאנגענע שטונדען און די וואונדער פון טיפער פרייד. ווען די באהן האָט זיך אָפּגעשטעלט אונטער דעם בלאָהען ליכט פון דער סטאנציע, האָט זי באגריסט איהר מאַן, וואָס איז געווען גליקליך איהר ווידערצוזעהן, מיט דעם שמייכעל פון איינער וואָס איז פונקט איצט אויפגעוועקט געוואָרען פון שלאָף. ארומהאלזענדיג די וואוילע מאדאם מארמע האָט זי איהר געזאָגט, אז זי דאנקט איהר פון טיפען הארצען. און ווירקליך האָט זי אַלץ און אַלעמען געדאנקט, פונקט ווי שולעטס הייליגער פראנציס.

אין דער קארעטע, וואָס איז געפאָהרען איבער די האפען־גאסען אונטער א באַלויכטענעם שטויב, פון דער זון וואָס האָט זיך גע־האַלטען ביים זעצען, האָט זי מיט געדולד אויסגעהערט די געשיכ־טען וואָס דער מאַן האָט איהר דערצעהלט, וועגען זיינע ערפאָלגען אין פארלאמענט, און וועגען די אבזיכטען פון זיין פארלאמענטא־רישער גרופּע, זיינע פּראָיעקטען, זיינע האָפנונגען און די נויטוועג־דיגקייט פון געבען א צוויי אָדער דריי גרויסע פּאָליטישע מאָל־צייטען. זי האָט פארמאכט די אויגען, כדי בעסער צו טראכטען. זי האָט צו זיך געזאָגט: „מאָרגען וועל איך קריגען א בריף און אין אכט טאָג ארום וועל איך איהם ווידערזעהן". ווען די קארעטע איז אריבערגעפאָהרען די בריק, האָט זי געקוקט אויפ'ן וואסער וואָס האָט ווי געברענט פון דעם אָפּשיין פון דער אונטערגעהענדער זון, און אויף די פאררויכערטע טויערן פון דער בריק אויף די שורות

פּאַסטאַנעז בוימער און אויף די בלומיגע קעפּ פון די קאַשטאַנען
בוימער וואָס זיינען געווען צואוואָרפען איבער דעם קור־לאַ־רען. אַט
די אַלע באַקאַנטע אַנזיכטען האָבען זיך איצט פאַר איהר אַרויסגע־
וויזען אין אַ נייער ליעבליכער געשטאַלט. עס האָט זיך איהר אויס־
געדוכט ,אַז איהר ליעבע האָט דער וועלט געגעבען אַ נייעם קאָליר.
און זי האָט זיך געפרעגט, אויב די בוימער און די שטיינער האָבען
איהר דערקענט. זי האָט געטראַכט: „ווי אַזוי איז דאָס מעגליך,
אַז מיין שטילשווייגען, מיינע אויגען, מיין גאַנצער לייב, און דער
הימעל און די ערד זאָלען ניט אויסשרייען וועגען מיין געהיימנים?“
הערר מאַרטען־בעלעם, גלויבענדיג, אַז זי איז אַ ביסעל מיעד, האָט
איהר געראַטען, אַז זי זאָל זיך אָפּרוהען. און ביינאַכט, זייענדיג
פאַרשלאָסען אין איהר צימער, אין דער טיפער שטילקייט, וואו
זי האָט געהערט דאָס קלאַפּען פון איהר האַרץ, האָט זי געשריבען
צום אָפּוועזענדען געליעבטען אַ בריף, וואָס איז געווען פול מיט
יענע ווערטער, וואָס זיינען עהנליך צו בלומען אין זייער אייביגער
פרישקייט. „איך ליעב דיך, איך וואַרט אויף דיר. איך בין גליק־
ליך. איך פיהל דיך נעבען מיר. אַ־חוץ דיר און מיר איז קיין שום
זאַך ניטאָ אויף דער וועלט. דורך מיין פענסטער זעה איך איצט
אַ בלויען ציטערדיגען שטערן, איך קוק אויף איהם, קלערענדיג, אַז
דו זעהסט איהם דאָרט אין פלאָרענץ. אויף מיין טיש האָב איך
אַרויפגעלייגט דאָס קליינע לעפּעלע מיט דער רויטער ליליע. קום.
איך בענק נאָך דיר פון דערווייטענס. קום!“ און אַזוי, אייביג
ניי, האָט זי אין איהר האַרץ עמפּונדען יענע געדאַנקען און געפיה־
לען וואָס זיינען אומשטערבליך.

אין פאַרלויף פון אַ וואָך צייט איז איהר לעבען געווען אינ־
גאַנצען אינערליך, פיהלענדיג אין זיך די זאַנפטע וואַרימקייט וואָס
איז אין איהר פאַרבליבען פון די טעג פון וויאַ אַלפיערי. זי האָט
איינגעהויכט אין זיך די געקראָנגענע קושען און זי האָט זיך ליעב
געהאַט ווייל זי איז געליעבט געוואָרען. מיט דער גרעסטער אויפ־
מערקזאַמקייט און מיט דעם עדעלסטען געשמאַק האָט זי זיך גע־
לאָזען מאַכען איהרע נייע קליידער. זי איז זיך געפעלען געוואָרען
און האָט געוואָלט זיך געפעלען ווערען. זי איז געווען משוגע, נער־
וועז, אומרוהיג ווען זי האָט פונקט גאָרנישט דערהאַלטען פון דער

פֿאַסט, און זי האָט געציטערט פֿון פֿרייד, ווען מען האָט איהר איבערגעבען דורך דעם קליינעם פֿענסטערל אַ קאָנווערט וואו זי האָט דערקענט די רונדע, באַצירטע האַנטשריפֿט פֿון איהר געליעבטען. עראינערונגען, פֿאַרלאַנגען און האָפֿנונגען האָבען איהר אויפֿגעגעסען; און אַזוי האָבען די צוריסענע, פֿאַרפֿראָרענע, פֿאַרברענטע שטונדען זיך שנעל פֿאַרניכטעט.

בלויז דער פֿריהמאָרגען, ווען ער האָט געדאַרפֿט אָנקומען, האָט פֿאַר איהר אויסגעזעהן העסליך לאַנג. זי איז געווען אויפֿ׳ן וואָקזאַל פֿריהער איידער די באַהן האָט געדאַרפֿט אָנקומען. דערנאָך איז געמאָלדען געוואָרען אַז די באַהן האָט זיך פֿאַרשפּעטיגט און זי האָט זיך געפֿיהלט דערשלאָגען. זייענדיג אָפּטימיסטיש אין איהרע אונטערנעמונגען, פּונקט ווי איהר פֿאָטער, גלויבענדיג אַז דאָס גליק מוז שטענדיג זיין אויף איהר זייט, האָט די אומערוואַרטעטע פֿאַרשפּעטיגונג פֿאַר איהר אויסגעקוקט ווי אַ פֿאַרראַט. די גראָהע ליכט, וואָס האָט דורכגעשיינט דורך דעם גלעזערנעם דאַך פֿון וואָקזאַל און איז געפֿאַלען אויף איהר, אין פֿאַרלויף פֿון דריי־פֿערטעל שעה, האָט פֿאַר איהר אויסגעקוקט ווי אַן אייביגקייט; איהרע פֿאַרלאָרענע מינוטען פֿון גליק האָבען פֿאַר איהר אויסגעקוקט אַזוי לאַנג ווי מען וואָלט געצעהלט איינציגע זאַמדעלאַך אין אַ גרויסען מעסטעל. זי איז שוין געווען פֿאַרצווייפֿעלט, ווען אין דעם רויטען זונען־ליכט, וואָס איז שוין געווען זעהר נידריג, האָט זי געזעהן דעם ריעזיגען עקספּרעס־צוג זיך זאַכט אָפּשטעלען אויף דער פּלאַטפֿאָרמע. פֿון צווישען דעם המון רייזענדע וואָס האָבען זיך געאיילט נאָך דראָזשקעס, האָט זשאַק׳ס שלאַנקע און דינע פֿיגור זיך באַוויזען און ער האָט זיך געלאָזען געהן צו איהר. ער האָט איהר אָנגעקוקט מיט יענער אומעטיגער און שטורמישער פֿרייד, וואָס איז איהר שוין באַקאַנט געווען. ער האָט געזאָגט:

— ענדליך זייט איהר דאָ! איך האָב מורא געהאַט אַז איך וועל שטאַרבען איידער איך וועל אייך ווידערזעהן. איהר ווייסט גאָר ניט, איך האָב עס אַליין ניט געוואוסט וואָסער מאַטערניש עס איז צו לעבען איין וואָך ווייט פֿון אייך. איך האָב זיך אומגעקערט צום קליינעם הייזעל פֿון וויאַ אַלפֿיערי. אין דעם צימער, וואָס איהר

קענט, האָב איך פאַר דעם אַלטען פּאָסטעל געוויינט פון ליעבע און לײידענשאַפט.

זי האָט איהם אָנגעקוקט, פול מיט גליק, און געזאָגט:

— און איך, דענקסטו ניט, אַז איך האָב דיך גערופען, אַז איך האָב דיך באַגערט, אַז זייענדיג אַליין, האָב איך אויסגעשטרעקט מיינע אָרעמס צו דיר? איך האָב באַהאַלטען דיינע בריף אין קעסטעלע וואו איך האַלט מיין ציערונג. איך פּלעג זיי נאָכאַמאָל איבערלעזען ביינאַכט. עס איז געווען אַ פאַרגעניגען, אָבער אומפּאַרזיכטיג. דיינע בריף — דאָס ביסטו געווען אַליין, אָבער דאָך ניט גענוג.

זיי זיינען אַריבער דעם הויף וואו עס זיינען געפאָהרען די וואָגענס באַלאָדען מיט געפּעק. זי האָט איהם געפרעגט, אויב זיי זאָלען ניט נעמען קיין קאַרעטע.

ער האָט ניט געענטפערט. עס האָט אויסגעזעהן ווי ער וואָלט ניט געהערט. זי האָט ווייטער גערעדט:

— איך בין געגאַנגען אַ קוק טאָן אויף דעם הויז, איך האָב ניט געוואַגט דאָרט אַריינצוגעהן. איך האָב אַריינגעקוקט דורך דער זייט פון הויף און פון הינטער אַ פּלאַטאַנען־בוים, און האָב געזעהן רויזען־ביימער ביי די קרייץ־פענסטער. און איך האָב צו זיך געזאָגט: „דאָ איז עס!“ איך בין נאָך קיינמאָל ניט געווען מעהר גערירט.

ער האָט איהר מעהר ניט אויסגעהערט און מעהר ניט אָנגעקוקט. זיי האָבען שנעל דורכגעשפּרייזט דעם טראָטואַר און זיינען אַרויס, דורך שמאָלע שטיגען, צו אַן איינזאַמער גאַס, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער נידריגער זייט פון וואָקזאַל. דאָרט, צווישען די הילצערנע ביידלאַך און קוילען־מאַגאַזינען איז געווען אַ האָטעל מיט אַ רעסטאָראַן אויפ'ן אונטערשטען עטאַזש און טישען זיינען געווען אויסגעשטעלט אויפ'ן טראָטואַר. אונטער אַ געפאַרבטען שילד האָט מען געזעהן ווייסע פאָרהאַנגען ביי די פענסטער. דערשאַרט האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער קליינער טיר און טערעזאַן אַריינגעשטופּט אין טונקעלען דורכגאַנג.

זי האָט געפרעגט:

— וואוהין פיהרסטו מיך? ווי שפעט איז איצט? איך מוז זיין אין דערהיים האלב נאך זיבען. מיר זיינען משוגע.

און אין א צימער מיט רויטע שויבען, אויסמעבלירט מיט א בעט פון וואלנום האלץ און א טעפיך וואו עס איז געווען אויסגע־מאלען א לייב, האבען זיי דורכגעלעבט א מינוט פון געטליכער פארגעסענהיים.

אראפגעהענדיג פון די טרעפ האט זי געזאגט:

— זשאק, מיין טייערער, מיר זיינען צו גליקליך; מיר נעמען אזוי פיעל פון לעבען.

## XXVI.

אויף צומארגענס האט איהר א קארעטע צוגעפיהרט צו א גאס, וואס איז געווען האלב באוואוינט און האלב פארלאזען, האלב לוס־טיג און האלב טרויעריג. די נייע הייזער זיינען געווען אפגעטיילט מיט הויכע גארטען־ווענט. זי האט זיך אפגעשטעלט אויף א פלאץ, וואו דער טראטואר ציהט זיך דורך איבער א געוועלבטער ארקאדע, צו א הויז, וואס זעהט אויס ווי עס וואלט באנוצט געווארען פון דער רעגירונג; פאנטאסטיש שפרייט עס זיך אויס איבער דער גאס און עס איז איצט באדעקט מיט שטויב און פארגעסענהיים. דא און דארט, צווישען די שטיינערנע געביידען, הויבען זיך ארויס גרינע צווייגען וואס מאכען היימליך אט דעם טייל פון דער שטאדט.

ווען זי האט געקלונגען ביי דער קליינער טיר, האט טערעזא באמערקט אין דער פערספעקטיוו, וואס איז געווען באגרענעצט פון די הייזער, אויף א דאך־פענסטער, א שטריק־רעדעל, און א גרויסען פארגאלדעטען שליסעל, א סימן אז דארט וואוינט א שלאסער. איהר בליק האט זיך אנגעפילט מיט אט די אנזיכטען וואס זיינען געווען ניי פאר איהר און דאך עפעס שוין אזוי באקאנט. טויבען זיינען ארומגעפלויגען איבער איהר קאפ, און זי האט געהערט ווי הינער האבען געקוואקטשעט. א דיענער מיט וואנצעס, וואס געהאט א מיליטעריש־דארפישען אויסזעהן, האט איהר געעפענט די טיר. זי האט זיך געפונען אין א זאמריגען הויף, באשאטענט פון א פלאטאנען־בוים. אויף דער לינקער זייט, גלייך

מיט דער גאַס, איז געווען דעם דיענער׳ס וואוינונג מיט קאַנאַריקלאַך אין די שטייגלאַך אַרום די פענסטער. אויף דער זייט האָט זיך אָנגעגרעניצט דער דריי־עקיגער טייל פון צווייטען הויז, וואָס איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ גרינער נעץ־אַרבייט. אָנגעלעהנט דאַרויף איז געווען אַ גלעזערנע געביידע, פון אַ סקולפּטאָר׳ס סטודיאָ; דורך דעם גלאָז האָט מען געקאָנט זעהן די פּלאַסטערפיגורען וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט שטויב. אויף רעכטס, באַפעסטיגט צו דער נידריגער וואַנד פון הויף זיינען געווען טייערע איבערבלייבענישען פון באַלקען־ווערק און צובראָכענע קערפּערס פון זיילען. אין פראָנט זיינען געווען די זעקס קרייץ־פענסטער פון דעם מיטעלמעסיגען הויז, וואָס איז געווען האַלב פאַרשטעלט מיט רויזען־בוימלאַך.

זייענדיג פאַרליעבט אין דער פראַנצויזישער אַרכיטעקטור פון פופצעהנטען יאָהרהונדערט, האָט פיליפּ דעשאַרט מיט פיעל קענטניס רעפּראָדוצירט די כאַראַקטעריסטישע שטעלען פון אַ פּריוואַטער וואוינונג אין דער צייט פון לואי דעם צוועלפטען. אָט די הויז, וואָס מען האָט אָנגעהויבען בויען אין דער מיט פון צווייטען קייזער־רייך איז קיינמאָל ניט פאַרענדיגט געוואָרען. דער בויער פון אַזוי פיעל שלעסער איז געשטאָרבען ניט קענענדיג פאַרענדיגען זיין אייגענע האַלצערנע הייזעל. און עס איז בעסער וואָס עס איז אַזוי געווען. עס איז געצייכענט געוואָרען אין אַ סטיל וואָס איז אַמאָל געווען זעהר פאַרנעהם, אָבער איצט זעהט עס אויס באַנאַל און אַלטמאָדיש. די גאָרטענס, וואָס האָבען עס פריהער אַרומגעריגגעלט, זיינען שוין איצט פאַרבויט געווען. און היינט, זייענדיג צונויפגעשטיקט צווישען די ווענט פון הויכע געביידען, האָט פיליפּ דעשאַרט׳ס קליינע הייזקע שוין ניט מעהר אויסגעזעהן אַזוי געשמאַקלאָז, מיט איהר פאַלשער צו־נייער אַלטערטימליכקייט, מיט איהר אַרכעאָלאָגישען ראָמאַנטיזם; אויסזעהענדיג אַזוי פּאַטעטיש בעת די רויהע ציגעל האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט וואַרטענדיג אויף דעם בויער, וואָס איז שוין טויט אפשר צוואַנציג יאָהר, מיט דער שווערקייט פון איהרע דריי ניט־פאַרענדיגטע דאַך־פענסטער, מיט דער איינפאַכקייט פון דעם ביליגען דאַך, וואָס דעם אַרכיטעקט׳ס אַלמנה האָט געלאָזט מאַכען און מיט דעם גאַנצען רייץ פון דאָס

ניט־פֿאַרענדיגטע און דאָס אַרויסגעצוואונגענע, האָט עס זעהר גוט האַרמאָנירט מיט אָט דער מיאוסקייט פֿון דער אַרומיגער געגענד, וואָס איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון דער שנעלער פֿאַרמעהרונג פֿון דער באַפֿעלקערונג.

און נאָך אַלעם האָט דאָס קליינע הייזעל געהאַט אַ געוויסען רייץ מיט איהר רואינירטען אויסזעהן, אין איהר גרינער באַפּוצונג. פּלוצלונג און אינסטינקטיוו האָט טערעזאַ אַנטדעקט אַנדערע האַר־מאָניען. אין אָט דער איינדרוקספֿולער נאַכלעסיגקייט, אין די ווענט וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט גרינוואַרג, אין די פֿאַרטונ־קעלטע סטודיאָ פֿענסטער און אפילו אין דעם אויסגעבויגענעם פּלאַ־טאַן־בוים, וואָס צושטרייט מיט איהר שופּיגער קאָרע די גראָז פֿון הויף, האָט זי געלייענט די נשמה פֿון מייסטער, וואָס איז אומפֿאַר־זיכטיג פֿאַרשווענדעריש, וואָס טראָגט אין זיך די אייביגע אומצו־פֿרידענהייט פֿון די ליידענשאַפֿטליכע. אין איהר פֿרייד האָט עס איהר אַ דריק געטאָן ביים האַרץ ווען זי האָט דערזעהן מיט וועלכער גלייכגילטיגקייט איהר געליבטער פֿאַרלאָזט עס אַלע זאַכען אַרום זיך, כאָטש מען האָט דערין געקאָנט זעהן אַ מין חן און נאָבילימעט, האָט זי אָבער דערין אויך געזעהן דעם גייסט פֿון אָפּזונדערונג, וואָס איז געווען אין גאַנצען דעם געגענזאַץ פֿון איהר אייגענער נאַטור און דעם וואַכענדען אויפֿמערקזאַמען גייסט פֿון די מאָנטעסי׳ס. זי האָט גלייך געטראַכט ווי זי וואָלט דאָרט געקאָנט אַלץ ברייננגען אין אָרדנונג און דערביי ניט צושטערען די נאַכדענקענדע צאַרטקייט פֿון אָט דעם ווילדען ווינקעל: דאָס שטעגעל וואָלט זי אויסגעשפּרייט מיט זאַמד און אין דעם ווינקעל, וואו עס דערגרייכט די זון, וואָלט זי פֿאַרזייהט די שענסטע בלומען. זי איז געווען געריהרט אָנקוקענ־ריג אַ סטאַטוע וואָס איז געקומען פֿון עפּעס אַ רואינירטען פּאַרק. עס איז געווען אַ פֿלאָראַ, באַדעקט מיט שוואַרצע מאָך, זי איז גע־לעגען אויף דער ערד, איהרע צוויי אָרעמס ליגענדיג נעבען איהר. טערעזאַ האָט געטרוימט וועגען אויפֿהויבען איהר און איהר מאַכען פֿאַר דעם צענטער פֿון אַ פֿאָנטאַן פֿון וואַנען זי האָט שוין געזעהן ווי די וואַסער פֿליסט מעלאַנכאָליש אין אַן עמער, וואָס האָט פֿאַרטראָטען די שטעל פֿון אַ בעקען.

דעשאַרט האָט געוואַרט אויף איהר אַ שעה צייט. ער איז

איצט געווען פרעהלאך, אבער דאך אומרוהיג. ציטערענדיג פון זיין אויפרעגענדען גליק איז ער ארונטער געגאנגען די טרעפ איהר צו באגעגנען. אין דעם דערפרישענדען שאטען פון פאדערהויז, וואו מען האט געזעהן אומדייטליך די קרעפטיגע שעהנע בראנזען און מארמארען, האט זי זיך אפגעשטעלט, צוטומעלט פון דאס קלאפעניש פון איהר הארץ, וואס האט אויסערגעוועהנליך שנעל געארבייט אונטער איהר ברוסט.

ער האט איהר געדריקט צו זיך און איהר לאנג געקושט. אין מיטען דער אויפרעגונג אין וועלכער זי האט זיך געפונען, האט זי געהערט ווי ער האט מיט ענטציקונג דערמאנט דעם נעכטיגען טאג. זי האט פאר זיך נאכאמאל געזעהן דעם בעט־טעפיך מיט דעם אויסגעמאלענעם ליוו און זי האט זשאק'ן צוריקגעגעבען זיינע קוּשעי מיט אן ענטציקענדער לאנגזאמקייט.

איבער הילצערנע, אויסגעבויגענע שטיגען האט ער איהר אריינגעפיהרט אין א גרויסען צימער, וואס איז אמאל געווען זיין פאטער'ס ארבייט־קאבינעט און וואו ער אליין פלעגט צייכנען, מאדולירען און איבערהויפט לעזען. ער פלעגט ליעב האבען דאס לעזען ווי אן אפיום און ער פלעגט אריינפאלען אין חלומות ביי א גיטדערענדיגטע זייטעל.

פון איבער דער באציערטער שראנק ביז צום סופיט האבען געהאנגען איידעל־געארבייטע גאטישע טעפיכער, וואס האבען געמאכט דעם צימער אויסזעהן ווי א פעען־וואלד. א דאמע, וואס איז געווען געקליידעט אין א הויב־קלייד פון פופצעהנטען יאהרהונדערט און אן איינהארן וואס ליגט ביי איהרע פיס, האט זיך ארויסגעזעהן פון צווישען די טעפיכער.

ער האט איהר געפיהרט פאר א פלאכען און ברייטען דיוואן, מיט טישלאך וואס זיינען געווען באדעקט מיט פרעכטיגע שפאנישע שאלען און ביזאנטישע דאלמאטיקס. אבער זי האט זיך געזעצט אויף א פאטעל.

— איהר זייט דא — א י ה ר דא! איצט קען די וועלט זיך שוין ענדיגען.

זי האט געענטפערט:

— אמאל האב איך געקלערט וועגען דער ענדע פון דער וועלט,

אָבער איך האָב דערפאַר ניט מורא געהאַט. הערר לאַגראַנזש האָט עס מיר פאַרשפּראָכען, זייענדיג א גאַלאַנטער מענש, און איך האָב עס ערוואַרטעט. ווען איך האָב נאָך אייך ניט געקענט, האָב איך זיך דאָך אזוי פיעל געלאַנגווייליגט!

זי האָט זיך ארומגעקוקט ארום זיך אויף די טישען, וואו עס זיינען געווען אָנגעשטעלט וואזען און סטאַטועןן, אויף די טעפּיכער און אויף דער גלענצענדער מאַסע וואַפען, אויף די גלאַזור זאַכען, מאַרמאָרען, מאָלערייען און אַלטע ביכער.

— איהר האָט זעהר שעהנע זאַכען.

— מעהרסטענס קומען זיי פון מיין פאָטער, וואָס האָט גע־לעבט אין דער גאָלדענער צייט פון קאָלעקציעס. אין 1851 האָט ער ענטדעקט אָט די איינהאָרן געשיכטען, די איבעריגע סעריען דערפון געפינען זיך אין קלוני, אין א גאַסט־הויז פון מענג־סיר־עוור.

אָבער זייענדיג נייגעריג און אַנטטוישט האָט זי געזאָגט:

— אָבער איך זעה דאָ גאָר ניט אייערע זאַכען, ניט קיין סטאַ־טוע און ניט קיין באַ־רעליעף, אָדער איינע פון יענע וואַקסענע פיגו־רען וואָס ווערען באַוואונדערט אין ענגלאַנד, אפילו ניט קיין פיגורעל, ניט קיין צייכנונג און ניט קיין מעדאַל.

— גלויבט איהר, אז איך וואָלט געקאָנט האָבען פאַרגעניגען צו לעבען צווישען מיינע ווערק?... איך קען זיי צו פיעל, מיינע פיגורען... זיי לאַנגווייליגען מיך. א זאַך, וואָס האָט ניט קיין גע־היימניס האָט אויך ניט קיין רייץ.

זי האָט געקוקט אויף איהם, מאַכענדיג אַן אָנשטעל ווי זי וואָלט זיך געערגערט.

— איהר האָט מיר קיינמאָל ניט געהאַט געזאָגט, אז מען פאַר־לירט דעם רייץ פאַר אייך ווען מען האָט ניט מעהר קיין געהיימניס.

ער האָט איהר אָנגענומען ביי דער טאַליע.

— אָ, אַלץ וואָס לעבט איז שוין צו פיעל געהיימניספול. און דו פאַרבלייבסט פאַר מיר, מיין ליעבסטע, אַ רעטזעל, וועמענס אומ־באַקאַנטע באַדייטונג ענטהאַלט אין זיך די ענטציקונג פון לעבען און די גרויזאַמקייט פון טויט. האָב ניט מורא צו זיין מיינע. איך וועל דיך אייביג באַגעהרען און איך וועל קיין מאָל דיך ניט קענען. האָט דען עמיצער ווען באַזעסען דאָס וואָס ער האָט געליעבט? זיי־

נען דען די קושען און צערטליכקייטען עפּעס אַנדערש ווי דאָס שטרעבען פון אַן ענטציקענדער פאַרצווייפלונג? ווען איך האַלט דיך אין מיינע אָרימס זוך איך דיך נאָך אַלץ; און איך האָב דיך קיינמאָל ניט, ווייל איך וויל דיך שטענדיג; ווייל, אין דיר, זוך איך דאָס אוממעגליכע, דאָס אומענדליכע. דאָס וואָס דו ביסט — ווייס דער טייוועל, צי איך וועל עס אַמאָל וויסען! גלויבסטו, אַז דער־פאַר וואָס איך האָב מאָדולירט עטליכע שלעכטע פיגורען בין איך שוין אַ סקולפּטאָר? גיכער בין איך עפּעס אַ מין דיכטער אָדער פילאָזאָף, וואָס זוכט אין דער נאַטור סיוזשעטען פאַר אומרוהיגקייט און פּייניגונג. דער געפיהל פאַר דער פאָרמע איז פאַר מיר ניט גענוג. מיינע קאָלעגען לאַכען פון מיר ווייל איך קאָן זיך מיט זיי ניט אויסגלייכען אין איינפאַכקייט. זיי האָבען רעכט, און אָט די חיה, שולעט, האָט אויך רעכט, ווען ער וויל אַז מיר זאָלען לעבען אָהן געדאַנקען און אָהן פאַרלאַנגען. אונזער פריינד, דער שוסטער פון סאַנטאַ מאַריאַ נאָוועלאַ, וואָס ווייס פון קיין שום זאַך ניט וואָס וואָלט איהם געקאָנט מאַכען אומגערעכט אָדער אומגליקליך, איז אַ מייסטער אין דער קונסט צו לעבען. איך האָב דיך געדאַרפט ליע־בען נאַאיוו, אָהן יענעם סאָרט ליידענשאַפטליכע מעטאַפיזיק, וואָס מאַכט מיך לעבערליך און בייזוויליג. גוטסקייט ליגט נאָר אין אומ־וויסענהייט אָדער פאַרגעסענהייט. נו קום, קום, איך האָב צו גרויס געטראַכט וועגען דעם, אין מיין פּיין צוליב דיין אָפּוועזענהייט: קום, מיין געליבטע, איך וועל מוזען דיך אַליין פאַרגעסען אין דיר. בלויז דורך דיר אַליין קאָן איך דיך פאַרגעסען און מיך פאַרלירען.

ער האָט איהר גענומען אין זיינע אָרעמס, און ארונטערציהענ־דיג דעם שלייער האָט ער איהר געקושט אויף די ליפּען.

זי האָט צוריקגעצויגען דעם שוואַרצען שלייער איבער איהר פּנים, אַ ביסעל זיך שרעקענדיג פאַר דעם זאָנדערבאַרען גרויסען צימער, און פיהלענדיג זיך געשטערט פון די פיעלע אומבאַקאַנטע זאַכען.

— נו, דו קלעהרסט גאָר ניט.

ער האָט איהר געזאָגט, אַז זיי זיינען אַליין.

— אַליין? און דער מאַן מיט די שרעקליכע וואָנצעס וואָס האָט מיר אויפגעמאַכט די טיר?

ער האָט געשמייכעלט.

— דאָס איז פוזיליע, דער אַלטער דיענער פון מיין פאָטער. ער און זיין פרוי — דאָס איז אַלץ פון וועמען מיין הויז איז באַוואוינט. זיי רוהיג. נאַריש אָבער געטריי האַלטען זיי זיך שטענדיג אין זייער ביידעל. דו וועסט זעהן מאדאם פוזיליע. זי האַלט זיך פאַמיליאַר, איך וואָרען דיך.

— פאַרוואָס, טייערער, זאָל הערר פוזיליע, וואָס איז אַ שווייצער און אַ האָטעל־דיענער, האָבען אַזעלכע וואָנצעס ווי אַ טאַרטאַר?

— טייערע, די נאַטור האָט איהם דערמיט באַשאָנקען, און איך וואָלט זיי ביי איהם ניט וועלען אַוועקנעמען. איך בין צופרידען וואָס ער קוקט אויס ווי אַ צוריקגעצויגענער פעלדוועבעל, וואָס איז אויף דער עלטער געוואָרען אַ בוים־גערטנער. צייטענווייז מאַכט עס אויף מיר דעם איינדרוק, אַז ער איז מיין דאָרף־שכן.

זיצענדיג אויף אַ ברעג פון דיוואַן, האָט ער זי צוגעצויגען אויף זיינע קניהען און איהר באַדעקט מיט קושען וואָס זי האָט איהם צוריק־געגעבען.

דערנאָך האָט זי זיך לעבהאַפט אויפגעשטעלט, זאָגענדיג:

— ווייז מיר די אַנדערע צימערן, איך בין נייגיריג. איך וויל זעהן אַלץ.

ער האָט איהר אַרויפגעפיהרט אויפ'ן צווייטען עטאַזש. די ווענט פון קאָרידאָר זיינען געווען באַדעקט מיט אַקוואַרעלען פון פיליפּ דעשאַרט. ער האָט געעפענט אַ טיר און האָט איהר אַריינגעפיהרט אין אַ צימער וואָס איז געווען אויסגעשטעלט מיט עבענהאָלץ מעבעל.

דאָס איז געווען דאָס צימער פון זיין מוטער.

ער האָט עס געלאָזען אומבאַריהרט, פונקט ווי עס האָט אויסגעזעהן ביי איהר לעבען. עס האָט זיך געדוכט ווי ערשט נעכטען וואָלט עס באַנוצט געוואָרען און בלויז די פאַרגאַנגענהייט פון נעכטען ריהרט אונז ווירקליך און מאַכט אונז טרויעריג. כאָטש עס איז שוין געשטאַנען ניין יאָהר אומבאַוואוינט האָט דאָס צימער דאָך ניט אויסגעקוקט פאַראיינזאַמט. דער גרויסער שפּיגעל האָט געוואַרט אויף דעם בליק פון דער אַלטער דאַמע און אויף דעם וואַגמזייגער איז אַ נאָכדענקענדע סאַפאָ געזעסען און האָט אויסגעקוקט

ווי אַנטטוישט וואָס זי האָט ניט געהערט דעם גערויש פון רעגן־פערפענדיקעל.

אויפ׳ן וואַנט האָבען געהאַנגען צוויי פּאָרטרעטען, איינער וואָס איז געווען געמאָלען פון ריקאַר, איז געווען פון פיליפּ: זעהר בלאַס, מיט צושויבערטע האָר, די אויגען ווי פארלאָרען אין ראָ־מאַנטישע חלומות, דאָס מויל פול מיט בארעדזאַמקייט און גוטמו־טיגקייט. דער צווייטער, וואָס איז געווען געמאָלען פון אַ זיכערער האַנט, איז געווען פון אַ דאַמע פון ניט באַשטימטען עלטער. זיי־ענדיג דין, מיט אַ קרעפּטיגער מינע, האָט זי אויסגעקוקט כמעט שעהן. דאָס איז געווען מאַדאַם פיליפּ דעשאַרט.

— דאָס צימער פון מיין אָרימער מאַמע איז פּונקט ווי איך, — האָט געזאָגט זשאַק: עס דערמאַנט זיך.

— דו זעהסט אויס ווי דיין מוטער, — האָט געזאָגט טערעזאַ.

— דו האָסט איהרע אויגען. פּאָל וואַנס האָט מיר דערצעהלט, אַז זי האָט דיך פּאַרגעטערט.

— יאָ, — האָט ער מיט אַ שמייכעל געענטפערט, — די מאַ־מע איז געווען דערקוויקענד, אינטעליגענט, מיט אַ זעלטענעם גע־שמאַק און וואונדערליך אַבסורד. איהר מוטער־ליעבע האָט כמעט דערגרייכט ביז משוגעת. זי האָט מיר ניט געגעבען קיין איין מי־נוט אָפּרוה. זי האָט זיך פּאַרמאַטערט און מיך פאַרמאַטערט.

טערעזאַ האָט געקוקט אויפ׳ן בראָנז־שטיק פון קאַרפּאָ, וואָס איז געשטאַנען אויפ׳ן קליינעם טישעלע.

— איהר קענט דערין דערקענען, — האָט געזאָגט דעשאַרט,— דעם קייזערליכען פּרינץ, לויט זיינע אויערן, וואָס זעהן אויס ווי די פליגעל פון זעפּירוס׳עס סטאַטועז, וואָס דאָס מאַכט אַ ביסעל היימליך זיין קאַלטען פּנים. אָט דער בראָנז איז אַ געשאַנק פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטען. מיינע עלטערן פלעגען באַזוכען קאָמפּיען. בעת דער הויף האָט זיך געפונען אין פאָנטענבלאָ, האָט מיין פאָטער גענומען דעם פלאַן פאַר דעם שלאָס און געצייכענט די גאַלעריע. אין דער פריה פלעגט דער אימפּעראַטאָר קומען אין אַ פראַק, מיט אַ טאַבאַק־ליולקע אין מויל און פלעגט זיך אוועקשטעלען נעבען מיין פאָטער ווי אַ פינגווין אויף אַ פעלז. אין יענער צייט בין איך געווען אַן עקסטערנער אין באָנאַפּאַרט ליצעאום. איך האָב

זיך צוגעהערט צו אָט די טיש־געשפּרעכען און זיי זיינען ביי מיר פאַרבליבען אין זכרון. דער אימפּעראַטאָר פלעגט זיך דערביי האַלטען שטיל, רוהיג און גוטמוטיג, אונטערברעכענדיג דאָס לאַנגע שטילשווייגען מיט עטליכע ווערטער וואָס זיינען ווי פאַרשטיקט געוואָרען אונטער זיינע גראָבע וואָנצעס; דערנאָך איז ער א ביסעל לעבהאַפטער געוואָרען און פלעגט דערביי ערקלערען זיינע אידעען וועגען מאַשינעריע. ער איז געווען אַן ערפינדער און אַ מעכאַניקער. ער פלעגט אַרויסנעמען אַ בליישטיפט פון זיין קעשענע און, צו מיין פאָטער׳ס גרעסטע פערצווייפלונג, פלעגט ער צייכענען פיגורען אויף זיינע פלענער. ער פלעגט אַזוי אַרום קאַליע מאַכען אַ צוויי אָדער דריי פלענער א וואָך... ער האָט זעהר ליעב געהאַט מיין פאָטער און ער פלעגט איהם פאַרשפּרעכען אַז ער וועט פאַר איהם קריגען אַרבייט און אַז ער וועט איהם געבען טיטלען, וואָס דאָס איז איבריגענס קיינמאָל ניט געשעהן. דער אימפּעראַטאָר איז געווען אַ גוטער, אָבער ווי מיין מאַמע פלעגט זאָגען, ער האָט ניט געהאַט קיין איינפלוס. איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ אינגעל. און זייט יענע טעג האָב איך שטענדיג געפיהלט עפּעס אַ ניט־קלאָרע סימפּאַטיע פאַר אָט דעם מאַן, וועמען עס האָט געפעהלט זשעניע אָבער וואָס האָט געהאַט אַ גוטע און ליעבע האַרץ, און וואָס האָט אויף זיך געטראָגען די גרויסע אַווענטורען פון לעבען מיט אַן איינפאַכען מוט און אַ גוטמוטיגען פאַטאַליזם... און אַ־חוץ דעם סימפּאַטיזיר איך מיט איהם ווייל ער איז באַקעמפּט און באַליידיגט געוואָרען פון מענשען, וואָס האָבען געוואָלט פאַרנעמען זיין פּלאַץ און וואָס האָבען אפילו, אין דער טיפעניש פון זייער נשמה ניט געהאַט, פונקט ווי ער, קיין ליעבע צום פאָלק.

מיר האָבען געזעהן וואָס זיי זיינען אַזוינס געווען, נאָכדעם ווי זיי זיינען געקומען צו דער מאַכט. גאָט אין הימעל, ס׳אַראַ מיאוס׳ע לייט! דער סענאַטאָר לואַיע, צום ביישפּיעל, פלעגט ביי אונז אין רויכער־צימער אָנשטופּען די קעשענעס מיט ציגאַרען און מיר זאָגען, אַז איך זאָל אויך אַזוי טאָן. „דאָס איז מיטצונעמען אויפ׳ן וועג“ — האָט ער געזאָגט. אָט דער לואַיע איז אַ בייזוויליגע בריאה, וואָס איז גרויזאַם צו די אומגליקליכע, צו די שוואַכע און געפאַלענע. און גאַרען? געפינט איהר ניט, אַז ער איז אַן

עקעלדיגער פּאַרשוין? דערמאָנט איך נאָר: ביים ערשטען מאָל וואָס איך בין געווען אויף אַ מאָלצייט ביי אייך, האָט מען גערעדט וועגען נאַפּאָלעאָנען. אייערע האָר זיינען געווען וואונדערבאַר צו־זאַמענגעקנייטשט אין אַ קנויל אויפ'ן נאַקען און דורכגעשטאָכען מיט אַ דימענטענער שפּילקע. פּאול וואַנס האָט דעמאָלט זעהר גייסטרייך גערעדט. גאַרען האָט ניט פאַרשטאַנען. איהר האָט מיך דאַן געפרעגט מיין מיינונג.

— דאָס איז דערפאַר ווייל איך האָב געוואָלט, אַז איהר זאָלט אַרויסגלאַנצען.

— אָ, איך וואָלט קיינמאָל ניט געקאָנט געפינען קיין איינ־ציגע פראַזע אין דער גענענוואַרט פון אַזעלכע ערנסטע מענשען. פונדעסטוועגען האָב איך חשק געהאַט צו זאָגען, אַז נאַפּאָלעאָן דער דריטער געפעלט מיר מעהר ווי דער ערשטער, אַז ער איז פיעל ריהרענדער; אָבער אַזאַ אידעע וואָלט אַרויסגערופען אַ שלעכטען איינדרוק. איבריגענס, בין איך נאָך ניט אַזוי טאַלאַנטלאָז, אַז איך זאָל זיך באַשעפטיגען מיט פּאָליטיק.

ער האָט זיך אַרומגעדרעהט איבער'ן צימער, וואַרפענדיג צערטליכע בליקען אויף די מעבעל. ער האָט געעפענט אַ שופלאָ־דעל פון ביוראָ־טישעל:

— זעהט, אָט זיינען די לאָרנעטען פון מיין מאַמע. ווי זי האָט עס זיי אַרומגעזוכט, די לאָרנעטען. איצט וועל איך אייך ווייזען מיין צימער. אויב עס איז ניט שעהן איינגעריכטעט, וועט איהר דאַרפען אַנטשולדינען דער מאַדאַם פּוזיליע, וועמען איך האָב באַפוילען אויפצופּאַסען אויף מיין אומאָרדנונג.

די פאָרהאַנגען ביי די פענסטער זיינען געווען אַראָפּגעלאָזען. ער האָט זיי ניט אַרויפגעצויגען. מיט אַ שעה שפּעטער האָט זי אַליין צוזאַמענגעצויגען די פאַלדען פון דעם רויטען סאַטין. די ליכט שטראַלען האָבען פאַרבלענדט איהרע אויגען און האָבען זיך צושפּרייט אויף איהרע צושויבערטע האָר. זי האָט געזוכט אַ שפּיגעל, אָבער זי האָט בלויז געפונען אַ מאַטע ווענעציאַנישע שפּיגעלע, אין אַ רעמעל פון עבענהאָלץ. זי האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער, זיך איינצושפּיגלען.

— בין איך דאָס, אָט דער טונקעלער שאָטענדיגער גייסט?

די אַלע, וואָס האָבען זיך געזעהן דורך אָט דעם גלאָז, גלויב איך ניט אַז זיי זאָלען אייך האָבען געמאַכט דערפאַר גרויסע קאָמפּלימענטען.

און בעת זי האָט גענומען די שפּילקעס פון טיש, האָט זי דאָרט געזעהן אַ קליינע בראָנזענע סטאַטוע, וואָס זי האָט עס פון פריהער ניט באַמערקט. עס איז געווען אַ שטיק אַלט־איטאַליענישע אַר־בייט אין פלעמישען סטיל: אַ שווערע, נאַקעטע פרויען־פיגור מיט קורצע פיס. זי איז געווען אין אַ פּאָזע, ווי זי וואָלט געהאַלטען אין מיטען לויפען מיט אויסגעשפּרייטע אָרימס. איהר איז דאָס פאָרגעקומען ווי אַ וואולגאַרע און גראָטעסקע קליינינקייט.

— וואָס טוט זי? — האָט מערעזאַ געפרעגט.

— זי טוט דאָס וואָס עס טוט מאַדאַם מאַנדאַניטע ביי דער טיר פון דער באַזעלער קאַטעדראַל.

אָבער מערעזאַ, כאָטש זי איז אַמאָל געווען אין באַזעל, האָט ניט געוואוסט ווער מאַדאַם מאַנדאַניטע איז געווען. זי האָט נאָך אַ מאָל געקוקט אויף דעם קליינעם שטיקעל בראָנז, אָבער זי האָט עס ניט געקאָנט פאַרשטעהן, און האָט געפרעגט:

— הייסט עס, אַז עס איז אומפּאַסענד? איז דען דאָ אַזאַ זאַך וואָס ווערט אָפּגעטאָן ביי דער טיר פון אַ קירך, אַז מען זאָל וועגען דעם ניט קאָנען ריידען?

פּלוצלונג איז זי באַפאַלען געוואָרען פון אַן אומרוהיגקייט.

— גוטער גאָט! וואָס וועלען הערר און מאַדאַם פּוזיליע זאָגען וועגען מיר?

דערנאָך, אָפּרעקענדיג אויף דער וואַנט אַ מעדאַליאָן, וואו דע־שאַרט האָט מאָדעלירט דעם פּראָפיל פון אַן אַנגענעמער אָבער אויס־געלאָסענער גאַסען־מיידעל, האָט זי געפרעגט:

— וואָס איז דאָס אַזוינס?

— דאָס? דאָס איז קלאַראַ, אַ קליינע ציימונגס־טרעגערין פון די דעמור. זי פלעגט מיר יעדען פריהמאָרגען ברייננגען דעם „פיגאַראָ". זי האָט געהאַט חן־גריבעלאַך אין די באַקען וואָס זיי־נען געווען נעסטען פאַר קושען. איינמאָל האָב איך איהר געזאָגט: „איך געה דיר מאַכען דיין פּאָרטרעט". איז זי געקומען, אין אַ זומערדיגען פריהמאָרגען, מיט אויער־רינגלאַך און פינגערלאַך, וואָס זי האָט געקויפט אויפ'ן יאַריד פון נעאַי. דערנאָך האָט זי זיך שוין

ניט מעהר געוויזען. איך ווייס ניט וואָס פון איהר איז געוואָרען. זי האָט געהאַט צופיעל אינסטינקט אין זיך אום צו ווערען אַ געוועהנליכע פּראָסטיטוטקע. זאָל איך דאָס אוועקנעמען?

— ניין, זי פּאַסט זיך זעהר גוט אין דעם ווינקעלע. איך בין ניט אייפערזיכטיג אויף קלאַראַ'ן.

עס איז שוין געווען צייט צו געהן אַהיים. אָבער זי האָט זיך ניט געקאָנט אַנטשליסען איהם צו פערלאָזען. זי האָט אַרומגערינגעלט איהרע אָרעמס אַרום דעם ליעבהאָבער'ס האַלז.

— אָ, ווי איך ליעב דיך! און דערפאַר ווייל דו ביזט היינט געווען אַזוי פרעהליך און גוטמוטיג. פרעהליכקייט פּאַסט דיר זעהר. דיין פרעהליכקייט איז אַזוי לייכט און חנ'עוודיג. איך וואָלט וועלען זאָלסט שטענדיג זיין לוסטיג. איך באַגער פרעהליכקייט ניט ווייניגער ווי ליעבע. און ווער וועט עס מיר געבען, אויב ניט דו?

## XXVII.

זייט זי האָט זיך צוריקגעקערט נאָך פּאַריז — שוין זעקס וואָכען — האָט טערעזאַ געלעבט ווי אין אַ האַלבען שלאָף, און גליקליכע חלומות האָבען פאַרנומען דעם פּלאַץ פון באַוואוסטזיניגע געדאַנקען. זי האָט געטראָפען זשאַק'ן יענעם טאָג אין דעם קליינעם הייזעל, וואָס איז באַשטאַטענט געוואָרען פון דעם פּלאַטאַנען־בוים. און ווען ענדליך, צום אָווענד צו, האָבען זיי זיך אַרויסגעריסען איינער פון אַנדערן, האָט זי מיטגענומען מיט זיך אין דער נשמה געטליכע אָנדענקונגען. אַן אַנגענעמע שלאַפקייט און באַנייטע פאַרלאַנגען איז געווען די אָנציהונג וואָס האָט זיי איינער צום אַנדערן צוגעבונדען אין די שעה'ן פון ליעבע. זיי האָבעןביידע געהאַט דעמזעלבען געשמאַק. איינער פּונקט ווי דער אַנדערער זיינען אוועקגעטראָגען געוואָרען פון דיזעלבע קאַפּריזען. מיט פרייד האָבען זיי צוזאַמען אַרומשפּאַצירט איבער די האַלב־פעלדער, האַלבגאַסען פון דער פאָרשטאָדט; דאָרט זיינען די גאַסען און די פּורפּור געפאַרבטע קאַבאַרעטען באַשטאַטענט מיט אַקאַציען. דאָרען־פּלאַנצען וואַקסען דאָרט אויף די שטיינערנע וועגען ביי די פיס פון די

ווענט, און איבער די פעלדער און וועלדער שפרייט זיך אויס א בלאסער הימעל, וואס איז פארוואלקענט מיט א רויך וואס קומט פון די פאבריק־קוימענס. זי איז געווען גליקליך צו פיהלען איהם נעבען זיך אין א געגענד וואו זי האט זיך שוין ניט געקאנט דערקענען און האט געהאט דעם איינדרוק ווי זי וואלט מיט איהם ערגענץ פארלארען געווארען.

אין יענעם טאג איז זיי איינגעפאלען א קאפריז צו נעמען די שיף וואס זי האט אזוי אפט געזעהן פארבייפאהרען דורך איהרע פענסטער. זי האט ניט מורא געהאט, אז מען זאל איהר דערקענען. די געפאהר איז ניט געווען קיין זעהר גרויסע. און זייט זי האט איהם געליעבט האט זי פארלארען דאס געפיהל פון פארזיכטיגקייט. ארויפשטייגענדיג אין דער פארשטויבטער פוסטקייט פון דער פארשטאדט, זיינען זיי דורכגעפאהרען פרעהליכע ברעגען; אינזלען מיט דיקע בוימער, וואס האבען פארשאטענט די דארפישע קאפע־הייזער און די אומצעהליגע שיפלאך וואס זיינען געלעגען צווישען ווערבעס. זיי זיינען ארונטער אין בא־מעדאן. זי האט געזאגט, אז עס איז איהר הייס און זי איז דורשטיג. ער האט איהר אריינגעפיהרט, דורך א זייטיגע טיר, אין א קאבארעט, וואו עס זיינען געווען מעבלירטע צימערן צום פארדינגען. דאס איז געווען א געביידע, ארומגערינגעלט מיט שורות בוימער. די איינזאמקייט האט איהר געמאכט אויסקוקען גרעסער ווי זי איז געווען און עס האט זיך געדוכט ווי זי וואלט געדרעמעלט אין דארפישען פרידען, ווארטענדיג אויף דעם זונטאג, וואס זאל איהר אויספילען מיט פרויען געלעכטער, מיט די שיפלאך־רודערערס, מיט דעם ריח פון עסענווארג און דעם גערוך פון געפרעגעלטע פיש.

זיי האבען ארויפגעשטיגען אויף די טרעפ וואס האט אויסגעזעהן ווי א לייטער און זיינען אריין אין א צימער, וואו א קעלנערין האט זיי געבראכט וויין מיט ביסקוויטס. וואלענע פארהאנגען האבען פארדעקט א מאהאגאני בעט. איבער דעם קאמין, וואס האט זיך געפונען אין א ווינקעל, איז געהאנגען אויסגעבויגען אן אוואל שפיגעל, און א ראם וואס איז פארפוצט מיט בלומען. דורך דעם אפענעם פענסטער האט מען געקאנט זעהן די סעין מיט איהרע גרינע ברעגען, און די בערגלאך זיינען אין דער ווייטקייט געווען

פאַרנעבעלט אין דער וואַרימקייט פון דער זון, וואָס האָט שוין געהאַלטען ביים אַרויפשטייגען צו די שפּיצען פון די טאָפּאָלען. גאַנצע מחנות מוקען האָבען אַרומגעטאַנצט ביים טייך. דער פלאַ־טערענדער פרידען פון אַ זומער־נאַכט האָט אָנגעפילט דעם הימעל, די ערד און דאָס וואַסער.

טערעזאַ האָט לאַנג געקוקט אויף דעם פליסענדען טייך. די שיף האָט דורכגעשניטען דאָס וואַסער און פון די אויפגעבלאָזענע כוואַליעס ביי די ברעגען האָט זיך אויסגעדרוכט, אַז דאָס הויז, וואָס איז געווען אויסגעבויגען איבער'ן טייך, האָט זיך געוואַקעלט ווי אַ שיף.

— איך האָב ליעב דאָס וואַסער, — האָט געזאָגט טערעזאַ, זיך אומדרעהענדיג צו איהר געליעבטען. מיין גאָט, איך בין אַזוי גליקליך !

זייערע ליפּען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען.

פאַרלאָרען אין דער רייצענדער פאַרצווייפלונג פון ליעבע, איז די צייט פאַר זיי אַוועק אומבאַמערקט, אַ־חוץ ווען די שיפלאַך פלע־גען אַריבערפאָהרען יעדע צעהן מינוט און אָנמאַכען אַ גערויש מיט די צובראָכענע כוואַליעס הינטער דעם אָפענעם פענסטער.

איהרע קליידער זיינען געווען נאַכלעסיג צוואַרפען אויפ'ן דיל. זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון קישען און זיך דערזעהן אין שפּיגעל. אויף דעשאַרט'ס ליעבליכע לויב־געזאַנגען האָט זי געענטפערט :

— עס איז אמת, אַז איך בין באַשאַפען געוואָרען פאַר ליעבע.

מיט אַ געפיהלפולער אומבאַשיידענהייט האָט זי באַטראַכט איהר אייגענעם קערפּער אין דעם זילבער־ליכט פון שפּיגעל, וואָס האָט העל געמאַכט איהרע בלאַס־ראָזאָווע באַקען, די פּורפּור־ליפּען און ברוסטען.

— איך האָב מיך ליעב ווייל דו האָסט מיך ליעב.

געוויס האָט ער איהר ליעב געהאַט און עס איז פאַר איהם געווען אוממעגליך זיך צו ערקלערען פאַרוואָס ער האָט איהר גע־ליעבט מיט אַזאַ ברענענדער פרומקייט, מיט אַזאַ מין הייליגען צאָרן. עס איז ניט דערפאַר ווייל זי איז שעהן, און זי איז דאָך אַזוי זעלטען שעהן, אַזוי אומענדליך טייער. איהר פיגור האָט גע־

האָט די אמת׳ע ליניען, אָבער ליניען פאָלגען דאָך נאָך באַוועגונג און האַלטען אין איין אַנטלויפען; זיי פאַרלירען זיך און זיי געפינען זיך צוריק, וואָס דאָס איז די אורזאַך פון עסטעטישער פרייד אָדער טרויער. די שעהנע ליניע איז דער בליץ וואָס בענשט אַזוי אַנגענעם די אויגען. מען באַוואונדערט און מען פאַרוואונדערט זיך. דאָס וואָס ברייננגט אונז, אַז מיר זאָלען באַגעהרען און ליעבען, איז אַ פיעל זאַנפטערע, אַ פיעל שרעקליכערע און אַ פיעל קרעפטיגערע מאַכט ווי שעהנקייט. בלויז איין פרוי פון טויזענד קאָן מען געפינען וואָס מען קאָן ניט מעהר פאַרלאָזען גלייך ווי מען האָט איהר נאָר אמאָל באַזעסען און ועמען מען באַגעהרט נאָכאמאָל און אויף שטענדיג. איהר בלומיגער לייב איז דאָס די אורזאַך פון אָט די אומהיילבארע ליידען; אָבער עס איז פאַראַן נאָך אַן אורזאַך וואָס מען קען גאָר ניט ערקלערען; און דאָס איז די נשמה פון איהר קערפער. זי איז אַזאַ פרוי וואָס ניט מען קאָן איהר פאַרלאָזען און ניט מען קאָן איהר באַטריגען.

זי האָט אויסגעשריען פרעהלאַך:

— אָ, מען קאָן מיך ניט פאַרלאָזען, וואָס?

זי האָט איהם געפרעגט פאַרוואָס, אויב ער געפינט אַז זי איז שעהן, מאַכט ער ניט איהר ביוסט.

— פאַרוואָס? ווייל איך בין אַ מיטעלמעסיגער סקולפטאָר. און איך ווייס דאָס, וואָס דאָס איז שוין ניט מעהר פון קיין מיטעלמעסיגען גייסט. אָבער אויב דו ווילסט אומבאַדינגט מיך האַלטען פאַר אַ גרויסען קינסטלער, וועל איך דיר אָנגעבען אַנדערע אורזאַכען. כדי צו באַשאַפען אַ לעבעדיגע פיגור, דאַרף מען דעם מאָדעל נעמען ווי אַ נידריגען מאַטעריאַל, פון וואָס מען פרעסט אויס און מען זייעט דורך ביז מען ציהט דערפון אַרויס דעם עסענץ פון דער שעהנקייט. אָבער דו האָסט אין זיך קיין שום זאַך ניט, ניט אין דיין פאָרמע, ניט אין דיין לייב און ניט אין דיין גאַנצען וועזען אַזוינס וואָס זאָל פאַר מיר ניט זיין טייער. ווען איך וואָלט געמאַכט דיין ביוסט וואָלט איך געשאָנקען אַ שקלאַפישע אויפמערקזאַמקייט צו אָט די קלייניגקייטען, וואָס מיינען פאַר מיר אַלץ, ווייל זיי געהערען צו דיר. איך וואָלט ווי פאַרפאַלען געוואָרען ביי

יעדער איינצעלהייט און עס וואָלט מיר קיינמאָל ניט געלונגען צו באַשאַפען אַן אייניגקייט.

זי האָט איהם אָנגעקוקט אַ ביסעל איבערראַשט.

ער האָט פאָרטגעזעצט:

— איך זאָג ניט, אַז דאָס וואָלט געשעהן ווען איך וואָלט געדאַרפט אַרבייטען לויט דעם זכרון. איך האָב פּרובירט צו מאַכען אַ קליינע צייכנונג וואָס איך טראָג עס שטענדיג מיט מיר.

אזוי ווי זי האָט עס אומבאַדינגט געוואָלט זעהן, האָט ער איהר געוויזען. דאָס איז געוועזען זעהר אַן איינפאַכע און דרייסטע סקיצע, אויף אַ בלעטעל פון אַן אַלבום. זי האָט זיך דאָרט ניט דער־קענט. זי האָט געפונען אַ מין הארטקייט דערין מיט אַן אויסדרוק וואָס האָט איהר אויסגעקוקט אינגאַנצען פרעמד.

— אָה, אין אַזא ליכט זעהסטו מיך, אַזוי קוק איך אויס פאַר דיר?

ער האָט פאַרמאַכט דעם אַלבום.

— ניין, דאָס איז בלויז אַן אָהנונג, אַ שטריך און ניט מעהר. אָבער איך גלויב, אַז דער שטריך איז אַ ריכטיגער. עס איז מעג־ליך, אַז דו זעהסט זיך ניט פונקט אַזוי פאַלשטענדיג ווי איך זעה דיך. יעדע מענשליכע באַשעפעניש איז אַ פאַרשידענאַרטיגער ווע־זען אין די אויגען פון דעם וואָס קוקט איהר אָן.

ער האָט צוגעגעבען, מיט אַ געוויסער פרעהליכקייט:

— אין דעם זין וואָלט מען געקאָנט זאָגען, אַז איין און דיזעל־בע פרוי האָט קיינמאָל ניט געהערט צו צוויי מענער. דעם געדאַנק האָט אַרויסגעזאָגט פאול וואַנס.

— איך גלויב, אַז עס איז אַזוי, — האָט געזאָגט טערעזאַ. זי האָט געפרעגט:

— ווי שפּעט איז איצט?

עס איז געוועזען זיבען אַ זייגער.

זי האָט איהם געאיילט, אַז זיי זאָלען אַוועק. יעדען טאָג קומט זי אַהיים אַליין שפּעטער. איהר מאַן האָט שוין וועגען דעם גע־מאַכט אַ באַמערקונג. ער האָט געזאָגט: „צו אַלע מאָלצייט־פאַר־טיען קומען מיר אָן די לעצטע; עפּעס אַ מין פאַטאַליזם ליגט דע־רין". אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך יעדען טאָג פאַרשפּעטיגט אין

בורבאָנישען פּאַלאַץ, וואו מען האָט דיסקוטירט דעם ביודזשעט, און זייענדיג פּאַרטאָן אין דער ארבייט פון דער אונטער־קאָמיסיע, וואָס האָט איהם נאָמינירט אלס באריכט־אָפּגעבער. האָט ער גופא אויף זיך געלאָזען א סך ווארטען. און אזוי האָבען מלוכה־אורזאַכען פארשטעלט טערעזא׳ס אומפּינקטליכקייטען.

מיט א שמייכעל האָט זי דערמאָנט דעם אָווענד, בית זי איז געקומען צו מאדאם מארטען ווען עס איז שוין געווען האלב נאָך אכט א־זייגער אין אָווענד. זי האָט מורא געהאט פאר א סקאַנ־דאל. אָבער עס איז פונקט געווען דער טאָג פון דער גרויסער אינ־טערפּעלאציע. איהר מאן מיט גארענ׳ען זיינען געקומען פון פּאר־לאמענט ניט פריהער ווי ניין א־זייגער און זיי האָבען צוזאמען גע־געסען ניט איבערטאָנדיג זיך אין קיין אנדערע קליידער. זיי האָ־בען גערעדט וועגען דאָס מיניסטעריום.

דערנאָך איז זי אריינגעפאלען אין טרוימעריי.

— ווען דער פּארלאמענט וועט זיך פארמאכען פאר וואקאציע, מיין טייערער, וועל איך שוין ניט האָבען קיין אויסרייד צו פאר־בלייבען אין פּאריז. שוין איצט קאָן מיין פאָטער איבערהויפּט ניט פארשטעהן מיין טרייהייט וואָס האלט מיך צו אין פּאריז. אין אכט טאָג ארום וועל איך מוזען מיט איהם מיטפאָהרען נאָך דינאר. וואָס וועט פון מיר ווערען אָהן דיר?

זי האָט צוזאמענגעלייגט די הענט מיט אן אומענדליכען טרוי־ער. אָבער ער איז געווען נאָך אומעטיגער:

— איך, טערעזא, איך דארף מיך איצט פרעגען מיט אנגסט: וואָס וועט פון מיר ווערען אָהן דיר, ווען דו לאָזט מיך איבער אליין, ווער איך באפאלען פון אָנגעוועהטאָגטע געדאנקען. שווארצע ביל־דער באזעצען זיך אין א קרייז ארום מיר.

זי האָט איהם געפרעגט, וועלכע בילדער דאָס זיינען.

ער האָט געענפערט:

— מיין געליעבטע, איך האָב דיר שוין וועגען זיי דערצעהלט: איך מוז דיך גופא פארגעסען אין דיר. ווען דו וועסט אוועק, ווע־לען די עראינערונגען קומען און מיך מאַטערן. איך מוז באצאָלען פאר דעם גליק וואָס דו פארשאפסט מיר.

## XXVIII.

דער בלויער טייך האָט נאָכלעסיג געקייקעלט זיינע זילבערנע פרענזען צום דינעם זאַמד פון ברעג, איבער דער גאַנצער לענג פון דעם אַרוימגעצאַמטען וואַסער־פּלויט, וואָס האָט פוןביידע זייטען אויסגעזעהן ווי צוויי גאָלדענע הערנער, און איז דאָ און דאָרט גע־ווען פאַרזעעט מיט ראָזאָווע פעלזען־בייטען. דער טאָג איז געווען אַזאַ שעהנער, אַז די זונען־ליכט אויף שאַטאָבריאַנ׳ס קבר האָט גע־קאָנט מאַכען דעם איינדרוק אַז מען געפינט זיך אין גריכענלאַנד. אין אַ צימער, וואָס איז געווען פול מיט בלומען, אויף אַ באַלקאָן וואָס קוקט אַראָפּ אויף אַ גאָרטען פון מירטען און טאַמארינען, און אויף דעם אָקעאַן מיט זיינע אינזלען און שפּאַציר־וועגען, האָט טערעזאַ געלעזען די בריף וואָס זי איז אין דער פריה אוועק אָפּנעמען אויף דער פּאָסט פון סען־מעלאָ. אויף דער שיפעל, וואָס איז גע־ווען געפּאַקט מיט פּאַסאַזשירען, האָט זי זיי ניט געקאָנט עפענען. גלייך נאָך פריהשטיק האָט זי זיך פאַרמאַכט אין איהר צימער און דאָרט האָט זי די בריף אויסגעלייגט אויף איהרע קניה און האָט זיי געלעזען מיט דורשט, פיהלענדיג אין איילעניש אַ גע׳גנב׳עטע פרייד. אַרום צוויי אַ זייגער האָט זי געדאַרפט פאָהרען אויף אַ שפּאַציר, אין אַ קאָטש, צוזאַמען מיט איהר פאָטער, די פרינצעסין סעניאַווין, מאַדאַם בערטיע־ד׳עיזעל, די פרוי פון דעם דעפּוטאַט און מאַדאַם ריימאָן, די פרוי פון דעם אַקאַדעמיקער. אין דעם טאָג האָט זי צוויי בריף דערהאַלטען. דער ערשטער וואָס זי האָט געלעזען האָט אַרויסגערופען אַן איידעלען און לוסטיגען ריח פון ליעבע. זשאַק האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט אויסגעוויזען פרעהליכער, איינפאַכער, גליקליכער און רייצענדער.

זייט ער ליעבט איהר, האָט ער געזאָגט, געהט ער אַרום אַזוי לייכט און פלינק, אַז קוים וואָס זיינע פיס ריהרען אָן די ערד. ער האָט בלויז מורא געהאַט פאַר איין זאַך און דאָס איז, אַז דאָס אַלץ זאָל איינגאַנצען ניט זיין קיין חלום און אַז ער זאָל ניט אַמאָל אויפ־וואַכען און איהר ניט געפינען. אָהן צווייפעל האָט ער גע׳חלומ׳ט. און נאָך וואָסער חלום! דאָס קליינע הייזעל פון וויאַ אַלפיערי, דער קאַבאַרעט פון מעדאָן, די קושען און יענע געטליכע אַקסלען

און אַט דאָס גאַנצע ליב, דאָס צערטליכע, פרישע און שמעקענדיגע, ווי אַ טיכעל וואָס פליסט צווישען בלומען. און אויב ער איז ניט איצט קיין טרוימער וואָס האַלט אין אויפוואַכען, איז ער ווי אַ שכור וואָס זינגט. גליקליכערווייז, האָט ער שוין ניט געהאַט מעהר זיין פאַרשטאַנד. און זייענדיג אַפּוועזענד, האָט ער איהר דאָך פאַר זיך געזעהן אָהן אויפהער.

"יאָ, איך זעה דיך נעבען מיר, איך זעה דיינע אויגען־הייטלאָך וואָס פאַרדעקען דיינע אויגען וועלכע האָבען אַזאַ וואונדערבאַרע גראָהקייט, וואָס איז שענער ווי די גאַנצע בלויקייט פון הימעל און די בלומען; דיינע ליפּען, וואָס האָבען דעם געשמאַק און דעם טעם פון אַ וואונדערליכער פרוכט, דיינע באַקען מיט די צוויי אָנ־בעטונגס־ווירדיגע חן־גריבעלאָך ווען דו לאַכסט. איך זעה ווי שעהן דו ביסט און פאַרפיהרעריש, אָבער דו אַנטלויפסט און ווערסט פאַר־שוואונדען; און ווען איך עפען די אָרעמס, ביסטו שוין אַוועק און איך זעה ווי דו ביסט ווייט, זעהר ווייט. איבער דעם ווייטען בלאָנ־דען זאַמד; דו ביסט ניט גרעסער אין דיין ראָזאָווע קלייד און אונטער דיין זונען־שירם ווי אַ שפּרינקעל אויף אַ בלום.

אָ, אַזוי קליין, אַזוי ווי איך האָב דיך געזעהן אַמאָל, אַראָפּ־קוקענדיג פון דעם שפּיץ פון דער קאַמפּאַניל, אויף דעם דואמאָ פּלאַץ אין פלאָרענץ. און איך זאָג צו מיר, פונקט ווי איך האָב צו זיך דעמאָלט געזאָגט:

„איין בלעטעל גראָז וואָלט גענוג געווען אַז עס זאָל איהר אינ־גאַנצען פאַרשטעלען פון מיר, און דאָך איז זי פאַר מיר די אומ־ענדליכע פרייד און ליידען."

די איינציגע זאַך אויף וואָס ער האָט זיך באַקלאָגט, איז געווען וועגען זיין פּיין איבער איהר אַפּוועזענהייט. אָבער דאָס באַקלאָגען זיך איז געווען אויסגעמישט מיט שמייכלען פון דער גליקליכער ליעבע. ער האָט איהר געדראָהט אין שפּאַס, אַז ער וועט קומען איהר איבערראַשען אין דינאַר. „האָב ניט מורא, מען וועט מיך ניט דערקענען. איך וועל זיך פאַרשטעלען פאַר אַ גאַסען־קרעמער וואָס פאַרקויפט פּלאַסטער־גיסערייען. און איך וועל דאָך קיין ליגען ניט זאָגען. געקליידט אין אַ גראָהער בלוזע מיט גראָבע באַוועלנע הויזען, מיין פּנים און באָרד באַדעקט מיט אַ ווייסען

שטויב, וועל איך קלינגען ביים איינגאַנג צו דער ווילאַ מאַנטעסי. דו וועסט מיך דערקענען, טערעזאַ, לויט די סטאַטועס וואָס וועלען זיין אָנגעשטעלט אויף דעם ברעט וואָס איך וועל טראָגען אויף מיין קאָפּ. זיי וועלען אַלע זיין ליעבעס־מלאכים. עס וועט דאָרט זיין דער געטרייער ליעבעס־מלאך, דער אייפערזיכטיגער ליעבעס־מלאך, דער צערטליכער ליעבעס־מלאך, דער לעבהאַפטער ליעבעס־מלאך; עס וועלען זיין אַ סך לעבהאַפטע ליעבעס מלאכים. און איך וועל שרייען אין דער פּראָסטער און קלאַנגרייכער שפּראַך פון די האַנטווערקער פון פּיזאַ אָדער פלאָרענץ:

"Tutti gli amori per la signora Teresina".

די לעצטע זייטעל פון זיין בריף איז געווען צערטליך און פול מיט נאָכדענקונגען. עס האָט זיך ביי איהם אַרויסגעכאַפּט פרומע אויסגוסען, וואָס האָבען טערעזאַ'ן דערמאָנט אָן די געבעט־ביכער וואָס זי האָט געלעזען זייענדיג אַ קינד. „איך ליעב דיך, און איך ליעב אַלץ וואָס איז אין דיר: די ערד וואָס טראָגט דיך, אויף וועלכער דו וועגסט אַזוי ווייניג און ווען דו פאַרשענערסט; די ליכט, וואָס מאַכט אַז איך זאָל דיך קאָנען זעהן. איך האָב ליעב דעם פּלאַטאַן־בוים וואָס שטעהט אויסגעבויגען אויף מיין הויף, וויילע דו האָסט איהם געזעהן. היינט ביינאַכט האָב איך שפּאַצירט אויף דער גאַס וואו איך האָב דיך געטראָפען יענעם ווינטערדיגען אָוועגד. איך האָב אַראָפּגעריסען אַ צווייגעלע פון אַ בוקס־בוים אויף וועלכען דו האָסט געקוקט. אין דער שטאָדט, וואו דו געפינסט זיך ניט, זעה איך בלויז דיך."

ביים ענדע פון בריף האָט ער איהר געשריבען, אַז ער וועט האָבען פריהשטיק אין שטאָדט. די פאָן האָט זיך איבערגעקערט, צוליב דעם וואָס מאַדאַם פוזיליע איז נעכטען אַוועקגעפאָהרען נאָך נערוו, איהר געבורט־שטאָדט. ער וועט געהן אין אַ קאַבאַרעט פון רי רואיאַל, וואו ער פלעגט זיין געוואוינט אַריינצוקומען, און דאָרט, צווישען דער גרויסער ניט־דערקענבאַרער מאַסע, וועט ער זיין אַליין מיט איהר.

מילד פון דעם רייץ פון אומזעהבאַרע צערטליכקייטען, האָט טערעזאַ פאַרמאַכט די אויגען און אויסגעבויגען איהר קאָפּ אויפ'ן פּאָטעל. הערענדיג דעם גערויש פון דער קאָטש, וואָס האָט זיך

אפגעשטעלט פאר דער טיר, האט זי געעפענט דעם צווייטען בריף. גלייך ווי זי האט דערזעהן די געענדערטע האנטשריפט, די שנעלע און ניט־גלייכע שורות און דעם טרויעריגען און שטורמישען אויס־זעהן פון גאנצען בריף, איז זי באפאלען געווארען פון אן אנגסט־געפיהל.

דער געהיימניספולער אנהויב האט באלד ארויסגעצייגט א פלוצלונגע שרעק און א טונקעלען פארדאכט: „טערעזא, טערעזא, פארוואס האסטו זיך מיר איבערגעגעבען, אויב דו האסט זיך מיר ניט איבערגעגעבען אינגאנצען? דיין אפנארען מיך האט מיר גאר ניט געהאלפען, ווייל איצט וויים איך דאס, וואס איך האב ניט געוואלט וויסען”.

זי האט זיך אפגעשטעלט; איהרע אויגען האבען זיך פארצווי־גען. זי האט געטראכט: מיר זיינען געווען אזוי גליקליך אט די מינוט! וואס איז געשעהן, מיין גאט? און איך האב זיך גע־פרעהט מיט זיין פרייד, וועלכע איז שוין ניט מעהר געווען? אויב בריף דערצעהלען בלויז וועגען פארגאנגענע געפיהלען און אפגעווייש־טע געדאנקען, וואלט שוין גלייכער געווען אינגאנצען ניט צו שריי־בען.

זי האט געלעזען ווייטער. און זעהענדיג ווי ער ווערט צוריסען פון אייפערזוכט, איז זי אנטמוטיגט געווארען.

— אויב איך האב איהם ניט באוויזען אז איך ליעב איהם מיט אלע מיינע כחות, מיט מיין גאנצען וועזען, ביז איצט — ווי אזוי וועל איך איהם שוין איצט קאנען איבערצייגען?

און זי האט זיך צוגעאיילט אויסצוגעפינען די אורזאך פון אט דער פלוצלונגער משוגעת. זשאק האט איהר געשריבען:

עסענדיג זיין פריהשטיק אין א קאבארעט פון רי רואיאל, האט ער דארט געטראפען אן אלטען קאמעראד, וואס איז דורכגעפאהרען פאריז אויף זיין וועג צו דער זומער־וואוינונג ביים ים. זיי האבען אנגעהויבען צו שמועסען; דער צופאל האט געוואלט, אז אט דער מאן, וואס איז געווען זעהר באקאנט אין דער געזעלשאפט, זאל רעדען וועגען דער גרעפין מארטען, וועמען ער האט געקענט. און גלייך, אונטערברעכענדיג דאס דערצעהלען, האט זשאק אויסגעשריען: „טערעזא, טערעזא, נאך וואס האט געטויגט דאס ליגען זאגען,

װען איך האָב איצט געדאַרפֿט געװאָהר װערען װעגען דעם, װאָס בלױז איך אַלײן װײס ניט. אָבער עס איז מײן פֿעהלער נאָך מעהר װי דײנער. דײן בריף, װאָס דו האָסט אַרײנגעװאָרפֿען אין בריף־קאַסטען פֿון אָר־סאַן־מישעל, דײן באַגעגעניש אויף דעם װאָקזאַל פֿון פֿלאָרענץ, װאָלטען מיר שױן געדאַרפֿט דערצעהלען, װען איך װאָלט ניט געװען פֿאַר׳עקשנ׳ט אויפֿצוהאַלטען די אילוזיעס, ניט קוקענדיג אויף די באַװײזען. איך האָב ניט געװאָלט װיסען, נײן, איך האָב ניט געװאָלט װיסען אַז דו האָסט געהערט צו אַן אַנדערן אין דעם מאָמענט װאָס דו האָסט זיך צו מיר איבערגעגעבען, מיט אַזאַ שטאָלצען חן מיט אַזאַ רײצענדער לײדענשאַפֿט, פֿון װעלכע איך װעל שטאַרבען. איך האָב ניט געװאוסט, איך האָב ניט געװאָלט װיסען. איך האָב דיך מעהר גאָרניט געפֿרעגט, װײל איך האָב מורא געהאַט אַז דו װעסט שױן מעהר קײן ליגען ניט קאָנען זאָגען; איך בין געװאָרען פֿאָרזיכטיג; און ערשט אַן אידיאָט האָט פּלוצלונג, ברוטאַל, בײ אַ טיש אין אַ רעסטאָראַן מיר געעפֿענט די אויגען, מיך געצװאונגען צו זעהן. אָ, און איצט, אַז איך װײס, איצט אַז איך קאָן שױן מעהר ניט צװײפֿלען, דוכט זיך מיר אויס, אַז דער צװײפֿעל איז געװען אַזױ אַנגענעם! ער האָט דערמאָנט דעם נאָמען, דעם נאָמען װאָס איך האָב שױן אַמאָל געהערט אין פֿיזעאָל, פֿון מיסס בעל׳ס מויל, און ער האָט צוגעגעבען: „אָט די געשיכטע איז אַ באַקאַנטע זאַך".

„הײסט עס, אַז איהר האָט איהם געליעבט. איהר ליעבט איהם נאָך אַלץ! און װען איך בין אַלײן אין מײן צימער, און איך בײס דאָס קישעלע װאו דו האָסט דײן קאָפּ געלײגט, איז ער אפשר פּונקט נעבען דיר. ער איז אָהן צװײפֿעל דאָרט דאָ. ער פֿאָהרט דאָך יעדען יאָהר צום װעט־לױף פֿון דינאַר. מען האָט עס מיר דערצעהלט. איך זעה איהם. איך זעה אַלץ. װען דו װאָלסט װיסען װעלכע פֿאָרשטעלונגען עס פּײניגען מיך, װאָלסטו געזאָגט: „ער איז משוגע!" און דו װאָלסט רחמנות געהאַט אויף מיר. אָ, װי װאָלט איך געװאָלט אָן דיר פֿאַרגעסען, אָן דיר און אָן אַלץ אויף דער װעלט! אָבער איך קאָן עס ניט, דו װײסט עס, אַז איך קאָן דיך פֿאַרגעסען בלױז אין דיר גופא. איך זעה דיך אָהן אויפֿהער צוזאַמען מיט איהם. דאָס זײנען געברענטע לײדען. איך האָב

געמיינט, אז יענע נאַכט, דו געדענקסט, ביים ברעג פון דער אָרנאָ, בין איך געווען אומגליקליך. אָבער איצט זעה איך, אז איך האָב אפילו ניט געוואוסט וואָס עס איז אזוינס ליידען. ערשט היינט ווייס איך דאָס."

ווען זי האָט געענדיגט לעזען דעם בריף, האָט טערעזאַ גע־טראַכט: „אַ וואָרט, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען צופעליג, האָט איהם אַריינגעוואָרפען אין אזאַ צושטאַנד". זי האָט געוואָלט טרע־פען ווער האָט עס געקאָנט זיין די קלעגליכע בריאה וואָס האָט ווע־גען איהר אַזוי גערעדט. זי האָט פאַרדעכטיגט צוויי אָדער דריי יונגע לייט וואָס לע מעניל האָט איהר אַמאָל פאָרגעשטעלט און איהר געוואָרענט, אז זי זאָל זיך פאַר זיי היטען. און מיט יענעם ווייסען און קאַלטען צאָרן וואָס זי האָט גע'ירש'נט פון איהר פאָ־טער האָט זי צו זיך געזאָגט: „איך וועל עס וויסען". אָבער דער־ווייל, וואָס בלייבט צו טאָן? איהר געליעבטער איז פאַרצווייפעלט, משוגע, קראַנק און זי קאָן ניט אַוועקלויפען צו איהם, איהם אַרומ־נעמען, זיך אַרויפוואַרפען אויף איהם מיט אזאַ פייער פון דער נשמה און קערפער, אַז ער זאָל דערפיהלען, אז זי געהערט אינגאַנ־צען צו איהם און אז ער זאָל זיין געצוואונגען אין איהר צו גלויבען. שרייבען! עס וואָלט בעסער געווען צו געהן איהם אויפזוכען, שטור־מערהייט אַרויפפאַלען אויף זיין האַלז און דערנאָך איהם זאָגען: „וואָג נאָך איצט צו גלויבען, אז איך געהער ניט צו דיר אַליין אינ־גאַנצען!" אָבער זי האָט בלויז איהם געקאָנט שרייבען. אָבער גלייך ווי זי האָט נאָר אָנגעהויבען איהר בריף, האָט זי דערהערט קולות און געלעכטער אין גאָרטען. פרינצעסין סעניאווין איז שוין אַרויפגעקראָכען אויפ'ן לייטערל צו דער קאָטש.

טערעזאַ איז אַראָפּגעשטיגען און זיך באַוויזען פאַר דער טיר רוהיג און שמייכלענדיג; איהר גרויסער שטרויען־הוט, וואָס איז געווען באַפוצט מיט ווילדע מאָן, האָט געוואָרפען אַ דורכזיכטיגען שאָטען אויף איהר פנים און אויף איהרע העל־גראָהע אויגען.

— מיין גאָט, ווי שעהן זי איז! — האָט אויסגעשריען די פרינצעסין סעניאווין. — עס איז בלויז אַ שאָד וואָס מען זעהט איהר קיינמאָל ניט. גלייך אין פריהמאָרגען פאָהרט זי אַוועק מיט'ן שיפעל און שפּאַצירט אַרום אין די שמאָלע געסלאַך פון סען־מאַלאָ;

נאָכמיטאָג, ווידער, פאַרשליסט זי זיך אין איהר צימער. זי אַנט־לויפט מיט אונז.

דער קאָטש האָט זיך אויסגעדרעהט איבער דעם ברייטען זאַמ־דיגען ברעג, און איז געפאָהרען פאַרביי די ווילאַס און גאָרטענס, וואָס אויף דער זייט פון בערגעל. אין דער לינקער זייט האָט מען געזעהן די פעסטונגען און דעם גלאָקען־טורם פון סען־מאַלאָ, ווי זיי וואָלטען אַרויסגעשטיגען פון בלויען ים. דערנאָך איז דער קאָטש געפאָהרען איבער אַ וועג, וואָס איז ביי די זייטען געווען אַרומגע־רינגעלט מיט לוסטיגע צווייגען, און אויף דעם גאַנצען וועג האָבען שפּאַצירט פרויען פון דינאַר, זיי זיינען געגאַנגען מיט פאַרריסענע קעפּ, מיט באַטיסטענע היטלאַך, מיט גרויסע פליגעל.

אומגליקליכערווייזע, — האָט געזאָגט מאַדאַם ריימאַן, — וואָס איז געזעסען נעבען מאָנטעסי, ווערען די אַלטע קאָסטומען פאַרשוואונדען. שולדיג דערין זיינען די אייזענבאַהנען.

— עס איז אמת, — האָט געזאָגט מאָנטעסי, — ווען ניט די אייזענבאַהנען וואָלטען די פויערים נאָך אַלץ געטראָגען די פאַר־בענרייכע קאָסטיומען פון אמאָל. אָבער מיר ווילען זיי שוין מעהר ניט זעהן.

— וואָס איז דער אונטערשייד, — האָט געענטפערט מאַדאַם ריימאַן, — מיר ווען זיי אויסטראַכטען.

— אָבער, זעהט איהר דען נאָך אַ מאָל ווען עס איז אינטערע־סאַנטע זאַכען? — האָט געפרעגט פּרינצעסין סאַניאַווין; — איך קיינמאָל ניט.

מאַדאַם ריימאַן, וואָס האָט זיך אָנגענומען דורך די ביכער פון איהר מאַן מיט אַ ביסעל פילאָזאָפיע, האָט ערקלערט, אַז זאַכען זיינען גאָרנישט און אידעען זיינען אַלץ.

ניט אָנקוקענדיג מאַדאַם בערטיע ד'עיזעל, וואָס איז געזעסען רעכטס אויפ'ן צווייטען בענקעל פון קאָטש, האָט די מאַדאַם מאַר־טען אַרויסגעמורמעלט:

— אָ, יאָ! מענשען זעהען קיינמאָל קיין אַנדער זאַך ניט אַ־חוץ זייערע אידעען. זיי געהען בלינד, טויב, מען קאָן זיי ניט אָפּ־שטעלען.

— אָבער, מיין טייערע, — האָט געזאָגט דער גראַף מאַרטען,

וואָס איז געזעסען נעבען איהר, — אָהן לייטענדע אידעען וואָלט מען דאָך פשוט נעבלאָנדזשעט... פאַר איין וועג, האָט איהר גע־לעזען, מאַנטעסי, די רעדע וואָס לואיע האָט געהאַלטען ביי דער אויפדעקונג פון קאַדע־גאַסיקור'ס מאָנומענט? דער אָנהויב איז געווען באַדייטענד. לואיע'ן פעהלט ניט קיין פּאָליטישער געזונ־טער פאַרשטאַנד. דורכפאָהרענדיג די זייטען פון די לאַנקעס, וואָס זיינען געווען באַוואַקסען מיט ווערבען, איז דער קאָטש אַרויף אויף אַ בערגינע נעגענד און איז געקומען צו אַ גרויסע וואַלדיגע פלאַכלאַנד. אַ לאַנגע צייט זיינען זיי געפאָהרען דורך אַ וואַלד פון אַ פּאַרק. ווייט אין פאָדערגרונט האָט דער וועג זיך פאַרלאָרען אונטער דער געבעלדיגער לופט.

— איז דאָס לע געריק? — האָט געפרעגט די פּרינצעסין סעניאַווין.

פּלוצלונג, צווישען צוויי שטיינערנע זיילען, וואו עס זיינען געשטאַנען לייבען, האָט זיך פאַר זייערע אויגען געוויזען אַ פּאַר־מאַכטער טויער, וואָס איז געווען באַקרוינט מיט פיער אָרנאַמענטען פון געגאָסענעם אייזען. דורך די גראַטען, ביי דער ענדע פון אַ לאַנגער רייהע לינדען־בוימער, האָט מען געקאָנט זעהן די גראָהע ווענט פון דעם שלאָס.

— יאָ, — האָט געזאָגט מאָנטעסי, — דאָס איז לע געריק.

און זיך ווענדענדיג צו טערעזאַ'ן האָט ער געזאָגט:

— דו האָסט דאָך געקאָנט דעם מאַרקיז דע ריע. . . צו פינף און זעכציג יאָהר האָט ער נאָך געהאַט זיין גאַנצע קראַפט און יונענד. ער האָט איינגעפיהרט די נייע מאָדע, ער איז געווען דער לעצטער ענטשיידער פון עלעגאַנץ און איז געווען באַליעבט. די יונגע לייט האָבען נאָכקאָפּירט זיין פראַק, זיין מאָנאָקל, זיינע באַ־וועגונגען, זיין באַצויבערנדע חוצפּה און זיינע אַמוזירענדע איינ־פאַלען. פּלוצלונג האָט ער פאַרלאָזען די וועלט, פאַרמאַכט זיין הויז, פאַרקויפט זיינע פערד און איז פאַרשוואונדען געוואָרען. דו דערמאָנסט דיך, טערעזאַ, ווי ער איז דאָס פּלוצלונג ניט געוואָרען? דו ביסט שוין דעמאָלט געווען אַ קורצע צייט פאַרהייראַט. ער פלעגט אָפט קומען דיך באַזוכען. אין אַ געוויסען טאָג איז מען געוואָהר געוואָרען, אַז ער האָט פאַרלאָזען פּאַריז. און דאָ אָהער,

נאָך געריק, איז ער דעמאָלט אַוועק אין מיטען ווינטער. מען האָט געזוכט אורזאַכען פאַר אָט דעם פּלוצלונגען ריקצוג. מען האָט געקלערט, אַז ער איז אַנטלאָפען אונטער דעם קלאַפּ פון אַ וועלכען עס איז פאַרדרוס, אָדער צוליב דער דערנידערונג פון אַן ערשטען דורכפאַל און פון דער מורא, אַז מען זאָל איהם ניט זעהן ווי ער ווערט אַלט. מעהר פאַר אַלץ האָט ער מורא געהאַט פאַר דער אַלטקייט. פאַקטיש איז ער שוין אַ צוריקגעצויגענער פאַר די לעצטע זעקס יאָהר. זייט דעמאָלט איז ער נאָך קיין איינציגען מאָל ניט אַרויס פון זיין שלאָס און פון זיין פּאַרק. ער זעהט זיך אין געריק בלויז מיט אַ צוויי־דריי זקנים, וואָס זיינען געווען זיינע יוגענד־חברים. אָט דאָס טויער עפענט זיך בלויז פאַר זיי. זייט ער האָט זיך צוריקגעצויגען האָט מען איהם נאָך קיין מאָל ניט נעזעהן; און מען וועט איהם שוין קיין מאָל ניט זעהן. ער מאַכט אַזוי פיעל אָנשטרענגונג אין אויסבאַהאַלטען זיך פּונקט ווי ער פלעגט זיך אָנשטרענגען ביים ווייזען זיך פאַר דער וועלט. ער האָט ניט נעקאָנט פאַרטראָגען אַז מען זאָל באַמערקען זיין אונטערגאַנג. ער איז אַ לעבעדיגער טויטער. איך גלויב ניט, אַז מען זאָל דאָס קאָנען פאַראַכטען.

און טערעזאַ, זיך דערמאָנענדיג אָן דעם ליעבענסווירדיגען אַלטען, וואָס האָט געוואָלט גלאָררייך ענדיגען זיין גאַלאַנטען לעבען מיט איהר, האָט אומגעדרעהט דעם קאָפּ און אַ בליק געטאָן אויף לע געריס, אויף די עטוואָס גרויע שפּיצען פון די אייכען בוימער און אויף די פיער טורעמלאָך פון די וועכטער־ביידלאָך.

אומקערענדיג זיך פון שפּאַציר, האָט זי געזאָגט אַז זי האָט אַ קאָפּ־שמערץ און אַז זי קאָן ניט עסען דעם מיטאָג־מאָלצייט. זי האָט זיך פאַרמאַכט אין איהר צימער און אַרויסגענומען פון איהר ציערונג־קעסטעלע דעם פאַרצווייפעלטען בריף. זי האָט נאָך אַ מאָל איבערגעלעזען די לעצטע זייטעל.

„דער געדאַנק, אַז דו געהערסט צו אַן אַנדערן פאַרברענט מיך און עסט מיך אויף. און דאַן קאָן איך ניט איבערטראָגען, אַז ע ר זאָל דאָס זיין!”

דאָס איז ביי איהם געווען אַ פיקס־אידעע. אויף דערזעלבער זייטעל האָט ער דריי מאָל אָנגעשריבען דיזעלבע ווערטער:

„איך קאָן ניט איבערטראָגן, אַז ער זאָל דאָס זיין!"

זי האָט אויך געהאַט בלויז איין געדאַנק: איהם ניט צו פאַרלירען. און כדי איהם ניט צו פאַרלירען וואָלט זי אַלץ געזאָגט, אַלץ געטאָן. זי האָט זיך געזעצט ביי איהר טיש און האָט געשריבען, אין אַן אויסברוך פון ליידענשאַפט, צערטליכקייט און שטורם. „איך ליעב דיך, איך ליעב דיך, איך האָב קיינמאָל ניט געליעבט אויסער דיך. דו ביסט איינער, איינער, אין מיין נשמה, אין מיין גאַנצען וועזען. הער זיך ניט איין וואָס עס דערצעהלט דיר אַ קלעגליכע בריאה. הער מיך אויס. איך האָב קיינמאָל קיינעם ניט געליעבט, איך שווער דיר, קיינעם ניט פ אַ ר דיר."

אין דער צייט, וואָס זי האָט געשריבען, האָט דער ריעזיגער פאַרשטיקטער זיפץ פון דעם ים באַגלייט דעם זיפץ פון איהר ברוסט. זי האָט געוואָלט שרייבען, און זי האָט געגלויבט, אַז זי שרייבט אמת'ע ווערטער; און אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט, איז געווען אַזוי אמת ווי דער אמת פון איהר ליעבע. זי האָט דערהערט די שווערע און זיכערע טריט פון איהר פאָטער אויף די שטיגען. זי האָט באַהאַלטען איהר בריף און געעפענט די טיר. מאַנטעסי האָט זעהר חניפה'דיג איהר געפרעגט אויב זי פיהלט זיך ניט בעסער:

— איך בין געקומען דיר זאָגען אַ גוטע נאַכט און דיך נאָך פרעגען איין זאַך. עס איז מעגליך, אַז איך זאָל מאָרגען זיך טרע־פען מיט לע מעניל'ן ביי דעם פערד־לויף־וועט. ער פאָהרט אַהין יעדען יאָהר. דאָס איז אַ מענש וואָס טרעט ניט אָפּ פון זיינע גע־וואוינהייטען. אויב איך זאָל איהם טרעפען, טייערע, וועט עס זיין פאַר דיר אַ שטערונג, אַז איך זאָל איהם איינלאַדען צו פאַר־ברייינגען מיט אונז עטליכע טעג? דיין מאַן גלויבט, אַז ער וועט פאַר דיר זיין אַן אנגענעמע צושטרייאונג. מיר וועלען איהם קאָנען אָפּגעבען דעם בלויען צימער.

— ווי דו ווילסט. אָבער איך וואָלט בעסער וועלען, אַז דו זאָלסט באַהאַלטען דעם בלויען צימער פאַר פּאול וואַנס, וואָס וויל זעהר שטאַרק קומען. עס איז אויך מעגליך, אַז שולעט זאָל אָנ־קומען ניט מעלדענדיג. דאָס איז דאָך זיין געוואוינהייט. אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען קאָן מען איהם זעהן ווי ער קלינגט דעם גלאָק ביים טויער, ווי אַן אָרימאַן. דו ווייסט, מיין מאַן האָט אַ טעות,

ווען ער מיינט אז לע מעניל איז פאר מיר אנגענעם. און, א־חוץ דעם, וועל איך די קומענדע וואך דארפען פארברייגגען א צוויי אדער דריי טאג אין פאריז.

## XXIX.

פיער און צוואנציג שעה נאך זיין בריף איז טערעזא געקומען פון דינאר צו דעשארט׳ס קליינע הייזעל אין לע טערן. עס איז פאר איהר ניט שווער געווען צו געפינען אן אויסרייד כדי צו פאהרען נאך פאריז. זי איז געפאהרען מיט איהר מאן וואס האט געדארפט זיך זעהן מיט זיינע וועהלער אין דער פראווינץ, וואו די סאציאליסטען האבען אנגעפיהרט א שטארקע אגיטאציע. גלייך אין דער פריה האט זי איבערראשט זשאקין אין זיין סטודיא, בעת ער האט אויסקנאטען א גרויסע פיגור פון פלארענץ, ביי די ברעגען פון דער ארנא, וויינענדיג איבער איהר אמאליגער גרויסקייט.

די מאדעל איז געזעסען און רוהיג פאזירט אויף זעהר א הויכען שטול. דאס איז געווען א הויכע ברונעטע מיידעל. דער שיין דורך דעם פענסטער האט נאך שארפער געמאכט די בולט׳ע ליניען פון איהרע היפטען און לענדען, די הארטקייט פון איהר פנים, איהר טונקעלען נאקען און געלע הויט, די אדערן אויף איהר ברוסט, די מוסקלען פון איהרע קני און פיס, און די פינגער, וואס זיינען גע־ווען פארבויגען איינס אויף דאס אנדערע. טערעזא האט איהר נייגיריג אנגעקוקט, דערזעהענדיג אין איהר א שעהנע פארמע, ניט קוקענדיג אויף דעם קלעגליכען אויסזעהן פון איהר לייב, וואס איז וויניג געשפייזט און וויניג פארזארגט געווארען.

דעשארט, מיט זיין דלאט און זיין ליים־קיילכעלע אין האנט, איז אנטקעגען געגאנגען טערעזאן מיט אן אנגעוועהטאגטער צערט־ליכקייט, פון וועלכער זי איז גערירט געווארען. דערנאך, אוועק־שטעלענדיג די ליים און דאס געצייג אויף׳ן ברעג פון מאל־ברעט, און פארדעקענדיג די פיגור מיט א פייכטען טוך, האט ער געזאגט צום מאדעל:

— עס וועט זיין גענוג פאר היינט, מיין מיידעל.

דאן האט זי זיך אויפגעשטעלט און אומגעשיקט צוזאמענגע־

נומען איהרע קליידער, א ביסעל טונקעלע וואלען־שטאף און שמור־ציגע לייוועגט, און איז צוועק הינטער דעם פאראוואן זיך אנטאן.
פאר דער צייט האט דער סקולפטאר אפגעוואשען זיינע הענט, אין א גרינע ערדענע כלי, וואו די וואסער איז געווארען וויים פון דעם קלעפיגען ליים. דערנאך איז ער ארוים פון סטודיא מיט טערעזא׳ן.
זיי זיינען פארביי געגאנגען דעם פלאטאנען בוים, וועמענס בלעטער האבען צושפרייט דעם זאמד איבער׳ן הויף.
זי האט געזאגט:
— איהר גלויבט דאך ניט מעהר, ניט אמת?
ער האט איהר אריינגעפיהרט אין צימער אריין.
דער בריף, וואס זי האט געשריבען פון דינאר, האט שוין א ביסעל פארמילדערט די פיינליכע איינדרוקען. זי איז געקומען פונקט אין דעם מאמענט, ווען ער איז שוין געווען מיד פון ליי־דען, און ער האט זיך געגוויטיגט אין רוה און צערטליכקייט. עט־ליכע שורות אין דעם בריף האבען פארקלענערט זיין אנגסט־געפיהל. ער האט געהאט א נשמה וואס איז געשפייזט געווארען פון פאר־שטעלונגען, וואס האבען געהאט ווייניגער געפיהל פאר זאכען ווי פאר סימבאלען פון די זאכען. אבער אין זיין הארץ איז נאך אלץ פארבליבען א פיינליכער קנויל.
אין דעם צימער, וואו יעדע זאך האט איהר דערמאנט אן עפעס, וואו די מעבעל, די פארהאנגען, די טעפיכער האבען דער־צעהלט וועגען זייער ליעבע, האט זי ארויסגעמורמעלט זיסע ווער־טער:
— ווי אזוי האסטו דאס געקאנט גלויבען?... דו ווייסט אלזא ניט דאס וואס דו ביסט?... דאס איז געווען משוגעת!... ווי אזוי קאן דען א פרוי, וואס האט דיך געקאנט, ווען עס איז איבערטראַ־גען אן אנדערן נאך דיר?
— אבער פריהער?
— פריהער האב איך אויף דיר געווארט.
— און ער איז ניט געווען ביי דעם פערד־געלויף פון דינאר?
זי האט ניט געגלויבט, אז ער זאל האבען דארט געווען; און דאס וואס עס איז געווען גאר זיכער איז, אז זי איז דארט ניט

געוועז. די פערד, און די מענער מיט די פערד לאנגווייליגען איהר.

— זשאק, האב ניט מורא פאר קיינעם, ווייל קיינער קאן זיך צו דיר ניט צוגלייכען.

ער אבער האט, פארקערט, באגריפען ווי אומבאדייטענד ער איז און ווי ווייניג פלאץ דער אינדיווידואום פארנעמט אין א וועלט וואו די מענשען, פונקט ווי דער קארן און דער שפריי אין דעם דרעש־אייזען ווערען אויסגעמישט און אפגעטיילט, לויט דער האנט באוועגונג פון א פויער אדער פון א גאט. אבער דער געוועהנלי־כער אדער מיסטישער דרעש־אייזען האט א צו־רעגעלמעסיגע באַ־וועגונג אז מען זאל עס קאנען פינקטליך פארגלייכען צום לעבען. עס האט זיך איהם אויסגעדוכט אז די מענשען זיינען ווי די קערענד־לאך אין א קאפע־מיהל. ער האט זעהר שטארק עמפונדען אט דעם געפיהל, זעהענדיג ווי מאדאם פוזיליע האט צומאלען איהר קאפע אין איהר מיהלכעל.

טערעזא האט איהם געזאגט:

— פארוואס האסטו ניט קיין שטאלץ?

זי האט גערעדט ווייניג ווערטער, אבער זי האט גערעדט מיט איהרע אויגען, מיט איהרע ארעמס, מיט איהר אטעם, פון וועלכען איהר ברוסט האט זיך געהויבען ארויף און אראפ.

זייענדיג גליקליך איבערראשט וואס ער האט איהר געזעהן און געהערט, האט ער זיך געלאזען איבעררייידען.

זי האט איהם געפרעגט ווער עס האט איהם דערצעהלט אט די העסליכע ווערטער.

ער האט ניט געהאט קיין שום אורזאך פון איהר דאס צו באַ־האלטען. דאס איז געוועזן דאניעל סאלאמאן.

זי איז ניט געווען איבערראשט. דאניעל סאלאמאן, אויף וועמען מען האט געזאגט, אז ער איז ניט פעהיג צו ווערען דער ליעבהאבער פון קיין שום פרוי, האט וועניגסטענס געוואלט זיין אינטים מיט אלע און וויסען זייערע געהיימניסען. זי האט געטראפען פארוואס ער האט אזוי גערעדט:

— זשאק, זיי ניט בייז פון דעם וואס איך געה דיר זאגען. ביסט ניט זעהר געשיקט צו באהאלטען דיינע געפיהלען. ער האט געהאט א פארדאכט, אז דו ליעבסט מיך, און ער האט וועגען דעם

געוואָלט זיך איבערצייגען. איך בין זיכער, אז איצט צווייפעלסט ער שוין ניט מעהר וועגען אונזערע פאַרהעלטעניסען. אָבער דאָס איז מיר ווירקליך גלייכגילטיג. אין געגענטייל, ווען דו וואָלסט גע־קאָנט זיין מעהר פאַרשטעלט, וואָלט איך ניט געוועזן אזוי רוהיג. איך וואָלט געגלויבט, אז דו ליעבסט מיך ניט גענוג.

מורא האָבענדיג איהם צו באַאומרוהיגען, איז זי שנעל אַרי־בערגעגאַנגען אויף אַן אנדער טעמאַ:

— איך האָב דיר נאָך ניט געזאָגט ווי שטאַרק דיין פיגור איז מיר געפעלען געוואָרען. דאָס איז פלאָרענץ ביים ברעג פון דער אַרנאָ. דאַן, הייסט עס, אַז מ י ר זיינען עס?

— יאָ, אין דער פיגור האָב איך אַריינגעלייגט די הייסע גע־פיהלען פון מיין ליעבע. זי איז טרויעריג, און איך וואָלט וועלען אַז זי זאָל זיין שעהן. זעהסטו, טערעזאַ, די שעהנקייט איז לייד־דענד. און דערפאַר לייד איך זייט מיין ליעבען איז שעהן געוואָרען.

ער האָט זיך א טאַפּ געטאָן ביי דער קעשענע פון זיין פלאַנעל רעקעל און אַרויסגענומען פון דאָרט זיין ציגאַרעטען שאַכטעל. אָבער זי האָט איהם געאיילט, ער זאָל זיך אָנטאָן. זי וועט איהם נעמען אויף פריהשטיק צו איהר אין הויז. זיי וועלען זיך ניט פאַר־לאָזען מעהר א גאַנצען טאָג. דאָס וועט זיין אויסגעצייכענט.

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט א קינדישער פרייד. דערנאָך איז זי טרויעריג געוואָרען, טראַכטענדיג, אַז זי וועט דאַרפען ענדע וואָך צוריקפאָהרען נאָך דינאַר און דערנאָך זיין אין זשואַנוויל, און אין פאַרלויף פון אָט דער צייט וועלען זיי זיין צושיידט.

אין זשואַנוויל, אין איהר פאָטער'ס הויז, וועט זי איהם לאָזען איינלאַדען אויף עטליכע טאָג. אָבער זיי וועלען דאָרט ניט זיין פריי און אַליין ווי אין פּאַריז.

— עס איז אמת, — האָט ער געזאָגט, — אַז פּאַריז מיט איהר אומבאַשטימטער אומענדליכקייט איז גוט פאַר אונז.

און ער האָט צוגעגעבען:

— אפילו ווען דו ביסט ווייט פון דאַנען, קאָן איך שוין מעהר פּאַריז ניט פאַרלאָזען. עס וואָלט פאַר מיר געוועזן העסליך צו וואוינען אין א לאַנד וואָס קען דיך ניט. א הימעל, בערג, בוימער, פאָנטאַנען, סטאַטוען וואָס וואָלטען ניט געקאָנט מיר דערצעהלען

וועגן דיר, וואָלטען איבערהויפּט גאָרניט געהאַט מיר וואָס צו זאָ־
גען.

בעת ער האָט זיך אָנגעטאָן, האָט זי געמישט אַ בוך וואָס זי האָט געפונען אויפ׳ן טיש. עס איז געווען די „טויזענד און איין נאכט“. ראָמאַנטישע פיגורען האָבען זיך דורכגעוואָרפען דאָ און דאָרט, אין דעם טעקסט, ווייזירען, סולטאַנען, שווארצע סריסים, באַזאַרען, קאַראַוואַנען.

זי האָט געפרעגט:

— אמוזירט אייך די „טויזענד און איין נאכט?“

— זעהר פיעל, — האָט ער געענטפערט, פאַרבינדענדיג זיין קראוואַט. ווען איך וויל, קאָן איך גלויבען אין יענע אראבישע פּרינצען, וועמעס פּיס זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין שוואַר־צען מאַרמאָר, און אין די האַרעם־פרויען וואָס בלאָנדזשען אַרום ביי־נאַכט אויפ׳ן בית־עולם. אָט די מעשה׳לאך זיינען פאַר מיר לייכ־טע חלומות, וואָס מאַכען פאַרגעסען אין לעבען. נעכטען אָוונט האָב איך זיך געלייגט זעהר אַ טרויעריגער און איך האָב געלעזען אין בעט די געשיכטע פון די דריי איין־אויגיגע קאַלענדאַרען.

אַ ביסעל מיט ביטערקייט האָט זי געזאָגט:

— דו זוכסט צו פאַרגעסען! און איך, ווידער, וואָלט פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט ניט איינגעשטימט צו פאַרלירען דעם אָנדענקען פון אַ לייד וואָס קומט מיר דורך דיר.

זיי זיינען צוזאַמען אראָפּ אויפ׳ן גאַס. אַ ביסעל ווייטער האָט זי געדאַרפט נעמען אַ קאַרעטע און אָנקומען צו זיך מיט עטליכע מינוטען פריהער פאַר איהם.

— מיין מאַן ערוואַרטעט אייך פאַר פריהשטיק.

אויפ׳ן וועג האָבען זיי גערעדט וועגען אומבאַדייטענדע זאכען, וואָס זייער ליעבע האָט זיי געמאַכט פאַר גרויס און רייצענד. זיי האָבען אָפּגעשטימט אז דעם נאָכמיטאג זאָלען זיי פאַרברענגען אין אַן אומענדליכער טיפער פרייד און פאַרגעניגען. זי האָט זיך מיט איהם באַראַטען וועגען איהרע קליידער. זי האָט זיך ניט געקאָנט אָנטשליסען איהם צו פאַרלאָזען, זייענדיג גליקליך מיט איהם צו געהן דורך די גאַסען וואָס זיינען געווען פול מיט זון און מיט דער פרעהליכקייט פון מיטאג־צייט. אָנקומענדיג אויף דער טערן־גאַס

האבען זיי פאר זיך דערזעהן א רייהע ביידלאך, וואו עס זיינען געווען אויסגעשטעלט פארשיעדענע מינים עסענוואַרג. פויגעלאך זיינען געהאנגען אויף שטריקלאך ביים היהנער־הענדלער און ביים פרוכט־הענדלער — קעסטעלאך מיט ערד־בערען, ראזשינקעס און וויין־טרויבען. גאנצע וואגענס מיט פרוכטען און בלומען האבען פארשטעלט דעם דורכגאנג. אין פראנט פון א רעסטאראן, אונטער א גלעזערנעם שוץ־דאך האבען מענער און פרויען געגעסען פריה־שטיק. מטרעזא האט דערקענט צווישען זיי שולעט'ן, זיצענדיג איינער אליין ביי א טישעל, נעבען אן אלעאנדער, אין א בלומען־טאפ, און פארדרויבערט זיין ליולקע.

דערזעהענדיג איהר, האט ער מיט שטאלץ א ווארף געטאן אויפ'ן טיש א פינף־פראנק שטיק, האט זיך אויפגעשטעלט און אראפגעצויגען זיין הוט. ער איז געווען זעהר ערנסט; און זיין לאנגער פראק האט איהם צוגעגעבען א שטרענגען און אנשטענדיגען אויסזעהן.

ער האט געזאגט, אז ער האט באמת געוואלט פאהרען נאך דינאר, צו זעהן מאדאם מארטען. אבער מען האט איהם פאר־האלטען אין וועגדעי ביי דער מארקיזע דע ריע. דערוויל האט ער שוין ארויסגעגעבען א נייע אויסגאבע פון „פארמאכטען גאר־טען" און פארגרעסערט דעם „גארטען פון דער הייליגער קלארא". ער האט אנגעריהרט הערצער, אויף וועלכע מען האט געגלויבט, אז זיי זיינען אומפיהלבאר, און ער האט געמאכט, אז שטראמען זאלען פליסען פון פעלזען.

— און אזוי ארום — האט ער געזאגט — בין איך געווארען א מין משה.

ער האט ארומגעזוכט אין דער קעשענע און ארויסגעשלעפט פון זיין פארטפעל א צוקנייטשטען און פארשמוצטען בריף.

— אט וואס מאדאם ריימאן, די פרוי פון דעם אקאדעמיקער, שרייבט מיר. איך פארעפענטליך איהרע ווערטער, וויל זיי זיינען פאר איהר א לויב.

און ארויסציהענדיג די דינע זייטלאך, האט ער געלעזען.

— „איך האב געוויזען אייער בוך מיין מאן, און ער האט אויסגעשריען: „דאס איז ריינער מיסטיציזם! אט איז א פאר־

מאַכטער גאָרטען, וועלכער, ווי איך דענק, צווישען ליליען און ווייסע רויזען, מוז ער האָבען אַ קליינינקע טירעל וואָס זאָל פיהרען צום וועג פון דער אַקאַדעמיע".

נאָכדעם ווי שולעט האָט אין זיין מויל דורכגעפיהלט דעם געשמאַק פון די ווערטער, וואָס האָבען זיך דאָרט אויסגעמישט מיט דעם ריח פון בראַנפען, האָט ער פאַרזיכטיג צוריקגעלייגט דעם בריף אין פּאָרטפעל.

מאַדאַם מאַרטען האָט געוואונשען גליק דעם פּאָעט, וואָס איז געווען מאַדאַם ריימאַן'ס קאַנדידאַט.

— איך וואָלט אייך אויך אַרויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט, הערר שולעט, ווען איך וואָלט זיין באַשעפטיגט מיט די אַקאַדעמישע וואַהלען. אָבער וואָלט איהר ווירקליך וועלען זיין אַ מיטגליד פון אינסטיטוט ?

פאַר איינציגע מאָמענטען איז ער פאַרבליבען אין אַ פייערליכען שטילשווייגען, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— מאַדאַם, איך געה דאָס איצט זיך דורכריידען מיט איינציגע באַוואוסטע פערזענליכקייטען פון דער פּאָליטישער און רעליגיעזער וועלט, וואָס וואוינען אין נעאַי. די מאַרקיזע דע ריע טרייבט מיך, אַז איך זאָל אַרויפשטעלען מיין קאַנדידאַטור אין איהר וואוין־פּלאַץ אַלס סענאַטאָר; עס איז איצט דאָרט פאַראַן אַ פרייער פּלאַץ צו־ליעב דעם טויט פון אַ זקן, אויף וועלכען מען זאָגט, אַז ביים לעבען האָט ער זיך איינגעשמועסט, אַז ער איז אַ גענעראַל. פאַר אָט דעם צוועק וועל איך געהן זיך באַראַטען אויפ'ן בינאָ בולוואַר מיט גלחים, פרויען און קינדער — אָ, אייביגע וויזהייט! די וועהלער וועמענס שטיצע איך וועל פּאָדערן, וואוינען אין אַ כוואַליענדיגע, וואַלדיגע געגענד, מיט פעלדער וואָס זיינען אַרומגעצאַמט מיט אָפּ־געהאַקטע ווערבען. און עס איז ניט זעלטען צו זעהן ווי צווישען אָט די ווערבען זאָל נאָך ליגען אַ סקעלעט פון אַ ראַיאַליסט־רעוואָ־לוציאָנער, וואָס האַלט נאָך אַלץ זיין ביקס און די פּאַטשערעס צווי־שען זיינע ביינערדיגע פינגער. מיין פּראָפעסיע פון גלויבען וועט אָנגעקלעפּט ווערען אויף די קאָרע פון די אייכען־בוימער. מיין מאַניפעסט וועט זיין אָט אזוי: „פרידען צו די פריסטליכע הויי־זער! זאָל דער טאָג קומען ווען די בישאָפּס מיט די הילצערנע

צלמים וועלען זיין גלייך צו דעם אָרימסטען גלח פון דער אָרימסטער געמיינדע! די בישאָפס זיינען עס געווען וואָס האָבען געקרייציגט יעזוס קריסטוס׳ן. זייערע נעמען זיינען געווען אַנאַס און קאַיאַ־פאַס. און זיי טראָגען נאָך אַלץ די נעמען פון דעם זוהן פון גאָט. און בעת זיי האַלטען נאָך אַלץ אין צונאָגלען א י ה ם צום צלם, בין איך געווען דער גוטער גנב, אויף ז י י ן זייט״.

ער האָט אויפגעהויבען זיין שטעקען און געוויזען צום וועג נאָך נעאַי.

— דעשארט, מיין פריינד, גלויבט איהר ניט, אז בולוואר בינא געפינט זיך דאָרט־אָ, ביים שטויב, אויף רעכטס?

— זייט געזונט, הערר שולעט, — האָט געזאָגט טערעזא, — פארגעסט מיך ניט ווען איהר וועט ווערען א סענאַטאָר.

— מאַדאַם, איך פארגעס אייך ניט אין קיין איינציגע פון מיינע תפילות, סיי אין די מאָרגענדיגע, סיי אין די אָווענדליכע. און איך זאָג צו גאָט: „אזוי ווי דו האָסט שוין, אין דיין צאָרן, איהר געגעבען רייכטום און שעהנקייט, טאָ היט איהר אָפּ, אַ באַ־שעפער, מיט גרויס רחמנות, און באַהאַנדעל איהר לויט דיין גרוי־סער בארמהערציגקייט״.

און ער איז אוועק, הינקענדיג אויף א פוס, דורך דער באַ־פעלקערטער גאַס.

## XXX.

איינגעהילט אין א ראָזעווען טוכענעם מאַנטעל, איז טערעזא אראָפּגעגאַנגען די שטיגען צוזאַמען מיט דעשארט. ער איז אין דער פריה אָנגעקומען נאָך זשואַנוויל. זי האָט געוואָלט איהם צו־זאַמענברענגען מיט דעם קליינעם קרייז אינטימע באַקאַנטע, איידער דער יאַגד סעזאָן הויבט זיך אָן. זי האָט מורא געהאַט, אז לע מע־ניל, ווענען וועמען זי האָט גאָרניט געהערט, זאָל ניט אַמאָל זיין איינגעלאַדען, פונקט ווי שטענדיג. די ווייכע סעפּטעמבער לופט האָט בלאָזענדיג באַוועגט די לאָקען פון איהרע האָר און די אונטער־געהענדע זון האָט געמאַכט איהרע טונקעל־גראָהע אויגען צאַנקען מיט גאָלד־פונקען. הינטער זיי איז די פאַסאַדע פון שלאָס, צווי־

שען איין פענסטער און דעם אנדערן, איבער די דריי ארקאַדען פון הויפּט־עטאַזש, געווען באַציערט מיט ביוסטען פון רוימישע אימ־פּעראַטאָרס אויף הויכע פּיעדעסטאַלען. די הויפּט געביידע האָט אויף ביידע זייטען געהאַט צוויי הויכע פּליגעל, וואָס האָבען זיך נאָך העכער ארויסגעהויבען מיט זייערע איבערמעסיג יאַנישע זיילען, וואָס האָבען אונטערגעהאַלטען דעם גרויסען שיפערשטיין־דאַך. אין דעם סטיל האָט מען דערקענט די קונסט פון דעם ארכיטעקט לעוואָ. אין 1650 האָט ער אויפגעבויט דעם שלאָס פון זשואַנוויל — אויפ'ן אוּאַז פאַר דעם רייכען מארוי, וואָס איז געווען די באַשעפעניש פון מאַזאַרען און דער גליקליכער מיטשולדיגער פון דעם קעניג'ס פינאַנץ מיניסטער פאָקע.

טערעזא און זשאַק האָבען פאַר זיך געזעהן די בלומען־בושען, וואָס זיינען געווען איינגעאָרדענט אין גרויסע האַלב־רונדע קרייזען לויט דעם פּלאַן פון לע־נאָטר. די גרינע לאָנקעס און דעם פאָנטאַן; דאָן די הייל מיט איהרע פינף ארקאַדען, געבויט אין אַ פּראָסטען דאָרפישען סטיל און איהרע ריעזיגע קעפּ אַלס שפּיצען און די גרויסע בוימער, וואָס זיינען שוין געפאַרבט מיט הערבסט־קאָלירען פון פּור־פּור און גאָלד.

— ווי עס זאָל ניט זיין, — האָט געזאָגט דעשארט, זיינען זיי שעהן, אָט די געאָמעטרישע פיגורען פון בלומען און בלעטער.

— יאָ,—האָט געזאָגט טערעזא. — אָבער איך קלעהר וועגען אַ פּלאַטאַנען־בוים וואָס שטעהט אויסגעבויגען אין דעם קליינעם הויף, וואו דאָס גראָז וואַקסט צווישען די שטיינער. מיר וועלען דאָרט אויפשטעלען אַ שעהנעם פאָנטאַן, ניט אמת? און מיר וועלען דאָרט פאַרפלאַנצען בלומען.

אָנגעלעהנט אויף איינעם פון די שטיינערנע לייבען, וועמענס פּנים'ער האָבען אויסגעקוקט כמעט ווי מענשליכע, וועלכע האָבען געוואַכט ביים ארייננאַנג פון די אונטערשטע טרעפּ, האָט זי זיך אויסגעדרעהט צום שלאָס, און אָנגעקוקט איינע פון די דאַך־פענ־סטערלאַך, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַן אָפענער מויל פון אַ דראַ־גאָן, איבער דעם געזימס פון דער געביידע. זי האָט געזאָגט:

— דאָרט איז אייער צימער. נעכטען אָוונד בין איך דאָרט ארויפגעגאַנגען. אויף דעמזעלבען שטאָק, פּונקט אויף דער אנדערער

זייט פון פאָדערהויז איז דער אַרבייטס־קאַבינעט פון מיין פאָטער. אַ טיש פון ווייסען האָלץ, אַ שרייב־טיש פון מאַהאַגאָני, אַ פלעשעל וואַסער אויף דעם קאַמין — דאָס איז געווען זיין אַרבייטס־צימער נאָך אַלס יונגער מאַן. אונזער גאַנצער פאַרמעגען איז פון דאָרט אַרויס.

דורכגעהענדיג די זאַמדיגע גאָרטען־שטעגעלאַך זיינען זיי געקומען צום איינגעקעסטעלטען בוש, וואו אַ וואַנט טיילט אָפּ דעם פּאַרק פון זיין דרום'דיגער זייט. זיי זיינען אַריבערגעגאַנגען דעם אָראַנזשען גאָרטען, אויף וועמענס מאָנומענטאַלע טיר איז געווען דער לאָטרינגען־קרייץ פון מאַרעי. דערנאָך זיינען זיי אַריבער צו דער אַלעע פון די לינדען־בוימער, אויף דער זייט פון דער גרינער לאָנקע. אונטער די בוימער וואָס האָבען שוין געהאַט פאַרלאָרען די העלפט פון זייערע בלעטער, האָבען נימפען סטאַטועס געציטערט אין דעם פייכטען שאָטען מיט בלאַסע ליכט־שטראַלען. אַ טויב וואָס איז געשטאַנען אויף אַ שולטער פון איינער פון אָט די ווייסע פרויען, איז אוועקגעפלויגען. פון צייט צו צייט איז אַ פאַרטריקענטער בלעטעל, מיט דעם בלאָז פון אַ ווינד, אַראָפּגעפאַלען און איז געלעגען ווי אַ רויטליך־גאָלדענע שאָל וואָס האָט געהאַט אין זיך אַ רעגען־טראָפּען. טערעזאַ האָט אָנגעוויזען אויף דער נימף און געזאָגט:

— זי האָט מיך געזעהן דערמאָלט ווען איך בין געווען אַ קינד און האָב באַגעהרט צו שטאַרבען. איך האָב געליטען פון פאַרלאַנגען און מורא. איך האָב אויף אייך געוואַרט. אָבער איהר זייט געווען אַזוי ווייט!

אין אַ פונקט, וואו עטליכע שטעגען טרעפען זיך צוזאַמען, איז די לינדען־אַלעע אָפּגעבראָכען. דאָרט איז געווען אַ טייכעל. אין איהר מיטעל־פונקט איז געווען אַ גרופּע וואַסער־געטער און נימפען, וואָס האָבען געבלאָזען פון זייערע שאָלען, מאַכענדיג אַ פליסענדען דיאַדעם פון דעם וואַסער וואָס איז געווען באַדעקט מיט שוים.

— דאָס איז די קרוין פון זשואַנוויל, — האָט זי געזאָגט.

זי האָט איהם אָנגעצייגט אויף אַ שטעגעל וואָס הויבט זיך אָן ביים טייכעל און ציהט זיך אַוועק ווייט, דאָרט וואו די זון געהט אויף.

— דאָס איז מיין וועג. וויפיעל מאָל איך האָב דאָ אַליין טרויעריג געשפּאַצירט. איך בין געווען טרויעריג ווען איך האָב אייך נים געקענט.

זיי זיינען צוריק אריין אין דער אַלעע, וואו עס זיינען געווען אַנדערע לינדען און אַנדערע נימפען, אויף דער אַנדערער זייט פון טייכעל. זיי זיינען צוגעקומען ביז צו די היילען, וואָס האָבען געבילדעט ביי דער ענד פון פּארק א האלב־רונדען קרייז פון גרויסע פעלזען־געצעלטען, אויף וועלכע עס זיינען געווען גאַניקעס און זיי זיינען געווען אָפּגעטיילט מיט סטאַטועס פון ריעזען.

איינע פון די סטאַטועס, אין א ווינקעל פון א הייל, פון דעם שפּיץ פון מאָנומענט, האָט אַלעס באהערשט מיט איהר ריעזיגער נאַקעטקייט און עס האָט אויסגעזעהן ווי זי וואָלט זיך איינגעבויגען אַראָפּצוקוקען מיט א שטיינערנעם, ווילדען און דאָך גוטמוטיגען בליק.

— ווען מיין פאָטער האָט געקויפט זשואַנוויל, — האָט זי געזאָגט, — זיינען די היילען בלויז געווען א בארג רואינען, וואָס איז געווען באוואַקסען מיט גראָז און פול מיט שלאַנגען. טויזענדער האָזען האָבען זיך דאָרט אויפגעהאַלטען. ער האָט צוריק אויפגעבויט די סטאַטועס און בויגענס לויט די געדרוקטע בילדער פון פּערל, וואָס געפינען זיך אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק. ער איז געווען זיין איינענער ארכיטעקט.

א פאַרלאַנג נאָך שאָטען און רוה האָט זיי געפיהרט צום צוזאַמענגעפלאָכטענעם וועג ביי דער זייט פון די היילען. אָבער צוליעב א גערויש פון פיס טריט וואָס איז געקומען פון דער איבערגעדעקטער אַלעע, האָבען זיי זיך אויף א מאָמענט אָפּגעשטעלט. און דורך די בלעטער האָבען זיי געזעהן ווי מאַנטעסי האָט געהאַלטען די פּרינצעסין סעניאַווין ארום דער טאַליע.

זיי זיינען זעהר שטיל געגאַנגען צום שלאָס. זשאַק און טערעזא האָבען זיך באהאַלטען הינטער א גרויסער סטאַטוע און געוואַרט ביז וואַנען זיי וועלען האָבען אריבערגעגאַנגען. דערנאָך האָט זי געזאָגט צו דעשאַרט׳ן, וואָס האָט איהר שוויינענדיג אָנגעקוקט:

— דאָס איז שוין אַביסעל צופיעל! איצט פאַרשטעה איך

שוין פאַרוואָס די פּרינצעסין סענאַווין האָט געפרעגט אַן עצה ביים פּאַפּאַ ווען זי האָט געקויפט לעצטען ווינטער איהרע פערד.

פונדעסטוועגען האָט טערעזאַ באַוואונדערט איהר פאָטער, וואָס ער האָט ערזאָבערט אַט די שעהנע פרוי, וועמען מען האָט געהאַלטען פאַר אַן איבערקלייבערין און וועלכע איז געווען רייך, ניט קוקענדיג אויף די פאַרלעגענהייטען אין וועלכע זי פלעגט אַריינפאַלען צוליב איהר פאַרשווענדערישער נאַטור. זי האָט געפרעגט זשאַק'ן אויב ער געפינט ניט, אַז די פּרינצעסין איז זעהר שעהן. ער האָט צוגעגעבען, אַז זי באַזיצט אַ געוויסע פאָרנעמע האַלטונג, אָבער איהר קערפּערליכער רייץ איז געווען צו קרעפטיג פאַר איהם. זי איז אָהן צווייפעל געווען שעהן; אָבער אין איהר שוואַרץ־ברוינער שעהנקייט האָט ער דערפיהלט דעם גערוך פון אַ פּעך־פּינזעל, אַ נעגערשער שטריך. טערעזאַ האָט געענטפערט, אַז דאָס איז אפשר מעגליך, אָבער דערפאַר האָט די פּרינצעסין סעניאַווין אין אָוונד־צייט אַלע אַנדערע פרויען אָוועקגעשטעלט אין הינטער־גרונט.

זי האָט זשאַק'ן געפיהרט אויף די מיט מאָך־באַוואַקסענע טרעפּ, וואָס פיהרען צום „גאַרב פון דער אואַז“ וואָס איז געמאַכט געווען פון אַ גרופּע בלייענע רעהרען, אין מיטען פון אַ פאָנטאַן פון ראָזאָווען מאַרמאָר. דאָרט האָבען זיך אויפגעהויבען די הויכע בוימער וואָס האָבען פאַרשטעלט די פּערספּעקטיווע פון פּאַרק און אָנגעוויזען אויף דעם אָנהויב פון וואַלד. זיי זיינען אַריין אין וואַלד. צווישען די שווערע זיפצען פון די בלעטער האָבען זיי זיך געהאַלטען שטיל. הינטער דעם וואונדערשעהנעם פאָרהאַנג פון די אולם־בוימער זיינען געווען דיקע וועלדלאַך פון אַספּען און בירקען־בוימער, וועמענס בלאַסע קאָרע האָט נאָך געגלאַנצט מיט דעם לעצטען שטראַל פון דער זון.

ער האָט איהר צוגעדריקט אין זיינע אָרעמס און איהר געקושט אויף די אויגען הייטלאַך. די נאַכט האָט אַראָפּגעשטיגען פון הימעל, די ערשטע שטערן האָבען געציטערט צווישען די צווייגען. אין דעם פייכטען גראָז האָבען געקוואַקעט די זשאַבעס. זיי זיינען ניט געגאַנגען ווייטער.

ווען זי האָט זיך מיט איהם אין דער טונקעל צוריקגעקערט אויפ'ן וועג צום שלאָס, איז אויף איהרע ליפּען געבליבען דער טעם

פון די קושען אין מיטנטע, און אין איהרע אויגען האָט די געשטאַלט פון איהר געליעבטען, וואָס איז געשטאַנען ביי א ווערבע, אויסגע־קוקט ווי א וואַלד־גאָט, ווען זי איז געווען אין זיינע אָרעמס, מיט איהרע הענט אַרומגעקלאַמערט אַרום זיין האַלז און איז צוגאַנגען פון ליידענשאַפט. ווען זי איז דורכגעגאַנגען אונטער די לינדען־בוימער האָט זי געשמייכעלט צו די נימפען וואָס האָבען געזעהן די טרערען פון איהר קינדהייט. אויפ'ן הימעל האָט דער ציגנום פאַרשפּרייט זיין קרייז פון שטערען און די לבנה האָט אָפּגעשיינט איהר דעליקאַטען האָרן אין דעם וואַסער פון טייכעל. די ווערימ־לאָך און גראָז האָבען געזונגען א געזאַנג פון ליעבע. ביים לעצטען ווינקעל פון די אַרומגעצוימטע בושען האָבען טערעזא און זשאַק דערזעהן די דרייפאַכע, שוואַרצע און אָפּשרעקענדע מאַסע פון דעם שלאָס און דורך די גרויסע שויבען פון דעם אונטערשטען עטאַזש האָבען זיי געזעהן, אין א רויטער ליכט, ווי פיגורען האָבען זיך באַ־וועגט. דער גלאָק האָט געקלונגען.

טערעזא האָט אויסגעשריען:

— איך האָב בלויז צייט זיך אָנצוטאָן פאַר'ן אָווענט־מאָלצייט.

און געפינענדיג זיך ביי די שטיינערנע לייבען איז זי אַנטלאָ־פען פון איהר געליעבטען, ווערענדיג שנעל פאַרשוואונדען ווי א ווי־זיאָן פון א פעען־מעשה'לע.

---

נאָכמיטאָג, אין דעם סאַלאָן, האָט הערר בערטיע ד'עיזעל גע־לעזען א צייטונג, און די פרינצעסין סעניאַווין האָט געשפּיעלט אין קאָרטען ביים קאָרטען־טישעל. די אויגען האַלב פאַרמאַכט איבער א בוך און נאָך אַלץ פיהלענדיג דאָס צוקען פון די קנעכעל פון די דערנער וואָס האָבען איהר צוקראַצט צווישען די בעזים־פּלאַנצען, האָט טערעזא זיך דערמאָנט מיט א ציטער ווי אַזוי איהר געליעבטע־ר האָט איהר גענומען אין די וועלדער, ווי א פאָונע וואָס שפּיעלט זיך מיט א נימפע.

די פרינצעסין האָט איהר געפרעגט אויב עס איז עפּעס אינ־טערעסאַנט דאָס וואָס זי לעזט דאָ.

— איך ווייס ניט. איך האָב געלעזען און האָב געטראַכט.

פאול וואנס האט רעכט: „מיר געפינען פלויז זיך אליין אין די ביכער".

דורך די פארהאנגען האט מען געקאנט הערען די קורצע ווער־טער פון די שפיעלער און דאס קלאפען זיך פון פילקעס אין בי־ליארד צימער.

— איך האב געענדיגט! — האט אויסגעשריען די פרינצעסין און אוועקגעווארפען די קארטען.

זי האט אין דעם טאג געהאט איינגעשטעלט א גרויסע סומע געלט אויף א פערד ביי דעם שאנטיאי וועטגעלויף.

טערעזא האט געזאגט, אז זי האט געקראגען א בריף פון פיזעאל: מיסס בעל האט איהר געמעלדעט, אז זי האט אין קורצען חתונה מיט דעם פרינץ אלבערטינעלי דע לא ספינא.

די פרינצעסין האט אנגעהויבען לאכען.

— אט איז א מאן, וואס וועט איהר טאן א גרויסע טובה.

— וועלכע טובה? — האט נעפרעגט טערעזא.

— ער וועט מאכען, אז די מענער זאלען איהר נמאס ווערען.

מאנטעסי איז אריינגעקומען אין סאלאן, זעהר לוסטיג. ער האט געהאט געוואונען די פארטי.

ער האט זיך אוועקגעזעצט נעבען בערטיע ד'עיזעל און נעמענ־דיג א צייטונג וואס איז געווען אויסגעשפרייט אויף דער קאנאפע, האט ער געזאגט:

— דער פינאנץ מיניסטער מאכט באקאנט, אז ווען דער פאר־לאמענט וועט זיך עפענען וועט ער אריינטראגען א געזעץ־פראיעקט וועגען די שפאר־קאסען.

עס האט זיך געהאנדעלט וועגען דעם, אז די שפאר־קאסען זאל ערלויבט זיין צו באַרגען געלט די געמיינדען, דאס וואלט צו־גענומען פון די באנקען, וואס מאנטעסי האט אנגעפיהרט, זייערע בעסטע קליענטען.

— בערטיע, — האט געפרעגט דער פינאנסיסט, — זייט איהר געגען אט דעם פראיעקט

בערטיע האט איינגעבויגען דעם קאפ.

זיך אויפהויבענדיג, האט מאנטעסי ארויפגעלייגט זיין האנט אויף דער פלייצע פון דעפוטאט:

— מיין טייערער בערטיע, מיר דוכט זיך, אז דאָס מיניסטע־ריום וועט פאַלען גלייך ווי די סעסיע וועט זיך עפענען.

ער איז צוגעגאַנגען צו זיין טאָכטער:

— איך האָב דערהאַלטען אַ מאָדנעם בריף פון לע מעניל.

טערעזא איז אַוועק פאַרמאַכען די טיר, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם סאַלאָן פון דעם ביליארד צימער.

זי האָט מורא געהאַט, האָט זי געזאָגט, פאַר אַ לופט־צוג.

— אַ זאָנדערבאַרער בריף, — האָט פאַרטגעזעצט מאַנטעסי.— לע מעניל וועט ניט קומען צו דער יאַגד אין זשואַנוויל. ער האָט געקויפט אַ יאַכט פון אכציג טאָן מיט'ן נאָמען „ראָוזבאַד". ער וועט אַרומפאָהרען אויפ'ן מיטעל־לענדישען ים, ער וויל לעבען בלויז אויפ'ן וואַסער. דאָס איז אַ שאָד. ער איז דער איינציגער וואָס קאָן אָנפיהרען אַ יאַגד.

אין דעם מאָמענט איז דעשאַרט אַריין אין סאַלאָן צוזאַמען מיט גראַף מאַרטען. נאָכדעם ווי ער האָט דעשאַרט'ן באַזיעגט אין ביליארד אַיז דער גראַף געוואָרען צו איהם פריינדליך. און ער האָט איהם דערקלערט די געפאַהר וואָס עס ליגט אין דעם, וואָס מען וויל אַרויפלייגען שטייערן אויף הויז־אויסגאַבען און אויף דער צאָל דיענסטען.

## XXXI.

די בלאַסע ווינטער זון האָט דורכגעשיינט דורך דעם נעבעל פון דער סעין און האָבען באַלויכטען די אודרי הינד וואָס האָבען גע־האַנגען איבער די טירען פון שפּייז צימער.

ביי דער רעכטער זייט פון מאַדאַם מאַרטין איז געזעסען דער דעפּוטאַט גאַרען, דער אַמאָליגער זיגעל־וועכטער, געוועזענער פּרע־זידענט פון ראַט, לינקס איז געזעסען דער סענאַטאָר, לואיע. רעכטס פון גראַף מאַרטען־בעלעם איז געזעסען הערר בערטיע ד'עיזעל. עס איז געווען אַ קליינע און ערנסטע פּאָליטישע מאָלצייט־פּאַרטיע. ווי מאַנטעסי האָט נביאות געזאָגט, איז דאָס מיניסטעריום באַ־זיעגט געוואָרען מיט פיער טאָג צוריק. גאַרען איז גערופען געוואָרען דעם זעלבען אין דער פריה אין עליזעאום און ער האָט אָנ־

גענומען דעם פאָרשלאָג צוזאַמען צו שטעלען אַ קאַבינעט. אין פאַר־לויף פון מאָלציים האָט ער אויפגעצייכענט די ליסטע פון נעמען וואָס דאַרף צוגעשטעלט ווערען היינט אָוועגד צום פרעזידענט.

און בעת זיי האָבען דיסקוטירט די נעמען האָט טערעזאַ זיך דערמאָנט אָן די סצענען פון איהר געהיימען לעבען.

זשאַק האָט איהר געליעבט; ער האָט איהר געליעבט מיט אַן ענטציקענדער צוזאַמענמישונג פון ליידענשאַפט און צערטליכקייט, פון וויסען און נייגעריגקייט. ער איז געווען נערוועז, אויפגערעגט, אנגסטליך. אָבער צוליעב זיין טעמפעראַמענט אַלס שטימונגס מענש האָט זי דערפאַר שטאַרקער זיך געפרעהט ווען ער איז געווען לוסטיג. די קינסטלערישע לוסטיגקייט, וואָס פלעגט אויסברעכען פלוצלינג ווי אַ פלאַם, האָט געצערטעלט די ליעבע און איהר ניט באַליידיגט. און איהר ליעבהאָבער'ס וויציגער געלעכטער איז פאַר טערעזאַ'ן גע־ווען אַ שטענדיגער וואונדער. זי האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט פאָרשטעלען וועגען אַזאַ פיינעם געשמאַק און חן וואָס ער האָט ארויסגעוויזען סיי אין זיינע פרעהליכע מאָמענטען און סיי אין זיינע אינטימע פאַנטאַזיען. אין די ערשטע טעג איז זיין ליידענשאַפט געווען אַן אומעטיגע און מאָנאָטאָנע. און דאָס אַליין האָט איהר שוין צוגעצויגען. אָבער זייט דעמאָלט האָט זי שוין אין איהם ענטדעקט אַ פרעהליכע פאַרשיעדענאַרטיגע און פולע נשמה, די זעלטענע פייז־קייט פון געפילען און די באַנאַבונג צו באַפרידיגען די גאַנצע נשמה און דעם קערפער.

— עס איז לייכט צו רעדען וועגען אַ גלייכפאָרמיגען מיניסטער־ריום, האָט אויסגעשריען גאַרען. מיר מוזען קומען אין באַריהרונג מיט די טענדענצען פון פאַרשידענע פאַרטייען.

ער איז געווען אומרוהיג. ער האָט זיך געפילט ווי אַרומגע־רינגעלט פון די אַלע פאַסטקעס וואָס ער האָט אונטערגעלייגט פאַר אַנדערע. אפילו זיינע מיטאַרבייטער האָט ער באַטראַכט פאַר שונאים.

דער גראַף מאַרטען האָט געוואָלט, אַז דאָס נייע מיניסטעריום זאָל ענטשפּרעכען די שטרעבונגען פון דעם נייעם גייסט.

— אייער ליסטע איז צוזאַמענגעשטעלט פון פערזענליכקייטען וואָס אונטערשיידען זיך זעהר שאַרף לויט זייער אָפּשטאַמונג און

מיינונגען, האָט ער געזאָגט. עס איז אפשר דער וויכטיגסטער
פאַקט אין דער פּאָליטישער געשיכטע פאַר די לעצטע יאָהרען וואָס
עס איז געוואָרען מעגליך, איך וואָלט זאָגען נויטוועגדיג, אַז די רע־
גירונג פון דער רעפּובליק זאָל זיין אַ געאייניגטע. דאָס זענען אי־
דעען, מיין טייערער גאַרען, וואָס איהר אַליין האָט אויסגעדריקט
מיט אַזאַ זעלטענער באַרעדזאַמקייט.

הערר בערטיע ד'עיזעל האָט געשוויגען.

דער סענאַטאָר לואיע האָט געקייקעלט שטיקלאַך ברויט צווי־
שען זיינע פינגער. דאָס איז ביי איהם געווען נאָך אַן אַלטע גע־
וואוינהייט פון שענק; זיינע געדאַנקען האָבען געאַרבייט אַמבעסטען
ווען ער האָט בעת מעשה געקענט שניידען שטיקלאַך קאָרק אָדער
קנעטען ברויט מיט די פינגער. ער האָט אויפגעהויבען זיין פּנים
וואָס איז געווען באַדעקט מיט שפּרינקלאַך פון וואַנען עס האָט
אַראָפּגעהאַנגען אַ שמוציגע באָרד. מיט בלישטשענדע שאַרפע
אויגען האָט ער אָנגעקוקט גאַרענ'ען:

— איך האָב דאָס געזאָגט און קיינער האָט ניט געוואָלט
גלויבען. די פאַרניכטונג פון דעם מאָנאַרכיסטישען רעכטען
פליגעל אין פּאַרלאַמענט איז געווען אַן אומערזעצליכער
אומגליק פאַר דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי. זיי האָבען
פאַרלוירען אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע וואָס דאָס איז פאַר אַ רע־
גירונג די בעסטע שטיצע. אַלע מאַסרעגלען פון דעם קייזערלייך
זיינען געווען געווענדעט געגען די אָרלעאַניסטען און געגען אונז;
דאָס זעכצעהנטע מאַי מיניסטריום האָט רעגירט געגען די רעפּוב־
ליקאַנער. זייענדיג גליקליכער האָבען מיר רעגירט געגען די רעכטע.
וואָסער טייערע אָפּאָזיציע אָט דער רעכטער פליגעל איז עס געווען!
דראָהענד, אָפּענהערציג, אונמעכטיג, גרויס, עהרליך און ניט־פּאָפּו־
לער. מען האָט איהר געדאַרפט אויפהאַלטען. אָבער מיר האָבען עס
ניט פאַרשטאַנען. בלויז די סאָציאַליסטען קענען אונז געבען אָט
די שטיצע, וואָס דער רעכטער פליגעל האָט אונז געגעבען אין פאַר־
לויף פון פופצעהן יאָהר מיט אַזויפיעל גרויסמוטיגקייט. איצט
אָבער זיינען זיי צו שוואַך. מען דאַרף זיי פאַרשטאַרקען, זיי גרע־
סער מאַכען, מאַכען פון זיי אַ פּאָליטישע פּאַרטיי. אין איצטיגען

מאמענט, איז דאס די ערשטע פליכט וואס אן אינערן מיניסטער דארף דורכפיהרען.

גארען, וואס איז ניט געוועזן קיין ציניקער האט גארניט געענט־פערט.

— ווייסט איהר שוין, גארען—האט געפרעגט גראף מארטען— אויב אלס פרעמיער וועט איהר איבערנעמען די מלוכה־זיגלען, אדער דאס אינערן מיניסטעריום ?

גארען האט געענטפערט, אז זיין באשלוס איז אפהענגיג אן דעם וואס נ*** וועט אויסקלייבען; עס איז נויטיג אז דער לעצ־טער זאל זיך געפינען אין קאבינעט און ער האט זיך נאך געוואַ־קעלט צווישען די צוויי פארטפעלען. וואס איז שייך גארענ'ען איז ער גרייט מקריב צו זיין זיין פערזענליכע באקוועמליכקייט פאר די העכערע אינטערעסען.

דער סענאטאר לואיע האט פארצויגען מיט'ן פנים. ער האט געוואלט די זיגלען. ער האט שוין פון לאנג געהאט א פערלאנג דערצו. אונטער דעם קייזעררייך איז ער געוועזן א יוריספרודענץ רעפעטיטאר, און געגעבען לעקציעס ביי קאפע־טישלאך, וואס האבען אויסגענומען. ער האט געהאט דעם געפיהל פון א דרעהקאפ. אנ־הויבענדיג זיין פאליטישע קאריערע מיט ארטיקלען, וואס זיינען מיט א כיון געשריבען געווארען זיי זאלען איהם אריינפיהרען אין פראצעסען און עטליכע וואכען טורמע, האט ער זייט דעמאלט אנערקענט די פרעסע ווי א וואפען פון דער אפאזיציע, וואס א רע־גירונג דארף זעהן צוברעכען. זייט דעם 4טען סעפטעמבער 1870 האט ער געטרוימט צו ווערען דער זיגעל וועכטער, כדי מען זאל זעהן ווי אזוי אט דער באהעמע, דער אפטער גאסט פון פעלאזשי, אין די צייטען פון באדינגע, דער רעפעטיטאר פון יוריספרודענץ וועלכע האט אמאל אויסגעטייטשט די געזעצען, עסענדיג דערביי זויער־קרויט מיט יויך, זאל קענען ארויפשטייגען צום העכסטען געזעצגע־בענדען אמט.

נאראנים מוצענוויז, האבען זיך ארומגעדרעהט ארום איהם. ער איז אלט געווארען מיט די מיטעלמעסיגע כיבודים פון סענאט; שמוציג, באצויבערט פון א מיידעל וואס ער האט ארויסגענומען פון א שענק, ארים, פויל און אנטוישט, האט אבער זיין אלטער יאקא־

בינישער גייסט און זיין טיעפע פאראכטונג צום פאלק איבערגעלעבט זיינע אמביציעס, און ער איז נאך אלץ פארבליבן א רעגירונגסמענש. דאס מאל, שטעהענדיג אויף גארענ׳ס ליסטע האט ער געגלויבט, אז ער וועט איבערנעמען די יוסטיץ. און זיין בעל הבית, וואס האט עס איהם ניט געגעבן איז איצט פאר איהם געווארען זיין פארביסענער געגנער. ער האט חוזק געמאכט בעת ער האט פון דעם וויכען ברויט אויסגעקנעטען א קליין הינטעלע.

הערר בערטיע ד׳עיזעל, זייענדיג זעהר רוהיג, זעהר ערנסט און זעהר אומעטיג, האט געגלעט זיינע ווייסע וואנצעס און געזאגט:

— דענקט איהר ניט, הערר גארען, אז עס וואלט געווען פאסיג צו געבען א פלאץ אין דעם קאבינעט צו די לייט, וואס האבען גלייך פון דער ערשטער מינוט נאכגעפאלגט דעם וועג פון פאליטיק אין וועלכער מיר אריענטירען זיך היינט?

— אבער זיי האבען זיך פארלוירען אויף דעם וועג, האט אומגעדולדיג געענטפערט גארען. א פאליטיקער דארף ניט לויפען פאראויס די געשעהעניסען. עס איז אן אומרעכט צו האבען רעכט צו פריה. מען קען ניט אנפיהרען קיין געשעפטען מיט קיין דענקער. און א חוץ דעם, לאמיר זיין אויפריכטיג: אויב איהר ווילט א מיניסטעריום פון לינקען צענטער, דאן זאגט עס: וועל איך זיך צוריקציהען. אבער איך ווארן אייך, אז ניט דער פארלאמענט און ניט דאס לאנד וועט זיין מיט אייך.

— עס איז קלאר האט געזאגט דער גראף מארטען, אז מען דארף זיך פארזיכערען מיט א מאיאריטעט.

— מיט מיין ליסטע איז אונזער מאיאריטעט א געזיכערטע, האט געזאגט גארען. אונזערע אפאנענטען זיינען אונטערשטיצט געווארען פון דער מינאריטעט וואס איז אנגעשוואלען געווארען פון די שטימען וואס מיר האבען געוואונען. מיינע העררן, איך אפעליר צו אייער איבערגעבענהייט.

און די שווערע ארבייט פון באשטימען די פארשידענע עמטער האט זיך אנגעפאנגען. דעם גראף מארטען האט מען פארגעשלאגען דעם פארטפעל פון עפענטליכער ארבייט, אבער ער האט זיך אנטזאגט אוים מאנגעל אין קאמפעטענץ, דערנאך האט מען איהם פאר־

געשלאָגען אַלס אויסערן מיניסטער, וואָס ער האָט אָנגענומען אָהן אַן איינווענדונג.

אָבער הערר בערטיע ד'עיזעל, וועמען גארען האָט פאָרגעשלאָגען דעם פאָרטפעל פון קאָמערץ און אינדוסטרי, האָט זיך צוריקגעהאַלטען. לואיען האָט מען איבערגעגעבען דעם קאָלאָניאַל מיניסטעריום. ער האָט אויסגעזעהן צו זיין זעהר פארנומען מיט זיין הינטעלע וואָס ער האָט אויסגעקנאָטען פון ברויט, און זיך שטארק באמיהט, אז עס זאָל קענען שטעהן אויפ'ן טישטוך. בעת מעשה האָט ער מיט א ווינקעל פון זיין קליינעם אויג געקוקט אויף דער גרעפין מארטען, און איהר באוואונדערט. ער האָט זיך שוין געקענט פאָרשטעלען דעם פארגעניגען וואָס ער וועט האָבען איהר ווידער צו זעהן, אין דער צוקונפט, און זיין מיט איהר מעהר אינטים.

איבערלאָזענדיג גארענ'ען, אז ער זאָל זיך אַליין פארטיידיגען, האָט ער זיך בעסער פארנומען מיט אָט דער שעהנער פרוי, זוכענדיג אויסצוגעפינען איהר געשמאַק און איהרע געוואוינהייטען; ער האָט איהר געפרעגט אויב זי האָט ליעב טעאַטער און אויב זי פּלעגט ווען עס איז, אין אָוונד, געהן אין דער קאפּע מיט איהר מאַן. און טערעזא האָט אָנגעהויבען איינצוזעהן אז ער מיט זיין אויסגעצייכנעטען ציניזם ניט קוקענדיג וואָס ער איז געווען שמוציג און וואָס ער וויים גאָרניט פון דער וועלט, איז אינטערעסאַנטער ווי אַנדערע.

גארען האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט נאָך געדאַרפט זעהן נ***, נ*** און נ***, איידער ער געהט זעהן דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. דער גראף מארטען האָט איהם פאָרגעשלאָגען זיין קארעטע, אָבער גארען האָט געהאַט זיין אייגענע.

— גלויבט איהר ניט, האָט געפרעגט הערר מארטען, אז דער פּרעזידענט זאָל האָבען עטוואָס אַן איינווענדונג געגען עטליכע נעמען ?

— דער פרעזידענט, האָט גארען געענטפערט, וועט האָבען איינזעהן וועגען דער נויטווענדיגקייט פון דעם מאָמענט.

ער איז שוין געווען באַלד ארויס פון צימער, ווי ער איז פּלוצלינג צוריקגעקומען און זיך געגעבען א קלאַפּ אין שטערן:

— מיר האָבען פארגעסען דעם קריעגס־מיניסטעריום!

— איהר וועט לייכט געפינען איינעם צווישען די גענעראַלען, האָט געזאָגט דער גראַף מאַרטען.

— אָ, האָט אויסגעשריען גאַרען, איהר גלויבט, אַז אויסצוקלייבען אַ קריעגס־מיניסטער איז אַזאַ לייכטע זאַך? עס איז לייכט צו זעהן, אַז איהר האָט ניט אַנטייל גענומען, פּונקט ווי איך, אין דריי קאַבינעטען און געווען פּרעמיער. אין מיינע מיניסטעריום'ס, און אין דער צייט וואָס איך בין געווען פּרעמיער, זיינען די גרעסטע שוועריקייטען געווען ביים אויסקלייבען אַ קריעגס־מיניסטער. די גענעראַלען זיינען אַלע דיזעלבע. איהר קענט דאָך דעם, וועמען איך האָב אויסגעקליבען אין מיין קאַבינעט, בעת איך האָב איהם צוזאַמענגעשטעלט. ער האָט ניט געוואוסט קיין שום זאַך פון וואָס צו זאָגען. ער האָט קוים געוואוסט אַז עס איז דאָ אונטערשטע און אויבערשטע געזעצגעבענדע אַנשטאַלטען. מען האָט איהם געדאַרפט ערקלערען וועגען דעם גאַנצען מעכאַניזם פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַרבייט; איהם דערצעהלען, אַז עס איז פאַראַן אַן אַרמעע קאָמיסיע, אַ פינאַנץ־קאָמיסיע, אונטער קאָמיסיעס, באַריכט אָפּגעבער און דעבאַטען וועגען ביודזשעט. ער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל איהם אויפשרייבען אָט די אַלע זאַכען אויף אַ קליין שטיקעל פּאַפּיר. זיין אומוויסענהייט וועגען מענשען און זאַכען האָט אויף אונז אָנגעוואָרפען אַ מורא. אָבער אין פאַרלויף פון פופצעהן טאָג האָט ער געוואוסט וועגען אַלע פאַרפּלאָנטערטסטע זאַכען פון זיין מלאכה, ער האָט געקענט פערזענליך אַלע סענאַטאָרען און אַלע דעפּוטאַטען און ע' האָט מיט זיי אינטריגירט געגען אונז. אָהן דער הילף פון פּרעזידענט גרעווי, וואָס האָט ניט געהאַט קיין צוטרוי צו מיליטער לייט, וואָלט ער אונז בייגעקומען. און דאָס איז געווען אַ גאַנץ געוועהנליכער גענעראַל, אַ גענעראַל ווי אַלע אַנדערע. אָ, ניין, איהר דאַרפט ניט גלויבען, אַז דעם פּאָרטפעל פון קריעגס־מיניסטעריום קען מען איבערגעבען אין איילעניש, אָהן איבערלייגונג...

און גאַרען, זיך דערמאָנענדיג אָן זיין אַלטען קאָלעגאַ פון בולוואַר־סען־זשערמען האָט נאָך איצט אַ ציטער געטאָן. ער איז אַרויס.

טערעזאַ האָט זיך אויפגעהויבען. דער סענאַטאָר לואַיע האָט

איהר פאַרגעשלאָגען דעם אָרעם, מיט יענער עלעגאַנטער פּאַרנוי־
גונג וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט מיט פּערציג יאָהר צוריק אין
בוליע. זי האָט איבערגעלאָזען די פּאָליטיקער אין סאַלאָן. זי האָט
זיך געאײלט צו טרעפען דעשארט׳ן.

---

די סעין, די שטיינערנע וואַסער ברעגען און די פּלאַטאַנען
בוימער מיט זייערע גאָלדענע בלעטער זיינען געווען איינגעהילט
אין אַ געלבליך־ברוינעם נעבעל. איבער אַ פּאַרוואָלקענטען הימעל
האָט די רויטע זון געוואָרפען די לעצטע גלאָריען פון יאָהר. טערעזאַ,
אַרויסגעהענדיג פון הויז, האָט איינגעזאַפּט אין זיך די שטאַרקע
פרישע לופט פון דעם שטאַרבענדען גלאַנץ פון טאָג. זייט זי האָט
זיך צוריקגעקעהרט נאָך פּאַריז איז זי געווען אַזוי גליקליך, אַז יעדען
אין דערפריה האָט זי זיך געפרעהט מיט דעם נייעם וועטער. אין
איהר גרויסמוטיגען ענטאַזיזם האָט זיך איהר אויסגעדוכט אַז דער
ווינד וואָס האָט געבלאָזען דורך די אַרומגעריסענע בוימער, אָדער די
גראָהקייט פון דעם דינעם רעגען אויפ׳ן האָריזאָנט פון די ברייטע
גאַסען, אָדער די זון וואָס האָט געשלעפּט איהר אָפּגעקיהלטען קער־
פּער איבערן הימעל — אַז דאָס אַלץ איז געווען בלויז פאַר איהר
כדי זי זאָל קענען זאָגען, ווען זי קומט אריין אין דעם קליינעם
הייזעל פון טערן קווארטאל: „עס איז אַ ווינד, עס רעגענט, עס
איז אַ טייערער טאָג“, און דערמיט אריינברענגען די אויסערליכע
וועלט אין דער אינטימקייט פון זייער ליעבע. און יעדער פריה־
מאָרגען איז שעהן געווען פאַר איהר, ווייל ער האָט זי געבראַכט אין
די אָרעמס פון איהר געליעבטען.

בעת זי איז געגאַנגען דעם טאָג, ווי אַלע אַנדערע טעג, צום
קליינעם געסעל פון טערן, האָט זי געטראַכט וועגען איהר אומער־
וואַרטעטען גליק, וואָס איז געווען אַזוי פולשטענדיג און זי האָט זיך
געפיהלט אַזוי זיכער. זי איז געגאַנגען אין דעם לעצטען גלאַנץ פון
דער זון, וואָס איז שוין געווען באַריהרט פון ווינטער, און האָט צו
זיך געזאָגט! „ער ליעבט מיך, איך גלויב, אַז ער ליעבט מיך מיט׳ן
גאַנצען האַרץ. פאַר איהם איז ליעבען לייכטער און נאַטירליכער
ווי פאַר אַנדערע מענער. זיי האָבען אין לעבען אידעען, וועל־
כע זיינען העכער פאַר זיי גופא, אַ גלויבען, גוואוינהייטען, אינטע־

רעסען. זיי גלויבען אין גאָט אָדער אין פליכטען אָדער אין זיך אַליין. ער אָבער גלויבט בלויז אין מיר. איך בין זיין גאָט, זיין פליכט און זיין לעבען".

דערנאָך האָט זי געטראַכט:

„עס איז אויך אמת, אַז ער נויטיגט זיך אין קיינעם ניט, אפילו ניט אין מיר. זיינע געדאַנקען, דאָס איז אַ גלענצענדע וועלט פאַר זיך, וואו ער וואָלט לייכט געקענט לעבען. אָבער איך, איך קען ניט לעבען אָהן איהם. וואָס וועט פון מיר ווערען, אויב איך וועל איהם מעהר ניט האָבען?"

זי איז געווען רוהיג טראַכטענדיג וועגען זיין ליידענשאַפטליכער באַוואונדערונג פון איהר, און דעם צויבער וואָס זי האָט אויף איהם אַרויפגעוואָרפען.

זי דערמאָנט זיך וואָס זי האָט אַמאָל צו איהם געזאָגט: „דו ליעבסט מיך בלויז מיט די געפיהלען; איך באַקלאָג זיך ניט, אפשר איז דאָס די איינציגע אמת'ע ליעבע". און ער האָט געענטפערט: „עס איז די איינציגע ליעבע וואָס איז גרויס און שטאַרק. זי האָט איהר מאָס און איהרע וואפען. זי איז פול מיט געפיהל און איינביל־דונגס־קראַפט. זי איז שטורמיש און געהיימניספול. איהר ציעל איז דער קערפּער. דאָס איבעריגע איז בלויז אַ ליגען און אַן איינרע־דעניש." זי איז געווען כמעט רוהיג אין איהר פרייד. פאַרדאַכט און אנגסט זיינען פאַרשוואונדען ווי וואָלקען פון אַ זומער־שטורעם. די ערגסטע צייט איז פאַר זיי געווען, ווען זיי זיינען געווען צושיידט איינער פון דעם אַנדערן. מען דאַרף זיך קיינמאָל ניט פאַרלאָזען ווען מען ליעבט זיך.

ביים ווינקעל גאַס פון אוועני מאַרסאָ און רי גאַלילע האָט זי מעהר געטראָפען ווי דערקענט אַ שאָטען פון אַ פיגור וואָס זי האָט געהאַט פאַרגעסען, און וואָס איז דורכגעגאַנגען נאָהענט צו איהר. זי האָט געגלויבט, און זי האָט געוואָלט גלויבען, אַז זי האָט אַ טעות געהאַט. איהם, וועמען זי האָט געגלויבט, אַז זי האָט געזעהן, האָט שוין מעהר ניט עקזיסטירט, האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט. ער איז געווען אַ פאַנטאַם וואָס איז געהאַלטען געוואָרען אין גיהנום פון אַן אַמאָליגער וועלט, אין דער פינסטערקייט פון אַן אויסגעטראַכטען לעבען. און זי איז ווייטער געגאַנגען, אָבער די אומבאַשטימטע באַגעגעניש האָט

אין איהר געלאָזען אַ קאַלטקייט, אַ ניט־זיכערע פאַרלעגענהייט, און אַ האַרץ־דריקעניש.

ווי זי איז אַרויף אויף דער ברייטער גאַס האָט זי געזעהן ווי די צייטונגס־פאַרקויפער קומען צו איהר, אַרויסשטעלענדיג די אָוונד־צייטונגען מיט גרויסע אויפשריפטען, מעלדענדיג וועגען דעם נייעם מיניסטעריום.

זי איז אַריבער דעם פּלאַס דע ל'עטואַל, געהענדיג מיט שנעלע טריט צוליעב דער גליקליכער אומגעדולד פון איהרע פאַרלאַנגען. אין איהר פאָרשטעלונג האָט זי געזעהן זשאַק'ן ווי ער וואַרט אויף איהר אונטען ביי די טרעפּ, צווישען די נאַקעטע פיגורען פון מאַרמאָר און בראָנז. ווי ער נעהמט איהר אין זיינע אָרעמס און טראָגט איהר, זיי־ענדיג שוין אויסגעמאַטערט און ציטערענדיג פון די קושען, צו יענעם שאָטענדיגען און ענטציקענדען צימער וואו די פרייד פון לעבען האָט איהר געמאַכט אָן לעבען פאַרגעסען.

אָבער אין דער איינזאַמער אַוועני מאַק־מאַהאָן האָט דער שאָ־טען, וואָס זי האָט שוין געזעהן אין ווינקעל פון רי גאַלילע, זיך דער־נעהנטערט און זיך באַוויזען נאָהענט פון איהר מיט אַ לעבעדיגער און פיינליכער פינקטליכקייט. זי האָט דערקענט ראָבערט לע מע־ניל'ן, וועלכער איז איהר נאָכגעגאַנגען פון קע־דע־בילי, און איצט איהר אָפּגעשטעלט אין דעם שטילסטען און רוהיגסטען פּלאַץ.

זיין אויסזעהן, זיין האַלטונג האָט אָנגעצייגט אויף יענער דורכ־זיכטיגער נשמה, וואָס איז טערעזאַ'ן אַמאָל געפעלען געוואָרען. זיין געזיכט, וואָס איז פון דער נאַטור אויס האַרט, פאַרברוינט פון ים און פון זון, אַ ביסעל פלאַך, זעהר רוהיג, האָט געהאַט סמנים פון טיפע ליידען.

— איך מוז צו אייך ריידען.

זי האָט פאַרקלענערט איהרע טריט. ער איז געגאַנגען ביי איהר זייט.

— איך האָב פּרובירט אייך פאַרגעסען. נאָך דעם אַלעם וואָס עס איז געשעהן, ווען איהר דאָך צוגעבען, אַז דאָס איז געווען זעהר נאַטירליך. איך האָב געטאָן אַלץ אין דער וועלט דערצו. גע־ווים וואָלט געווען בעסער אייך צו פאַרגעסען. אָבער איך האָב ניט

געקאָנט. דאַן האָב איך געקויפט אַ יאַכט. זעקס מאָנאַטען בין איך אַרומגעפאָהרען אויפ'ן ים. אפשר ווייסט איהר דערפון?

זי האָט געגעבען אַ צייכען, אַז זי ווייס.

ער האָט פאָרטגעזעצט:

— די „ראָוזבאָד", אַ שעהנע שיף פון אכציג טאָן. איך האָב געהאַט אַ מאַנשאַפט פון זעקס פערזאָן. איך האָב געאַרבייט צוזאַמען מיט זיי. דאָס איז געווען אַ צושטרייאונג.

ער איז שטיל געוואָרען. זי איז געגאַנגען לאַנגזאַם, טרויעריג, און באַזונדערס — געלאַנגווייליגט. עס איז פאַר איהר געווען אַן אויסערגעוועהנליכער אבסורד און פיינליך זיך צוצוהערען צו אַזעלכע זאַנדערבאַרע רייד.

ער האָט פאָרטגעזעצט:

— וואָס איך האָב געליטען אויף אָט דער שיף, וואָלט איך זיך געשעהמט אייך צו דערצעהלען.

זי האָט געפיהלט, אַז ער האָט געזאָגט דעם אמת און זי האָט אָפּגעדרעהט דעם קאָפּ.

— אַ, איך פאַרגיב אייך; זייענדיג אליין האָב איך פיעל נאָכגעקלערט. איך האָב פאַרבראַכט טעג און נעכט ליגענדיג אויפ'ן דיוואַן פון דעק-הויז; און איך האָב נאָכאמאָל זיך צוריקגעקערט צו דיזעלבע געדאַנקען. איך האָב געדענקט אין די זעקס מאָנאַטען מעהר ווי איך האָב עס געטאָן אין פאַרלויף פון מיין גאַנצען לעבען. לאַכט נים. קיין שום זאַך קאָן ניט עפענען איינעמס אויגען ווי דער וועהטאָג. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אויב איך האָב אייך פאַרלאָרען איז דאָס געווען מיין אייגענע שולד. איך האָב געדאַרפט פאַרשטעהן ווי אַזוי אייך אויפצוהאַלטען. און ליגענדיג אויסגעצויגען אין דער גאַנצער לייננג, בעת די „ראָוזבאָד" האָט זיך געשוימט אויפ'ן ים, האָב איך צו מיר געזאָגט: „איך האָב ניט געוואוסט ווי אַזוי. אַ, ווען איך וואָלט געקאָנט ווידער אמאָל אָנפאַנגען!" צוליב דעם דענקען און דעם ליידען האָב איך אָנגעהויבען פאַרשטעהן; איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך האָב זיך ניט געוואָג איינגעלעבט אין אייער געשמאַק און אין אייערע אידעען. איהר זייט אַ העכערע פרוי, און איך האָב דאָס ניט באַמערקט, ווייל איך האָב אייך ניט געליעבט צוליב

דעם. אומבאוואוסטזיניג האָב איך אייך פאַרוואונדעט און אויפ־גערעגט.

זי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. ער האָט ווייטער געזאָגט:

— יאָ, יאָ, איך האָב אייך אָפּט פאַרוואונדעט. איך האָב ניט געהאַט געגנוג איינזעהן מיט אייער געפיהלפולען טעמפעראַמענט. עס זיינען געווען מיספאַרשטענדנישען צווישען אונז. דאָס קומט דערפון, וואָס מיר האָבען ניט געהאַט דיזעלבע נאַטור. און אַ־חוץ דעם האָב איך ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אייך צו אונטערהאַלטען. איך האָב ניט געפונען יענע פאַרוויילונגען וואָס איהר האָט געדאַרפט, איך האָב אייך ניט פאַרשאַפט יענעם סאָרט פאַרגעניגען וואָס פּאַסט זיך פאַר אַזאַ אינטעליגענטע פרוי ווי איהר זייט.

ער איז געווען אַזוי איינפאַך און אמת'דיג אין זיין באַדויערן און אין זיין וועהטאָג, אַז ער האָט אויסגעקוקט סימפּאַטיש. זי האָט איהם זאַנפט געזאָגט:

— מיין פריינד, איך האָב זיך ניט וואָס צו באַקלאָגען קעגען אייך.

ער האָט פאָרטגעזעצט:

— דאָס אַלץ וואָס איך זאָג אייך דאָ איז אמת. איך האָב עס פאַרשטאַנען, זייענדיג איינגאַנצען אַליין אויף מיין שיף. איך האָב דאָרט פאַרבראַכט אַזעלכע שטונדען וואָס איך וואָלט עס ניט גע־וואונשען אַ מענשען, וואָס האָט מיר פאַראורזאַכט די ערגסטע ליי־דען. אַ סך מאָל האָב איך מיך געוואָלט וואַרפען אין וואַסער אַריין. איך האָב עס אָבער ניט געטאָן. איז דאָס געווען צוליב מיינע רע־ליגיעזע פּרינציפּען, צוליב מיינע פאַמיליען געפיהלען, אָדער ווייל איך האָב ניט געהאַט דעם מוט? איך ווייס ניט. אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס כאָטש זייענדיג ווייט, האָט איהר מיך אָנגע־האַלטען ביים לעבען. עס האָט מיך געצויגען צו אייך, און דערפאַר בין איך איצט דאָ. שוין צוויי טאָג ווי איך היט אייך אָפּ. איך האָב ניט געוואָלט קומען צו אייך אין הויז. איך וואָלט אייך ניט געווען געפונען אַליין און איך וואָלט ניט קענען מיט אייך רעדען. און אַ חוץ דעם וואָלט איהר דאָך געווען געצוואונגען מיך אויפצונע־מען. איך האָב בעסער אויסגעקליבען צו רעדען מיט אייך אויף דער גאַס. דאָס איז מיר אויך איינגעפאַלען זייענדיג אויפ'ן שיף. איך

האָב צו מיר געזאָגט: „אויף דער גאַס, אויב זי וועט ניט וועלען וועט זי מיך ניט אויסהערען, ווי מיט פיער יאָהר צוריק אין פּאַרק פון זשואַנוויל", איהר גערענקט, אונטער די סטאַטוען, נעבען דער קרוין.

און ער האָט ווידער גערעדט מיט אַ טיעפען זיפץ:

— יאָ, ווי אין זשאַנוויל, ווייל מען דאַרף אַלץ אויפ'ס ניי אָנהויבען. שוין צוויי טאָג ווי איך היט אייך אָפּ. נעכטען האָט גערעגענט: איהר זענט געפאָהרען אין אַ קאַרעטע. איך וואָלט אייך געקענט נאָכפאָלגען, וויסען וואוהין איהר געהט. איך האָב דאָס זעהר געוואָלט. איך האָב עס אָבער ניט געטאָן. איך וויל ניט טאָן קיין שום זאַך וואָס זאָל אייך ניט געפעלען ווערען.

זי האָט איהם דערלאַנגט די האַנט.

— איך דאַנק אייך. איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל ניט באַדויערען וואָס איך האָב אייך געשאָנקען מיין פאַרטרויען.

אָנגעשראָקען, אומרוהיג און נערוועז, האָבענדיג מורא פאַר דעם וואָס ער איז געגאַנגען זאָגען, האָט זי געוואָלט אונטערברעכען און איהם פאַרלאָזען.

— זייט געזונד! איהר האָט פאַר זיך נאָך אַ גאַנצען לעבען. איהר זענט גליקליך. איהר דאַרפט דאָס וויסען און זיך ניט מאַטערן פאַר אַ זאַך, וואָס עס לוינט זיך גאַרניט.

אָבער ער האָט איהר אָפּגעשטעלט מיט אַ בליק. זיין געזיכט איז געוואָרען אַזוי שטורמיש און ענטשלאָסען, ווי זי האָט עס שוין פון לאַנג געוואוסט.

— איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך מוז צו אייך עפּעס רעדען. הערט מיך אוים אויף אַ מינוט.

זי האָט געטראַכט וועגען זשאַק'ן וועלכער האָט איהר שוין ערוואַרטעט.

די געצעהלטע פאַרבייגעהער האָבען זיי אָנגעקוקט און זיך געגאַנגען זייער וועג. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אונטער די שוואַרצע צווייגען פון אַ יודאַס-בוים און געוואַרט מיט רחמנות און מורא אין איהר נשמה.

ער האָט איהר געזאָגט.

— זעהט איהר, איך פאַרגיב אייך און איך פאַרגעס אַלץ.

נעמט מיך צוריק. איך פארשפרעך אייך קיינמאל ניט מעהר אי־בערצורעדען א ווארט וועגען דער פארגאנגענהייט.

זי האט אויפגעציטערט און ארויסגעוויזען מיט א באוועגונג אזא איבערראשונג און פארצווייפלונג, אז ער האט זיך אפגעשטעלט.

דערנאך, נאך א מאמענט פון איבערלעגונג, האט ער געזאגט:

— דאס וואס איך שלאג אייך פאר איז ניט קיין געוועהנליכע זאך, איך וויים דאס גאנץ גוט. דאס איז די איינציג מעגליכע זאך. דענקט נאך, טערעזא, און ענטפערט מיר ניט גלייך.

— איך וואלט באגאנגען א פעהלער אייך אפצונארען. איך קען ניט, איך וויל ניט טאן דאס וואס איהר ווילט; און איהר ווייסט פארוואס.

א קארעטע איז לאנגזאם דורכגעפאהרען נעבען זיי. זי האט גע־געבען צום פורמאן א צייכען אז ער זאל זיך אפשטעלען. ער האט איהר נאך אפגעהאלטען פאר א מאמענט.

— איך האב פאראויס געוואוסט, אז איהר וועט מיר ניט זא־גען. און דערפאר זאג איך אייך: ענטפערט מיר ניט גלייך.

האלטענדיג די האנט אויף דעם טירעל פון דער קארעטע, האט זי געווארפען אויף איהם א בליק מיט איהרע גראהע אויגען.

עס איז פאר איהם געווען אן אנגעוועהטאגטער מאמענט. ער האט זיך דערמאנט אן דער צייט, ווען ער האט געזעהן איהרע צערט־ליך גראהע אויגען אונטער האלב פארמאכטע אויגען הייטלאך. ער האט ארויסגעלאזען א זיפץ און געמורמעלט מיט א פארשטיקטען קול:

— הערט, איך קען ניט לעבען אהן אייך; איך ליעב אייך. ערשט איצט ליעב איך אייך. פריהער האב איך עס ניט געוואוסט.

און בעת זי האט ארויסגערעדט ווי אין דער וועלט אריין אן אדרעס פון א מאדיסטקע, האט ער זיך דערווייטערט מיט א לייכטען און שנעלען שריט, וואס איז היינט געווען ניט אזוי פעסט ווי גע־וועהנליך.

די באגעגעניש האט אין איהר ארויסגערופען א שלעכטען גע־פיהל און אן אומרוהיגקייט. אויב שוין איהם זעהן נאכאמאל וואלט זי בעסער וועלען ער זאל זיין שטורמיש און ברוטאל, ווי אין פלא־רענץ.

ביים ווינקעל פון דער ברייטער גאַס, האָט זי הויך אויסגעשריען צום פורמאַן:

— רי דימור, אין טערן־קוואַרטאַל.

## XXXII.

דאָס איז געווען אַ פרייטאָג אין דער אָפּערא. דער פאָרהאַנג האָט זיך פונקט אראָפּגעלאָזען אויף דעם לאַבאָראַטאָריום פון פאוסט. די אָרקעסטער פלעצער זיינען געווען אין באַוועגונג; אָפּעראַ־גלעזער זיינען געווען אין פולער ארבייט אויסקוקענדיג אין אלע ריכטונגען דעם פורפור אין גאָלדענעם זאַאַל, הינטער די ליכט וואָס זיינען געווען גאַנץ אויבען, ביי דער אומענדליכקייט פון דאַך. ווי טייערע שטיינער אין זייערע שאַכטעלאך האָבען פון די טונקעלע לאָזשען ארויסגעגלאַנצט די באַצירטע קעפּ פון די פרויען מיט זייערע נאַקעטע שולטערן. דער אַמפיטעאַטער האָט געהאָנגען איבער׳ן פאַרטער ווי אַ לאַנגע גירלאַנדע פון דימענטען, בלומען, וואונדערשעהנע האָר, בלענדענדע העלזער און שולטערן, גאַזע און אַטלאַס. אין דער פאָדערשטער רייהע פון אָרקעסטער האָט מען געקענט זעהן די פרוי פון עסטרייכישען אַמבאַסאַדאָר און די הערצאָגין פון גלאַדווין; אין אַמפיטעאַטער זיינען געזעסען בערטאַ ד׳איזיני און דזשיין טול, וואָס איז געווען באַריהמט צוליב דעם זעלבסט מאָרד פון איהר געליעבטען מיט אַ טאָג פריהער; אין די לאָזשען זיינען געווען מאַדאַם בערא דע לאַמאַל, מיט אראָפּגעלאָזענע אויגען, וועמענס לאַנגע אויגענברעמען האָבען פאַרשאָטענט איהרע ריינע באַקען; פרינצעסין סעניאַווין וואָס האָט אויסגעקוקט דערהויבען, פאַרשטעלענדיג איהר מויל מיט׳ן פאָכער בעת זי האָט געגעניצט. מאַדאַם דע מאָרלען, וואָס איז געזעסען צווישען צוויי יונג פאַרהייראַטע פרויען, וועמען זי האָט געלערנט די קונסט פון צו זיין גייסטרייך קלוג; מאַדאַם מעיאַן, וואָס איז געווען פאַרזיכערט מיט אַ דרייסיג־יעהריגער אומפאַרגלייכליכער שענהייט; מאַדאַם בערטיע ד׳עיזעל וואָס האָט זיך געהאַלטען שטייף, מיט איהרע אייזען־גראָהע האָר וואָס זיינען געווען באַלאָדען מיט דימענטען. איהר מיאוסער פנים האָט נאָך מעהר פאַרשטאַרקט די שטרענגע פאָרנעהמליכקייט

פון איהר האלטונג. יעדער איינער האט אויף איהר געקוקט. דעמזועלבען אין דער פריה איז געוועז געמעלדעט, אז נאך גארענ'ס דורכפאל האט הערר בערטיע ד'עיזעל זיך אונ־טערגענומען צוזאמען צושטעלען א קאבינעט. זיין ארבייט איז שוין כמעט געוועז פארפאלשטענדיגט. די ליסטע פון די מיניסטארען זיינען שוין געוועז אין די צייטונגען; דארט איז אויך געוועז איינגעשלאסען מארטען־בעלעם אלס פינאנץ מיניסטער. און אומזיסט זיינען די אפערא גלעזער געוועז אנגעשטעלט אויף דער לאזשע פון דער גרעפין; די לאזשע איז נאך אלץ געוועז ליידיג.

א גרויסע מורמלעריי פון שטימען האט אנגעפילט דעם זאאל. אין דער דריטער רייהע פון די ארקעסטער פלעצער איז גענעראל לאריוויער געשטאנען אין זיין געוועהנליכען פלאץ און גערעדט מיט גענעראל דע לאבריש.

— איך וועל גאר אין קורצען טאן פונקט ווי דו, מיין אלטער קאמעראד, און זיך צוריקציהען צו פלאנצען קרויט אין טורען.

ער האט זיך דעמאלט געפונען אין איינער פון יענע מעלאנכא־לישע שטימונגען, ווען די פארניכטונג האט פאר איהם אויסגעזעהן ווי א נויטיגע פאלגע צו דער שנעל דערנעהנטערענדער ענדע פון לעבען. ער האט גע'חנפ'ט גארענ'ען, און גארען, האלטענדיג איהם פאר צו קלוג, האט ער איהם דורכגעלאזען און באשטימט אלס קריעגס־מיניסטער א קורצזיכטיגען, פאנטאסטישען ארטילעריע גע־נעראל. איצט אבער, האט לאריווער געפיהלט א באפרידיגונג וואס גארען איז דורכגעפאלען, פארראטען פון זיינע פריינד בערטיע ד' עיזעל און מארטען בעלעם. די ברעמען פון זיינע קליינע אויגעלאך האבען זיך באוואויגען פון געלעכטער. ער האט געלאכט בלויז אין פראפיל; זייענדיג מיעד פון א לעבען וואס איז איינגאנצען דורכגע־גאנגען אין צבעות, האט ער זיך פלוצלינג ערלויבט די פרייד און שעהנהייט אויסצודריקען זיינע געדאנקען:

זעהסטו, מיין טייערער לא בריש, זיי זיינען ווירקליך, נארישע מיט זייער ציווילער ארמיי וואס קאסט אזוי טייער און איז גארניט ווערט. די איינציג גוטע ארמעען זיינען די קליינע. דאס איז אויך געוועז די מיינונג פון נאפאלעאנען, און ער האט דאך יא געוואוסט.

— דאס איז אמת, טאקי אמת, האט אפגעזיפצט דער גענעראל

לאַ בריש, וואָס איז געווען געריהרט מיט טרעהרען אין די אויגען.

מאָנטעסי איז אַריבערגעגאַנגען דורך זיי צו זיין פּאָטעל, לאַריי־וויער האָט איהם אויסגעשטרעקט די האַנט.

— מען זאָגט, אַז איהר, מאָנטעסי, האָט געברענגט צו גאַרען׳ס דורכפאַל. איך גראַטוליר אייך.

מאָנטעסי האָט פּראָטעסטירט זאָגענדיג, אַז ער מישט זיך ניט אין פּאָליטיק. ניט ער איז אַ סענאַטאָר, ניט קיין דעפּוטאַט און אפילו ניט קיין מיטגליד פון גענעראַל ראַט פון אואז. און קוקענדיג מיט זיינע אָפּערא גלעזער איבער דעם טעאַטער, האָט ער געזאָגט:

— זעהט נאָר, לאַריוויער, אין אָט דער לאָזשע, אויף רעכטס, איז דאָ אַ זעהר שעהנע ברונעטע פרוי, מיט די האָר פלאַך פאַרקעמט ביז צו די באַקען.

און ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין פּלאַץ, רוהיג, מיט דעם פאַרגעניגען פון איינעם וואָס איז באַוואוסטזיניג וועגען זיין מאַכט.

דערווייל זיינען די נעמען פון די נייע מיניסטאָרען געגאַנגען פון מויל צו מויל אין די רויכער צימערן, אין די אַרומיגע קאָרידאָרען און אין טעאַטער גופא מיט אַ פוילער גלייכגילטיגקייט: פּרעמיער און מיניסטער פון אינערן בערטיע ד׳ עיזעל; קולטוס און יוסטיץ מיניסטער לואיע; פינאַנץ מיניסטער, מארטען בעלעם. מען האָט זיי אַלעמען געקענט, אַ חוץ די מיניסטאָרען פאַר האַנדעל, קריעג און פלאָטע, וואָס זיינען נאָך ניט געווען באַשטימט.

דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען אויף דעם קאַבאַרעט פון גאָט באַקכוס. די סטודענטען האָבען געזונגען זייער צווייטען כאָר בעת מאַדאַם מארטען האָט זיך באַוויזען אין איהר לאָזשע, די האָר פאַרקעמט אין דער הויך; די אַרבעל פון ווייסען קלייד האָבען אויסגעזעהן ווי פליגעל און אויף דער לינקער זייט פון דער ברוסט, ביי דער זייט פון קאָרסעט, האָט אַרויסגעשיינט אַ גרויסע טיעף רויטע ליליע.

מיסס בעל האָט זיך געזעצט נעבען איהר אין אַ „קווין אַן" קלייד פון גרינעם סאַמעט. זייענדיג אַ כלה צום פּרינץ עאוזעביאַ אַלבערטינעלי דעללאַ ספּינאַ, איז זי געקומען נאָך פּאַריז צו מאַכען איהרע חתונה קליידער.

אין דעם גערויש און באוועגונג פון דעם המון אויף דער ביהנע האָט זי געזאָגט.

— דארלינג, איהר האָט איבערגעלאָזען אין פלאָרענץ א פריינד וואָס היט זאָרגפעלטיג אָפּ דעם רייץ פון אייער אנדענקען. דאָס איז דער פּראָפעסאָר אריגי. ער זאָגט אויף אייך דאָס וואָס ביי איהם איז אנערקענט אלס דער העכסטער לויב: ער זאָגט, אז איהר זייט א מוזיקאַליש באשעפעניש. אָבער ווי אזוי קען דען פּראָפעסאָר אריגי פארגעסען, ווען אפילו די בעזים בושען אין גאָרטען דערמאָנען אָן אייך? זייערע נאַקעטע צווייגעלאַך טרויערן אויף אייער אָפּוועזענהייט. אָ, זיי בײנקען נאָך אייך, דארלינג!

— זאָגט זיי, האָט געזאָגט טערעזא, אז איך האָב מיטגענומען פון פיזעאָל א צערטליכען אנדענקען וואָס איז פאַר מיר דאָס גאַנצע לעבען.

אין דעם הינטער גרונד פון דער לאָזשע האָט הערר מארטען בעלעם, אין א שטילע שטימע ערקלעהרט זיינע אָנזיכטען צו זשאָזעף שפּרינגער און דיוואוויקע. ער האָט געזאָגט: „פראַנקרייך'ס קרעדיט איז דער בעסטער אין דער וועלט". ער האָט אויך געזאָגט: „מען דאַרף אָפּצאָהלען אונזער חוב מיט אונזער איבערפלוס און ניט דורך נייע שטייערן". ער איז געווען גענייגט צו זיין פאָרזיכטיג וואָס ס'איז שייך פינאַנצען.

און מיסס בעל האָט ווייטער געזאָגט:

— איך וועל דערצעהלען די בעזים־בושען פון פיזעאָל, אז איהר בײנקט נאָך זיי, דארלינג, אז איהר וועט באלד צוריקקומען צו זיי אויפ'ן בערגעל. אָבער איך וויל אייך פרעגען: באגעגענט איהר אָפט דעם הערר דעשארט אין פאַריז? איך וואָלט אזוי שטארק וועלען איהם נאָכאמאָל זעהן. איך האָב איהם ליעב ווייל ער האָט א צערטליכע נשמה; א דארלינג, די נשמה פון הערר דעשארט איז פול מיט חן און עלעגאַנץ.

טערעזא האָט געענטפערט, אז הערר דעשארט געפינט זיך אָהן צווייפעל אין טעאַטער, און אז ער וועט געוויס קומען באגריסען מיסס בעל.

דער פאָרהאַנג איז אַראָפּגעפאַלען אין מיטען וואַלץ, אין דעם ים פון טויזענד קאָלירען. די צושויער האָבען זיך געשטופּט אין

די קולוארען : פינאַנצירען, קינסטלער, דעפּוטאַטען האָבען אין איין מינוט אָנגעפילט אַ קליינעם סאַלאָן, וואָס נעבען דער לאָזשע. זיי האָבען אַרומגערינגעלט דעם הערר מאַרטען־בעלעם, ארויסגעמורמעלט גליק־ווינשונגגען, האָבען זיך פאַרנייגט איינער איבער דעם אַנדערנס קאָפּ און זיך שיעור איינעם דעם אַנדערן דערשטיקט אין זייער אָנשטרענגונג איהם צו דריקען די האַנט. זשאָזעף שמאָל, הוסטענדיג און קלאָגענדיג, זייענדיג בלינד און טויב, האָט ער מיט פּראַכטונג זיך דורכגעשטופּט אַ וועג דורכ׳ן עולם ביז ער איז געקומען צו מאַדאַם מאַרטען. ער האָט גענומען איהר האַנט, שווער געאַטעמט אויף איהר און איהר באַדעקט מיט קלינגענדע קושען.

מען זאָגט, אַז אייער מאַן איז באַשטימט געוואָרען אַלס מיניסטער, איז דאָס אמת ?

זי האָט געוואוסט, אַז מען האָט אזוי געזאָגט, אָבער זי האָט ניט געגלויבט, אַז עס זאָל שוין זיין אַ באַשלאָסענע זאַך. איבריגענס איז דאָך איהר מאַן דאָ פאַראַן. און מען קען איהם דאָך אַ פרעג טאָן.

אָנכאַפּענדיג זיך שטענדיג אָן דעם בוכשטעבליכען אמת, האָט ער געזאָגט :

— אַ, אייער מאַן איז נאָך ניט קיין מיניסטער ? ווען ער וועט שוין זיי נאָמינירט וועל איך פון אייך בעטען אַ מאָמענט פאַר אַ געשפּרעך. עס האַנדעלט זיך וועגען אַ פראַגע פון דער גרעסטער וויכטיגקייט.

דערנאָך איז ער שטיל געבליבען, קוקענדיג דורך זיינע גאָלדענע ברילען ווי אַ בלינדער מאַן און ווי אַ גייסטער־זעהער וואָס רינגעלט איהם אַרום, ניט קוקענדיג אויף דער ברוטאַלער פינקטליכקייט פון זיין נאַטור, מיט אַ מין מיסטיציזם.

— איהר זייט געווען אין איטאַליען היינטיגען יאָהר, מאַדאַם? און ניט געבענדיג איהר קיין צייט צו ענטפערן האָט ער ווייטער גערעדט :

— איך וויים, איך וויים. איהר זייט געפאָהרען נאָך רוים. איהר האָט געקוקט אויף יענעם שענדליכען טיטוס־טויער, יענעם קלעגליכען מאָנומענט וואָס ווייזט צווישען דעם רויב פון יהודה, די מנורה מיט די זיבען רעהרלאַך. אַ, יאַ ! איך זאָג אייך מאַדאַם, אַז

עס איז אַ חרפּה פאַר דער וועלט, צו לאָזען שטעהן אַזאַ מאָנומענט אין דער שטאָדט רוים וואו די פּאַפּסטען האָבען געקענט אָנטרייבען בלויז צוליב דער קונסט פון די אידען, די זילבערשמידען און די געלט־וועקסלער. די אידען האָבען אריבערגעפיהרט די וויסענשאַפט פון גריכענלאַנד און פון דעם מזרח נאָך איטאַליען. מאַדאַם, די רענעסאַנס איז געווען די ארבייט פון די אידען. דאָס איז דער ריינער כּאָטש ניט דער אנערקענטער אמת.

און ער איז ארוים דורך דעם אָנגעפּאַקטען פּאָדער צימער, טרעטענדיג מיט שווערע טריט אויף איין הוט נאָך דעם אנדערן, וואָס דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ פאַרדומפּטען גערויש.

אין דער צייט האָט די פּרינצעסין סעניאַווין, ביים ברעג פון איהר לאָזשע געקוקט מיט איהר לאָרנעט אויף איהר פריינדין מיט יענער נייגעריגקייט, וואָס די פרויען שעהנקייט האָט אין איהר צייטענווייז ארויסגערופען. זי האָט זיך געווענדעט צו פּאָול וואַנס, וואָס האָט זיך געפונען נעבען איהר:

— דענקט איהר ניט, אַז מאַדאַם מאַרטען איז היינטיגען יאָהר וואונדערבאַר שעהן?

אין פאָרדערהויז וואָס איז געווען פּאַרטרונקען אין ליכט און גאָלד האָט גענעראַל לאַ בריש געפרעגט לאַריוויער׳ן:

— האָט איהר געזעהן מיין שוועסטער קינד?

— אייער שוועסטער קינד? לע מעניל?

— יאָ, ראָבערט. ער איז ערשט איצט דאָ געווען אין זאַאַל.

לאַ בריש איז אויף אַ וויילע געבליבען נאָכדענקענד דערנאָך:

— ער איז דעם זומער געקומען נאָך סעמאַנוויל. ער איז דעמאָלט געווען זאָנדערבאַר, עפּעס אַזוי, פאַרטיעפט. אַ סימפּאַטישער בחור, אָפּענהערציג ווי גאָלד, און אינטעליגענט. אָבער ער וואָלט זיך געדאַרפט מיט עפּעס באַשעפטיגען, האָבען אַ צוועק אין לעבען.

דאָס קלינגען וואָס מעלדעט, אַז דער פאָרהאַנג הויבט זיך גלייך אויף, האָט שוין געהאַט זייט אַ מאָמענט אויפגעהערט. די צוויי אַלטע לייט זיינען דורכגעגאַנגען דורך די ליידיגע קאָלואַרען.

— אַ צוועק אין לעבען, האָט ווידערהאָלט דער הויכער, דאַרער און אויסגעבויגענער לאַ בריש, בעת זיין חבר, זייענדיג געשיקט און

טעטיג האָט איהם פּאַרלאָזען און איז אַרונטערגעגאַנגען הינטער קוליסען.

מאַרגעריטאַ האָט געשפּינען און געזונגען אין וואַלד, ווען זי האָט געענדיגט האָט מיסס בעל געזאָגט צו מאַדאַם מאַרטען:

— אָ, דאַרלינג, הערר שולעט האָט מיר געשריבען אַ וואונדערבאַר שעהנעם בריף. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער איז זעהר באַריהמט. און איך בין געווען זעהר צופרידען דאָס צו וויסען. ער האָט מיר אויך געזאָגט: „די גלאָריע פון אַנדערע פּאָעטען רוהט אויף געווירצען און מירען. מיין גלאָריע בלוטיגט און קרעכצט אונטער אַ האָגעל פון שטיינער און אויסטער שאָלאַכצען“. איז דאָס ווירקליך אמת, מיין ליעבסטע, אַז דער גוטער הערר שולעט ווערט פאַרשטיינגט פון די פּראָנצויזען?

בעת טערעזאַ האָט באַרוהיגט מיסס בעל, איז לואיע, מיט אַן אויפגעבלאָזענער באַריהמערישער מינע, אַריינגעקומען אין דער לאָזשע.

ער איז געווען נאַס און בלאָטיג.

— איך קום איצט פון עליזעאום, האָט ער געזאָגט.

ער איז געווען געגוג גאַלאַנט קדם כל צו מעלדען די גוטע נייעס צו מאַדאַם מאַרטען.

— דער דעקרעט איז אונטערגעשריבען, אייער מאַן איז פינאַנץ מיניסטער. דאָס איז אַ שעהנער פּאָרטפעל.

— האָט דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק ניט געהאַט גאָרניט אויסצוזעצען, ווען מען האָט דערמאָנט מיין נאָמען פאַר איהם האָט געפרעגט מאַרטען בעלעם?

— ניין, בערטיע האָט איהם אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער גע'ירשנ'טער אויפריכטיגקייט פון די מאַרטען'ס, אויף אייער רייכטום און באַזונדערס וועגען אייערע פאַרבינדונגען מיט געוויסע פּערזאָנען אין דער פינאַנציעלער וועלט, וועמענס אונטערשטיצונג קען זיין נוצליך פאַר דער רעגירונג. און צו באַנוצען נאַרענ'ס טרעפענדען אויסדרוק, האָט דער פּרעזידענט באַגריפען די נויט פון מאָמענט. ער האָט באַשטעטיגט אייער אמט.

אויף דעם געלבליכען פּנים פון גראַף מאַרטען זיינען דורכגעגאַנגען אַ צוויי דריי קנייטשען. ער האָט געשמייכעלט.

— דער דעקרעט, האָט ווידערהאָלט לואיע, וועט ערשיינען מאָרגען אין „אָפיסיעל“. איך אַליין בין מיטגעגאַנגען מיט דעם אָבגעאָרדנעטען פון קאַבינעט וואָס האָט עם אוועקגעטראָגען אין דער דרוקעריי. דאָס איז אַ נויטיגער פאָרזיכערונגס מיטעל. אין דער צייט פון גרעווי, וואָס איז יעדענפאַלס ניט געווען קיין נאַר, פלעגט מען אוועק׳גנב׳נען אָפיציעלע דעקרעטען בעת מען האָט זיי געטראָגען אויפ׳ן וועג פון עליזעאום ביז צום קע וואָלטער.

און לואיע האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין אַ שטול. און דאָ, אין דערזעלבער צייט וואָס ער האָט באַוואונדערט מאַדאַם מאַרטענ׳ס שולטערן, האָט ער פּאָרטגעזעצט:

— מען וועט שוין ניט זאָגען מעהר, ווי אין די צייטען פון מיין אָרימען פריינד גאַמבעטאַ, אַז די רעפּובליק האָט ווייניג פרויען. איהר וועט פאַר אונז מאַכען שעהנע ימים טובים, מאַדאַם, אין די סאַלאָנען פון מיניסטעריום.

טראָגענדיג איהר האַלז־באַנד און אויערינגלאַך, האָט מאַרגעריטאַ זיך איינגעשפּיגעלט און געזונגען דאָס ציערונגס־ליעד.

— מיר וועלען דאַרפען אָנשרייבען אונזער מאַניפעסט, האָט געזאָגט דער גראַף מאַרטען. איך האָב שוין וועגען דעם געקלעהרט. וואָס עס איז שייך מיין מיניסטעריום, גלויב איך, אַז איך האָב שוין געפונען אַ לאָזונג: „די חובות מוזען אָפּגעצאָהלט ווערען מיט דעם איבערפלוס, און ניט דורך נייע שטייערן“.

לואיע האָט געהויבען מיט די אַקסלען.

— מיין טייערער מאַרטען, מיר האָבען גאָרניט וואָס צו ענדערן אין דער דעקלאַראַציע פון דעם פריהערדיגען קאַבינעט; דער צושטאַנד איז אין די הויפּט פּונקטען געבליבען דערזעלבער.

ער האָט זיך געגעבען אַ קלאַפּ אין שטערן.

— צום טייוועל! איך האָב פאַרגעסען. מיר האָבען דאָך באַשטימט אַלס קריעג מיניסטער אייער פריינד, דעם אַלטען לאַריוויער, מיר האָבען איהם וועגען דעם אפילו ניט געפרעגט. איך בין דאָס באַאויפטראַגט איהם וועגען דעם צו מעלדען.

ער האָט געגלויבט, אַז ער וועט איהם געפינען אין קאַפע פון בולוואַר, וואו עס קומען אריין די מיליטער־לייט. אָבער דער גראַף מאַרטען האָט געוואוסט, אַז דער גענעראַל געפינט זיך אין טעאַטער.

מיר מוזען איהם פאקען, האָט געזאָגט לואיע.

זיך פארנויענדיג:

— איהר ערלויבט, גרעפין, אז איך זאָל מיטנעמען אייער מאן?

גלייך ווי זיי זיינען ארויס איז זשאק דעשארט, צוזאמען מיט פאָול וואנס ארײַן אין דער לאָזשע.

— איך גראטוליר אייך, מאדאם, האָט געזאָגט פאָול וואנס.

אָבער זי האָט זיך געווענדעט צו דעשארט:

— איך האָף, אז איהר זייט ניט געקומען מיר צו גראטולירען..?

פאָול וואנס האָט איהר געפרעגט, אויב זי וועט זיך אריינציהען אין דער רעזידענץ פון מיניסטעריום.

— אָ, ניין, געוויס ניט!

— ווייניגסטענס, האָט פאָול וואנס ווידער געזאָגט, וועט איהר דאָך געהן, מאדאם, צו די בעלער פון עליזעאום און פון די מיניסטע־ריומס; און מיר וועלען באוואונדערן די קונסט, מיט וועלכער איהר וועט אויפהאלטען אייער געהיימניספולען רייץ, און איהר וועט נאָך אלץ זיין דאָס וועזען פון וועלכען מיר טרוימען.

— מיניסטעריעלע ענדערונגען שיינען אייך צו אינספירירען מיט זעהר לייכטזיניגע געדאנקען, הערר וואנס.

— מאדאם, — האָט געענטפערט פאָול וואנס, — איך וועל ניט זאָגען ווי מיין געליעבטער לעהרער רענאן: „וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט סיריוס'ן?" אָבער איך בין שטענדיג א ביסעל איבער־ראשט ווען איך זעה ווען דערוואקסענע און אפילו עלטערע מענ־שען לאָזען זיך פארפיהרען פון דער אילוזיע וועגען מאכט, פארגע־סענדיג אז הונגער, ליעבע, טויט, אלע געמיינע און אויך אלע דער־הויבענע נויטווענדיגקייטען פון לעבען, איבען אויס אזא מעכטיגען קאָנטראָל איבער דער מענשהייט, אז די וואָס הערשען איבער זייע־רע קערפערס בלייבען איבער מיט נאָרנישט, א־חוץ אין דער מאכט אויפ'ן פאפיר און אין קעניגרייך פון ווערטער. און וואָס עס איז נאָך מעהר צום באוואונדערן: דאָס פאָלק גופא גלויבט, אז זיי האָ־בען נאָך אנדערע הערשער א־חוץ זייער אָרימקייט, זייערע פארלאנ־גען און זייערע נארישקייטען. יענער איז געווען א קלוגער מענש וואָס האָט געזאָגט: „לאָמיר באשטימען די איראָניע און דעם

רחמנות, אז זיי זאָלען זיין די עדות און די ריכטער פון דער מענש־הייט".

— אָבער הערר וואנס — האָט געזאָגט מאדאם מארטען, לאַ־כענדיג, — דאָס האָט איהר דאָך אליין געשריבען. איך לייען אייע־רע ווערק.

פאר דער צייט האָבען די צוויי מיניסטאָרען אומזיסט ארומ־געזוכט דעם גענעראַל אין טעאטער און אין די קולוארען. אויף דער עצה פון די לאָזשען־עפענער זיינען זיי אריין הינטער די קוליסען, אריבערגעהענדיג די ביהנען־סצענע, וואָס איז צונומען געוואָרען און איז איצט אויפס ניי אויפגעשטעלט געוואָרען. זיי זיינען פארביי־געגאנגען דורך דעם עולם פון יונגע דייטשקעס, מיט רויטע קלייד־לאך, כשוף־מאכערינס, טייוואָלים, קורטיזאנקעס פון אַלטערטום, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום סאלאָן פון באַלעט. דער גרויסער צימער וואָס איז געווען באפוצט מיט אַלעגאָרישע מאלערייען, איז געווען כמעט ליידיג, און האָט געהאט אזא ערנסטען אויסזעהן, וואָס די מלוכה און דאָס רייכטום לעגט ארויף אויף זייערע אינסטיטוציעס.

צוויי טענצערינס זיינען געשטאנען אומעטיג, מיט א פוס אויף דער שטאנג וואָס ציהט זיך ארום די ווענט.

דאָ און דאָרט זיינען מענער אין שווארצע פרעק און פרויען אין קורצע אויסגעפילטע קליידלאך געשטאנען אין גרופען, כמעט אינגאנצען שווייגענדיג.

ווי זיי זיינען אריין, האָבען לואיע און מארטען־בעלעם אראָפּ־גענומען זייערע הימ.

אין הינטערגרונט פון סאלאָן האָבען זיי באמערקט לאַריווייער'ן מיט א שעהנער מיידעל, וואָס האָט געטראָגען א ראָזאָווען טוניק מיט א גאָלדענעם פאס, וואָס האָט פעסט איינגעשניטען איהר טאליע.

אין האנט האָט זי געהאלטען א שטיקעל גאָלדענעם טאָוועל. צוקומענדיג נעהענטער האָבען זיי געהערט ווי זי האָט געזאָגט צום גענעראַל:

— איהר זייט אַלט, אָבער איך בין זיכער, אז איהר זייט פונקט אזוי גוט ווי ער.

און מיט איהר נאקעטען אָרעם האָט זי מיט פאראכטונג אָנגע־וויזען אויף א יונגען מאַן, וואָס האָט געטראָגען א גארדעניא בלי־

מעל, שטעהענדיג דערנעבען און שטשירענדיג מיט די צייהן. לואיע האט געגעבען א סימן צום גענעראל, אז ער וויל מיט איהם ריידען, און צושטופענדיג איהם צו דעם שטאנג וואס ביי דער וואנט, האט ער געזאגט:

— איך האב דאס פארגעניגען אייך צו מעלדען, אז איהר זייט באשטימט געווארען אלס קריגס־מיניסטער.

לאריוויער, ווענען דאס איז אויסגעקומען אומגלויבליך, האט ניט געענטפערט. אט דער שלעכט געקליידעטער מאן, מיט די לאנ־גע האר, מיט דעם לאנגען, פארשטויבטען פראק, האט אויסגעקוקט ווי א שרייענדיגער קונצען־מאכער, און ער האט איהם אריינגעגעבען אזא אומצוטרוי, אז ער האט איהם פארדעכטיגט, אז ער פארלייגט דא פאר איהם א פאסטקע, און אפשר ניט מעהר ווי א שלעכטען שפאס.

— הערר לואיע, וועכטער פון די זינגלען, — האט געזאגט גראף מארטען.

לואיע איז צוגעשטאנען:

— גענעראל, איהר קאנט זיך ניט אפזאגען. איך האב פאר אייך גאראנטירט, אז איהר וועט אננעמען. דערמיט וואס איהר זאגט זיך אפ גיט איהר א נייעם וואפען אין גארען'ס הענט. ער איז א פאררעטער.

— מיין טייערער קאלעגע, איהר איבערטרייבט, — האט גע־זאגט גראף מארטען. — אבער אפשר פעהלט גארענ'ען אויפריכטיג־קייט. און דעם גענעראל'ס שטיצע איז אומבאדינגט נויטיג.

— דאס פאטערלאנד פריהער פאר אלץ, — האט לאריוויער געענטפערט, זיך קאכענדיג פון אויפרעגונג.

— איהר ווייסט, גענעראל, — האט פארטגעזעצט לואיע, — די עקזיסטירענדע געזעצען דארפען דורכגעפיהרט ווערען מיט א פאר'עקשנ'טער מעסיגקייט. האלט אייך ביי אט דעם פרינציפ.

ער האט נאכגעפאלגט מיט די אויגען די צוויי טענצערקעס, וואס האבען געהאלטען אויף דער שטאנג זייערע קורצע מוסקעלירטע פיס.

לאריוויער האט געמורמעלט:

— די מאראל פון דער ארמעע איז גלענצענד... דער גוטער ווי־

לען פון די פיהרער וואָס האָבען זיך דערהויבען צו די אומשטענדען, וואָס זיינען די קריטישסטע...

לואיע האָט איהם געקלאַפּט אויפ'ן פּלייצע:

— די גרויסע אַרמעען האָבען אין זיך אַ סך גוטעס.

— איך בין איינשטימיג מיט אייך, — האָט געענטפערט לאַריוואַר. — די איצטיגע אַרמעע ענטשפּרעכט די העכערע נויטען פון דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג.

— דאָס בעסטע וואָס אַ גרויסע אַרמעע טוט איז דאָס וואָס זי מאַכט די מלחמה פאַר אַן אוממעגליכע זאַך, — האָט ווייטער געזאָגט לואיע. — מען דאַרף זיין משוגע זיך אַריינצולאָזען אין מלחמה מיט אַזאַ ריעזיגער מאַכט, וועלכע מענשען זיינען גאָרניט אימשטאַנד אָנצופיהרען. דאָס איז אויך אייער מיינונג, ניט אמת, גענעראַל?

גענעראַל לאַריוואַר האָט געוואַונקען מיט'ן אויג.

— דער איצטיגער צושטאַנד פאָדערט, אַז מען זאָל זיין זעהר פאָרזיכטיג. מיר שטעהען איצט פאַר מורא'דיגע אומבאַקאַנטע געשעהעניסען.

דערנאָך האָט לואיע, אָנקוקענדיג זיין קאָלעגע, דעם קריגס־מיניסטער, מיט אַ צינישער און זאַנפטער פאַראַכטונג, געזאָגט:

— אין דעם העכסט אומוואַרשיינליכען פאַל פון אַ מלחמה, רעכענט איהר ניט, מיין טייערער קאָלעגאַ, אַז די אמת'ע גענעראַלען וואָלטען געדאַרפט זיין די באַהן־נאַטשאַלניקעס?

די דריי מיניסטאָרען זיינען אַרויס, אַראָפּגעהענדיג די שטיגען פון דער סצענע. דער פּרעמיער האָט אויף זיי געוואַרט אין זיין היים.

דער לעצטער אַקט האָט זיך אָנגעהויבען. מיט מאַדאַם מאַרטען אין דער לאָזשע זיינען ניט מעהר פאַרבליבען ווי דעשאַרט און מיסס בעל.

מיסס בעל האָט געזאָגט:

— דאַרלינג, איך בין ענטציקט — ווי זאָגט איהר אין פראַנצויזיש? — איך בין אין אַ הויכער באַגייסטערונג, ביים געדאַנק, אַז אהר טראָגט אויף אייער האַרץ די רויטע ליליע פון פלאָרענץ. און הערר דעשאַרט, וואָס האָט אַ קינסטלער־נשמה, דאַרף אויך זיין

שטאַרק צופרידען צו זעהן אַז די טייערע ציערונג אויף אייער קלייד. אַ! איך וואָלט אַזוי וועלען וויסען וועלכער יואוועליר האָט דאָס געמאַכט, דאַרלינג. אַז די ליליע איז אַזוי גראַציעז און בויגזאַם ווי אַן אירים בלום. יאַ, זי איז עלעגאַנט, אויסגעצייכענט און גרויזאַם. האָט איהר באַמערקט, מיין ליעבסטע, אַז שעהנע ציערונג האָבען אַן אויסקוק פון זעלטענער גרויזאַמקייט?

— מיין יואוועליר, — האָט טערעזאַ געזאָגט, — געפינט זיך דאָ און איהר האָט איהם ביים נאָמען דערמאָנט: הערר דעשאַרט איז געווען אַזוי גוט צו צייכענען אַט דעם אָרנאַמענט.

די לאָזשע האָט זיך געעפענט. טערעזאַ האָט האַלב אויסגעדרעהט דעם קאָפּ און אין שאָטען געזעהן לע מעניל׳ן, וועלכער האָט זיך פאַר איהר פאַרנייגט מיט אַ גראַציעזער אַנגעצויגענקייט.

— מאַדאַם, גיט פריינדליכסט איבער, מיינע גליק־ווינשונגען צו אייער מאַן.

אַ ביסעל מיט אַ טרוקענער מינע האָט ער איהר געמאַכט קאָמפּלימענטען וועגען דעם, אַז זי זעהט גוט אויס. צו מיסס בעל האָט ער זיך געווענדעט מיט עטליכע אַנגענעמע, קאָנווענציאָנעלע באַמערקונגען.

טערעזאַ האָט איהם אויסגעהערט מיט אַנגסט, מיט אַ האַלב־געעפענטען מויל, מיט אַ פיינליכער אָנשטרענגונג צו ענטפערן אויף די אומבאַדייטענדע זאַכען. ער האָט איהר געפרעגט, אויב זי האָט גוט פאַרבראַכט דעם לעצטען סעזאָן אין זשואַנוויל. ער וואָלט זעהר וועלען דאָרט אַהין קומען צו דער יאַגד. אָבער ער האָט נישט געקאָנט. ער איז אַרומגעפאָהרען אויפ׳ן מיטעללענדישען ים; אַ־חוץ דעם איז ער אויך געווען אויף דער יאַגד אין סעמאַנוויל.

— אָ, הערר לע מעניל, — האָט געזאָגט מיסס בעל, — איהר האָט געבלאָנדזשעט אויפ׳ן בלאָהען ים. האָט איהר געזעהן די סירענען?

ניין, ער האָט ניט באַגעגענט קיין סירענען; אָבער אין פאַרלויף פון דריי טאָג צייט איז אַ דאָלפין־פיש נאָכגעשוואומען די יאַכט.

מיסס בעל האָט איהם געפרעגט אויב דער דאָלפין־פיש האָט ליעב מוזיק.

ער האָט געענטפערט, אַז ניט.

— די דאָלפינען־פיש, — האָט ער געזאָגט, — זיינען ספּערמאַ־צעטי וואַלפיש, וואָס די מאַטראָזען רופען אָן ים־גענז, צוליב אַ געוויסער עהנליכקייט וואָס איהר קאָפּ האָט צו דעם קאָפּ פון אַ גאַנז.

אָבער מיסס בעל האָט ניט געוואָלט גלויבען, אַז די ריעזיגע חיה וואָס האָט געטראָגען דעם דיכטער אריאָן צום שפּיציגען ים־ברעג טענארוס, זאָל האָבען אַ קאָפּ פון אַ גאַנז.

— קומענדען יאָהר, הערר לע מעניל, ווען איהר וועט זעהן אַ דאָלפין־פיש שווימענדיג נעבען אייער יאַכט, בעט איך אייך, שפּיעלט פאַר איהם אויף דער פליים דעם הימן פון דאָלפישען אפּאָלאָ. ליעבט איהר דעם ים, הערר לע מעניל?

— איך האָב ליעבער די וועלדער.

ער האָט זיך פאָלשטענדיג באַהערשט, ער איז געווען איינפאַך, און האָט רוהיג גערעדט.

— אַ, הערר לע מעניל, איך וויים, אַז איהר האָט זעהר שטאַרק ליעב דעם וואַלד און די פעלדער, וואו די האָזען טאַנצען ביים שיין פון דער לבנה.

דעשאַרט איז געוואָרען בלאַס. ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַרוים.

אויף דער ביהנע האָט זיך אָפּגעשפּיעלט די סצענע פון דער קירך. מאַרגאַריטאַ האָט קניהענדיג פאַרבראָכען די הענט, דעם קאָפּ איינגעבויגען אונטער דער געוויכט פון די לאַנגע בלאָנדע צעפּ. און פון דעם אָרגעל און פון דעם כאָר האָט אָפּגעקלונגען דאָס געזאַנג פון די טויטע:

וועו די טריט פון לעצטען טאָג זיך הערען
און זיין קרייץ אין הימעל שיינט אויף ווי אַ שטערען
און עס וועט די וועלט צופאַלען ווערען.

— דאַרלינג, ווייסט איהר, אַז דאָס ליעד פון די טויטע, וואָס ווערט געזונגען אין די קאַטוילישע קירכען, קומט פון אַ פראַנציסקאַ־נער קלויסטער? עס דערמאָנט אָן דעם ווינט, אין ווינטער־צייט, וואָס בלאָזט דורך די לערכען־ביימער, אויף די בערג פון אַלווערניא.

טערעזאַ האָט ניט געהערט. איהר נשמה איז ווייט אַוועקגע־פלויגען דורך דער טיר פון דער לאָזשע.

אין דעם פאָדערצימער האָט זיך געהערט אַ קלאַפעריי פון אומ־געוואָרפענע שטולען. שמאָל איז צוריקגעקומען. ער האָט געהערט, אַז הערר מאַרטען־בעלעם איז באַשטימט געוואָרען אַלס מיניסטער. און ער איז גלייך געקומען פאָדערן דעם קרייץ פון קאָמאַנדיר און אַ גרעסערע וואוינונג אין אינסטיטוט. זיינע איצטיגע צימערן זיי־נען טונקעלע און קליינע, ניט אפילו גענוג גרויס פאַר זיין פרוי און פינף טעכטער. ער האָט געדאַרפט איינאָרדנען זיין אַרבייט־צימער אויף אַ בוידעם. ער האָט אויסגערעכענט אַ לאַנגען צעטעל מיט תערומות און ער האָט ניט געוואָלט אַוועקגעהן ביז וואַנען ער וועט ניט קריגען דאָס פאַרשפּרעכען, אַז מאַדאַם מאַרטען וועט זיך באַ־מיהען פאַר איהם.

— הערר לע מעניל, — האָט געפרעגט מיסס בעל, — וועט איהר אַרומרייזען אויפ'ן ים אויך קומענדען יאָהר?

לע מעניל האָט גערענקט, אַז ניט. ער האָט ניט געהאַט קיין אַבזיכט אויף ווייטער אָנצוהאַלטען די „ראָוזבאָד". דער ים איז צו טרויעריג. און רוהיג, ענערגיש און איינגעשפּאַרט האָט ער געקוקט אויף טערעזאַן.

אויף דער סצענע, אין מאַרגעריטאַ'ס געפענגניס, האָט מעפיס־טאָפאָל געזונגען „דער טאָג האָט אויפגעשיינט", און דער אָרקעס־טער האָט אימיטירט דעם שרעקליכען גאַלאָפּ פון פערד. טערעזאַ האָט געמורמעלט:

— עס טוט מיר וועה דער קאָפּ, מען ווערט דאָ דערשטיקט.

לע מעניל איז געגאַנגען עפענען די טיר.

מאַרגעריטאַ'ס קלאָרע ווערטער, ווי זי האָט גערופען די מלאכים, זיינען אַרויפגעשטיגען ווי ווייסע פונקען אין דער לופט.

— דאַרלינג, איך מוז אייך זאָגען, אַז אָט די אָרימע מאַרגע־ריטאַ וויל ניט געזעגענט ווערען מיט איהר קערפּער און דערפאַר איז זי געזעגענט אין גייסט און וואַרהייט. איך גלויב אין אַ זאַך, דאַרלינג, איך גלויב, אַז מיר וועלען באַשטימט אַלע געזעגענט ווע־רען. יאָ, איך גלויב, אַז די זינדיגע וועלען ענדליך אויסגעלייטערט ווערען.

טערעזא האט זיך אויפגעשטעלט. זי האט אויסגעזעהן שלאנק און ווייס, פונקט דער גענענטייל פון דער בלוטיגער בלום. מיסס בעל האט זיך ניט גערירט פון ארט, אויסהערענדיג די מוזיק. אין פאדער־צימער פון דער לאזשע האט לע מעניל גענומען מאדאם מאר־טענ'ס מאנטעל. און בעת ער האט איהם אזוי געהאלטען אויס־געשפרייט, איז זי אריינגעקומען אין פאדער־צימער און זיך אפגע־שטעלט פאר'ן שפיגעל, נעבען די האלב געעפענטער טיר. ער האט ארויפגעלעגט אויף איהרע נאקעטע שולטרן, אנריהרענדיג זיי מיט זיינע פינגער, דעם גרויסען רויטען פלושענעם מאנטעל, וואס איז געווען אויסגעשטיקט מיט גאלד, און א הינטערשלאג פון הערמעלין פוטער, און האט געזאגט מיט א קורצער זעהר דייטליכער שטימע:

— טערעזא, איך ליעב אייך. דערמאנט אייך וואס איך האב אייך אייערנעכטען געבעטען. איך וועל זיין יעדען טאג, יעדען טאג, אנהויבענדיג פון דריי א זייגער, ביי אונז, רי ספאנטיני.

אין דעמזעלבען מאמענט, ווען זי האט אויסגעבויגען איהר קאפ אויפצונעהמען דעם מאנטעל, האט זי דערזעהן דעשארט'ן, האל־טענדיג די קלאמקע פון טיר. ער האט געהערט. ער האט איהר אנגעקוקט מיט אזוי פיעל פארוואורף און ליידען, וואס מענש־ליכע אויגען זיינען נאר אימשטאנד אויסצודריקען. דערנאך האט ער זיך אויסגעדרעהט און איז אוועק אין קארידאר. זי האט גע־פיהלט ווי פייערדיגע האמערס וואלטען איהר געקלאפט אין הארץ, און זי איז געבליבען אהן באוועגונג אויף דער שוועל.

— דו האסט אויף מיר געווארט? — האט צו איהר געזאגט מאנטעסי, וועלכער איז געקומען איהר נעמען. — דו ביסט עפעס אזוי פארלאזען היינט; איך וועל דיך און מיסס בעל אהיים פיהרען.

## XXXIII.

אין דער קארעטע, און אין איהר צימער האט זי נאך אלץ פאר זיך געזעהן יענעם בליק פון איהר געליעבטען, יענעם גרויזאמען און פיינליכען בליק. זי האט געוואוסט, ווי לייכט ער קען אריינפאלען אין פארצווייפלונג, ווי שנעל ער ווערט באהערשט פון א ווילען, גאר ניט מעהר צו וועלען. אין אזא צושטאנד האט זי איהם געזעהן ווען

ער איז אַנטלאָפֿן ביים ברעג פֿון דער אַרנאָ. זי איז נאָך דעמאָלט געווען גליקליך אין איהר טרויער און אַנגסט, זי האָט דעמאָלט נאָך געקענט צו איהם לויפֿן און איהם נאָכשרייען: „קומט!“ און איצט ווידער, כאָטש זי איז געווען אַרומגערינגעלט און באַוואַכט, האָט זי דאָך געדאַרפֿט געפֿינען עפּעס וואָס איהם צו זאָגען, איהם נים לאָזען אַוועקגעהן שטום און ליידענד. אָבער זי איז געבליבען איבעראַשט און נידערגעשלאָגען. אָט די נאַרישע סצענע איז דאָך פאַרביי אַזוי שנעל! זי האָט געפֿיהלט געגען לע מעניל׳ן יענעם אימפּולסיוועך צאָרן, וואָס מען עמפּינדעט געגען זאַכען וואָס שעדיגען אונז, ווי פּאַר דעם שטיין ביי וועלכען מען האָט זיך צוקלאַפּט דעם קאָפּ. זי האָט זיך אַליין ביטער פֿאַרגעוואָרפֿען וואָס זי האָט איהר פֿריינד געלאָזען אַוועקגעהן, אָהן אַ שום וואָרט, אָהן אַ בליק, אין וועלכען זי וואָלט געווען אַריינגעלייגט איהר גאַנצע נשמה.

בעת פּאָולין האָט געוואַרט איהר אויסצוטאָן, איז זי אומגעדולדיג געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ איבער׳ן צימער. דערנאָך האָט זי זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט. אין די טונקעלע שפּיגלען, אין וועלכע די ליכט האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט, האָט זי געזעהן דעם קולואַר פֿון דעם טעאַטער און ווי איהר געליבטער לויפֿט אַוועק, ניט אומדרעהענדיג זיך.

וואו קען ער איצט זיין? וואָס האָט ער זיך געטראַכט, זייענדיג אַליין? זי האָט געפֿיהלט אַ טיפֿע פּיין וואָס זי האָט ניט געקענט איהם גלייך געהן אויפֿזוכען. אַ לאַנגע צייט האָט זי געדריקט איהרע הענט צו איהר האַרץ; זי האָט געפֿיהלט, ווי זי ווערט דערשטיקט.

פּאָולין האָט אַרויסגעלאָזען אַ קליינעם געשריי. אויף דער ווירטינ׳ס ווייסע קלייד האָט זי דערזעהן טראָפּענס בלוט. טערעזאַ האָט זיך געהאַט צושניטען די האַנט אָן די בלום־פּעדים פֿון דער רויטער ליליע אַליין עם ניט פֿיהלענדיג.

זי האָט אַראָפּגענומען פֿון זיך דעם עמבלעם ציערונג, וואָס זי האָט עפּענטליך אויף זיך געטראָגען ווי אַ ריידענדע געהיימניס פֿון איהר האַרץ, און איצט, האַלטענדיג די בלום צווישען די פֿינגער, האָט זי לאַנג דערויף געקוקט. זי האָט זיך דערמאָנט אָן די טעג פֿון פלאָרענץ, די קאַמער פֿון סאַן מאַרקאָ, וואו איהר געליבטענס קוש

איז געפּאַלען זאַנפט אויף איהרע ליפּען, בעת הינטער די אראָפּגעלאָזענע אויגען־הייטלאַך האָט זי מיט אומבאַשטימטקייט נאָך באַמערקט די מלאכים און דעם בלאָהען הימעל, וואָס איז געווען אויסגעמאָלען אויף דער וואַנט, דעם לאַנצי, און די גלאַנציגע פּאַנטאָן פון דעם פּאַרקויפער פון געפרוירענעם, אויף דעם רויטען טוכענעם טישטוך; דאָס קליינע הייזעל אין וויאַ אַלפיערי, די נימפען, ציגען אין דעם צימער וואו די פּאַסטוכער און די מאַסקען אויף פּאַראַוואַנען האָבען זיך צוגעהערט צו איהר שטימע וואָס האָט אונטערבראָכען אַ לאַנגען שווייגען.

דאָס אַלץ איז ניט געווען קיין שאָטען פון דער פאַרגאַנגענהייט, אַ פּאַנטאָם פון אַמאָליגע טעג. עס איז געווען די איצטעגע ווירקליכקייט פון איהר ליעבע. און איין נאַרישער וואָרט וואָס אַ פרעמדער האָט אַרויסגעוואָרפען האָט צושמעטערט אָט די אַלע שעהנע זאַכען, גליקליכערווייז, איז אָבער דאָס געווען אוממעגליך. איהר ליעבע, און איהר געליעבטער, זיינען ניט געווען אָפּהענגיג אָן אַזעלכע קלייניגקייטען. ווען זי וואָלט נאָר געקענט געהן צו איהם, ווי זי איז איצט, האַלב אויסגעטאָן, ביינאַכט, און אַריין אין זיין צימער... זי וואָלט איהם געטראָפען זיצען ביים פייער, די עלבויגענס אויף די קניה, זיין קאָפּ אין די הענט, טרויעריג. דערנאָך, מיט איהרע פינגער אין זיינע האָר וואָלט זי איהם געצוואונגען אַרויפצוקוקען און זעהן, אַז זי ליעבט איהם, אַז זי איז זיינע, זיין לעבעדיגער אוצר פון פרייד און ליעבע.

זי האָט אַרויסגעשיקט איהר דיענסט. אין איהר בעט ביי דער ברענענדער לאָמפּ, האָט בלויז איין איינציגער געדאַנק פאַרנומען איהר קאָפּ.

דאָס איז געווען אַ צופאַל, אַ נאַרישער צופאַל. ער וועט פאַרשטעהן, אַז זייער ליעבע האָט זיך גאָרניט וואָס צו רעכנען מיט אַזאַ נאַרישער זאַך. וואָסער משוגעת! ער זאָל זיך דאַרפען באַאומרוהיגען פאַר אַן אַנדערן — פּונקט ווי עס וואָלטען געווען נאָך אַנדערע מענער אויף דער וועלט.

הערד מאַרטען בעלעם האָט האַלב געעפענט די טיר פון צימער זעהענדיג, אַז עס איז נאָך ליכטיג, איז ער אַריין.

— שלאָפסט נאָך ניט, טערעזאַ?

ער איז פונקט צוריקגעקומען פון א קאנפערענץ ביי בערטיע ד'עיזעל, וואס ער האט געהאט מיט זיינע קאלעגען. ער האט גע־וואלט זיין פרוי פרעגען אן עצה וועגן עטליכע זאכען, האלטענדיג, אז זי האט דערפאר א פארשטענדניס. איבערהויפט האט ער גע־וואלט הערען איטפריכטיגע רייד.

— עס איז געענדיגט, האט ער געזאגט. איך בין זיכער, טייער־ערע, אז דו ווערסט מיר העלפען, אין אזא פאזיציע, וואס מען איז שטארק מקנא אבער וואס איז אויך זעהר א שווערע און געפעהרליכע. איך האב דאס טיילווייז דיר צו פארדאנקען, ווייל הויפטזעכליך איז דאס דיין פאטערס מעכטיגער איינפלוס. א דאנק וועלכען איך בין דערהויבען געווארען צו מיין שטעלע.

ער האט זיך מיט איהר בעראטען וועגען דעם, ווער עס זאל ווערען דער פיהרער פון קאבינעט.

זי האט איהם געגעבען די בעסטע עצה וואס זי האט נאר גע־קענט. זי האט געפונען, אז ער איז געפיהלפול, רוהיג און ניט קיין גרעסערער נאר ווי די איבריגע.

ער האט זיך פארטיפט אין געדאנקען:

— איך וועל מוזען פארטיידיגען דעם ביודזשעט פאר'ן סענאט, פונקט ווי ער איז אפגעשטימט געווארען פון דער אונטערשטער קאמער. אין אט דעם ביודזשעט געפינען זיך נייע אויפטאוונגען מיט וועלכע איך בין ניט איינשטימיג. אלס דעפוטאט האב איך געגען זיי געקעמפט, אבער אלס מיניסטער וועל איך זיי מוזען אונ־טערשטיצען. איך האב געקוקט אויף די זאכען פון אויסוועניג. ווען מען קוקט אריין אין די זאכען פון אינוועניג האבען זיי גאר אן אנדער אויסזעהן. און א־חוץ דעם בין איך דאך שוין ניט מעהר קיין פריי־ער מענש.

ער האט פריי אפגעזיפצט:

— א, ווען מען וואלט וויסען, ווי ווייניג מען קאן אויפטאן, ווען מען געפינט זיך ביי דער מאכט!

ער האט איהר דערצעהלט זיינע איינדריקען.

— בערטיע האלט זיך שטענדיג צוריק. וועגען די אנדערע קען מען גארניט וויסען ביי וואס זיי האלטען. דער איינציגער וואס האלט זיך פאר אן אויסערגעוועהנליכען אויטאריטעט איז לואיע.

זי האָט איהם גערולדיג אויסגעהערט, אָבער ניט געשאָנקען קיין אויפמערקזאַמקייט. אָט דאָס בלאַסע פּנים און דער דינער קול זייַנען פאַר איהר געווען ווי אַ זייגער, וואָס צעהלט לאַנגזאַם די מינוטען איינע נאָך דער אַנדערער.

— פון צייט צו צייט גיט אַמאָל לויע אַ זאָג אַרוים די זאָנדערבאַרסטע מיינונגען. אין דערזעלבער צייט וואָס ער ערקלערט זיך אַלס שטאַרקער אָנהענגער פון קאָנקאָרדאַ, זאָגט ער: „די בישאָפּס זיינען די פּראָווינציעלע אַדמיניסטראַטאָרען פון דער רעליגיע. איך וועל זיי באַשיצען ווייל זיי געהערען צו מיר. און דורך זיי וועל איך אַריינקריגען אָט די נשמה־היטער — די געמיינדעפּריסטער.

ער האָט איהר דערמאָנט, אַז זי וועט זיך דאַרפען אַריבערציהען אין אַ פרעמדען קרייז, ווערמענס וואולגאַריטעט וואָלט איהר אָהן צווייפעל שאָקירט. אָבער זייער פּאָזיציע איז איצט אַזעלכע, ביי וועלכער זיי טאָרען קיינעם ניט פאַראַכטען. אַ־חוץ דעם האָט ער זיך אויך פאַרלאָזען אויף איהר טאַקט און איבערגעבענהייט.

זי האָט איהם אָנגעקוקט, אַ ביסעל באַאומרוהיגט.

— אָבער דאָס אַלץ האָט נאָך צייט, טייערע, מיר וועלען נאָך זעהן שפּעטער...

ער איז געווען מיעד און ערשעפּט. ער האָט איהר געוואונשען אַ גוטע נאַכט און איהר געהייסען איינשלאָפען. זי פאַרלירט איהר געזונט, דערמיט וואָס זי וויינט גאַנצע נעכט. ער האָט איהר פאַרלאָזען.

זי האָט געהערט דאָס גערויש פון זיינע טריט, וואָס זיינען געווען עטוואָס שווערער ווי געוועהנליך, דורכגעהענדיג דעם אַרבייט־צימער, וואָס איז געווען פול אָנגעוואָרפען מיט בלויע ביכער און צייטונגען, כדי אַריינצוקומען אין זיין צימער וואו ער וועט אפשר קענען איינשלאָפען. דערנאָך האָט זי געפיהלט אויף זיך דעם דרוק פון דער שטילקייט פון דער נאַכט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן זייגער'ל. עס איז שוין געווען האַלב נאָך איינס.

זי האָט צו זיך געזאָגט: „ער ליידט אויך... ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַזויפיעל פאַרצווייפלונג און צאָרן!"

זי האָט גאָרנישט געהאַט פאַרלאָרען פון איהר מוט און באַ־

געהר. וואָס איהר האָט איצט שיעור אַרויסגעבראַכט פון געדולד איז געווען דאָס, וואָס זי איז דאָ אַ געפאַנגענע, ווי אָפּגעשלאָסען פון דער וועלט. זי וועט אָבער זיין פריי ווען עס וועט טאָג ווערען: דאַן וועט זי געהן צו איהם, זעהן זיך מיט איהם און איהם אַלץ ערקלערען. ער איז דאָך אַזוי איינפאַך. אין דער פיינליכער איינפאָרמיגקייט פון איהרע געדאַנקען, האָט זי זיך איינגעהערט צו דעם גערויש פון די קאַרעטען, וואָס זיינען, נאָך לאַנגע פּאָזען, דורכגעפאָהרען די האַפען־גאַס. אָט דער גערויש, וואָס האָט אָנגעצייגט אויף דעם אַוועקגעהן פון די שטונדען, האָט צוגעצויגען איהר אויפמערקזאַמקייט און כמעט איהר פאַראינטערעסירט. זי האָט אויסגעשטעלט דאָס אויער צום גערויש וואָס איז פון אָנהויב געווען שוואַך און ווייט, דערנאָך איז דאָס געוואָרען אַלץ שטאַרקער, ביז וואַנען זי האָט שוין געקענט אונטערשיידען דאָס דרעהען פון די רעדער, דאָס רייבען פון די אַקסען, און דאָס קלאַפּען פון די פערדישע פּאָדקאָוועס, וואָס איז געוואָרען דערנאָך אַלץ שוואַכער און שוואַכער און דערנאָך אָפּגעשטאָרבען אין אַ ניט־קלאָרען מורמעל.

און ווען עס איז צוריק שטיל געוואָרען, האָט זי זיך ווידער אומגעקערט צו איהרע געדאַנקען.

ער וועט דאָך פאַרשטעהן, אַז זי ליעבט איהם, אַז זי האָט קיינמאָל ניט געליעבט קיין אַנדערן אַ־חוץ איהם. דער אומגליק איז נאָר וואָס די נאַכט געהט פאַרביי צו לאַנגזאַם. זי האָט ניט געוואַגט אַ קוק צו טאָן אויפ'ן זייגערל, מורא האָבענדיג, אַז זי זאָל ניט דערזעהן די שרעקליכע לענג פון די שטונדען.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, צוגעגאַנגען צום פענסטער און אויפגעהויבען די פאָרהאַנגען. אין דעם פאַרוואָלקענטען הימעל האָט זיך געזעהן אַ בלאַסע ליכט. זי האָט געגלויבט, אַז דאָס דאַרף שוין זיין דער אָנהויב פון זון־אויפגאַנג. זי האָט געקוקט אויף איהר זייגער'ל. עס איז שוין געווען האַלב נאָך דריי.

זי איז צוריקגעגאַנגען צום פענסטער. די אומענדליכע פינסטערניש פון דרויסען האָט איהר צוגעצויגען. די טראָטואַרען זיינען געווען באַלויכטען פון די גאַז־לאָמפּען. אַן אומזעהבאַרער שטילער רעגען איז געפאַלען פון דעם פאַרשטעלטען הימעל. פּלוצלונג האָט זיך אַ שטימע דערהערט אין דער שטילקייט; פריהער איז

זי געווען קווינטשענדיג, דערנאָך הייזעריג, און עס האָט זיך גע־דוכט, אַז עטליכע שטימען ענטפערען דאָס איינע דער אַנדערער. דאָס איז געווען אַ שיכור, וואָס האָט זיך געשלעפּט אויפ׳ן טראָטואַר, אָנשטויסענדיג זיך אָן די בוימער. ער איז געווען אריינגעטאָן אין אַ לאַנגער דיסקוסיע מיט די באַשעפּעניש׳ען פון זיין חלום, וועמען ער פלעגט מיט גרויסמוטיגקייט געבען דאָס וואָרט, און דערנאָך זיי באַפאַלען מיט ווילדע גרימאַסען און חוצפה׳דיגע רייד. טערעזאַ האָט זיך צוגעקוקט ווי דער אומגליקליכער מאַן האָט זיך אין זיין ווייסען העמדעל געוויעגט איבער דער ליינג פון פּאַראַפּעט, ווי אַ שמאַטע אין דעם ווינט פון דער נאַכט. דאָ און דאָרט פלעגט זי הערען ווי ער האָט ווידערהאָלט די זעלבע ווערטער: „און אָט וואָס איך וועל איהר זאָגען, דער רעגיערונג!“

אָננעמענדיג זיך מיט קעלט, האָט זי זיך צוריקגעלייגט אין בעט. זי האָט געטראַכט: „ער איז אייפערזיכטיג, ער איז משוגע־נערוויז אייפערזיכטיג. דאָס האָט צו טאָן מיט זיינע נערוועז און בלוט. אָבער אויך זיין ליעבע האָט צו טאָן מיט זיין בלוט און נערווען. זיין ליעבע און זיין אייפערזוכט — דאָס איז איין און די זעלבע זאַך. אַן אַנדערער וואָלט פאַרשטאַנען. עס וואָלט גענוג געווען צופרידען צו שטעלען זיין אייגענליעבע. אָבער ער, אין איהם ליעגט די אייפערזוכט אין דער טיפעניש פון זיין נוף. זי האָט גע־וואוסט, אַז פאַר איהם איז די אייפערזוכט אַ פיזישע ליידען, אַן אָפענע וואונד, וואָס פאַרגרעסערט זיך נאָך מיט דער מאַכט פון איינבילדונגס־קראַפט. זי האָט געוואוסט, ווי טיעף אָט דער איבעל איז. זי געדענקט, ווי ער איז בלאַס געוואָרען ביים בראָנזענעם סאַן מאַרק, ווען זי האָט אריינגעלעגט איהר בריף ביי דער וואַנט פון אַן אַלטער פלאָרענטינער הויז; און דאָס איז נאָך געווען דעמאָלט, ווען ער האָט איהר באַזעסען בלויז אין זיינע געדאַנקען, אין חלום.

און שפּעטער, דערמאָנט זי זיך, ווי ער פלעגט מיט אַ האַלב־פאַרשטיקטען אָטעם זיך באַקלאָגען, ווערענדיג פּלוצלונג טרויעריג, נאָך זייערע לאַנגע קושען, ווידערהאָלענדיג נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל מיט אַ געהיימניספולען פיין, די ווערטער: „נאָר דו אַליין קאָנסט מיר העלפען צו פאַרגעסען אָן דיר“. זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם בריעף פון דינאַר און יענע שטורמישע פאַרצווייפלונג, צוליעב

איין וואָרט וואָס ער האָט געהערט ביי אַ טישעל פֿון אַ רעסטאָראַן. זי האָט געפֿיהלט, אַז דער צופֿעליגער קלאַפּ איז געפֿאַלען אויף דעם געפֿיהלפֿולסטען פּלאַץ, אויף אַ בלוטיגער וואונד. אָבער זי האָט ניט פֿאַרלאָרען דעם מוט. זי וועט איהם אַלץ זאָגען, זי וועט אין אַלץ מודה זיין און פֿון איהר גאַנצען וידוי וועט זיך בלויז אַרויסרייסען: „איך ליעב דיך, איך האָב קיינמאָל ניט געליעבט אַ־חוץ דיך!" זי האָט איהם ניט באַטראָגען. זי וואָלט איהם גאָרניט נעהאַט צו דערצעהלען אַזעלכעס, וואָס ער האָט עס ניט פֿון פֿריהער געטראָפֿען. זי האָט אַזוי וויינינג ליגען געזאָגט, אַזוי וויינינג ווי עס איז נאָר מעגליך געווען, און בלויז כדי איהם ניט צו מאַכען ליידען. וו אַזוי זאָל ער דאָס ניט פֿאַרשטעהן? עס איז שוין בעסער, אַז ער זאָל אַלץ וויסען, ווייל דאָס אַלץ איז גאָרניט. זי האָט אַלץ אויפֿ'ס ניי נעקלערט די זעלבע געדאַנקען, און ווידערהאָלט דיזעלבע ווערטער.

דער לאָמפּ האָט געהאַלטען ביים אויסגעהן. זי האָט אָנגעצונדען אַ ליכט. עס איז שוין געווען האַלב נאָך זעקס. זי האָט זיך געכאַפּט, אַז זי האָט אַ־ביסעל געדרעמעלט. זי איז צוגעלאָפֿען צום פֿענסטער. דער הימעל איז געווען שוואַרץ און האָט זיך אויסגעמישט מיט דער ערד אין אַ כאַאָס פֿון אַ דיקער פֿינסטערניש. דערנאָך איז זי געוואָרען נייגעריג צו וויסען אויף פּינקטליך ווען די זון געהט אויף. זי האָט דערפֿון קיין שום אַהנונג ניט געהאַט. זי האָט געגלויבט, אַז די נעכט זיינען זעהר לאַנג בלויז אין דעצעמבער. זי האָט געוואָלט זיך דערמאָנען, אָבער זי האָט ניט געקאָנט. עס איז איהר גאָר ניט איינגעפֿאַלען אַ קוק צו טאָן אויף דעם אָפֿענעם קאַלענדאַר וואָס איז געלעגען אויפ'ן טיש. שווערע טריט פֿון אַרבייטער, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען גרופּענווייז, דער גערויש פֿון די מילך־וואָגענס און די פֿוהרלאַך מיט גרינוואַרג, האָבען געקלונגען ווי גוטע בשורות צו איהר אויער. זי האָט אַ ציטער געטאָן ביי אַט די ערשטע סמנים פֿון דער אויפֿוואַכונג פֿון דער שטאָדט.

## XXXIV.

אין הויף פון קליינעם הייזעל האָט זי ארום נײַן אַ־זייגער גע־טראָפען דעם הערר פוזעליע, וועלכער האָט אוועקגעקערט דאָס רע־גען־וואַסער, האַלטענדיג די ליולקע אין זיין מויל. מאדאם פוזעליע איז פונקט ארויס פון צימער. זיי האָבען ביידע אויסגעקוקט פאַר־זאָרגט. מאדאם פוזעליע האָט צו איהר געזאָגט די ערשטע.

— הערר זשאַק איז ניטאָ אין דער היים.

און, אזוי ווי טערעזאַ איז געבליבען שטיל און אומבאוועגליך, איז פוזעליע צו איהר צוגעגאַנגען, מיט'ן בעזים אין האַנט, באהאַל־טענדיג זיין ליולקע מיט דער לינקער האַנט הינטער דער פּלייצע.

— הערר זשאַק איז נאָך ניט אהיים געקומען.

— איך וועל וואַרטען אויף איהם, — האָט געזאָגט טערעזאַ.

מאדאם פוזעליע האָט איהר ארויפגעפיהרט אין סאַלאָן, וואו זי האָט געמאַכט דעם אויוועון. און אזוי ווי דאָס האַלץ האָט גע־רויכערט און ניט געוואָלט ברענען, האָט זי זיך איינגעבויגען איבער דעם, מיט די הענד אויף די היפטען.

— דער רעגען איז שולדיג דערין, וואָס דער רויך קומט ארויס פון קאַמין.

מאדאם מארטען האָט ארויסגעמורמעלט,, אז עס לוינט זיך נים איצט צו מאַכען דעם אויוועון, אז עס איז איהר ניט קאַלט.

זי האָט זיך אָנגעקוקט אין שפּיגעל.

זי איז געווען בלאַס, אַ־חוץ די באַקען וואָס האָבען געברענט. און ערשט דעמאָלט האָט זי דערפיהלט, אז איהרע פיס זיינען געפראָ־רען. זי איז צוגעגאַנגען נעהנטער צום פייער. מאדאם פוזעליע, זעהענדיג ווי זי איז אומרוהיג, האָט געזוכט פאַר איהר אַ גוט וואָרט:

— עס וועט לאַנג ניט דויערן ביז וואַנען הערר זשאַק וועט אריינקומען. זאָל זיך די מאדאם דערוויילֿ אָנוואַרימען, וואַרטענדיג.

דער רעגען איז געפאַלען אויף דעם גלעזערנעם דאַך, און די ליכט איז געווען אַ טרויעריגע. אויף דער וואַנט האָט די דאַמע מיט'ן איינהאָרן, מיט איהר שטייפער האַלטונג און טויט־קאַליר, ניט מעהר אויסגעזעהן שעהן צווישען די ריטער, אין דעם וואַלד וואָס איז געווען פול מיט פוינעל און בלומען. טערעזאַ האָט צו זיך אליין

ווידערהאַלט די ווערטער: „ער איז ניט אַהיים געקומען״. און דער־מיט וואָס זי האָט די ווערטער אַזויפיל מאָל איבערגע׳חזר׳ט, האָט זי ניט מעהר געפיהלט די באַדייטונג פון זיי. מיט ברענענדיגע אויגען האָט זי געקוקט אויף דער טיר.

אַזוי איז זי פאַרבליבען אָהן באַוועגונג, אָהן געדאַנקען, זי האָט אַליין ניט געוואוסט ווי לאַנג — אפשר אַ האַלבע שעה. דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ גערויש פון טריט, די טיר האָט זיך געעפענט. ער איז אַריין. זי האָט געזעהן אַז ער איז אינגאַנצען געווען איינ־געענצט פון רעגען און בלאָטע, און האָט געברענט פון פיבער.

זי האָט אויף איהם געקוקט אַזוי אויפריכטיג און אָפענהערציג, אַז ער איז פאַרוואונדערט געוואָרען. אָבער גלייך האָט ער זיך דער־מאָנט אָן די אַלע ליידען וואָס אין איהם.

ער האָט איהר געזאָגט:

— וואָס ווילסט איהר נאָך פון מיר? איהר האָט מיר אָנגעטאָן אַלעס שלעכטעס וואָס איז נאָר מעגליך געווען.

די מיעדקייט האָט איהם געמאַכט אויסזעהן אַ ביסעל זאַנפט. זי האָט זיך דערשראָקען.

— זשאַק, הער מיך צוּ...

ער האָט איהר געגעבען אַ צייכען, אַז ער האָט גאָרנישט מעהר וואָס אויסצוהערען פון איהר.

— זשאַק, הער מיך אויס. איך האָב דיך ניט באַטראָגען. אָ, ניין, איך האָב דיך ניט באַטראָגען. איז דען דאָס מעגליך געווען? איז דען...

ער האָט איהר אונטערבראָכען:

· — האָט רחמנות אויף מיר, מאַטערט מיך ניט מעהר. לאָזט מיך, איך בעט אייך. ווען איהר וואָלט וויסען וואָסער אַ נאַכט איך האָב פאַרבראַכט, וואָלט איהר ניט געהאַט דעם מוט מיך איצט צו פייניגען.

ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפען אויפ׳ן דיוואַן, אויף וועלכען ער האָט איהר מיט זעקס מאָנאַטען געקושט אונטער׳ן שלייער.

אַ גאַנצע נאַכט איז ער אַרומגעגאַנגען, ניט קלערענדיג אפילו וואוהין. ער איז געגאַנגען מיט׳ן וועג פון דעם סעין, ביז וואַנען ער איז צוגעקומען צו פּלעצער וואו עס האָבען געוואַקסען ווייד־ען

און טאַפּאַלען. כדי זיינע ליידען זאָלען ניט זיין צו גרוים האָט ער אויסגעטראַכט צושטרייאונגען. אויפ'ן קע־דע־בערסי האָט ער נאָכ־געקוקט ווי די לבנה איז געלאָפּען אין די וואָלקענס. אין פאַרלויף פון א שעה צייט האָט ער איהר געזעהן ווי זי האָט זיך באַוויזען און פאַרשוואונדען. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען צעהלען מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט די פענסטער פון די הייזער. עס האָט אָנגעהויבען נעהן א רעגען. איז ער אוועק אויפ'ן מארק און געטרונ־קען בראנפען אין א שענק. א דיקע פרוי, וואָס האָט געהאַט א קרומען קוק, האָט צו איהם געזאָגט: „איהר קוקט ניט אויס צו זיין גליקליך". ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אויף א באַנק וואָס איז געווען באַדעקט מיט לעדער, און אויף א מאָמענט איז ער געווען רוהיג.

די בילדער פון אַט דער שרעקליכער נאַכט זיינען איהם גע־שטאַנען פאַר די אויגען. ער האָט געזאָגט:

— איך האָב זיך דערמאָנט אן דער נאַכט פון דער ארנאָ. איהר האָט מיר צושטערט די גאַנצע פרייד און די גאַנצע שעהנקייט פון דער וועלט.

ער האָט איהר געבעטען, אז זי זאָל איהם לאָזען אליין. אין זיין טרויער האָט ער געהאַט א גרוים רחמנות אויף זיך. ער וואָלט וועלען שלאָפען; ניט שטאַרבען: דער טויט האָט אויף איהם אָנ־געוואָרפען א גרויל. שלאָפען און קיינמאָל זיך ניט מעהר אויפכאַפּען. אָבער דערווייל האָט ער זי געזעהן שטעהן פאַר איהם. זי איז איצט אזוי אָנציהענד פונקט ווי שטענדיג, מיט איהר מיעדען פּנים פון ליידען, און ניט קוקענדיג אויף דעם פּיינליכען בליק פון איהרע טרוקענע אויגען. זי איז איצט צווייפעלהאַפטער, געהיימ־ניספולער ווי שטענדיג. ער האָט געקוקט אויף איהר. זיין האַס האָט אויפגעלעבט צוזאַמען מיט זיינע ליידען. מיט א בייזען בליק האָט ער געזוכט אויף איהר סמנים פון די צערטליכקייט, וואָס ער האָט איהר ניט געגעבען.

זי האָט אויסגעשפּרייט איהרע אָרעמס צו איהם:

— הער מיך אויס, זשאַק.

ער האָט איהר געגעבען א צייכען אז עס איז איבעריג זי זאָל ריידען. אָבער דאָך האָט ער געהאַט א פאַרלאַנג איהר צו הערען.

און ער האָט שוין אויסגעהערט מיט שפּאַנונג. ער האָט פאַראַכטעט און אָפּגעוואָרפן אין פּאַרויס, אַלץ וואָס זי איז דאָ געגאַנגען זאָגן, אָבער דאָס איז פּאַרט געווען די איינציגע זאַך וואָס איהם האָט אינ־טערעסירט אין דער וועלט. זי האָט געזאָגט:

— האָסטו דען געקאָנט גלויבען, אַז איך וועל דיך פאַרראַטען, אַז איך זאָל ניט לעבען בלויז מיט דיר און פאַר דיר? אָבער קענסטו ניט פאַרשטעהן? קאָנסטו ניט באַגרייפען, אַז ווען יענער מאַן וואָלט געווען מיין ליעבהאָבער וואָלט ער ניט געדאַרפט ריידען צו מיר אין טעאַטער, אין דער לאָזשע, ער וואָלט דאָך געקאָנט האָבען טויזענדע אַנדערע געלעגענהייטען צו באַשטימען ווען טרעפען זיך. אַ ניין, מיין ליעבסטער, איך פאַרזיכער דיר, אַז זייט איך האָב געהאַט דאָס גליק, — און אפילו היינט, אין דער אַגאָניע און טרויער, זאָג איך נאָך אַלץ גליק — דיך צו קענען, בין איך געווען בלויז דיינע אַליין. וואָלט דען פאַר מיר מעגליך געווען צו געהערען צו אַן אַנדערן? עס איז ווילד אַזוי צו גלויבען, אָבער איך ליעב דיך. איך ליעב דיך, בלויז דיך אַליין האָב איך ליעב. איך האָב קיינמאָל ניט געליעבט קיין אַנדערן.

ער האָט לאַנגזאַם, מיט אַ גרויזאַמער אויסרעכענונג געענט־פערט:

— „יעדען טאָג וועל איך זיין אין אונזער צימער, רי ספּאָנטיני, נאָך דריי אַ זייגער". דאָס איז ניט געווען קיין געליעבטער, ניט אייער געליעבטער וואָס האָט געזאָגט אָט די ווערטער. ניין! דאָס איז געווען אַ פרעמדער.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ פּיינליכער ערנסטקייט געזאָגט:

— יאַ, איך האָב געהערט צו איהם. דו האָסט דאָס געוואוסט. איך האָב עס אָפּגעלייקענט, איך האָב ליגען געזאָגט, ווייל איך האָב ניט געוואָלט דיר אָנטאָן קיין שמערצען, דיך ניט אויפצורעגען. איך האָב געזעהן אַז דו ביסט אומרוהיג און פול מיט פאַרדאַכט. אָבער איך האָב אַזוי ווייניג און אַזוי שלעכט ליגען געזאָגט! דו האָסט עס געוואוסט, און האָסט אָפּט גערעדט וועגען דער פאַרגאַנגענהייט, און דאָן, איינמאָל אין אַ רעסטאָראַנט, האָסטו געהערט... און דיין

איינבילדונגס־קראַפט האָט נאָך אַריבערגעשטיגען דעם אמת. באַטש איך האָב ליגען געזאָגט, האָב איך דאָך ניט גענאַרט. און ווען דו וואָלסט ווייסען, ווי ווייניג פּלאַץ דאָס פאַרנעמט אין מיין לעבען! און א־חוץ דעם, האָב איך דיך ניט געקענט. איך האָב ניט גע־טרוימט אַז איך זאָל דיך ווען עס איז קענען. איך האָב מיך אַזוי געלאַנגווייליגט.

זי האָט זיך געוואָרפען אויף די קניה:

— איך בין באַגאַנגען א פעהלער. איך האָב געדאַרפט וואַר־טען אויף דיר. אָבער ווען דו וואָלסט ווייסען, ווי ווייט דאָס אַלץ עקזיסטירט ניט מעהר, האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט.

און אין א זיסער, זינגענדער שטימע האָט זי ווידערהאָלט נאָכאמאָל און נאָכאמאָל:

— פאַרוואָס ביסטו פריהער ניט געקומען? פאַרוואָס?

זי האָט זיך צוגעשלעפּט ביז צו איהם, געוואָלט איהם אָננעמען די הענט, די קניה; ער האָט איהר אָפּגעשטויסען.

— איך בין געווען נאַריש. איך האָב ניט געגלויבט, איך האָב ניט געוואוסט. איך בין געווען אַנטשלאָסען ניט צו ווייסען.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט אין אַן אויסברוך פון האַס:

— איך האָב ניט געוואָלט, איך האָב ניט געוואָלט, אַז ער זאָל דאָס זיין!

זי האָט זיך געזעצט אויפ'ן פּלאַץ וואָס ער האָט פאַרלאָזען און דאָרט, מיט א באַקלאָגענדיגער, שטילער שטימע האָט זי ערקלערט די פאַרגאַנגענהייט. אין יענער צייט איז זי אַריינגעוואָרפען גע־וואָרען איינע אַליין אין א שרעקליך לאַנגווייליגער וועלט. דערנאָך איז דאָס געשעהן. זי האָט זיך איבערגעגעבען. אָבער גלייך האָט זי באַדויערט. אָ, ווען ער וואָלט ווייסען ווי טונקעל און טרויעריג איהר לעבען איז געווען, וואָלט ער ניט געווען אייפערזיכטיג, ער וואָלט רחמנות געהאַט אויף איהר.

זי האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ, און קוקענדיג אויף איהם דורך איהרע צושויבערטע האָר:

— אָבער איך רעד איצט וועגען אַן אַנדער פרוי. איך האָב קיין שום באַציהונג ניט מיט יענער פרוי. איך האָב געלעבט בלויז זייט איך קען דיך, זייט איך בין דיינע.

ער האָט אָנגעהויבען ארומצוגעהן איבער'ן צימער ארויף און אראָפּ מיט ווילדע שריט, אָט פּונקט ווי דאָ ניט לאַנג ביים ברעג פון דער טײַך. ער האָט אויסגעבראָכען אין אַ פּיינליכען געלעכטער:

— יאָ, אָבער ווען איהר האָט מיך געליעבט, וואָס האָט געטאָן יענע אַנדערע פרוי, וואָס איז ניט געווען איהר?

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איהם מיט ענטריסטונג:

— קענסטו גלויבען?...

— האָט איהר ניט געזעהן איהם אין פלאָרענץ, זיינט איהר ניט געגאַנגען מיט איהם צום וואָקזאַל?

זי האָט איהם דערצעהלט ווי אזוי ער איז געקומען איהר אויפזוכען אין איטאַליען, און אַז זי האָט איהם געזעהן, און זיי האָבען זיך דאָרט צושיידט, אַז ער איז געווען אויפגערעגט און זייט דעמאָלט האָט ער אַלץ געזוכט איהר צוריק צו געווינען, אָבער זי האָט אפילו קיין שום אויפמערקזאמקייט איהם ניט געשאָנקען.

— מייערער, איך זעה ניט, איך קען קיינעם ניט אויף דער וועלט, אַ חוץ דיר.

ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איך גלויב דיר ניט.

זי איז געוואָרען צאָרניג:

— איך האָב דיר אַלץ דערצעהלט; באַשולדיג מיך, פאראורטייל מיך, אָבער באַליידיג ניט מיין ליעבע צו דיר. דאָס וועל איך ניט לאָזען.

ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— לאָז מיך, דו פּייניגסט מיך צופיעל. איך האָב דיך אזוי געליעבט, אַז אַלע ליידען וואָס דו וואָלסט נאָר געקאָנט מיר פאַרשאַפען, וואָלט איך אָנגענומען, איך וואָלט זיי אָפּגעהיט, איך וואָלט זיי געליעבט, אָבער אָט די איז העסליך. איך האָס דאָס. פאַרלאָז מיך. מיין וואונד איז צו טיעף. זיי געזונד.

שטעהענדיג פעסט און ענטשלאָסען, מיט איהרע קליינע פיס אויפ'ן דיוואַן, האָט זי געזאָגט:

— איך בין געקומען. איך קעמפף איצט פאַר מיין גליק, פאַר מיין לעבען. איך בין ענטשלאָסען, איהר ווייסט עס. איך וועל ניט געהן.

און זי האָט ווידערהאָלט אַלץ וואָס זי האָט שוין געזאָגט. שטורמיש און אויפריכטיג, זייענדיג זיכער ווענגען זיך אַליין, האָט זי דערצעהלט ווי אזוי זי האָט אָפּגעבראָכען די פארבינדונגען וועלכע זיינען סיי ווי סיי געווען ניט קיין פעסטע און וועלכע האָבען איהר געמאַכט אומגעדולדיג; ווי אזוי, זייט דעם טאָג וואס זי האָט זיך איהם איבערגעגעבען אין דעם קליינעם הייזעל פון וויא אַלפיערי, האָט זי ניט געהערט צו קיינעם א חוץ צו איהם, אָהן באַדויערען, און געוויס אָהן וועלכער עס איז אהנונג אָדער געדאנק פאר אן אנ־דערען. אָבער ווען זי האָט גערעדט ווענגען אן אנדערען האָט זי איהם אויפגערעגט. און ער האָט געשריען:

— איך גלויב דיר ניט!

און דערנאָך האָט זי ווידער אָנגעהויבען זאָגען דאָס וואָס זי האָט שוין געהאט געזאָגט.

און פּלוצלונג, אינסטינקטיוו, האָט זי א קוק געטאָן אויפ'ן זייגער:

— מיין גאָט, שוין צוועלף א זייגער.

זי האָט שוין א סך מאָל ארויסגעלאָזען דעם זעלבען שרעק־געשריי, בעת ס'איז געקומען די שעה ווען זי האָט איהם געדארפט פארלאָזען. און זשאַק האָט א ציטער געטאָן הערענדיג אָט די באַ־קאנטע ווערטער, וואָס זיינען איצט געווען אזוי פיינליך און פאר־צווייפעלט. נאָך עטליכע מינוטען האָט זי איהם געבעטען מיט טרעהרען און ליידענשאפטליכע ווערטער. דערנאָך האָט זי געמוזט אוועק, זי האָט גאָרניט געוואונען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער היים האָט זי געטראָפען די מארק פרויען אין פאָדער־הויז, וואָס האָבען אויף איהר געוואַרט און איהר איבערגעגעבען א בוקעט. זי האָט זיך דערמאַנט, אז איהר מאַן איז איצט א מיניס־טער. עס זיינען שוין פאר איהר געלעגען גאנצע פּעק מיט טעלע־גראַמען, וויזיט קארטען, באַגריסונגען און ביטעס. מאַדאַם מארמע האָט געשריבען, בעטענדיג איהר, אז זי זאָל רעקאָמענדירען איהר שוועסטערקינד צום גענעראַל לאַריווייער.

זי איז אריין אין עס צימער און איז אנידערגעפאַלען פאַר־מאַטערט אויף א שטול. הערר מאַרטען־בעלעם האָט פּונקט געענ־

דיגט זיין פריחשטאק. מען האט אויף איהם געוואַרט אין דער זעלבער צייט אויף א קאבינעט זיצונג און אין דעם הויז פון דעם דעמיסיאָנירטען פינאַנץ מיניסטער וועמען ער האט געדאַרפט אָפּ־שטאַטען א וויזיט. דער פאָרזיכטיגער אויסוואהל פון זיין פער־סאָנאַל האט איהם געשמייכעלט אָבער אויך פאַרמאַטערט און באַ־אומרוהיגט.

— פארגעס ניט, מיין ליעבסטע צו באַזוכען מאדאַם בערטיע ד'עיזעל. דו ווייסט דאָך ווי געפּיהלפול זי איז.

זי האט ניט געענטפערט. בעת זי האט איינגעטונקען איהרע פינגער אין דעם פינגער־גלאָז, האט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ, און זעהענדיג איהר אויסגעמאַטערטע מינע און איהר צואוואָרפענע קליידונג, האט ער שוין ניט געוואַגט מעהר צו רעדען א וואָרט.

ער איז איצט געשטאַנען פאר א געהיימניס, וואָס ער האט באַשלאָסען ניט געוואָהר צו ווערען, פאר געהיימע ליידען וואָס בלויז איין וואָרט וואָלט גענוג געווען, אז דער סוד זאָל ארויס. דאָס האט איהם אָנגעפילט מיט אַנגסט, מיט מורא און מיט א מין רעספּעקט.

ער האט אראָפּגענומען זיין סערוועטל.

— ענטשולדיג מיר טייערע.

און ער איז ארויס.

זי האט פּרובירט עסען. אָבער זי האט קיין שום זאַך ניט גע־קאָנט אראָפּשלינגען. פאר אַלץ אין דער וועלט האט זי געפּיהלט אַז עקעל, וואָס זי האט ניט געקאָנט בייקומען.

ארום צוויי א זייגער איז זי צוריקגעקומען אין קליינעם הייזעל פון טערן. זי האט זשאַק'ן געפונען אין זיין צימער. ער האט גע־רויכערט פון זיין הילצערנער לולקע. א שאָל קאַפע, וואָס איז גע־ווען כמעט לעדיג איז געשטאַנען אויפ'ן טיש. ער האט איהר אָנ־געקוקט מיט אזא הארטקייט אז דאָס בלוט אין איהרע אָדערן איז פאַרפרוירען געוואָרען. זי האט ניט געוואַגט צו רעדע, פיהלענדיג אז אַלץ וואָס זי וועט דאָ קאָנען זאָגען וועט איהם בלויז באַליידי־גען און אויפרעגען, און אז בלויז מיט איהר פאָרזיכטיגער און שטי־לער אנוועזענהייט וועט זי קאָנען שטילען זיין צאָרן. ער האט געוואוסט, אז זי וועט צוריקקומען; ער האט איהר ערווארטעט

מיט אומגעדולד פון האַס, מיט אַזאַ שטאַרקען גייגיער ווי דעמאָלט, בעת ער האָט אויף איהר געוואַרט אין דעם הויז פון וויאַ אַלפיערי. זי האָט גלייך דערזעהן, אַז זי האָט שלעכט געטאָן וואָס זי איז געקומען; ווען זי וואָלט געוועזען אַוועק פון איהם וואָלט ער איהר באַגעהרט, פאַרלאַנגט און אפשר גערופען. אָבער עס איז געוועזען צו שפּעט; און איבריגענס האָט זי גאָרניט געזוכט צו זיין פאָרזיכטיג. זי האָט איהם געזאָגט:

— דו זעהסט, איך בין צוריקגעקומען, איך האָב אַנדערש ניט געקאָנט טאָן. און אַ חוץ דעם, איז דאָס זעהר נאַטירליך, וואָרום איך ליעב דיך. און דו ווייסט עס.

זי האָט גאַנץ גוט געפיהלט, אַז דאָס אַלץ וואָס זי קאָן איהם איצט זאָגען וועט איהם בלויז אויפרייצען. ער האָט איהר געפרעגט, אויב זי האָט אַזוי געזאָגט אויך אין די ספּאַנטיני.

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ טיעפען טרויער:

— זשאַק, דו האָסט מיר אַפּטמאָל געזאָגט, אַז טיעף אין דיין האַרץ געפינט זיך אַ וועלט מיט האַס און צאָרן, וואָס קאָן אַמאָל אויסברעכען געגען מיר. איך זעה איצט, אַז דו האָסט ליעב מיך צו פייניגען.

מיט אַ ליעבענדער געדולד האָט זי איהם נאָכאַמאָל דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע פון איהר לעבען, די פוסטקייט און טרויער פון איהר פאַרגאַנגענהייט און ווי אַזוי, זייט זי איז געוואָרען זיינע, האָט זי געלעבט בלויז אין איהם און דורך איהם.

די ווערטער זיינען געוועזען אַזוי אויפריכטיג ווי איהר בליק. זי האָט זיך געזעצט נעבען איהם. פון צייט צו צייט האָט ער געפיהלט די באַריהרונג פון איהרע פינגער, וואָס זי האָט איצט געטאָן אַזוי שעמעוודיג, און איהר צו הייסען אָטעם. ער האָט איהר אויסגעהערט מיט אַ בייזער שפּאַנונג. זייענדיג גרויזאַם צו זיך אַליין האָט ער געוואָלט אַלץ וויסען, איהר לעצטע באַגעגעניש מיט לע מעניל און זייער ענדליכע צושיידונג. זי האָט איהם עהרענהאַפט דערצעהלט אַלץ וואָס ס'איז געשעהן אין „האָטעל פון גרויס בריטאַניען". אָבער זי האָט אַריבערגעפיהרט די סצענע אין דרויסען, אין דער אַלעע פון קאַסינאָ, מורא האָבענדיג, אַז דער געדאַנק פון זייער טרויעריגער באַגעגעניש אין אַ פאַרמאַכטען צימער זאָל ניט נאָך

אויף מעהר אויפרייצען איהר געליעבטען. דערנאָך האָט זי ער־קלערט, ווי אזוי זיי האָבען זיך באַגעגענט ביי דעם וואָקזאַל. זי האָט ניט געוואָלט טרייבען צו פאַרצווייפלונג א ליידענשאַפטליכען מאַן וואָס האָט געליטען. זייט דעמאָלט האָט זי גאָרניט וועגען איהם געהערט ביז צום טאָג, ווען ער האָט צו איהר גערעדט אין דער מאַק־מאַהאָן גאַס. זי האָט ווידערהאָלט וואָס ער האָט איהר גע־זאָגט אונטער'ן יודאס בוים. מיט צוויי טאָג שפּעטער האָט זי איהם געזעהן אין איהר לאָזשע אין דער אָפּערא. געוויס האָט זי איהם ניט איינגעלאַדען אַז ער זאָל קומען. דאָס איז געווען דער אמת.

עס איז געווען דער אמת. אָבער דער אלטער גיפּט וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט ביסלעכווייז האָט איצט אָנגעהויבן ווירקען. די פאַרגאַנגענהייט, די אומפאַרגעסליכע פאַרגאַנגענהייט איז געוואָרען אַ געגענוואַרט צוליעב איהר וידוי. ער האָט איהר געזעהן און עס האָט איהם געפּייניגט.

— איך גלויב דיר ניט, האָט ער געזאָגט, און צוגעגעבען:

— און ווען איך וואָלט דיר אפילו יאָ געגלויבט, וואָלט דער איינציגער געדאנק, אַז דו האָסט גערעדט צו אָט דעם מאַן, מיר אוממעגליך געמאַכט, אַז איך זאָל דיך ווידערזעהן. איך האָב עס דיר געזאָגט, איך האָב עס דיר געשריבען, — געדענקסטו, ווען ביסט געווען אין דינאַר. — איך וואָלט ניט וועלען, אַז ער זאָל דאָס זיין. און אזוי...

ער איז שטיל געבליבען. זי האָט געזאָגט:

— דו ווייסט, אַז קיין שום זאַך איז זייט דעמאָלט ניט געווען.

ער האָט פאָרטגעזעצט מיט אַן איינגעשפּאַרטער העפטיגקייט:

— זייט דעמאָלט האָב איך איהם געזעהן.

זיי זיינען לאַנג געבליבען שטיל. ענדליך האָט זי אין אַן איבערראשענדען און רחמנות־טאָן געזאָגט:

— אָבער מיין ליעבסטער, דו האָסט דאָך געדאַרפט אַ טראַכט טאָן, אַז אַזאַ פרוי ווי איך, זייענדיג פאַרהייראַט... מען זעהט טאָג־טעגליך ווי פרויען ברייגנען זייערע געליעבטע אַ פיעל־ערנס־טערע פאַרגאַנגענהייט ווי מיינע, און דאָך ווערען זיי געליעבט. ווען דו וואָלסט בלויז געוואוסט, וואָסער קליינע באַדייטונג מיין פאַרגאַנגענהייט האָט אין מיין לעבען.

— איך ווייס, וואָס דו קאָנסט געבען. דיר קאָן מען ניט מוחל זיין דאָס וואָס מען קאָן מוחל זיין אַן אַנדער פרוי.

— אָבער, טייערער, איך בין פונקט ווי די אַנדערע.

— ניין, דו ביסט ניט ווי די אַנדערע. דיר קאָן מען גאָר ניט מוחל זיין.

ער האָט גערעדט מיט אַ צוגעדריקטען מויל, קריצענדיג מיט די צייהן. זיינע אויגען, יענע גרויסע אויגען וואָס זי פלעגט אַמאָל זעהן, וואָס האָבען אַזוי געגלאַנצט מיט אַ זאַנפטען פייער פון ליעבע, זיינען איצט געווען האַרט און טרוקען, פאַרזונקען אין זייערע אויגען־הייטלאַך, און האָבען איהם געמאַכט אויסקוקען איינגאַנצען אַנדערש. ער האָט אויף איהר אָנגעוואָרפען אַ שרעק.

זי איז געגאַנגען זיך אַוועקזעצען אויף דער אַנדערער זייט פון צימער; און דאָרט, מיט אַ פאַרשטיינערט האַרץ, מיט די אויגען אויפגעריסען פון פאַרוואונדערונג, ווי אַ קינד, איז זי לאַנג פאַרבליבען, ציטערענדיג און שטיקענדיג זיך מיט איהרע שלוכצען. דאַן האָט זי אויסגעבראָכען אין אַ געוויין.

ער האָט געזיפצט.

— נאָך וואָס האָב איך אייך ווען עס איז געדאַרפט קענען?

זי האָט געענטפערט אין טרערען:

— איך באַדויער ניט וואָס איך האָב אייך געקענט. איך וועל שטאַרבען דערפון און איך וועל עס ניט באַדויערן. איך האָב געליעבט.

ער האָט מיט אַ גרויזאַמקייט זיך איינגע'עקשנ'ט איהר צו מאַכען ליידען. ער האָט געוואוסט ווי שלעכט ער טוט, אָבער ער האָט זיך ניט געקאָנט העלפען.

— עס איז מעגליך, נאָך אַלעם, אַז דו זאָלסט מיך אויך האָבען געליעבט.

מיט אַ לייכטער ביטערקייט האָט זי געענטפערט.

— אָבער איך האָב געליעבט בלויז דיך אַליין. איך האָב דיך געליעבט צו שטאַרק.. אַ, קאָנסטו גלויבען, אַז איך בין געווען מיט אַן אַנדערן דאָס וואָס איך בין געווען מיט דיר!

— פאַרוואָס ניט?

זי האָט אויף איהם געקוקט אָהן מאַכט און מוט:

— זאָג מיר, איז דאָס אמת, אַז דו גלויבסט מיר ניט?

זי האָט זעהר זאַנפט צוגעגעבען:

— ווען איך זאָל מיך דער'הרג'ענען, וואָלסטו מיר געגלויבט?

— ניין, איך וואָלט דיר ניט געגלויבט.

זי האָט אָפּגעווישט די באַקען מיט איהר טאַשענטיכעל; דערנאָך האָט זי אויפגעהויבען די אויגען, וואָס האָבען דורכגעלויכטען דורך די טרערען:

— דאַן, איז אַלץ געענדיגט!

זי האָט זיך אויפגעהויבען, אַרומגעקוקט זיך איבער'ן צימער איבער די טויזענד זאַכען, מיט וועלכע זי האָט געלעבט אין אַ פרעהליכער תאוה'דיגער אינטימליכקייט, אַז עס איז שוין געווען ווי איהר אייגענס, און איצט איז דאָס אַלץ פאַר איהר פּלוצלונג געוואָרען אָהן באַדייטונג; זיי האָבען איהר אָנגעקוקט ווי אַ פרעמדע און אַ פיינד; זי האָט געקוקט אויף דער נאַקעטער פרוי, וואָס איז געשטאַנען אין אַזאַ באַוועגונג צו אַנטלויפען, וואָס איז איהר ניט ערקלערט געוואָרען; די פלאָרענטינער מעדאַליאָנען וואָס האָבען איהר דערמאָנט אין פיזעאָל און אָן די רייצענדע איבערלעבונגען אין איטאַליען, דעשאַרט'ס סקיצע פון דעם פראָפיל פון אַ גאַסען־מיידעל, וואָס האָט געלאַכט מיט איהר שעהנעם אויסגעדאַרטען, ליידענדען פנים. זי האָט זיך אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט און מיט סימפּאַטיע געקוקט אויף אָט דער קליינער צייטונגס־פאַרקויפערין, וועלכע איז אויך דאָ אַהער געקומען און פאַרשוואונדען, ווערענדיג פאַרטראָגען פון דער שרעקליכער אומענדליכקייט פון לעבען און זאַכען.

זי האָט ווידערהאָלט.

— הייסט עס, עס איז געענדיגט?

ער איז געווען שטיל.

זייערע פיגורען זיינען געוואָרען ניט דייטליך אין דעם בין־השמשות.

זי האָט געזאָגט:

— וואָס וועט פון מיר ווערען?

ער האָט געענטפערט:

— און פון מיר, וואָס וועט פון מיר ווערען?

זיי האָבען זיך אָנגעקוקט מיט רחמנות, ווייל יעדער איינער האָט רחמנות געהאַט אויף זיך אליין.

טערעזא האָט פאָרטגעזעצט:

— און איך, וואָס פלעג מורא האָבען אַלט צו ווערען, צוליעב דיר, צוליעב מיר, אַז אונזער שעהנע ליעבע זאָל זיך ניט ענדיגען! עס וואָלט בעסער געווען ניט געבאָרען צו ווערען יאָ, עס וואָלט פיעל בעסער געווען ווען איך וואָלט ניט געבאָרען געוואָרען. עס איז געווען אַ פאַרגעפיהל, דעמאָלט זייענדיג נאָך אַ קינד. אונטער די לינדען־בוימער פון זשואַנוויל, נעבען דער קרוין, אַנטקעגען איבער די מאַרמאָר־נימפען, פלעג איך זיצען און וועלען שטאַרבען.

מיט די אָרעמס אַרונטערגעלאָזען, מיט פאַרבראָכענע הענט האָט זי אויפגעהויבען די אויגען; דורך איהרע טרערען האָט איהר בליק אַ שטראַהל געטאָן אין דער טונקעל.

— און עס איז נימאָ קיין מיטעל, וואָס זאָל דיך מאַכען פיהלען, אַז דאָס וואָס איך זאָג דיר דאָ איז אמת, אַז קיינמאָל, קיינמאָל, זייט איך בין דיינע, קיינמאָל... אָבער ווי אַזוי וואָלט איך דען קענען דער געדאַנק אַליין איז פאַר מיר ווילד און נאַריש! קענסטו מיך אַזוי ווייניג?

ער האָט טרויעריג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ:

— ניין, איך קען דיך ניט.

און נאָכאַמאָל האָט זי זיך אַרומגעקוקט ווי זי וואָלט אויסגעפרעגט די אַלע זאַכען אין צימער, וואָס זיינען געווען עדות פון זייער ליעבע.

— אויב אַזוי, איז דאָס אַלץ וואָס מיר זיינען געווען איינער פאַר'ן אַנדערן... דאָס איז אַלץ געווען גאָרנישט, אַרויסגעוואָרפען. מיר האָבען זיך בלויז צוזאַמענגעטראָפען און זיך ניט צוזאַמענגעשמאָלצען!

זי איז געווען ענטריסטעט. עס איז דאָך ניט מעגליך געווען, אַז ער זאָל ניט פיהלען, וואָס זי איז פאַר איהם געווען.

און אין דער ליידענשאַפט פון אַ צוריקגעשטויסענער ליעבע האָט זי זיך אויף איהם געוואָרפען, איהם באַדעקט מיט קושען, מיט טרערען און געוויין.

ער האָט אַלץ פאַרגעסען, ער האָט איהר גענומען, זייענדיג